סאפיע דובנאוו-ערליך

# דאָס לעבן און שאַפן

פון

# שמעון דובנאָוו

ייִדיש — משה פערדמאַן

ארויסגעגעבן פון




מעקסיקע ד. פ. 1952

צו הייליקן דעם אָנדענק פון זיי־
ערע אומגעקומענע משפחות אין
פוילן -- האָבן די חברים
**אסתר און הערשל גרינשטיין**
געדעקט די הוצאות פון אַרויס־
געבן דאָס דאָזיקע בוך.

SOFIA DUBNOW-ERLICH

# VIDA Y OBRA

DE

# SIMON DUBNOW

Traducción de:
M. FERDMAN

Editado por el Fondo Mendelson de la Sociedad pro
Cultura y Ayuda
MEXICO, D. F. 1952

# הקדמה

די ביאָגראַפיע פון אַ מענטשן — דאָס איז נישט סתם אַ פאַרצייכענונג פון פאַקטן: דאָס לעבן פון אַ יחיד, ווי קאָמפליצירט עס זאָל נישט זיין, ווי סתירותדיק זיין לעבנסוועג זאָל נישט אויסזען, פאַרמאָגט עס אָבער אַ געוויסע אינערלעכע איינהייטלעכקייט. די אויפגאַבע פון ביאָגראַף איז דעריבער — סיסטעמאַטיש אויסצוגעפינען די דאָזיקע איינהייטלעכקייט אין דער אָנשיכטונג פון יאָרן, וואָס פורעמען אויס די פיזיאָנאָמיע פון מענטש. דאָס לעבן פון היסטאָריקער שמעון דובנאָוו, וואָס איז געווען ענג פאַרבונדן מיט יאָרצענדליקער געשיכטע פון רוסישן יידנטום, פאַרשאַפט נישט דעם פאָרשער קיין באַזונדערע שוועריקייטן: פון חדר־אָן, ווו דער קליינער שמעון האָט פלייסיק איינגעזאַפּט אין זיך די לעגענדעס פון חומש און דעם פלפול פון תלמוד, פירט אַ גראָדער וועג צו יענעם פאַרשנייטן פלאַץ אין ריגע, ווו דער שאָס פון אַ מענטש־חיה האָט אַ סוף־געמאַכט צו דער לאַנגיאָריקער אַרבעט פון זיין מוח.

אויך טעכניש האָט דער פאָטער מיינער פאַרלייכטערט די אַרבעט פאַר זיין ביאָגראַף: ביים סוף פון זיין לעבן האָט ער אַרויסגעגעבן 3 בענדער פון זיינע זכרונות, וואָס נעמען אַרום, כמעט, אַכציק יאָר; דער לעצטער באַנד האָט זיך געדרוקט שוין אין די טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. געטריי זיין אינסטינקט פון אַ היסטאָריקער, האָט ער צום טיטול פון זיין ווערק „דאָס בוך פון לעבן", צוגעגעבן אַן אונטערקאָפּ — „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון מיין צייט" — אַזוי אַרום האָט זיך די ביאָגראַפיע פון אַ יחיד פאַרוואַנדלט אין געשיכטע פון אַן אָפּגעשלאָסענער תקופה, וואָס איז געוואָרן פאַרגאַנגענהייט. דער יסוד פאַר זיינע זכרונות איז געווען אַ טאָג־בוך, וואָס דער פאָטער מיינער האָט געפירט אין משך פון לאַנגע יאָרן. דער דאָזיקער טאָג־בוך איז פאַר אים געווען אַ מין חשבון־הנפש אין שווערע איבערברוך־מאָמענטן.

די באַדערפעניש אונטערצופירן סך־הכלען, וואָס מיין פאָטער פלעגט באַצייכענען אַלס „נשמה־אינטעגראַציע", האָט זיך באַזונדערס פאַרשטאַרקט אין פעריאָד פון זיין פיזישער אַלטקייט. (גייסטיק האָט זיך דער פאָטער קיינמאָל נישט געפילט אַלט) לכתחילה האָט דער מחבר פון די זכרונות

נישט געהאַט בדעה זיי צו פאַרעפנטלעכן ביי זיין לעבן; געענדערט זיין באַשלוס האָט ער דאַן, ווען ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די שקיעה פון זיין אייגן לעבן פאַלט צונויף מיט דער שקיעה פון אַ גרויסער עפּאָכע.

„מיר לעבן היינט אין דער עפּאָכע פון היסטאָרישע סופן, — שרייבט ער אין 1934, אין זיין אָפּגעזונדערט הייזל אין די וועלדער ביים באַלטישן ים — ווען עס ווערט ליקווידירט די ירושה פון 19־טן יאָרהונדערט אויף אַלע געביטן פון סאָציאַלן און אינדיווידועלן לעבן. עס איז פאַרענדיקט געוואָרן אַ גאַנצע עפּאָכע, אונדזער עפּאָכע אויפן ראַנד פון 2 יאָרהונדערטער... צוליב אַ היסטאָרישן קאַטאַקליזם איז צייטווייליק איבערגעריסן געוואָרן דער המשך פון אידעאישע שטרעמונגען פון ד ע ם י"ה, מיט וועלכן נט איז געווען צונויפגעוועבט מיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פון מיינע מיטצייטלער. זענען מיר, די לעצטע פאָרשטייער פון אַ פאַרגאַנגענער תקופה, מחויב צו שטעלן איר אַ דענקמאָל".

דאָס לעבן פון אַ מענטש דאַרף מען אָנהייבן פאָרשן פון שורש: פון די משפחה־וואָרצלען, פון דער קינדער־סביבה. און דאָ קומט דעם ביאָגראַף ווידער צוהילף דער היסטאָריקער, וואָס איז געווינט פעסטצושטעלן דעם המשך פון דערשיינונגען. ער דערציילט אונז, אַז ביי די דובנאָווס איז פאָרגעקומען אן אייגנאַרטיקער בייט פון די דורות: נאָך אַ דור פון לומדים און פרומע יידן איז נאָכגעקומען אַ דור פון סוחרים־געשעפטסלייט, וואָס האָבן געפירט מסחרים מיט אַ גרעסערן אָדער קלענערן דערפאָלג. אין זיינע זכרונות שטרייכט דער מחבר נישט איינמאָל אונטער זיין גייסטיקע קרובהשאַפט נישט מיט זיין פאָטער, וואָס איז שטענדיק געווען פאַרהאַוועט אין דאגות־פרנסה, נאָר מיט זיין זיידן, דעם למדן און ראש־ישיבה.

פאַרשידן איז געווען דער לעבנסוועג פון זיידן און פון אייניקל; געמיינזאַם אָבער פאַר זיי ביידע איז געווען: ליידנשאַפטלעך־אָנגעשטרענגטע אַרבעט פון געדאַנק, ספּאַרטאַניש־פּשוטער לעבנס־שטייגער און דער ראַציאָנאַליזם, וואָס ביים זיידן האָט ער זיך אויסגעדרוקט אין טראַדיציאָנעלער ובנישער יידישקייט און ביים אייניקל אין פילאָזאָפישן פּאָזיטיוויזם. אָבער דורכן ניכטערן פּאָזיטיוויזם פון אייניקל האָבן זיך דורכגעריסן אונטעריִשע קוואַלן פון טרוימערישן ראָמאַנטיזם, וואָס איז ביי אים, אפשר, פאַרבליבן בירושה פון אַ פאַרצייטיקער משפּחה־טראַדיציע: דורך אַ קייט פון דורות לומדים־מתנגדים, האָט זיך דער פּאָזיטיוויסט פון 19־טן י"ה דורכגעשמועסט מיטן מקובל פון 17־טן י"ה — מיט זיין עלטער־עלטער־זיידע ר׳ יוסף דובנאָ.

שמעון דובנאָווס קינדהייט, וואָס איז דורכגעפלאָסן אין דעם פאַרוואָרפענעם ווייסרוסישן שטעטל, האָט פולשטענדיק האַרמאָנירט מיט דער משפּחה־טראַדיציע פון די דובנאָווס. זיין לעבנסוועג איז געווען באַשטימט פון פאָרויס: נאָכן חדר האָט ער געדאַרפט אָנקומען אין דער ישיבה פון

יין זיידן און ווערן אַ ייִד אַ למדן. צום ערשטן מאָל אָבער ברעכט אויס אַ בונט אין דער משפחה דובנאָוו: דער יונגער ישיבה־בחור ווערט אַ משכיל־אויטאָדידאקט און פֿאַרבייט דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן טעזיס אויף דעם אינדיווידואַליסטיש־קאָסמאָפּאָליטישן אַנטי־טעזיס. יאָרן גייען פֿאַרביי און די תקופֿה פֿון „שטורעם און דראַנג" ווערט פֿאַרביטן מיט זוכן דעם סינטעז. געהאָלפֿן צו געפֿינען דעם סינטעז האָט די געשיכטע. זי האָט פֿאַראייניקט נישט נאָר דעם עבֿר מיטן היינט, נאָר אויך דאָס נאַציאָנאַלע מיטן אַלגעמיין־מענטשלעכן.

פֿאַרטיפֿנדיק זיך אין די ווינציק־אויסגעפֿאָרשטע געביטן פֿון דער טויזנטיעריקער יידישער געשיכטע האָט ער דאָרט געפֿונען דעם אויסוועג פֿאַר זיין פֿריי־דערוואַכטן געדאַנק און פֿאַר זיין הייס־בענקענדיק האַרץ. די אַרבעט, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ רעליגיעזן ברען, האָט געמאַכט פֿאַרגעסן אין די דאגות און צרות פֿון לעבן; זי ווערט דער העכסטער אימפּעראַטיוו אינם לעבן פֿון מיין פֿאָטער. אָבער נאָר אין די לעצטע יאָרן גיט זיך אים איין צו דערגרייכן די האַרמאָניע צווישן דעם אויסערלעכן לבוש און אינערלעכן מהות פֿון לעבן: די גרינע פֿאַרקן פֿון די בערלינער פֿאָרשטעט און די סאָסנע־וועלדער אַרום ריגע האָבן געשאַפֿן אַן אידעאַלע ראַם פֿאַר אומדערמידלעכער טעטיקייט, וואָס קאַפּיטולירט נישט פֿאַר דער זיקנה

אין זיין וואַלדיקער באַהעלטעניש לעבט דער נזיר נישט בלויז מיטן עבֿר: אויף זיין טיש — אַ באַרג צייטונגען, יעדן טאָג ברענגט די פּאָסט אָפּקלאַנגען פֿון דער גאַנצער וועלט, צענדליקער באַזוכער קומען אין זיין באַשיידענער וווינונג; ווי שטענדיק, אינטערעסירט ער זיך מיט אַלץ, וואָס איז מענטשלעך. די וואולקאַנישע אויסברוכן פֿון די צוויי יאָר־צענדליק, וואָס זענען ווי אָנזאָגער פֿון דער אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפֿע, פֿילן אים אָן מיט אומרו; ער אָבער, דער אייביקער אָפּטימיסט, וויל נישט גלויבן אין זיג פֿון נאַציסטישן באַרבאַריזם.

אַז די קאַטאַסטראָפֿע האָט זיך אָנגערוקט, האָט ער נישט געוואָלט מאַכן קיין איין שריט כדי זיך צו ראַטעווען. דאָס לעבן פֿון פֿאָלק איז געווען זיין לעבן; דער אומקום פֿון די גרויסע יידישע מאַסן איז געוואָרן זיין אומקום. דער אַנאַלן־שרייבער פֿון אַ סך שרעקלעכע טעג אין לעבן פֿון זיין פֿאָלק האָט דאָס לעצטע, סאַמע שרעקלעכע, בלאַט פֿאַרשריבן מיט זיין אייגן בלוט.

## קאַפּיטל איינס

# דער שורש

אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט, אין דער עפּאָכע פון דער פּויערים־באַפרייאונג, איז מסטיסלאַוול געווען אַ טיפּיש־פאַרשלאָפן שטעטל פון מערב־קאַנט מיט נישט ברוקירטע גאַסן, הילצערנע טראָטואַרן, אַלטע איינגעהויקערטע הייזלעך און אומענדלעך־לאַנגע פּאַרקאַנעס, פון הינטער וועלכע עס פלעגט, אין חושכדיקע נעכט, זיך הערן אַן אימהדיקפאַרצויגן בילן פון צעפּאַטלטע הינט. דער גרינער פּירעק פון שטאָטישן בולוואַר איז געווען אַרומגערינגלט מיט הייזער פון דער אָרטיקער אַריסטאָקראַטיע: טשינאָווניקעס (רוסישע רעגירונגס־באַאמטע) און פאַרמעגלעכע סוחרים, הייזער מיט גאַנעקלעך און געפאַרבטע לאָדנס, מיט גערטנדלעך אַרום. ווייטער האָט זיך געצויגן דער יידישער קוואַרטאַל, וואָס האָט זיך גערופן דער „שולעף”, מיט דער גרויסער שטאָטישער שול אין צענטער. אין „שולעף” איז שטענדיק געווען טומלדיק און שמוציק, אין די קאַלוזשעס, וואָס פלעגן קיינמאָל נישט אויסטריקענען, האָבן זיך געפּליוסקעט, ווי וואָראָביישיקלעך, אָפּגעריסענע באָרוועסע קינדער; אין די איינגעהויקערטע שטיבלעך האָבן געוווינט קרעמער, באַלמעלאָכעס, באַלעגאָלעס.

שמאָלע, קרומע געסלעך האָבן געפירט צו דער פאָרשטאָט; דאָרט האָט געוווינט די רוסישע אָרעמקייט, דאָ האָבן זיך געצויגן גערטנער, קי האָבן געמוקעט, עס האָט געשמעקט מיט דאָרף. ווי אַ שמאָלע סטענגע האָט זיך געשלענגלט דאָס מוטנע טייכל „וויעכראַ”. אויף די זומפּיקע, באַוואַקסענע ברעגעס, האָבן ווילד געשטיפט די פאַרוואָרלאָזטע און הפקרדיקע קינדער פון דער פאָרשטאָט.

אין די זעלטן־פרייע שעהן פלעגט אַהין זיך אויך אַראָפּכאַפּן דאָס קליינוואַרג פון יידישן קוואַרטאַל, פון „שולעף”, וואָס ס'רוב זענען זיי געווען פאַרשפּאַרט אין ענגן דושנעם חדר. איין חדר־יינגל, אַ שוואַרצער, מיט טונקעלע אויגן, פלעגט זיך פאַרזאַמען ביים טייכל לענגער ווי אַלע; אַפילו די מורא אַריינצוכאַפּן דערפאַר אַ פּסק, האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן; און ער האָט זיך נישט געאיילט אומצוקערן אין חדר אַריין. ער פלעגט

זיך צוטוליען צום פייכטן גראָז און זיך איינקוקן אין ווייטן האָריזאָנט, וואָס האָט אים אויסגעזען ווי דער סוף פון דער וועלט; ער פלעגט ליב האָבן זיך איינצוהערן אין דער געדיכטער, שמעקעדיקער גרינער שטילקייט. וואָס נאָך פון צייט צו צייט איז זי געשטערט געוואָרן דורכן זאַפטיקן טשמאַ־קען פון די קי, וואָס האָבן זיך געפּאַשעט ביים ברעג און דורך די אויסגע־שרייען פון די פּליטן־טרייבער, וואָס האָבן געפירט טראַטוועס איבערן טייך.

אין די דאָזיקע איינזאַמע שעהן האָט זיך אין יינגלס נשמה אויף אייביק איינגעקריצט דער אומעטיק־פּאַרבענקטער ווייסרוסישער פּייזאַזש — אַ פלאַכלאַנד אַרומגעזוימט מיט נישט הויכן וואַלד, גרינע פעלדער איבער וועל־כע עס שלענגלט זיך ווי אַ בלויע סטענגע דאָס טייכל, דער שאַרפער ריח פון פּאָלין און מיאַטע. יאָרן וועלן פאַרגיין און דורך אַלע זיינע וואַנדערונגען וועט ש. דובנאָוו טראָגן אין זיך דעם איינציקן אין דער וועלט פּייזאַזש פון זיין היימלאַנד — דעם פּייזאַזש פון זיין נשמה.

פון די גרינע ברעגעס האָט מען געמוזט זיך אומקערן צוריק צום טומל, צום שטויב פון „שולעף“, אין דער ענגער דירה, וווּ עס האָבן געוווינט טאַטע־מאַמע מיט אַ סך קינדער.

די דובנאָווס האָבן זיך אין שטעטל גערעכנט פון די יחוסדיקע משפּחות. סוף 18־טן יאָרהונדערט איז די משפּחה, וואָס שטאַמט פון באַרימטן מקובל ר׳ יוסף דובנאָ, אַריבערגעפאָרן פון וואָלין (דובנאָ איז אַ שטאָט אין וואָלין) קיין ווייסרוסלאַנד. אין דער משפּחה דובנאָוו זענען שטענדיק געווען גרויסע לומדים, אָבער מיט קיין גרויס רייכקייט האָבן זיך די דובנאָווס נישט געקענט באַרימען; האָט זיך שוין אַמאָל אין דער פאַמיליע יאָ באַוויזן אַ פּעאַיקער סוחר, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל פאַרמעגן, האָבן עס די קינדער דערנאָך צעפּטרט. עס איז זיי ליבער געווען צו זיצן אין בית־מדרש און לערנען, איידער זיך פאַרנעמען מיט מסחר.

אין דער צייט ווען שמעון איז געקומען אויף דער וועלט (אין סעפּ־טעמבער 1860, דעם צווייטן טאָג ראש־השנה) האָט זיך פאַרן ראש־המשפּחה גערעכנט ר׳ בן־ציון, אַ ייד אַ למדן, וואָס אין דער יוגנט האָט ער אויפן פאַרלאַנג פון זיין פאָטער געפּרוווט זיך פאַרנעמען מיט מסחר, ער האָט עס אָבער דערנאָך אָוועקגעוואָרפן און זיך אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין לערנען: אין משך פון 45 יאָר האָט ער געזאָגט אַ שיעור גמרא פאַר יידן לומדים אין מסטיסלאַווער בית־מדרש.

אין שטאָט פלעגן אַרומגיין גאַנצע לעגענדעס וועגן זיין שטאַרקן כאַ־ראַקטער און וועגן זיין פאַנאַטישער איבערגעגעבנקייט צום לערנען; מ׳פלעגט דערציילן, אַז בעת אין שטעטל איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, וואָס האָט אַראָפּגעטראָגן, כמעט, אַ האַלבע שטאָט, האָט ר׳ בן־ציון דערזעענדיק פון

די בית־מדרש־פּענצטער דאָס העלישע פייער, גענומען איבערצייגן די צע־שראָקענע צוהערער זיי זאָלן בלייבן אויפן אָרט און פאַרענדיקן דעם שיעור. די יידן האָבן אים געפאָלגט, און ר׳ בן־ציון האָטביים אימהדיקן אָפּגלאַנץ פון דער גרויסער שריפה פאַרענדיקט דעם שיעור. שוין דערנאָך, ווען אַלע אַנדערע נשׂרפים זענען אַוועק צו זייערע אָפּגעברענטע הייזער כדי צו זען אפשר וועט מען נאָך קענען עפּעס אָפּראַטעווען, איז ר׳ בן־ציון נאָך אַליין פאַרבליבן אין בית־מדרש; ער האָט געהייסן דעם שמש ער זאָל פאַר אים אויסזוכן אַ געוויסע מסיכתה, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבן פאַרן מאָרגנדיקן שיעור.

ר׳ בן־ציון האָט רואיק אויפגענומען די ידיעה — אַז זיין גע־מויערט הויז, וואָס איז פאַר אים געווען דער איינציקער חיונה־קוואַל איז אָפּגעברענט געוואָרן, ער איז געוואָרן אַן אָרעמאַן. און דאָך האָט ער נישט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון קהל איבערצונעמען דאָס כסא־הרבנות אין שטעטל, וואָס דאָס וואָלט אים געזיכערט פרנסה בכבוד, ער האָט בעסער געוואָלט ווייטער לערנען תורה מיטן עולם, ווייטער זאָגן זיין שיעור.

ר׳ בן־ציון איז געווען אַן איבערצייגטער מתנגד; צום חסידישן מיס־טיציזם האָט ער זיך באַצויגן קריטיש, ביים דאַווענען האָט ער זיך נישט געשאָקלט, נישט געמאַכט קיין עקסטאַטישע הוועיות. ווי אַזעלכער איז ער אויף שטענדיק פאַרבליבן אין זיכרון ביים אייניקל: „...אַ הויכער, אַ שלאַנ־קער, שטייט ער מיטן פנים צו דער מזרח־וואַנט, פאַמעלעך און דייטלעך זאָגט ער אַרויס יעדעס וואָרט פון דאַוונען, צייטנווייז נאָר, פלעגט ער איינבייגן דעם קאָפּ און באַלד צוריק זיך אויסגלייכן. אַן אינערלעכע, שעמעוודיק־באַהאַלטענע עקזאַלטאַציע האָט זיך געפילט אין זיין גאַנץ וועזן״.

יום־כיפור איז דעם קליינעם שמעון נישט איינמאָל אויסגעקומען צו זיין דערביי, ווי דער זיידע האָט געדאַוונט פאַרן עמוד אין דער פולגעפּאַק־טער שטאָטישער שול. „...אָט שטייט ער פאַרן עמוד אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט זיין זילבער־ווייסער באָרד, דער טלית איבערן ווייסן קיטל, און ווי אַן אַדוואָקאַט אין דער טאָגע, שטייענדיק פאַרן געריכט, האַלט ער זיין פאַרטיי־דיקונגס־רעדע, טענהט זיך אויס מיטן בית־דין של מעלה״.

נישט אַליין פון דער דאָזיקער רעדע פאַרשטייט דאָס אייניקל, אָבער דער איבערגאַנג פון צאָרנדיקע אויסרופן צו טיפן טרויער און הכנעה, מאַכן האַסטיקער קלאַפּן דאָס קינדערשע האַרץ.

שמעונס עלטערן זענען געווען מענטשן פון גאָר אַן אַנדער שניט. דאָס זענען געווען טיפּיש־יידישע האַרעפּאַשניקעס, שטענדיק פאַרהאַוועטע און פאַרזאָרגטע ווי אַזוי אויסצוהאַלטן די גרויסע משפחה. מאיר־יעקב דובנאָוו (געבוירן אין יאָר 1833, געשטאָרבן אין 1887) איז געווען אַן אָנגע־שטעלטער ביי זיין רייכן שווער, דעם וואַלד־סוחר, וואָס פלעגט

אויפקויפן וואַלד ביי די ווייסרוסישע פּריצים און דאָס געהילץ פירן מיט די טייכן אויף דרום. דעם גאַנצן ווינטער פלעגט מאיר־יעקב אַפּזיין ווייט פון דער פאַמיליע, אין די טיפענישן פון פּאָלעסיע, ווו ער פלעגט אַכטונג געבן ביים האַקן דעם וואַלד און פאַרקויפן דאָס געהילץ. פרילינג־צייט ווידער, איז זיין עובדה געווען צו באַגלייטן די פליטן צו די פּאָרטן פון די גרויסע דרום־שטעט. אַהיימקומען פלעגט ער ערשט אויף ימים־נוראים, און דאָס נאָר אויף אַ קורצער צייט, אַן אויסגעהאָרעוועטער, אַ פאַרמאַטערטער נאָך אַ חדשים־לאַנגן זיין הינטערוועגס. מאיר־יעקב דובנאָוו איז געווען אַ ייד אַ שווייגער און אַ קרענקלעכער. די שטענדיקע אָפּ־ענגיקייט פון בייזן און קאַרגן שוער, דאָס שטענדיקע אונטערקרענקן, וואָס איז דערנאָך איבערגעגאַנגען אין אַ כראָנישער לונגען־קראַנקהייט, האָבן פריצייטיק געעלטערט אָט דעם שטילן, שעמעוודיקן צאַרטן מענטש. צו 54 יאָר האָט די קראַנקהייט אים דערפירט צום קבר.

שמעון דובנאָוו איז געווען צוגעבונדן צום פאָטער, אָבער קיין אמתע נאָענטקייט האָט צווישן זיי נישט געקענט זיין: אין שמעונס לעבן איז דער פאָטער פאַרביי־געגאַנגען ווי אַ שאָטן, איבערלאָזנדיק אַ וואָלקן פון בענקשאַפט און אַן אומקלאָר שולד־געפיל. דאָס איינציקע, וואָס דער זון האָט געירשנט פון פאָטער איז געווען דער באַוווסטזיין — און מיט יאָרן איז דער דאָזיקער באַוווסטזיין נאָך שטאַרקער געוואָרן — אַז די ערגסטע קללה פאַר אַ מענטשן איז — אַן אַרבעט, וואָס איז נישט צום האַרצן און די דאגות פּרנסה.

אין דער ענגער, דריי־צימערדיקער דירה אויפן „שולעף" איז פרייד געווען אַ זעלטענער גאַסט. אונטערן לאַסט פון די שטענדיקע דאגות איז שיינע דובנאָוו גאַנץ פרי געוואָרן פאַרעלטערט. פאַרלאָשן זענען געוואָרן אירע טונקעלע מילדע אויגן, וואָס זענען געווען אַרומגענומען מיט אַ סך קנייטשן. אַ דאַרינקע, מיט אַ לענגלעך טונקל פּנים, מיטן הויכן שטערן אונטערן פאַרקעמטן פּאַרוק, פלעגט זי פון קאַיאָר ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרומהאַווען ווי אַן אומדערמידלעכע מוראַשקע, אַרבעטנדיק סיי אין שטוב, סיי אין דער קראָם. אין די גרויע פאַרטאָגן, ליגנדיק אויפן האַרטן שטרוי־זאַק, פלעגט שמעון זיך צוהערן צו דער מוטערס שטילן שעפּטשען: מיט אירע קנאָכיקע אויסגעהאָרעוועטע פינגער האָט זי געבלעטערט דעם גרויסן ווייבערישן קרבן־מנחה, און שטילע טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער אירע איינגעפאַלענע באַקן.

נאָכן אָפּדאַווענען, אָפּגעבנדיק דעם רבונו של עולם דאָס זייניקע, פלעגט זיך שיינע דובנאָוו אַ נעם טאָן צו די ערדישע ענינים: מ'האָט געדאַרפט אָנהאָדעווען אַ כאַליאַסטרע קינדער און דערנאָך זיך איילן צו עפענען די געשיר־קראָם, וואָס זי האָט געהאַלטן. שוין אויפן וועג אין דער קראָם האָט

זי אָנגעטראָפֿן די ערשטע פֿויערישע פֿורלעך, וואָס האָבן זיך געשלעפּט צום מאַרק־פּלאַץ, אויפֿהויבנדיק זיילן מיט שטויב. ביי דער קראָם פֿלעגט שווין וואַרטן אַ קונה — אַ הויכער ווייסרוס אין אַ שאָפֿענעם פּעלץ, אין שטיוול אויסגעשמירט מיט דזשעגעכץ. פֿון אומגעדולד האָט ער געפּאָכעט מיט דער בייטש. צווישן דער קרעמערין און דעם גוי פֿלעגט זיך אָנהויבן אַן איינגעשפּאַרט דינגעניש: די קליינע יידענע פֿלעגט פּיבערדיק זוכן אין די קעסטלעך און אַרויסשלעפּן פֿון דאָרט, פֿון צווישן פֿאַרשטויבטן שטרוי, ווייסלעכע פֿאַיאַנסענע טעלערלעך, שיסעלעך. דער פּויער פֿלעגט, מעשה־מבין, קלאַפּן מיטן פֿינגער איבער די כּלים, באַטראַכטן זיי אויף דער שיין, און עס פֿלעגט צווישן דער קרעמערין און פּויער זיך אָנהייבן אַ פֿאַרביסענע מלחמה איבער אַ פּאָר גראָשן. די מוטער פֿלעגט זיך נישט אונטערגעבן: פֿאַר איר האָט נאָך אַ פּאָר גראָשן געמיינט — קענען פֿאַררעכטן די שטיוול פֿאַרן מזיק, פֿאַר שמעונען, אָדער קויפֿן אַ סטענגע צו די צעפּ פֿאַר דער חנעווודיקער, שוואַרצאויגיקער ריסיע.

שפּעט אין אָוונט פֿלעגט זיך פֿאַרמאַכן די שווערע, מיט אייזן־באַשלאָגענע טיר פֿון דער קראָם; די מאַמע איז געגאַנגען אַ היים, קוים שלעפּנדיק די פֿיס, אַ פֿאַרמאַטערטע, אַ הייזעריקע. אירע פֿאַרבלאָזע ליפּן האָבן זעלטן־ווען געשמייכלט צו די קינדער, איר ליבע צו זיי האָט זי אויסגעדריקט אין שטענדיקער אומרואיקייט און זאָרג פֿאַר זייערטוועגן.

פֿרייטיקצונאַכטס אָבער פֿלעגט שיינע דובנאָוו ווערן גאָר אַן אַנדערע, אין איר אויסגעהאָרעוועטן גוף פֿלעגט אַריינקומען אַ נייע, אַ יום־טובדיקע נשמה. שמעון האָט זייער ליב געהאַט אָט די פֿרייטיקצונאַכטצן: עס האָבן ליבלעך געפֿינקלט די וואַקסענע ליכטלעך, אין די אָפּגעפּוצטע, לכבוד־שבת, משפּחה־לייכטער. דער טיש איז פֿאַרדעקט מיט אַ ווייס־בלאַנקענדיקן, באַטיש פֿאַרלאַטעטן טישטעך, פֿון אונטער אַ קליין טישטעכל האָבן אַרויסגעקוקט די שבתדיקע געפֿלאָכטענע חלות, דאָס אַלץ האָט געשאַפֿן אַן אַטמאָספֿער פֿון אַ זעלטענער רואיקייט און געמיטלעכקייט. די מאַמע האָט געבענטשט ליכט. פֿאַרשטעלנדיק די אויגן מיט די פֿינגער, דורך וועלכע עס האָט געשטראָמט די האָניק־שיין פֿון די שבת־ליכט, האָט זי געשעפּטשעט איר, כמעט, קלאַנגלאָזע תּפֿילה. די שטילע פֿאַרהאָרעוועטע פֿרוי האָט דערמיט ווי אָפּגעטרייסלט פֿון זיך דעם שטויב פֿון דער וואָכעדיקייט.

ווייל אין שטוב האָט כמעט שטענדיק געהערשט דחקות און נויט, און די דערוואַקסענע זענען כּסדר געווען פֿאַרנומען מיט זיך און מיט זייערע דאגות, זענען די קינדער געוואַקסן אָן באַזונדערער השגחה. זיי זענען איבערגעלאָזט געוואָרן אויף גאָטס באַראָט. אין אַ גרויסער משפּחה איז אַ זעלטנהייט, אַז קינדער זאָלן זיין נאָענט צווישן זיך. האָט טאַקע שמעון זיך נישט געחברט נישט מיט זיין ברודער יצחק, א למדן און א

שווייגער, וואָס האָט פרי חתונה־געהאַט און זיך באַזעצט אין אַן אַנדער שטאָט, און נישט מיט דער שוועסטער ריסיע, וואָס פלעגט צוהעלפן דער מאַמען אין דער באַלעבאַטישקייט און פלעגט דערביי זינגען טרויעריקע לי־דער. אין געהיים האָט זי פאַנטאַזירט, אַז זי וועט, קעגן די אָנגענומענע מנהגים, חתונה האָבן דורך ליבע.

אויף אַן אמת האָט זיך שמעון געחברט — פון דער פריסטער יוגנט ביז אין דער שפּעטער עלטער — מיט זיין ברודער וואָלף, וואָס איז געווען עלטער פאַר אים מיט אַנדערהאַלבן יאָר. אויסערלעך זענען די צוויי ברידער געווען זייער ענלעך: ביידע ברונעטן, מיט טיפּיש־סעמיטישע האָר־באַטע נעז, מיט אָפענע שטערנס אונטער געדיכטע טשופּרינעס האָר. עס איז אָבער צווישן זיי געווען אַ גרויסער אונטערשייד. שמעונס אויגן האָבן געברענט מיט אַ מין צו־להכעיס־פייערל, זיינע באַוועגונגען זענען געווען האַסטיקע און דעצידירטע; וואָלף דאַקעגן איז געווען פלעגמאַטיש, ווייניק באַוועגלעך. איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס דווקא דער ייִנגע־רער ברודער איז פאַר וואָלפן געווען דער אויטאָריטעט און אַלס אַזעל־כער איז ער ביי אים פאַרבליבן אויפן גאַנצן לעבן.

די סביבה פון דער קינדהייט פאַרמירט אוים די נשמה פון מענטשן סיי דאַן ווען מען מאַכט מיט איר שלום, סיי דאַן ווען מ׳קעמפט קעגן איר: די שטענדיקע פאַרזאָרגטקייט, די ביטערניש און רעזיגנאַציע, וואָס האָט געהערשט ביי די דובנאָווס האָבן ביי שמעונען אַרויסגערופן אַ בונט. אַ ליידנשאַפטלעכע שטרעבונג צו אַן אַנדער לעבן, ביי וואָלפן אָבער האָבן די דאָזיקע באַדינגונגען געבוירן פאַסיוויטעט און מעלאַנכאָליע. אַזוי איז אויך געווען דער ווייטערדיקער לעבנס־וועג: שמעון האָט געשמידט זיין גורל אין איינקלאַנג מיט זיין אינערלעכן דראַנג; וואָלף אָבער איז געווען פאַרמשפּט צו לעבן אין אייביקער אומצופרידנקייט, אונטערן שטענדיקן דרוק פון אַ פאַרבאָרגענעם שולד־קאָמפּלעקס. דאָס האָט אים דערפירט דער־צו, אַז אין אַ מאָמענט פון אַ גייסטיקן קריזיס האָט ער צעבראָכן זיין פּערזענלעכן לעבן.

די לעבנס־שטראָמען פון די ברידער, וואָס זענען געפלאָסן צוזאַ־מען אין דער יוגנט, זענען זיך שפּעטער פונאַנדערגעגאַנגען. אָבער נישט די יאָרן און נישט דער שטח, וואָס האָט זיי פאַנאַנדערגעטיילט, האָבן נישט געקענט אָפּשוואַכן די שטאַרקע און אינטימע פריינטשאַפטלעכע פאַרבינדונג, וואָס נאָר דער טויט האָט זי צעריסן.

## קאַפּיטל צוויי

# אין חדר

א פאַרשטויבטער צימער מיט אַ נידעריקער פאַררויכערטער סטעליע. אַרום דעם פּראָסטן טיש פון נישט געהובליעטע ברעטער שטייען לאַנגע הילצערנע בענק. אַהער, אין דאָזיקן דרדקי־חדר, האָט שיינע דובנאָוו גע־בראַכט דעם קליינעם שמעון, אָנגעטאָן אין אַ פאַרלאַטעט, ריין קורטקעלע.

דער דרדקי־מלמד ר׳ קוליע, אַ גוטמוטיק געל יידל, האָט שמעונען אַ קניפּ געטאָן אין בעקל מיט זיינע פינגער, וואָס זענען געווען פאַר־געלט פון שטענדיקן באַנוצן שמעק־טאַבאַק; און האָט דעם נייעם תלמיד געוויזן די גרויסע אותיות פון אלף־בית.

צום ערשטן מאָל גיין אין חדר פלעגן מיטן קינד מיטקומען טאַטע־מאַמע און קרובים. אַז דאָס קינד האָט געגעבן אַ געלונגענעם ענטפער, האָט אים דער פאָטער, אָדער די מוטער אַראָפּגעוואָרפן פון אויבן אַ לעקעכל, אַ צוקערל; דעם קינד האָט מען איינגערעדט, אַז דאָס האָט אים אַ מלאך אַראָפּגעוואָרפן אַ מתנה. שמעונען האָט מען קיין לעקעכלעך נישט אַראָפּ־געוואָרפן, שיינע דובנאָוו האָט קיין צייט נישט געהאַט צו באַלעווען אי־רע קינדער; אין איילעניש האָט זי אים אַריינגערוקט אין קעשענע אַ פּאָר צוקערקעס און איז באַלד אַוועק צוריק אין קראָם אַריין.

אַזוי האָט זיך פאַר שמעונען אָנגעהויבן די חדר־צייט, וואָס האָט זיך געצויגן פון אינדערפרי ביזן אָוונט, מיט אַן איבעררייס אויף מיטאָג, וואָס איז, כמעט שטענדיק, באַשטאַנען פון אַ קרופּניק מיט אַ רעפטל ברויט. ר׳ קוליע איז געווען צופרידן פון ר׳ בן־ציונס אייניקל: שמעון האָט זיך גאַנץ גיך אויסגעלערנט עברי און אָנגעהויבן לערנען חומש. פאַמעלעך און מאָנאָטאָן פלעגט זיך שלעפּן דער טאָג אין חדר. איינגעבויגן איבער די צעפליקטע חומשים האָבן די קינדער, הויך אויפן קול, מיט אַ ניגון, נאָכגעזאָגט דעם רבין די פּסוקים פון חומש, פאַרטייטשנדיק די לשון־קודש־דיקע ווערטער אויף יידיש. דעם יינגלס פאַנטאַזיע, וואָס ביז איצט האָט אים קיינער נישט דערציילט קיין מעשהלעך, האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן. ער האָט געזען פאַר זיך די שיינע רויטע עפּל פון גן־עדן, וואָס ער האָט

זיך פאַרגעשטעלט ווי דעם סאַד ארום מאָנאַסטיר הינטערן שטאָט; ער האָט געזען דעם העליש־רויטן הימל פון דער שריפה איבער סדום און עמורה און ווי יעקב אָבינו פּאַשעט לבנס שאָף אין די טאָלן, ווו עס האָט געשמעקט מיט מיאַטע, פּונקט ווי אויף די סטעזשקעס, וואָס פירן צו דער היימישער וויעברא...

אין די נעכט, ליגנדיק אויפן האַרטן שטרויזאַק, פלעגט דאָס קליינע הדר־ייִנגל לאַנג נישט קענען איינשלאָפן. אין דעם דושנעם צימער מיט די פאַרמאַכטע לאָדנס האָט געטשאַדעט אַ קליין נאַכט־לעמפּל. די ברי־דער און שוועסטער האָבן געקרעכצט פון שלאָף, ביים קאָמאָד איז געזעסן די מאַמע און געציילט דעם טאָג־פּדיון; זי זיפצט דערביי און קראַצט זיך מיט אַ שפּיזל אונטערן פּאַרוק. אָבער, פּאַר שמעונס אויגן, אונטער די פאַרמאַכטע אויגנדעקלעך, גייען פאַרביי וווּנדערלעכע פאַרשוי־נען; מענטשן, וואָס האָבן גערעדט מיט מלאכים, אַפילו מיט גאָט אַליין...

ביי קוליע דרדקי־מלמד האָט שמעון געלערנט דריי זמנים. דאָס איז געווען דער פּרוזדור, דער אַריינפיר צום אמתן חדר, ווו מ׳האָט אָנגעהויבן לערנען גמרא. וועגן דאָזיקן הדר דערציילן זיינע זכרונות אַזוי:

„דער נייער רבי, איציע פּיפּלער, איז געווען פּונקט דער היפּוך פון דעם פריערדיקן מלמד. אַ קליינינקער מיט אַ גראָבער נאָז און קורצזיכטי־קע אויגן, איז ער שטענדיק געווען אָנגעכמורעט און האָט קיין גוט וואָרט נישט אויסגערעדט צו זיינע תלמידים. פון 9 אינדערפרי ביז 8 אָוונט, מיט אַן איבעררייס פון אַ שעה אויף מיטאָג, האָט ער אונדז, 8—9 יאָריקע קינדער, געהאַלטן זומער און ווינטער אין ענגן חדר און האָט געמאַטערט אונדזערע קעפּלעך מיט אַזאַ תורה, וואָס איז לחלוטין נישט געווען פאַר אונדזערע מוחות. גמרא האָט ער מיט אונדז אָנגעהויבן גלייך לויט די פּולע טעקסטן פון תלמוד... אָט לערנען מיר אין משנה די פּלוגתא צווישן בית־הלל און בית־שמאי וועגן „ביצה שנולדה ביום־טוב"... וועגן אַן איי, וואָס אַ הון האָט געלייגט אום יום־טוב,... און וועגן דעם גייט עס אָן אַ שאַרפער פּילפּול צווישן די תנאים, דער ענין פאַרפּלאָנטערט זיך אַלץ מער... דער קאָפּ דרייט זיך מיר פון דעם הויכן געזאַנג פון די ייִנגלעך, וואָס זינגען אויס דעם משונהדיקן טעקסט און פון דעם שאַרפן פּילפּול. דער רבי האַקט אַריין די גמרא אין אונדזערע קעפּלעך מיט אַ געשריי, מיט הוועיות. ער זידלט די, וואָס פאַרשטייען נישט און צומאָל דערלאַנגט ער אויך מיטן קאַנטשיק איבער דער פּלייצע, איבער די הענט".

מיט יאָרן שפּעטער קומט שמעון דובנאָוו צו דער איבערצייגונג, אַז אָט די גמרא „ביצה" איז עס געווען דער מקור פון זיין שפּעטערדיקן בונט קעגן דער טראַדיציע.

נאָך דער טרוקענער גמרא, איז אים דער תנ״ך, וואָס מ׳האָט אין הדר געלערנט אין די אָוונטן, געווען באַזונדערס באַליבט. ביים בלייכן שיין

פון דעם חלבנעם ליכטל האָבן די קינדער מיט אַן איינטאָניקן ניגון געלערנט די מעשיות פון גדעון און שמשון הגיבור און די דראַמאַטישע כראָניקעס פון דער מלכים־תקופה. דער אומפּעאיקער, טרוקענער רבי איז נישט געווען ביכולת מיט זיינע אויפקלערונגען צו באַלעבן די טעקסטן פון תנ״ך. שמעון איז נישט איינמאָל געבליבן שטיין אַ צעמישטער ביי אַ שווערן פּסוק, וואָס ער האָט נישט משיג־געווען מיט זיין שכל. באַזונדערס האָט אים געמאַטערט דער ספר „קוהלת״, וואָס די קינדער האָבן געלערנט חול־המועד סוכות, אין די קאַלטע האַרבסט־טעג. דורך די שפּאַרונעס פון דער צונויפגעקלאַפּטער סוכה האָט זיך אַריינגעריסן אַ שניידיקער ווינט, אַ ציטער האָט דורכגענומען פון דער האַרבסטיקער קעלט און פון די מאָדנע אימהדיקע ווערטער, וואָס מ׳פלעגט אויסזינגען מיט אַ טרויעריקן ניגון: „וואָס פאַר אַ נוץ האָט דער מענטש פון זיין גאַנצער מי און אַרבעט, וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון?... הבל הבלים, אַלץ איז נאַריש, וואָרום דער גורל פון די מענטשן־קינדער איז דער זעלבער ווי פון דער בהמה: ביידע וועלן זיי שטאַרבן...״ דער מחבר פון „דאָס בוך פון לעבן״ דערציילט: „מיט יאָרן שפּעטער, ווען אַ קאָסמישע קעלט פלעגט אַרומנעמען און מאַכן אייז־קאַלט מיין גאַנצן וועלט־באַנעם, פלעג איך זיך נישט איינמאָל דערמאָנען אין יענעם טריבן האַרבסט און אין דעם ציטער פון דעם 8־יאָריקן יינגל פאַר דעם אַנטפּלעקטן תהום״...

צו 9 יאָר האָט שמעון געהאַט איבערגעלייענט דאָס ערשטע ביכל, וואָס האָט אין אים אויפגעוועקט דעם אינטערעס צו געשיכטע. צווישן זיידנס ספרים האָט ער געפונען אַ העברעאישע באַאַרבעטונג פון יאָסיפוס פלאַוויוסעס געשיכטלעכע ווערק, דעם א. ג. „יוסיפון״. אינעם לעבן פון 9 יאָריקן חדר־יינגל האָבן זיך אַריינגעריסן נייע געשטאַלטן: אַלעקסאַנדער מוקדון, גריכן, רוימער, חשמונאים. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער דאָזיקער שטורעמדיקער פאַרביקער תקופה, וואָס איז געווען אומבאַקאַנט אפילו זיין רבין, שוין נישט רעדנדיק פון זיינע חברים אין חדר. דאָס ביכל האָט ער געקענט לייענען נאָר אין די אָוונטן, פאַרן שלאָף, ביים שוואַכן שיין פון דעם אייל־לעמפּל. זיין מוח, אַ מידער פון די גמרא־פּילפּולים איבער די דינים פון גיטין און נזיקין, האָט גיריק געשלונגען די עפּיזאָדן פון דער היסטאָרישער דראַמע. אָפט פלעגט די מאַמע, מיט אַ פאַרשלאָפן קול אַריינשרייען פון שכנותדיקן צימער: שמעון, גענוג שוין געברענט דעם לאָמפּ, שוין צייט צו שלאָפן! און אַז עס האָט נישט געהאָלפן, איז זי קרעכצנדיק אַראָפּ פון בעט, אַליין פאַרלאָשן דאָס לעמפּל און אים אָפּגעריסן פון די פאַרכאַפּנדיקע געשיכטעס.

צו ניין יאָר איז שמעון אַריבער אין אַ העכערן חדר — צום מלמד ר׳ זעליק, וואָס האָט געשמט פאַר אַ גרויסן למדן און ירא־שמים. ר׳ זעליק

איז געווען אַ גרויסער אביון און האָט געלעבט ווי אַ פּרוש, אַ גאַנצן טאָג פלעגט ער פאַרברענגען אין חדר אָדער אין בית־המדרש, געשפּייזט האָט ער זיך בלויז מיט ברויט פון קאָנאָפּליע־קערנער וואָס געוויינלעך האָט מען דערמיט געהאָדעוועט בהמות. דעם נייעם מלמד איז גראָד נישט פרעמד געווען אַ געוויסע פּאָעטישקייט: ער פלעגט אַמאָל מיט באַגייסטערונג נעמען דערציילן און פאַרטייטשן פאַר די תלמידים מעשיות פון דער אגדה און פון מדרש. באַלד אָבער פלעגט ער זיך פאַרשעמען פאַר זיין אייגענער שוואַכקייט און אויסרופן: „נו, גענוג זיך געשפּילט, צייט זיך נעמען צום לערנען". — און די קינדער האָבן ווידער זיך געמוזט נעמען צו דער טרוקענער גמרא.

„אַזאַ גייסטיקע שפּייז — שרייבט דובנאָוו שפּעטער אין זיין „דאָס בוך פון לעבן", — האָבן עס באַקומען אָט די 10 יאָריקע סטודענטן פון יורידישן פאַקולטעט. מיין נישט געשטילטער גייסטיקער הונגער האָט דעריבער געזוכט שפּייז פון אַנדערע קוואַלן".

דאָס ווייטערדיקע לערנען תנ"ך איז אָנגעגאַנגען פּאַראַלעל מיטן לערנען גמרא. אין ר' זעליקס חדר האָט שמעון צום ערשטן מאָל זיך באַקענט מיט די נביאים; ישעיה האָט אים איבעראַשט מיט זיין פּאַטאָס און מיט דער קראַפט פון זיין וואָרט. דאָס 9־יאָריקע חדר־ייִנגל האָט זיך נישט באַפרידיקט מיטן טראַדיציאָנעלן נוסח פון תנ"ך־לערנען, ער האָט געזוכט נאָך אַנדערע פּירושים צום טעקסט, און האָט זיך ענדלעך אָנגעשטויסן אויף מענדעלסאָנס ביאור, וואָס פאַר אַ חדר־ייִנגל איז דאָס געווען טריף־פּסול. שמעון איז דערפון געוואָרן אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען מיט די חברים: אין די זומערדיקע בין־השמשותן, צווישן מנחה־מעריב, זיצנדיק מיט זיינע חברים ביים לאַנגן טיש אין בית־מדרש, האָט ער מיט געפיל דעקלאַמירט די שטראָף־רייד פון די נביאים קעגן די זינדיקע פון ציון, די טרייסט־נביאות וועגן והיה באחרית הימים. איגנאָרירנדיק די „פּראָגראַם" פון חדר, איז ער אַליין דורכגעגאַנגען גאַנץ תנ"ך. דער דאָזיקער ספר־הספרים מיט זיין פלאַמיקן ליריזם, מיט זיין נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן פּאַטאָס, איז געוואָרן איינער פון די פאַקטאָרן, וואָס האָבן אויסגעפורעמט די נשמה פון שמעון דובנאָוו.

שמעון איז פרי רייף־געוואָרן. זיין נשמה האָט זיך ברייט־געעפנט פאַר די איינדרוקן פון לעבן, ער האָט שאַרף אָפּגעפילט זיין איינזאַמקייט און הילפלאָזיקייט אין דער וועלט, וואָס איז פאַר אים געווען אַזוי מאָדנע אומפאַרשטענדלעך און סודותפול. שוין גאָר פרי האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט וואָס אויסצושטעלן אויף דער הילף פון די דערוואַקסענע; זיי זענען פאַרנומען מיט זייערע אייגענע ענינים. דערפאַר דאַרף מען אַלץ אַליין דורכטראַכטן און אַליין באַשליסן און

דורכפירן. ארום אים איז געפּלאָסן אַ שווער און פאַרגליווערט לעבן. אין די אָוונטן פלעגט זיך פאַרמאַכן מיט אַ געפילדער די שווערע, געקאָוועטע טיר, עם פלעגן זיך פאַרהאַקן די פעסטע טונקעלע לאָדנס, די שטוב איז געוואָרן ווי אַ קבר. אַלץ ארום האָט געלעבט אין גרויס הכנעה און אין מורא פאַר גאָט, פאַר מענטשן, פאַרן גורל. די חדר־יינגלעך האָבן געוווסט צו דערציילן, אַז צו די מסוכן־קראַנקע קומט דער מלאך־המות מיט די טויזנט אויגן און ער קוילעט זיי מיט זיין אַנטבלויזטער שווערד; אַז ביי־נאַכט קומען זיך די מתים צונויף אין דער ליידיקער ווייבערישער שול און רופן אויף צו דער תורה די מענטשן וועמען ס׳איז באַשערט אינגיכן צו שטאַרבן; אַז די רשעים ברענט מען און מ׳בראָט אויף פייערדיקע סקאָווראָדעס און מ׳שמייסט זיי מיט אָנגעגליטע אייזערנע ריטער. שמעונען האָט נישט איינמאָל פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון שרעק: אין דעם פייער־רויטן זון־פאַרגאַנג האָט ער געזען דעם אָפּגלאַנץ פון גיהנום־פייער, און די מצבות, וואָס דער שכן, דער סטאָלער, פלעגט אויסשטעלן צו טריקענען ביים פאַרקן, האָבן אים אויסגעזען, ווי מתים איינגעוויקלטע אין תכריכים. אומעטום האָט געלויערט דער טויט; מ׳האָט אים געפילט אין די אומע־טיקע דרשות פון די וואַנדערנדיקע מגידים, וואָס האָבן גערופן די אפּיקור־סים זיי זאָלן תשובה טאָן, און אין די האַרצרייסנדיקע לידער פון די יידישע רעקרוטן, פאַר וועמען דאָס גיין דינען אין מיליטער איז געווען ווי־גיין צו דער תליה.

פון יענער זייט „שולעף” האָבן זיך געצויגן די גרינע בולוואַר־אַלעען און די שיינע קריסטלעכע הייזער מיט לייכטע פאַרהענגלעך אויף די פענצטער און אַ סך פילפאַרביקע בלומען. מיט אַ געפיל פון שרעק און נייגיריקייט פלעגט שמעון קוקן אויפן ווייסן פאַרקן, פון הינטער וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעהויבן דער רוסישער קלויסטער מיט זיין גלאָקן־טורעם, מיט די גאָלד־געפאַרבטע קופּאָלן, וואָס האָבן יום־טובדיק געגלאַנצט אויף דער זון. שבתצונאַכט, ווען אויפן יידישן קוואַרטאַל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער אומעט פון אָוועקגייענדיקן שבת, האָט זיך פון קלויסטער געטראָגן אַ געדיכטער גלאָקן־געקלאַנג; צום סאָבאָר האָבן געאײַלט אויסגעפּוצטע קריסטן און די זעלבע שקצימלעך, וואָס פלעגן זיך רייצן מיט די חדר־יינגלעך און אַמאָל אויך שלאָגן, ווען זיי פלעגן זיי פּאַקן אין די פאַרשטויבטע געס־לעך פון דער פאַרשטאָט.

אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, האָט שמעון זיך כסדר אָנגעשטויסן אויף די שאַרפע קאַנטן פון לעבן. וואָס האָט ער געזאָלט טאָן? ווערן אַזוי ווי אַלע, איינשליסן זיך אין ענגן שטח צווישן שול און בית־עולם, אָדער פּרו־בירן זוכן אַן אייגענעם וועג? — ער האָט זיך נישט געוואַקלט און האָט אויסגעקליבן דעם צווייטן וועג.

## קאַפּיטל דריי

# דער בונט

פאַרלאָזנדיק די עלטערנס שטוב ערב דער חתונה, האָט דער עלטערער ברודער יצחק בסוד איבערגעגעבן שמעונען אַ קליין ביכל פון קלמן שולמאַן. דאָס דאָזיקע ביכל האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אַפּיקורסיש שוין בלויז דערפאַר, וואָס עס איז נישט געווען קיין רעליגיעז ספר, נאָר האָט געהערט צו דער וועלטלעכער ליטעראַטור. אין דער דאָזיקער נאַאיווער און סענטימענטאַלער באַשרייבונג פון אַ רייזע איבער ארץ־ישראל האָט זיך אויך גערעדט וועגן דער נישטיקייט פון אַלץ, וואָס איז ערדיש. דאָס יינגל אָבער איז געווען פאַרכאַפּט נישט פון דער דידאַקטישער טענדענץ פון ביכל, נאָר פון דער פאַרביקער עקזאָטיק פון אַ סביבה, וואָס איז געווען אַזוי אַנדערש פון דער וואָכעדיקער גרויקייט פון קליינשטעטלדיקן לעבן.

אין חדר פלעגט שמעון קוקן אַ צעשטרייטער אין דער אָפענער גמרא, ווו עס איז אָנגעגאַנגען אַ שקלא־וטריא וועגן „אַ שור שנגח את הפרה״, וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דירעקטע אָדער אומדירעקטע שאָדנס, און בשעת מעשה, פלעגט ער בגנבה אַריינקוקן אין דעם טריף־פּסול, וואָס איז געלעגן אויף זיינע קני, אונטערן טיש. שמעון האָט שוין דאַן געלערנט ביי אַ נייעם רבין — ביי אברהם־יואלן. דאָס איז געווען דער לעצטער חדר, ווו די חדר־יינגלעך פלעגן פאַרענדיקן זייער עלעמענטאַרע גמרא־אויסבילדונג. דער רבי, ר׳ אברהם־יואל, איז געווען אַ בייזער פאַרמרהשחורהטער, עלטערער ייד, וואָס האָט זיך גוט געקענט אויף די גנבהשע שטיקלעך פון זיינע חדר־יינגלעך. פלעגט ער טאַקע נישט איינמאָל אַ פּאַק־טאָן שמעונען, וואָס איז געווען פאַרטאָן אין לייענען דאָס ביכל, אים פלוצים אַ פרעג־טאָן אַן אומגעריכטע קשיה. און האָט שמעון נישט געענטפערט צו דער זאַך, האָט ער געכאַפּט אַ פּאַטש אין באַק פון רבינס ביינערדיקער האַנט, וואָס האָט, כמעט שטענדיק, געהאַלטן אַ שמעקטאַבאַק צווישן די פינגער.

שמעון האָט זיך אַלץ מער און מער געפילט זעלבסטשטענדיק. דער טאַטע איז כסדר געווען אונטערוועגס, די מאַמע — שטענדיק פאַרנומען

אין קראָם און מיט אירע דאגות, דער זיידע ר׳ בן־ציון האָט זיך איבערגעקליבן אין אַן אַנדערער דירה. שמעון פלעגט איצט גאַנץ אָפט באַקומען העברעאישע השכלה־ביכלעך. ווען ער האָט איבערגעלייענט אייזשען סיום ראָמאַן „די סודות פון פּאַריז“ איז ער געווען אַזוי דערשיטערט, אַז ער איז עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען ווי אַ פאַרטשאַדעטער. דאָס איז געווען דער ערשטער ראָמאַן מיט אַ פאַרפּלאָנטערטער פאבולע, וואָס ער האָט געהאַט געלייענט. מיט זיין אויפרעגונג האָט ער אויך אָנגעשטעקט זיין ברודער וואָלף. די ברידער האָבן אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן דאָס דאָזיקע בוך פאַר זיך אויף שטענדיק, אַז זיי האָבן אָנגענומען אַ העראָישן באַשלוס: איבערשרייבן מיט דער האַנט דעם פילבענדיקן ראָמאַן! זיי האָבן פיבערדיק געאַרבעט גאַנצע נעכט, זיי האָבן אָבער באַוויזן איבערצושרייבן נאָר דעם ערשטן טייל און געמוזט אומקערן דאָס בוך.

שפּעטער זענען די ברידער געוואָרן פאַרכאַפּט פון אַ צווייטן בוך — פון אברהם מאַפּוס ראָמאַן „עיט צבוע“. אין אַ פּרימיטיווער פאָרם האָט דאָרט דער מחבר, אַ מיטלמעסיקער בעלעטריסט, געשילדערט די פרומאַקישע סביבה, דעם פאַנאַטיזם פון די קהלישע תקיפים און די אידעלע „אויפגעקלערטע“ יוגנט, וואָס קעמפט מיט דער „פינצטערניש“. נאָכן איבערלייענען דעם ערשטן טייל האָט שמעון שטאַרק געוואָלט וויסן דעם ווייטערדיקן גורל פון די העלדן. אין שטעטל זענען נאָך די ווייטערדיקע טיילן נישט געהאַט אָנגעקומען. האָט ער זיך איינגעשטעלט און פאָרגעשלאָגן דעם פרומען מוכר־ספרים פון שטעטל, אַז יענער זאָל פאַר אים אויסשרייבן פון וואַרשע די ווייטערדיקע טיילן פון „עיט צבוע“. ווען די פּינקביכלעך אין קאָלירטע הילעס זענען אָנגעקומען, האָבן זיך די ברידערערשט אויף אַן אמת דערשראָקן. די אָרעמע אָפּשפּאָרונגען זייערע פון די אָנבייסנס, האָבן נישט געקענט קלעקן אויף אויסצולייזן די באַשטעלונג. צום גליק איז גראָד דאַן געווען פאַר פסח, דער פּדיון אין דער מאַמעס קראָם איז געווען אַ גוטער, האָבן די יינגלעך, וואָס האָבן דעמאָלט צוגעהאָלפן דער מאַמען, יעדן טאָג צוגעלקחנט פון טיש־קעסטל אַ פּאָר קופּערנע מטבעות פאַרן מוכר־ספרים — אויסצולייזן די באַשטעלטע ביכער. די ביכלעך האָבן זיי פאַרשטעקט אין אַ געהיים באַהעלטעניש, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע טריף־פּסולען.

פאַרטיפנדיק זיך אין די וויכוחים צווישן אַלטן און נייעם דור, וואָס זענען געווען באַשריבן אין די העברעאישע ביכלעך, האָט שמעון געזוכט אַן ענטפער אויף זיינע מטושטשדיקע ספיקות. עס איז ביי אים שטאַרקער געוואָרן דער פאַרלאַנג אַרויסצורייסן זיך פון דער פאַנאַטיש־רעליגיעזער סביבה און אַריבערגיין אין לאַגער פון די אויפגעקלערטע משכילים. אונטערן איינפלוס פון די דאָזיקע שטימונגען האָט שמעון אָנגעשריבן אַ

קעמפערישן מאמר „א ו י ז י ע וועגן לשון־קודש". אין דאָ־זיקן מאמר, געשריבן אין א נאַאיוון מליצה־סטיל, מיט א סך ציטאַטן פון תנ"ך, האָט ער געשטורעמט קעגן די פאַנאַטיקער און פרומאַקעס, וואָס חוץ גמרא ווילן זיי פון קיין זאַך נישט וויסן און האַסן די בת־השמים — די השכלה. דער מאמר איז געוואָרן פאַרשפּרייט אין עטלעכע איבערגעשריבענע קאָפּיעס און האָט אַרויסגערופן א שאַרפע אומצופרידענקייט ביים עלטערן דור און פאַרבאָרגענע סימפּאַטיעס ביי דער יוגנט.

אין יענער צייט האָט דעם בחורס מוח אָנגעשטרענגט געאַרבעט. אויפן אָרט פון דער אומקלאָרער קינדערשער שרעק פאַרן אומפאַרשטענדלעכן, פאַרן סודותפולן, איז געקומען דער פּראָטעסט קעגן דער פאַלשקייט, קעגן צביעות און אומגערעכטיקייט. שוין אין דער פריסטער קינדהייט האָט שמעון זיך באַקענט מיט די שאַטנזייטן פון לעבן: די אָרעמקייט, וואָס די דערוואַקסענע האָבן זיך מיט איר געשעמט און באַמיט זיך אויסצובאַהאַלטן; זי פון פרעמדע אויגן, איז פאַרן פרי רייף־געוואָרענעם יינגל נישט געווען קיין סוד. נישט איינמאָל פלעגט ער, אין דער מאַמעס נאָמען, שרייבן לאַנגע בריוו צום טאַטן. אין דער ליידיקער, האַלב־טונקעלער קראָם פלעגט די מאַמע, שטייענדיק פאַרזאָרגט ביים קראָם־טיש, ווישן א טרער מיטן עק פון דער פאַטשיילע און דיקטירן דעם קליינעם שמעון, וואָס ער זאָל שרייבן דעם פאָטער. דער יונגער בריוו־שרייבער האָט קאַליגראַפיש אויסגעכתיבהט ראשית דעם „לכבוד בעלי היקר, החכם, המופלג מאיר־יעקב נ"י." נאָך דעם איז שוין געגאַנגען די וואָכעדיקע פּראָזע: דירה־געלט, שכר־לימוד, פאַרריכטן די שיך. אַמאָל פלעגט שמעון שרייבן פאַר דער מאַמען א שיינעם מליצה־בריוו, פול מיט פּסוקים צום רייכן, אומבאַקאַנטן זיידן. דער זיידע פלעגט לויבן דעם בריוו, קיין געלט האָט ער אָבער נישט געשיקט...

אָרום אים האָט אויך געהערשט אָרעמקייט און דחקות. זיצנדיק כמעט גאַנצע טעג אין בית־מדרש, פלעגט שמעון זיך צוקוקן, ווי דער רוב מתפללים כאַפּן אָפּ דאָס דאַווענען, שלינגען די ווערטער פון סידור, כדי וואָס גיכער פּטור צו ווערן און זיך קענען נעמען צו די וואָכעדיקע געשעפטן. ער פלעגט זיך אַריינטראַכטן אין תוך פון די תפילות און צו זיין פאַרוווּנדערונג האָט ער דערפילט, אַז די ווערטער פון דאַווענען, צו וועלכע ער איז געווען צוגעוווינט פון קינדווייז אָן, זאָגן אים גאָרנישט, רעדן נישט צו זיין האַרץ. דאָס האָט אים צערודערט; האָט ער געפּרוווט תפילה־טאָן מיט זיינע אייגענע ווערטער, געזאָגט באַליבטע קאַפּיטלעך תהילים; אַמבעסטן האָט ער זיך געפילט, ווען ער האָט געדאַוונט ביחידות.

אין סעפּטעמבער 1873 האָט שמעון זיך אָנגעהויבן גרייטן צו זיין בר־מצוה־דרשה. דער מלמד האָט פאַר אים אויסגעקליבן א טעמע געווידמעט דעם ענין תפילין־לייגן. פאַנאַנדערקלויבנדיק זיך אין פאַרפּלאָנטערטן טעקסט

האָט שמעון זיך אָנגעשטויסן אויפן פּילפּול וועגן דעם ווי אַזוי אַ געלינקטער דאַרף לייגן תּפילין. דער טרוקענער אומפּרוכטבאַרער פּילפּול איז אים געוואָרן אַזוי דערווידער, אַז ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט פון דער גאַנצער בר־מצוה־דרשה.

נאָך בר־מצוה איז שמעון אָנגעקומען אין דער ישיבה פון זיין זיידן ר׳ בן־ציון. אין דער ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אין גרויסן שטאָט־בית־מדרש, פלעגן די ישיבה־בחורים פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג. זיצנדיק ביי די לאַנגע טישן פלעגן זיי לערנען תלמוד מיטן באַקאַנטן גמרא־ניגון. דער גמרא־ניגון איז געווען דורכגעדרונגען מיט נאָגנדיקער יוגנטלעכער בענקשאַפט און האָט גאָרנישט האַרמאָנירט מיטן טעקסט, מיט די דינים פון גיטין אָדער שחיטה. איז טאַקע נישט קיין חידוש, וואָס אונטער די שווערע גמרות האָבן זיך אַלץ אָפטער אָנגעהויבן באַווייזן טריף־פּסולען — אַפּיקורסישע ביכלעך.

דורך אַ צופאַל האָט שמעון באַקומען די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט דער נייער העברעאישער ליטעראַטור: זיינער אַ חבר, אַ ישיבה־בחור האָט אים באַקענט מיטן אָרטיקן משכיל, וואָס האָט אין געהיים געהאַט ביי זיך אַ קאָלעקציע פון השכלה־ספרים און זשורנאַלן. פאַר שמעונען זענען די פּעריאָדישע השכלה־זשורנאַלן פון ווילנע און אַדעס געווען אַן אמתער אוצר: דאָרט פלעגט אָפט קריטיקירט ווערן דער אַבערגלויבן פון די חסידים, דער בלינדער גלויבן זייערער אין צדיקים, און צומאָל, גאַנץ פאַרזיכטיק, פלעגט מען אויך קריטיקירן די רבנים.

פון דאַן אָן פלעגט דער יונגער ישיבה־בחור יעדן שבת, ווען ער איז געווען פריי פון דער ישיבה, זיך אָפּגעבן מיט לייענען די פאַרבאָטענע ליטעראַטור. ער פלעגט מיט גרויס זשעדנעקייט לייענען סיי פּובליציסטיק, סיי דערציילונגען און פּאָעזיע. זיין באַליבטער דיכטער איז געווען מיכה־יוסף לעבענסאָן. אין די לידער פון יונג־פאַרשטאָרבענעם פּאָעט האָט שמעון אַרויסגעפילט זיין אייגענעם גייסטיקן קריזיס, זיינע אייגענע רעליגיעזע ספקות. זיין גרויסע ליידנשאַפט צו ביכער האָט אים איינמאָל דערפירט צו אַ טאַט, וואָס ער האָט דערנאָך זייער שטאַרק באַדויערט: אין „הכרמל" איז אָנגעגאַנגען אַ שאַרפע פּאָלעמיק וועגן אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט געשילדערט דעם קאַמף צווישן די „פינצטערע פאַנאַטיקער" און דער משכילישער יוגנט. שמעון האָט די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ איבערגעלייענט עטלעכע מאָל. ווען ער האָט אָבער געדאַרפט צוריקגעבן דעם זשורנאַל, האָט ער נישט געקענט ביישטיין דעם ניסיון און האָט אויסגעשניטן פון דאָרט עטלעכע זייטלעך, יענע, וואָס האָבן אים אַזוי אויפגערודערט. שפּעטער האָט ער זיך מודה־געווען אין באַגאַנגענעם חטא און האָט צוריק אומגעקערט די צוגעגנבעטע זייטלעך. נאָך אַ לאַנגע צייט

דערנאָך האָט אים זיין געוויסן געפּייניקט. דערפאַר האָט ער אויף זיך גענומען אַ תשובה: דאַוונען מיט כוונה.

די שטוביקע האָבן לכתחילה נישט באַמערקט די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען ביים יונגן ישיבה־בחור. דער זיידע איז געווען פאַרטאָן אין לערנען, די מאַמע האָט נישט געוווסט קיין חילוק צווישן רעליגיעזע און וועלטלעכע ביכער. אָבער די מתפללים פון שטאָטישן בית־מדרש, וווּ שמעון האָט געלערנט, פלעגן אַמאָל באַמערקן, אַז פון אונטער דער גמרא האָבן אַפּערגעקוקט פאַרדעכטיקע דינישטשקע ביכלעך, זיי האָבן אויך אַמאָל געהערט, ווי ר׳ בן־ציונס אייניקל פלעגט אין פאַליש דעקלאַמירן מיט גע־פיל לירישע שירים. אין שטעטל האָבן אָנגעהויבן אַרומגיין קלאַנגען, וואָס זענען סוף־כל־סוף אויך דערגאַנגען צום זיידן: ביי די דובנאָווס וואַקסט אַן אַפּיקורס, וואָס לייענט טריף־פּסולען. שמעון האָט זיך דערפון נישט אָפּגעשראָקן, פאַרקערט, ער האָט אָנגעשריבן אַ שאַרפן פּאַמפלעט קעגן די „פאַנאַטיקער, וואָס ציטערן פאַר דער שיין פון דער ליכטיקער השכלה״. דער פּאַמפלעט איז דורך זיינע חברים, ליבהאָבער פון לשון־קודשדיקער מליצה, געוואָרן איבערגעשריבן און פאַרשפּרייט. אַזוי אַרום איז דער יונ־גער ישיבה־בחור געוואָרן באַרימט אין שטעטל אַלס טאַלענטירטער אָבער געפערלעכער פּאַמפלעטיסט.

עס האָבן זיך שוין געפונען אונטערטראָגערס, וואָס האָבן גע־וואָרנט דעם זיידן ר׳ בן־ציון, אַז פון די לשון־קודשדיקע ביכלעך וועט דער יונגער אַפּיקורס איבערגיין צו נאָך שעדלעכערע ביכער. זיי זענען נישט געווען אומגערעכט: שמעון האָט גיך דערפילט, אַז די השכלה־ליטעראַטור באַפרידיקט נישט זיין דאָרשט נאָך וויסן. דעם שמשס זון, וואָס האָט שוין געהאַט געענדיקט די אָרטיקע שטאָטישע שול („גאָראָדסקאָיע אוטשי־לישטשע״) האָט זיך אונטערגענומען צו לערנען מיט די ברידער דובנאָוו רוסיש און אַריפמעטיק. אין פרילינג 1874 האָט שמעון אָפּגעגעבן עקזאַמען אין דער מלוכהשער שול פאַר יידישע קינדער („קאַזיאָננאַיע יעווריעיסקאַיע אוטשילישטשע״). די מאַמע האָט מיט אַ שווער האַרץ שלום־געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז שמעון זאָל גיין אין אַ האַלב־גויישער שול. דער זיידע האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת נפש און ער האָט געפאָדערט, אַז שמעון זאָל כאָטש נישט אינגאַנצן אויפהערן צו לערנען גמרא. שמעון האָט זיך באַ־מיט נאָכצוקומען דעם פאַרלאַנג פון זיידן — פלעגט ער נאָך דער שול אויך באַזוכן דעם זיידנס שיעור אין דער ישיבה. אָבער וואָס ווייטער האָבן די אַרומיקע געפילט, אַז ער גייט אַלץ מער אַוועק פון דער טראַדיציאָ־נעלער יידישקייט, וואָס איז אין דער משפחה געווען איינגעפונדעוועט פון די פריערדיקע פרומע, גאָטספאָרכטיקע דורות.

אין דער נייער שול האָט זיך שמעון געלערנט מיט גרויס דערפאָלג.

אין משך פון דריי חדשים האָט ער דורכגעמאַכט אַ דריי־יאָריקן קורס און איז אַריבער אין לעצטן קלאַס. קיין ארויסלאָז־אַטעסטאַט האָט ער אָבער נישט געהאַט דאַס גליק צו באַקומען: פּלוצים זײַנען די יידישע „קאַזיאָננע״ שולן פאַרמאַכט געוואָרן, לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג. פאַר שמעונען איז דאָס געווען אַ שווערער קלאַפּ. זיין דעמאָלדיקע מרה־שחורהדיקע שטימונגען האָט ער געבראַכט צום אויסדרוק אין זיין קינדער־שער אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער האָט פּייערלעך אַ נאָמען־געגעבן „די געשיכטע פון מיין יוגנט״. דער יונגער מחבר מעדיטירט דאָרט וועגן לעבן און טויט, ער באַקלאָגט זיך אויף דער אַרומיקער סביבה, וואָס רודפט אים דערפאַר, וואָס ער שטרעבט צו פאַרייניקן רעליגיע מיט וויסנשאַפט. „...מ׳רופט מיך אַפּיקורס — שרייבט ער — אוי רבונו־של־עולם! דו, וואָס דו קענסט די הערצער פון מענטשן, דו ווייסט דאָך, אַז איך בין געטריי צו דיין אמונה, אַז די קנאים האָבן אויף מיר אויסגעטראַכט אַ בילבול, ווייל זיי זענען אין כעס אויף מיר דערפאַר, וואָס איך גיי אויפן וועג פון דער השכלה און נישט אויף זייערע וועגן פון אומוויסן״. אין אַ טראַגישן טאָן באַשרייבט ער דאָס פאַרמאַכן פון דער שול. און צום סוף דריקט ער אויס זיין איבערצייגונג, אַז „פאַרשעמט וועלן ווערן די טפשים און מיט חרפה וועלן באַדעקט ווערן די פאַלשע נביאים, ווייל די השכלה וועט אויפקיניגן אין אונזער שטאָט״.

פון דער „קאַזיאָננע אוטשילישטשע״ האָט שמעון אַרויסגעטראָגן אַ גאַנץ קנאַפּע בילדונג, זי האָט אים אָבער געהאָלפן צו באַהערשן די רוסישע שפּראַך און אים געגעבן אַ שליסל צו דער רייכער רוסישער ליטעראַטור. דורך אַ צופאַל האָט ער באַקומען אַ צוטריט צו אַ רוסישער ביכער־זאַמלונג, פּונקט ווי פריער צו דער זאַמלונג פון השכלה־ליטעראַטור: ער האָט נעמלעך באַקומען די מעגלעכקייט צו גניסן פון דער קליינער רוסישער ביבליאָטעק, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון אַ גרופּע פּראָגרעסיווע יוגנטלעכע. מיט גרויס התמדה האָט זיך שמעון אַ נעם געטאָן צו לייענען די ווערק פון די רוסישע קלאַסיקער, די אַרטיקלען אין די גרויסע פּראָגרעסיווע רוסישע זשורנאַלן, די ווערק פון היינע און בערנע אין רוסישער איבערזעצונג.

קוים באַהערשט די רוסישע שפּראַך, האָט שמעון דובנאָוו זיך גענומען לערנען פראַנצויזיש, מיט דער הילף פון אַ זעלבסטלערער. איז טאָקע דער טאָג געווען פאַר אים צו קליין און ער פלעגט אַרבעטן דורך די נעכט. אַזאַ כאַאָטיש גייסטיקע אָנשטרענגונג, דאָס נישט דערשלאָפן אין די נעכט האָט סוף־כל־סוף אונטערגעגראָבן זיין, אַזוי אויך שוואַכן, געזונט־צושטאַנד: ער האָט אָנגעהויבן ליידן פון אַ שאַרפער בלוט־אָרימקייט באַגלייט מיט קאָפּ־ווייטיק און אָנפאַלן פון קאָפּ־שווינדל. דער אַלטער דאָקטאָר, וואָס

האָט געהיילט די קראַנקע מוטער, פלעגט אַן אומצופרידענער שאָקלען מיטן קאָפּ, אָנקוקנדיק דעם בלייכן, קרענקלעכן און אויסגעמאָגערטן בחור און ער האָט דערביי געמורמלט: וואָלסט ווינציקער געלייענט, וואָלסטו געווען געזונט.

דאָס אויפפירן זיך פון אייניקל האָט זייער באַאומרואיקט דעם זיידן ר׳ בן־ציון, ער האָט געפילט, אַז צווישן זיי איז אויסגעוואַקסן אַ וואַנט. שמעון האָט אינגאַנצן פאַרוואָרפן די גמרא, אין בית־מדרש פלעגט ער קומען אַלץ זעלטענער, די אַרומיקע האָבן קרום געקוקט אויף זיין קורצן רעקל, אויף די אונטערגעשוירענע פאות; מיט אומצופרידנקייט פלעגן זיי צווישן זיך שמועסן וועגן זיינע התנהגותן, וואָס ער שאָקלט זיך נישט בשעתן דאַווענען, אַז ער דאַוונט אָן כוונה. דעם זיידן פלעגט אָפט אויסקומען צו הערן די טענות פון די פרומע שכנים, אויך די מאַמע האָט זיך פאַר אים פאַרקלאָגט: זי האָט מורא געהאַט, אַז אויף יענער־וועלט וועט איר זון באַשטראָפט ווערן פאַר זיין אַפּיקורסות.

ר׳ בן־ציון האָט אַרויסגערופן צו זיך שמעונען. שפּאַנענדיק אַן אויפ־געראַגטער איבערן צימער, הין און צוריק, האָט ער אים געמוסרט, וואָס ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין די „ספרים חיצונים", וואָס פירן אַראָפּ פון דרך־הישר, וואָס איז יידן אָנגעוויזן געוואָרן אין דער תורה און אין תלמוד. שמעונס אָפּענטפערן האָט דעם אַלטן נאָך מער אויפגערעגט און ער האָט געדראָאַט, אַז ער וועט ביי אים צונעמען און פאַרניכטן די טריף־פסולס, די שעדלעכע ביכלעך.

די פרוּוון צוריק אַרויפצופירן שמעונען אויפן דרך־הישר האָבן זיך נישט איינגעגעבן. אינגיכן זענען די עלטערן געוואָר געוואָרן פון אַ נייער צרה: שמעון און וואָלף האָבן געמאָלדן, אַז זיי האָבן בדעה אַריינצו־טרעטן אין דער אָרטיקער קרייז־שול („אויעזדנאַיע אוטשילישטשע") וווּ עס פלעגן זיך בעיקר לערנען קינדער פון די אַרומיקע רוסישע און פּוי־לישע גוטבאַזיצער. אין די 70־ער יאָרן האָבן אין די דאָזיקע שולן זיך אויך אָנגעהויבן באַווייזן קינדער פון פאַרמעגלעכע יידישע משפחות; דאָס ענדיקן אַזאַ שול איז דעמאָלט געווען אַ סגולה צו אַ קירצערן מיליטער־דינסט.

מיט אַ שווער געמיט האָט דער טאַטע באַשלאָסן זיך נישט קעגנ־שטעלן דעם פאַרלאַנג פון זיינע זין. ווי נישט איז — איז דאָך די שול בעסער פון דער קאַזאַרמע. די ברידער דובנאָוו האָבן באַלייגט די איינ־טריטס־עקזאַמענעס מיט אַ גלענצנדיקן רעזולטאַט און האָבן זיך טאַקע אינגיכן אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט אין זייער קלאַס. שמעון האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אויפן לימוד פון רוסיש און געשיכטע, וואָלף — אויף מאַטעמאַטיק. זיי איז דאָס אָנגעקומען גרינג: דער גייסטיקער

גיוואָ סיי פון די שילער, סיי פון די לערער איז נישט געווען קיין זייער הויכער. דאָס לערנען אין שול האָט ביי די ברידער נישט צוגענומען קיין סך צייט, עס איז זיי נאָך געבליבן גענוג צייט צו לייענען די רוסישע קלאַסיקער. מיט אַ באַזונדערער באַגייסטערונג פלעגט שמעון דעקלאַמירן לערמאָנטאָוון: דער פּאָעט, וואָס „זוכט שטורעם" איז געווען נעענטער זיין אומרואיקער נשמה, ווי דער האַרמאָנישער פּושקין, וואָס איז געוואָרן זיין באַליבטער דיכטער שפּעטער, אין די רייפע יאָרן. טורגעניעווס דער־ציילונגען האָבן אין דער נשמה פון געוועזענעם ישיבה־בחור דערוועקט אַ מאָדנע צערודערטקייט: דער יונגער פּרוש איז געווען פאַרליבט אין אַלע העלדינס פון די „פּריצישע נעסטן". דער עיקר, אָבער, האָט ער אין דער ליטעראַטור געזוכט דעם אמת, דעם זין פון לעבן, אַן ענטפער אויף דער פראַגע — ווי אַזוי צו לעבן.

באַזונדערס טייער זענען אים געווען די טענדענציעז־דידאַקטישע דערציילונגען פון די רוסישע און אייראָפּעאישע פּראָגרעסיווע שרייבער, וואָס האָבן געקעמפט קעגן קאָנסערוואַטיזם און קעגן צביעות, וואָס האָבן געשילדערט די גייסטיקע זוכענישן פון די בונטאַרישע נאַטורן. דער ליב־לינג פון דעם זעכצניאָריקן בחור איז געוואָרן בערנע. „...צום ערשטן מאָל האָב איך דערהערט די שטים פון פּראָטעסט קעגן דעספּאָטיזם... — דער־מאָנט דובנאָוו מיט יאָרן שפּעטער — צום ערשטן מאָל האָב איך דער־פילט דעם צויבער פון רעוואָלוציאָנערן גייסט; באַזונדערס בין איך גע־ווען באַגייסטערט פון בערנעס קאַמף פאַר פרייהייט פון געדאַנק, אַ קאַמף, וואָס איז מיר געווען נאָענט פון אייגענער דערפאַרונג". דער יונגער אמת־זוכער האָט זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן און האָט אַריינגעשריבן אין זיין כיום־ארבעט אַ ציטאַט פון ראַדיקאַלן דייטשן פּובליציסט. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער געקריגן אַן ערגערע מיינונג, ווי ס'איז אים געקומען, און דער דירעקטאָר פון דער שול האָט אים נאָך געמאַכט אַ פאָרוווּרף פאַר לייענען „נישט פּאַסיקע" ביכער.

בעת ער האָט נאָך געלערנט אין דער „אויעזדנאָיע אוטשילישטשע", האָט שמעון געמאַכט דעם ערשטן פּרווו צו דרוקן זיך. ער האָט אַוועק־געשיקט אין דער וואַרשעווער העברעאישער וואָכנצייטונג „הצפירה" אַן אַנאָנימע קאָרעספּאָנדענץ, אין וועלכער ער איז אַרויסגעטרעטן פאַר רע־פאָרמירן דעם חדר, און אַז די מלמדים זאָלן מוזן האָבן אַלגעמיינע ביל־דונג. מיט האַרצקלאַפּעניש האָט ער געוואַרט אויף אַן ענטפער פון דער רעדאַקציע. קיין ענטפער איז נישט געקומען. דער גורל האָט געוואָלט, אַז שמעון דובנאָווס ערשטער ליטעראַרישער דעביוט זאָל צושטאַנד קו־מען ערשט אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין דער ייִדיש־רוסישער זשורנאַליסטיק.

נאכן ענדיקן די שול, אין יוני 1877, האט זיך פאר שמעונען גע־שטעלט מיט דער גאנצער שארפקייט די פראגע: וואס ווייטער? אין דעם פארוואָרפענעם שטעטל איז, פארשטייט זיך, נישט געווען קיין שום מעג־לעכקייט ווייטער צו לערנען „מ'מוז אוועקפארן, אוועקפארן"... פלעגט שמעון רעדן צו זיך אליין, שפאנענדיק איבער די הילצערנע טראטוארן פון מסטיס־לאוו און בויענדיק פארשידענע פלענער. נאך לאנגע וואקלענישן האט ער באשלאסן אריינצוטרעטן אין ווילנער ידישן לערער־אינסטיטוט. דער פא־טער איז נישט געווען קעגן — ער האט שוין לאנג געהאט אויפגעגעבן די האפנונג, אז זיין זון וועט זיין א למדן. דער לערער־אינסטיטוט האט פארזיכערט זיינע תלמידים מיט אויסהאלטונג אויף דער צייט פון לער־נען און מיט א שטיקל ברויט נאכן ענדיקן. ביי שמעונען אליין איז דאס הארץ געשפרונגען פון פרייד פון בלויז געדאנק, אז ער וועט לעבן אין ירושלים דליטא, אין ווילנע, דעם צענטער פון דער השכלה.

אין א זוניקן זומער־טאג איז פארן הויז פון די דובנאָווס פארפארן א גרויסע באלעגאלעשע בויד — א פרימיטיווער אומגעלומפערטער וואגן מיט א לייווענטענעם איבערדעק. ביי דער פורטקע איז געשטאנען די מא־מע און האט שווייגנדיק געווישט די טרערן מיט אן עק פון פארטעך. וואלף איז געשטאנען א שווייגנדיקער, מיט אן אראפגעלאזטן קאפ: נישט ער, נאר דער יונגערער ברודער איז געווען דער פיאנער, וואס לאזט זיך אין מרחקים... אז די בויד האט גערירט און זיך גענומען טרייסלען איבער די גריבער פון שטויביקן וועג, האט דער יונגער רייזנדער מיט בענקשאפט זיך אומגעקוקט צו די איינגעבויגענע הייזקעס, צו די גרינע גערטנער, וואס ער לאזט הינטער זיך.

עס האבן זיך אנגעהויבן די יארן פון וואנדערן.

קאַפּיטל פיר

# וואַנדערונגען

איבער די שטויביקע שלעבט־ברוקירטע גאַסן פון ירושלים־דליטע, האָט געשפּאַנט אַ נישט־הויכער דאַרער בחור, אָנגעטאָן אין אַן אויסגעריבן רעקל איבערגעניצעוועט פון טאַטנס אַ סערדעט. מיט אַן אומעטיקן בליק האָט ער באַטראַכט די אָפּגעריסענע אָרעמע קינדער, וואָס האָבן זיך געפּליוסקעט אין די קאַלוזשעס, די אַלטע הייזער מיט די פאַרשימלטע גאַנעקלעך. די צייטווייליקע דירה, וואָס ער האָט געדונגען לויט אַ רעקאָמענדאַציע פון זיינס אַ בן־עיר, איז געווען ווייט נישט קיין היימלעכע: דאָס נידעריקע פענצטערל פון זיין צימער איז אַרויסגעגאַנגען אויף אַ שמוציקן, פאַר־עיפּושטן הויף, געדיכט באַוווינט פון דער אָרעמקייט. שמעון איז אָבער ביי זיך נישט אַראָפּגעפאַלן: ער האָט געפילט, אַז ער שטייט אויף דער שוועל פון אַ ניי לעבן — אַ לעבן געווידמעט דער וויסנשאַפט.

עס איז אים אָבער, דאָס מאָל, נאָך נישט געווען באַשערט איבערצו־טרעטן די דאָזיקע שוועל. ער איז נישט געוואָרן אָנגענומען אין לערער־אינסטיטוט. אין זיין בריוו צום טאַטן שרייבט ער פאַטעטיש: „איך האָב זיך געלאָזט שווימען איבערן ים פון לעבן. אויפן מאַסטבוים פון שיף האָט געפלאַטערט די אויפשריפט: „האָפנונג". איך האָב אָבער די האָפ־נונג פאַרלוירן און מיט שרעק האָב איך זיך אומגעקוקט און דערזען, אַז מיין שיף גייט צום אָפּגרונט". באַקומענדיק דעם דאָזיקן דראַמאַטישן בריוו האָט דער טאַטע אים אַרויסגעשיקט געלט אויף הוצאות — אַהיימצוקומען.

און ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן ציען די גרויע טעג אין דער היים, ביי די עלטערן. די איינציקע דערגרייכונג פון דער ווילנער נסיעה איז געווען ליליענבלומס בוך „חטאת נעורים", וואָס ער האָט דאָרט געקראָגן. שמעון האָט עס געלייענט מיט נשמה־ציטער. דאָס איז געווען די אויטאָביאָגראַפיע פון אַ משכיל, וואָס האָט אין זיין פאַרוואָרפן שטעטל געפירט אַ קאַמף מיט די פאַנאַטיקער און איז דערנאָך אַוועק אין אַ גרויסער שטאָט כדי זיך אָנצושליסן אין דער השכלה־באַוועגונג. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די יוגנט, וואָס ער האָט דאָרט געטראָפן, האָט שוין אָנגעהויבן פאַר־

לאָזן די מטושטשדיקע השכלה־אידעאַלן; די יוגנט איז שוין דאַן געווען באַאיינפלוסט פון פיסאַרעוון און אַנדערע פּראָגרעסיווע רוסישע דענקער, וואָס האָבן פּראָפּאַגאַנדירט די אידייען פון רעאַליזם און פּאָזיטיוויזם. אין „המאת־נעורים" האָט שמעון דערהערט אָפּקלאַנגען פון זיינע אייגענע אי־בערלעבונגען.

דער זיידע און די עלטערן האָבן אין שמעונס דורכפאַל געזען אַן אצבע־אלוקים. שמעון אָבער איז נישט געווען פון די, וואָס גיבן זיך לייכט אונטער, עס איז ביי אים אַנטשטאַנען אַ נייער פּלאַן: אַריינצוטרעטן אין רעאַל־גימנאַזיע (אַ גימנאַזיע אין וועלכער מ'לערנט נישט די קלאַסישע שפּראַכן גריכיש און לאַטיין) און דערנאָך אָנקומען אין אוניווערזיטעט. אַזאַ גימנאַזיע איז געווען אין דער נאָענטער קרייז־שטאָט דווינסק. אהין האָבן עס די ברידער באַשלאָסן צו פאָרן. זיי האָט צוגעגעבן מוט דער ביישפּיל פון משה מענדעלסאָן וואָס האָט צופוס זיך אַוועקגעלאָזט קיין בערלין לערנען.

דאָס לעבן אין דווינסק איז געווען שווערער נאָך ווי אין ווילנע, עס איז אויסגעקומען צו וווינען אין אַן ענגן, אומבאַהייצטן צימערל, אָפטמאָל איז אויסגעקומען אונטערצוהונגערן, מ'האָט געדאַרפט אַ סך לערנען, מ'האָט געדאַרפט זיצן ביז שפּעט ביינאַכט איבער די לערנביכער ביים טונקעלן שיין פון אַ נאַפט־לעמפּל. די געלט־שטיצע פון טאַטן פלעגט קומען נישט רעגולער. „ס'איז שוין מער פון אַנדערהאַלבן חדשים — שרייבט שמעון אין זיין טאָג־בוך דעם 9־טן יאַנואַר 1878 — אַז איך האָב אויפגעהערט צו עסן פלייש און דערנער זיך בלויז מיט ברויט מיט הערינג און טיי". די בחורים פלעגן איינקויפן ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך און עס צעשניידן אויף 7 גלייכע חלקים כדי נישט איבערצושרייטן די טעגלעכע נאָרמע. פון כסדרדיקן נישט דערעסן איז שמעון געוואָרן אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער פלעגט מוזן איבעררייסן דאָס לערנען און שעהן־לאַנג אָפּליגן אויף דער קאַנאַפּע.

ווי שטענדיק, האָבן די ביכער געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָל אין זיין לעבן. אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט דעפּינגס „גע־שיכטע פון יידן אין מיטלאַלטער". נאָכן איבערלייענען דאָס בוך פאַר־שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך: „נישט געקוקט דערויף, וואָס איך... קען דאָ נישט געפינען קיין מיטגעפיל פאַר מיין צוגעבונדנקייט צום יידישן פאָלק... דאָך ווערט אין מיר אַלץ שטאַרקער די ליבשאַפט צו יידן, וואָס אונדזער יוגנט וואַרפט אָפּ, ווי אַ מינדערוויכטיקע זאַך". אָבער דאָס איז בלויז געווען אַ ציטווייליקע שטימונג, זיין געדאַנקען־גאַנג ווערט אַלץ מער אַריינגעצויגן אין קאָסמאָפּאָליטישן שטראָם. באַזונדערס האָט דערצו ביי־געווירקט באָקלס „געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד". פאַר

שמועלען איז דאָס דאָזיקע בוך געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג: צום ערשטן מאָל האָט דער יונגער דובנאָוו דערזען פאַר זיך די שטרענגע געזעצמעסיקייט פון היסטאָרישע דערשיינונגען — די צוזאַמענווירקונג פון די געזעצן פון נאַטור און גייסט אין אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער ציוויליזאַציע. ער איז געווען איבעראַשט פון באָקלס געדאַנק וועגן איבערוואָג פון די שכלדיקע פאַקטאָרן איבער די מאָראַלישע אין דער דינאַמיק פון דער געשיכטע. די קאָסמאָפּאָליטישע טענדענצן פון באָקלס ווערק האָבן דעם געוועזענעם ישיבה־בחור אי געשראָקן אי געלאָקט: „דער דאָזיקער גרויסער פרייַדענקער גראָבט אונטער יעדער מין נאַציאָנאַל געפיל" — איז ער זיך, מודה אין זיין טאָג־בוך.

אין די באַדינגונגען פון הונגער, קעלט און איינזאַמקייט איז דאָס גרייטן זיך צו די עקזאַמענס געגאַנגען שווערלעך; ליגנדיק אויף דער האַרטער קאַנאַפּע, פלעגט שמעון דעקלאַמירן אומעטיקע לידער וועגן פריציי־טיקן טויט; דער באָקלשער ראַציאָנאַליזם האָט נישט באַוויזן צו דערשלאָגן אין אים די ליבע צו פּאָעזיע. באַלד האָט זיך אויך דער דווינסקער פּעריאָד איבערגעריסן, פּונקט אַזוי פּלוצלינג ווי דער ווילנער: די פאַרעקשנטע פּיאָנערן האָבן געמוזט קאַפּיטולירן פאַר דער פיזישער שוואַכקייט. פולשטענדיק אויסגעשעפּט פון הונגער, האָבן די אויטאָדידאַקטן באַשלאָסן אויף אַ שטיקל צייט צוריקצופאָרן אַהיים און ערשט דערנאָך זיך ווידער נעמען גרייטן צו די עקזאַמענעס, אָבער שוין נישט אין דווינסק נאָר אין מאָהילעוו, אין דער שכנותדיקער גובערניע־שטאָט, ווו זיי האָבן גערעכנט צו באַקומען אַ געוויסע הילף מצד זייערע קרובים און באַקאַנטע.

די מסטיסלאַווער יוגנט האָט מיט דרך־ארץ געקוקט אויף די פרייוויליקע „מאַרטירער פון דער השכלה". די נייע שטראָמען האָבן שוין דאַן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך. אין מסטיסלאַוול האָט שוין דעמאָלט עקזיסטירט אַ זעלבסטבילדונגס־קרייזל, צו וועלכן עס האָבן געהערט בחורים און מיידלעך פון די פאַרמעגלעכע משפחות. אין צענטער פון זייער טעטיקייט איז געשטאַנען די זעלביקע ביבליאָטעק, פון וועלכער שמעון האָט אַמאָל גענומען צום לייענען די ערשטע רוסישע ביכער. איצט איז די ביבליאָטעק שוין געווען אַ סך אַ גרעסערע; זי האָט זיך געפונען אין הויז פון דעם סוחר חיים פריידלין. זיינע טעכטער, די יונגע מיידלעך אידע און פאַניע, האָבן אָנגעפירט מיט איר.

פון דער איינציקער פאָטאָגראַפיע פון אידע פריידלין, וואָס איז פאַרבליבן פון יענער צייט, קוקן אויף אונדז, ווי פאַרטראַכט און פאַרוואונדערט, מילדע העל־ברוינע אויגן. די בלאָנדע האָר גלאַט פאַרקעמט, דאָס פּנים צאַרט און שטרענג, צניעותדיק צונויפגעפּרעסט די דינע



מאיר יעקב — דער פֿאָטער פֿון שמעון דובנאָוו

ליפּן. א רואיקע, אין זיך אַליין פאַרבאָרגענע שיינקייט, וואָס וואַרפט זיך ניט אין די אויגן.

דאָס מיידל, וואָס האָט אין אַ פּאָר יאָר אַרום פאַרבונדן איר לעבן מיטן גורל פון אַ וואַנדערער, טרוימער און בונטאַר, איז אויסגעוואַקסן אין אַ געמיטלעכער, באַלעבאַטישער היים. איר מוטער מערע (מרים) פריידלין האָט נאָך אויף די עלטערע יאָרן אויפגעהיט שטריכן פון אַ זעלטענער, אויסערגעוויינלעכער שיינקייט. אין שטעטל פלעגט מען דערציילן, אַז ווען מערע איז אַלט געווען 16 יאָר האָט זיך אין דעם שלאַנקן, בלוי־אויגיקן יידישן מיידל מיט די צוויי גאָלדענע צעפּ פאַרליבט אַ פּוילישער פּריץ פון נעבן מסטיסלאַוול. די פאַרליבטע פלעגן זיך טרעפן אין געהיים און זיך שרייבן ליבע־בריוולעך; די בריוו פלעגן זיי אַריינלייגן אין אַן אַלטן, אויסגעהוילטן דעמב. ווען מ'איז געוואָר געוואָרן פון זייער ליבע, האָבן די איבערגעשראָקענע עלטערן אינדערגיך חתונה געמאַכט דאָס יונגע מיידל פאַר אַן עלטערן יידן, אַ פאַרמעגלעכן חסיד. נאָך זיין טויט האָט מערע צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט מיטן סאָלידן סוחר חיים פריידלין. די טעכטער פון צווייטן מאַן האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. אין אירע עלטערע יאָרן איז מערע פריידלין געווען הערשעריש, מאַיעסטאַטיש; מיט אַ שטאַרקער האַנט האָט זי געפירט די שטוב און האָט אויך אַרוים־געהאָלפן דעם מאַן אין די געשעפטן. די שיינע טעכטער מיט די העל־בלאָנדע האָר זענען ענלעך געווען איינע צו דער צווייטער, די ענלעכקייט איז אָבער נאָר געווען אַן אויסערלעכע: די יונגערע, פאַניע, איז געווען אַ פריילעך, קאָקעטיש און צעבאַלעוועט מיידל, אידע, די עלטערע, — אַ פאַרטראַכטע, אַן ערנסטע, אַ שווייגעדיקע. אין איר כאַראַקטער איז געווען עפּעס פּוריטאַנישעס. און דער דאָזיקער שטריך איז אין איר פאַר־בליבן אויף שטענדיק.

נאָכן צוריקקומען פון דווינסק זענען די ברידער דובנאָוו אַריינגעטרעטן אין קרייזל ביי דער ביבליאָטעק. די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט די שוועסטער פריידלין איז פאָרגעקומען אין אַ לבנהדיקן ווינטער־אָוונט אויפן בולוואַר־פּלאַץ. אין דער שטילקייט פון די פאַרשלאָפענע געסלעך האָבן אָפּגעהילכט די שטימען פון די בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געשמועסט וועגן ביכער און וועגן זייערע ווייטערדיקע פּלענער. עס איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען שמעון האָט באַגלייט אַ היים זיינע נייע באַקאַנטע. פון די טרעפּלעך פון פאַרשנייטן גאַניקל האָבן אויף אים שעמעוודיק אַ קוק געטאָן אַ פּאָר ברוינע אויגן און מיט אַ צאַרטער שטימע האָט אים אידע אַ זאָג געטאָן: „לאָמיר זיין באַקאַנט, קומט אַמאָל אַריין צו אונדז”. די שווערע טיר האָט זיך הילכיק צוגעמאַכט. שפּאַנענדיק צוריק, איבער די בערגלעך שניי, האָט שמעון פּלוצים דערפילט אַ צופלוס

פון מונטערקייט; עפּעס נייעס, ליכטיקס איז אַריין אין זיין איינזאַם שווער־לעבן.

די אומגעריכטע וואַקאַציעס אין היימישן שטעטל זענען, ווי תמיד, געוואָרן אויסגענוצט אויף לייענען. נאָך דעם, ווי שמעון האָט שוין געהאַט געלייענט באָקלען, איז ער געווען מסוגל אויפצונעמען די ראַציאָ־נאַליסטישע אידייען פון 18־טן י"ה. די הנחה, אַז נאָך אַן „עפּאָכע פון גלויבן" מוז נאָכקומען אַן „עפּאָכע פון ראַציאָנאַליזם", איז פאַרן יונגן אמת־זוכער געוואָרן דער יסוד פון זיין וועלט־באַנעם. ער אַליין האָט דאָך אי־בערגעלעבט אַזאַ איבערגאַנג: פון קינדערשער אמונה צום גלויבן אין דער אַבסאָלוטער מאַכט פון שכל. אַ געוויסע ראָל ביים אויספאָרמירן שמעונס וועלט־אַנשויאונג האָט אויך געשפּילט די יענצייטיקע ראַדיקאַלע רוסישע ליטעראַ־טור־קריטיק, וואָס האָט פאַרבונדן פילאָסאָפישע פראַגן מיט געזעלשאַפט־לעך־סאָציאַלע פּראָבלעמען.

די דאָזיקע פּראָבלעמען זענען אין די 70־ער יאָרן געוואָרן אַלץ ברע־נענדיקער. אין דער רוסישער געזעלשאַפט האָט דאַן אַלץ געברויזט; די רוסישע יוגנט, קינדער פון דער אַריסטאָקראַטיע און פון דער אינטעלי־גענץ, האָט זיך מאַסנווייז געלאָזט „גיין אין פאָלק". אין 1876 איז אויפגע־קומען די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע „זיעמליא אי וואָליא" („ערד און פרייהייט"). דער פּראָצעס פון וויערא זאַסוליטש, וואָס האָט געשאָסן דעם פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק טרעפּאָוו, האָט אויפגערודערט די מוחות; שמעון פלעגט שלינגען די נייעס פון די צייטונגען און אַפּאָזיציאָ־נעלע זשורנאַלן; אָבער צו פּאָליטישער אַקטיוויקייט האָט אים נישט גע־צויגן. אין דער צייט, ווען פאַר דער רוסישער, באַזונדערס פאַר דער פרײ־צישער יוגנט, וואָס האָט געהאַט אַ צוטריט צו אַלע אוצרות פון דער קולטור, איז דאָס איבעררייסן מיט דעם אָרום געווען אַ פּראָטעסט קעגן דער סאָציאַלער אומגלייכקייט, האָבן די יידישע בונטאַרן, וואָס האָבן גע־שטאַמט פון פאָלק, געפירט דעם קאַמף מיט זייער סביבה אין נאָמען פון פרייהייט פאַרן יחיד. זייער בונט האָט געטראָגן אַ ריין־אינדיווידואַליס־טישן כאַראַקטער. די יונגע יידישע אַפּיקורסים זענען געווען אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון דער ראַדיקאַלער רוסישער ליטעראַטור, זיי האָבן פון איר גענומען נאָר דאָס, וואָס איז זיי געווען באַזונדערס נאָענט: — דער קולט פאַר דער „קריטיש־דענקענדיקער פּערזענלעכקייט", וואָס עס האָט געפּרעדיקט פּיסאַרעוו, האָט אויף זיי געמאַכט אַ סך אַ גרעסערן איינ־דרוק ווי דער אַלטרואיזם פון די „נאַראָדניקעס", וואָס האָבן געברענט פון דעם באַגער צו העלפן דעם אָרעמען פּויער. דער דור יידישע משכילים פון די 70־ער יאָרן האָט אַרויסגעגעבן ווייניק אַקטיווע רעוואָלוציאָנערן. אין דער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־באַוועגונג — רוסישער און יידישער — האָט

זיך אַריינגעוואָרפן ערשט דער שפּעטערדיקער דור יידישע בונטאָרן. שמעון דובנאָוו איז געווען אַ געטרייער זון פון זיין עפּאָכע — די עפּאָכע פון אינדיווידואַליסטיש־ראַציאָנאַליסטישן אַרט דענקען.

פון מאָהילעוו, וווהין ער איז געפאָרן צו באַנייען זיין פּרוּוו אָפּצוגעבן די עקזאַמענעס, פלעגן איצט אָנקומען לאַנגע בריוו צו זיינע נייע פריינד — די שוועסטער פריידלין. די בריוו פון דעם 18־יאָריקן בחור צו די חנוודיקע, לעבנסלוסטיקע מיידלעך האָבן נישט אַנטהאַלטן, כמעט, קיין שום אינטימעס: זייער אינהאַלט — אַ גענויער אַנאַליז פון די געלייענטע ביכער און אַ פּרוּוו פון אַן אייגענעם אינטעלעקטועלן זעלבסט־אַנאַליז. אויף זיינע פריערדיקע אידייען, אויף דעם „בלינדן פּאַטריאָטיזם" פון די ציטן פון ירושלים דליטא, קוקט איצט דער מחבר פון די בריוו ווי אויף דערשיינונגען פון גייסטיקער אומרייפקייט. זיין נייע ליידנשאַפט איז — נאַטור־וויסנשאַפט. אין אַ קורצן אַרטיקל, וואָס האָט געטראָגן דעם קלינגענדיקן נאָמען „מיין פילאָסאָפיע" אַנטוויקלט ער דעם געדאַנק, אַז אַ „קריטיש־דענקענדיקער מענטש" דאַרף, כדי זיך אויסאַרבעטן אַ גאַנצע וועלט־אָנשויאונג, שטודירן די פאָלגנדיקע דריי וויסנשאַפטלעכע ציקלען: וועלט, ערד און מענטש. מען דאַרף, הייסט עס, ווערן אַן ענציקלאָפּעדיסט. פאַר די קליינשטעטלדיקע מיידלעך פון אַ באַלעבאַטישער סביבה זענען די דאָזיקע געדאַנקען געווען אַן אַנטפּלעקונג, און דער יונגער פּראָפּאַגאַנדיסט פון ענציקלאָפּעדיזם — שיר נישט אַ נביא. באַזונדערס האָט זיך מיט די נייע אידייען פאַראינטערעסירט די מער ערנסטע אידע: עס קומט ביי איר אויף אַ פּלאַן צו אַנטלויפן פון דער היים כדי אָנצוקומען אין אוניווערזיטעט. דער דאָזיקער געדאַנק באַהערשט איר אינגאַנצן. די ברידער דובנאָוו זענען, זעלבסטפאַרשטענדלעך, גרייט מיט אַלע כוחות צו העלפן דורכצופירן אָט דעם דרייסטן שריט.

דערוויַיל איז שמעון שטאַרק אַריינגעטאָן אין לערנען. לאַנגע שעהן נאָכאַנאַנד חזרט ער איין די נודנע תורה פון די לערנביכער. באַזונדערס האָט אים פאַרמאַטערט דער לימוד פון מאַטעמאַטיק, וואָס איז אים נישט געקראָכן אין קאָפּ. כדי זיך אַ ביסל צעשטרייען, פלעגט ער לייענען קינסטלערישע ליטעראַטור — שילערס דראַמאַטישע ווערק אָדער טורגעניעווס „נאָוו" — אַ ראָמאַן וועגן דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, וואָס „גייט אין פאָלק". דאָס לעבן אָבער קלאַפּט עקשנותדיק אין טיר אויך אין אָפּגעזונדערטן שטיבל פון אויטאָדידאַקט — דורך די דינינקע, געהיימע פּראָקלאַמאַציעס וואָס אַ סטודענט, אַ צופעליקער גאַסט, לאָזט איבער, דורך די אומרואיקע ידיעות וועגן דרייסטע טעראָריסטישע אַקטן... פון צייט צו צייט באַזוכט שמעון סטודענטישע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכער מ'דעבאַטירט און מען זינגט צוזאַמען פאַרבאָטענע לידער, אָבער זיין אייגענ־

שטעלטער, נזירישער אַרט לעבן ווערט דערפון נישט געענדערט: ער איז פעסט אין זיין באַשלוס, נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען און שוועריקייטן, זיך דערשלאָגן צום קוואַל פון וויסן — צום אוניווערזיטעט.

אין מאַי 1879 האָט זיך שמעון געמאָלדן צום דירעקטאָר פון דער מאָהילעווער גימנאַזיע. דער דירעקטאָר — אַ טיפּיש־פּראָווינציעלער ביוראָקראַט — איז געווען אויפגעבראַכט דערפון, וואָס דער יידישער עקסטערן האָט די העזה צו ווערן האַלטן עקזאַמען אָן גריכיש און לאַטיין. די טענה, אַז ער האָט נישט שטודירט די קלאַסישע שפּראַכן, ווייל ער האָט בדעה אָנצוקומען אויפן נאַטורוויסנשאַפטלעכן פאַקולטעט, האָט דעם דירעקטאָר גאָר אַרויסגעבראַכט פון די כלים. ער האָט מיט שנאה אָנגעקוקט דעם בלייכן „עקסטערן” מיט די פאַרעקשנטע געזיכטס־שטריכן: פאַר אים איז געשטאַנען אַ יידישער פריידענקער, וואָס האָט זיך זיכער אָנגעלייענט מיט פּיסאַרעוון און האָט אַ פולן קאָפּ מיט שעדלעכע בונטאַרישע אידייען. האָט ער געהאַלטן פאַר זיין פּאַטריאָטישן חוב, אַלס געטרייער צאַרישער דינער, צו פאַרשפּאַרן דעם וועג צו דער וויסנשאַפט פאַר אָט דעם „בונטאָוושטשיק”. שמעון האָט נאָכן געשפּרעך מיטן דירעקטאָר פאַרשטאַנען, אַז פון דער מאָהילעווער גימנאַזיע וועט ער קיין אַטעסטאַט נישט באַקומען. האָט ער באַשלאָסן אָנצוהייבן לערנען גריכיש און לאַטיין און פּרוּוון דאָס מזל אין דעם נישט וויטן סמאָלענסק, וווּ, לויט מ׳האָט איבערגעגעבן, האָט מען געקענט האָפן אויך עפּעס צו פאַרדינען אויפן לעבן.

און ווידער האָט דער באַלעגאָלע אין זיין טרייסלענדיקער, פאַרשטויבטער בויד געפירט דעם שווייגנדיקן פּאַסאַזשיר מיט זיין שווערן, פול מיט ביכער־געפּאַקטן קויש. און ווידער אַן איינזאַם־נזיריש לעבן אין אַ פרעמדער שטאָט. אין סמאָלענסק האָט שמעון פאַרדינט 8 רובל אַ חודש פון לעקציעס. דערפון האָט ער 4 רובל געצאָלט פאַרן אָרעמען צימערל. פון צייט צו צייט פלעגט עפּעס צושיקן דער טאַטע, וואָס איז געווען באַזאָרגט דערפון, וואָס דער זון זיינער איז נעבעך נע־ונד, אָפּגעריסן פון דער אייגענער היים און סביבה.

אין די שטילע אָוונטן, נאָכן באַשיידענעם מאָלצייט פלעגט שמעון מיט באַגייסטערונג סקאַנדירן די העקזאַמעטרען פון די אַלטע קלאַסיקער; און ביז שפּעט אינדערנאַכט האָט מען אים געקענט זען, ווי ער זיצט ביים הינקענדיקן טישל, אַן איינגעבויגענער איבער די ביכער. דער גוף אָבער בונטעוועט זיך קעגן דער אומגעהויערער אָנשטרענגונג. דעם יונגנטלעכנס שטימונג וואַקלט זיך צווישן עקסטאַז און מעלאַנכאָליע. אין זיינע זיכרונות באַשרייבט ש. דובנאָוו די דאָזיקע מאָמענטן: „צייטנווייז פלעגט מיך באַפאַלן אַ מעלאַנכאָליע און מיר געשטערט אין דער אַרבעט. איך שפּאַן איבערן צימער און טראַכט: צוליב אַ געוויסן ציל אין לעבן ברענג איך אַ

קרבן דאָס לעבן גופא. א באַזונדער טיפן זין האָב איך אַריינגעלייגט אין לערמאָנטאָווס פערזן, וואָס כ'פלעג אָפט איבערחזרן:

„איך האָב נאָר פון איינעם א געדאַנק געקענט די מאַכט,
פון איינער, אָבער א פלאַמיקער, ליידנשאַפט,
זי האָט, ווי א וואָרעם, אין מיר געלעבט,
צעפרעסי די נשמה און זי פאַרברענט".

אַמאָל, אין [illegible]ר פריער יוגנט, ווען שמעון פלעגט איבערלעבן שווערע מינוטן האָט ער געפונען א דערלייכטערונג זאָגנדיק תהילים. איצט אָבער, ווען ער האָט שוין מער נישט געהאַט דעם קינדערשן גלויבן, פלעגט ער געפינען א טרייסט אין דער פּאָעזיע. און עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער וואָלט אַליין געקענט אָנשרייבן סטראָפן ענלעכע צו די, אין וועלכע דער רוסישער פּאָעט קאָלצאָוו באַקלאָגט זיך אויף זיין טרויעריקער יוגנט, אויף דעם פאַרמאַטערנדיקן קאַמף מיט דעם „בייזן מכשף — דעם גורל".

דאָס גרייטן זיך צו די עקזאַמענעס איז געוואָרן אַלץ שווערער: עס איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז צווישן זיינע ברייטע וויסנשאַפטלעך־פילאָסאָפישע פאַראינטערעסירונגען און די לאַנגווייליקע שול־לימודים איז פאַראַן א גאַנץ קנאַפּע שייכות. אין יענער צייט האָט זיך שמעון באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט 2 ביכער, וואָס זענען אַריין אין גרונט־קאַפּיטאַל פון זיין וועלט־אַנשויאונג: די פילאָסאָפיע פון פּאָזיטיוויזם לויט אָגיוסט קאָנט און דאָס בוך פון דזשאָן סטיוּאַרט מילל „וועגן פרייהייט". דאָס ערשטע בוך איז פאַר אים געווען וויכטיק דערמיט, וואָס עס האָט געגעבן א פאַרענדיקטע סיסטעם פון אידייען, וואָס פּרעטענדירן צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון רעליגיע און מעטאַפיזיק; און דער טראַקטאַט פון דעם ענגלישן פילאָסאָף מילל האָט אין קאָנדענסירטע, גלענצנדיק געטאַקטע פאָרמולירונגען אַרויסגעבראַכט די יעניקע פּרינציפּן פון דעם עקסטרעמען ראַציאָנאַליסטישן אינדיווידואַליזם, וואָס האָבן דעם אויטאָדידאַקט אויסגעזען צו זיין די מסקנא פון זיין אייגענער דערפאַרונג: דער פּראָטעסט קעגן דער טיראַניי פון דער אַרומיקער סביבה, וואָס איז פאַרן אַפּאָסטאָל פון ענגלישן ליבעראַליזם געווען די העכסטע דערגרייכונג פון גייסט, איז דאָך געווען דער לעבנס־יסוד פון יונגן פריידענקער.

שמעון האָט פאַר די שוועסטער פריידלין ברייט אַרומגערעדט דעם אינהאַלט פון די באַליבטע ביכער און ער פלעגט דערצו צוגעבן זיינע אייגענע קאָמענטאַרן. פון די מיידלעך פלעגן איצט אָנקומען אומעטיקע גרוסן. די עלטערן האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז וועגן העכערע בילדונג האָבן זיי גאָר נישט וואָס צו טראַכטן. צו חיים פריידלין אין שטוב האָבן שוין אָנגעהויבן צו גיין שדכנים; זיי האָבן אָנגעשלאָגן חתנים מיט אַלע

מעלות — לומדים און גבירים. די מוטער, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן דעם ראָמאַנטישן עפּיזאָד פון איר יוגנט, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן די פאַנטאַזיעס פון אירע טעכטער. פון אַ טראַדיציאָנעלער חתונה, לויטן אויסוואַל פון די עלטערן, און פון פאַרזונקען אין באַלעבאַטישן זומפּ האָט איצט געקענט ראַטעווען נאָר דאָס אַנטלויפן פון דער היים.

איינמאָל, אין אַ רעגנדיקן הארבסטיקן אָוונט האָט שמעון דער־הערט אַ פאָרזיכטיקן קלאַפּ אין דער טיר. דער פאַרווונדערטער בחור האָט פאַר זיך דערזען צוויי פרויען־געשטאַלטן, איינגעהילטע שיר נישט ביז צו די ברעמען. איבערשלאָגנדיק איינע די אַנדערע האָבן די מיידלעך אים דערציילט, ווי אַזוי זיי זענען אַנטלאָפן פון מסטיסלאַוו. געהאָלפן זיי אין דעם האָט זייערס אַ באַקאַנטער, אַ קיעווער גימנאַזיסט, וואָס איז געוואָרן פאַרשיקט אין דער פּראָווינץ־שטאָט אַלס אַ „פּאָליטיש־פאַרדעכטיקער". דער גימנאַזיסט האָט באַדינגען אַ פּויער ער זאָל אָפּפירן די שוועסטער קיין סמאָלענסק. אין דעם באַשטימטן אָוונט איז ער מיט זיי אַרויסגעגאַנגען, כלומרשט אויף אַ שפּאַציר און ער האָט זיי צוגעפירט צום פּויער.

אין דעם אָרעמען צימערל האָבן דריי יונגע מענטשן מיט באַגייס־טערונג אַרומגערעדט זייערע ווייטערדיקע פּלענער. די מיידלעך האָבן באַ־שלאָסן צו פאָרן קיין קיעוו און דאָרט זיך גרייטן אַריינטרעטן אין אוני־ווערסיטעט. געלט האָבן זיי געהאַט ווייניק. זאַכן פון שטוב האָט מען אויך נישט געקענט נעמען צופיל. אָבער די יוגנט איז געווען פאַרשיכורט מיט האָפענונגען און מיטן געפיל פון פרייהייט. די שוועסטער פריידלין זענען באַלד צומאָרגנס אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו, זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מען וועט זיי נאָכיאָגן. פון דאָרט פלעגן צו שמועונען אָנקומען לאַנגע בריוו. די מיידלעך האָבן זיך פלייסיק געלערנט, עס האָט זיך אָבער אינ־גיכן אַרויסגעוויזן, אַז די שוועסטער זענען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן; האָט שמעון זיי אַרויסגעשיקט זיין חודשלעכן פאַרדינסט, דערנאָך האָט אויך די מאַמע זיי צוגעשיקט הילף. אין צוויי חדשים אַרום האָט מען די מיידלעך געלאָזט וויסן, אַז זייער פאָטער איז געפערלעך קראַנק. אידע און פאַניע זענען תיכף אַהיים געפאָרן, אָבער דעם פאָטער האָבן זיי שוין ביים לעבן נישט געטראָפן.

אין גיכן האָט אויך שמעון זיך געמוזט צוריקקערן קיין מסטיס־לאַוול. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביים קיעווער גימנאַזיסט, וואָס האָט צוגעהאָלפן די שוועסטער פריידלין צו אַנטלויפן, האָט די פּאָליציי געמאַכט אַ רעוויזיע, און צווישן די פאַרשידענע פּאַפּירן האָט מען געפונען שמעונס בריוו מיטן סמאָלענסקער אַדרעס. עס איז דאָן געווען אַן אומרויקע צייט. שמעונס עלטערן האָבן מורא געהאַט, אַז זייער זון זאָל נישט אַריינפאַלן אין תפיסה אין אַ פרעמדער שטאָט און האָבן אים דעריבער געהייסן קו־

מען אהיים. גליך ווי ער איז אַ היימגעקומען איז ער אַרויסגערופן געוואָרן אויף אַ פאַרהער. די זשאַנדאַרמען האָבן אים אויסגעפרעגט צוליב וואָס ער האָט געוווינט אין סמאָלענסק און אים צורו־געלאָזט. אָבער זיין אַר־בעטס־פּלאַן איז שוין געווען צעשטערט, שמעון איז פאַרבליבן אין מסטיס־לאַוול אויף עטלעכע חדשים און ער האָט דערויף נישט חרטה געהאַט.

ער האָט זיך באַזעצט אונטער דער שטאָט, אין אַן אָפּגעזונדערט הויז, האָט זיך אַרומגערינגלט מיט ביכער און זיך ווידער פאַרטיפט אין שטודירן די פילאָסאָפיע פון פּאָזיטיוויזם און אין די ווערק פון מילן. ער פלעגט דערביי צונויפשטעלן קאָנספּעקטן און מאַכן זיינע פּירושים. מיט די שוועסטער פריידלין פלעגט ער זיך טרעפן יעדן טאָג און צוזאַמען מיט זיי אַרומרעדן דאָס געלייענטע. אין טאָג־בוך פון 1880 שרייבט ער: „מערץ, אַפּריל, מאַי אין דער היים. שטילע אַרבעטס־טעג אויף דער קוואַרטיר ביי ס... אין הויז. אַ ליכטיקער, שמייכלענדיקער הרויסן, אַרום — גרינס און בוימער — דאָס היילט מיין קרענקלעכע שטימונג. יאָ, טאַקע פאַראַן אַ Vis Medicatrix (אַ היילנדיקע קראַפט) אין דער נאַטור. העלע, זוניקע און פרישע פרימאָרגנס, טעג, פול מיט אומדערמידלעכער אַרבעט, אָוונטן וווּנדערלעך שטילע, ... דער שלאָף איז טיף און רויק — דאָס איז דאָס בילד פון מיין דעמאָלטיקן לעבן. און דאָ, נישט ווייט פון דיר — די, וועמענס שווערער גורל רופט אַרויס אַזוי פיל זיפצן... מיר האָבן צוזאַמען ניכטער געאַרבעט, אָבער די פאַרגליווערטקייט פון דער אַרומיקער סביבה האָט זיך געלאָזט פילן, ס'האָט זיך פאַרוואָלט צו די ברעגעס פון דער ניעווע, צום צענטער פון גייסטיקער אַנטוויקלונג".

אין יענער צייט האָט זיך שמעון געחברט מיט די ביידע שוועס־טער פריידלין. צוגלייך האָט זיי פאַרבונדן די געמיינזאַמקייט פון זייערע גייסטיקע פאַראינטערעסירונגען, דער דראַנג נאָך בילדונג און די אומצו־פרידנקייט מיט דער אַרומיקער סביבה. די פראַזע „מיר האָבן ניכטער גע־אַרבעט" שטרייכט אונטער — קען זיין בכיוון — דעם ריין־חברישן כאַ־ראַקטער פון זייערע באַציונגען. די יוגנט־בענקשאַפט, גענערט פון לייענען לירישע לידער, און די פאַרבאָרגענע טרוימען וועגן טורגעניעווס פרויען־טיפּן, זענען, אויף אַ ווײַלע, פאַרדרוקט אין שאָטן; דער יונגער פּאָזיטיוויסט האָט דעם גאַנצן ברען פון זיין נשמה אַריינגעטאָן אין לערנען, ער, „די קריטיש־דענקענדיקע פערזענלעכקייט", מוז פריער פאַר אַלץ „ניכטער אַר־בעטן". אים, דעם דאָזיקן פאַרערער פון קאָנטן און מילן, איז גאָר אויפן רעיון נישט געקומען, אַז ער חזרט איבער — ביי אַנדערע באַדינגונגען — דעם וועג פון זיינע אבות־אַסקעטן, פאַר וועלכע לערנען תורה איז געשטאַנען העכער פאַר אַלע אַנדערע מענטשלעכע באַדערפענישן.

## קאַפּיטל פינף

# אין פעטערבורג

שמעון דובנאָוו איז שוין אַלט אַן ערך 20 יאָר. ער האָט פאַר זיך אויסגעקעמפט פולע זעלבשטענדיקייט: די משפחה האָט, ענדלעך, איינגאַנצן אויפגעהערט זיך אַריינצומישן אין זיין לעבן. פון סמאָלענסק איז ער צו־ריקגעקומען מיטן פעסטן באַשלוס אַ סוף צו מאַכן צום נוצלאָזן און פאַר־מאַטערנדיקן אַרומוואַלגערן זיך איבער די שטעט פון תחום־המושב. אמת, סמאָלענסק און מאָהילעוו זענען גובערניע־שטעט, אָבער אויך דאָרטן קומט אוים צו לעבן נאָר מיט שוואַכע, פאַרשפּעטיקטע אָפּקלאַנגען פון דעם גרויס־שטאָטישן קולטור־לעבן. דעם יונגן אויטאָדידאַקט דריקט די איינזאַמקייט, ער הייבט אָן צו פאַרשטיין, אַז דער קאָנטאַקט מיט לעבעדיקע מענטשן איז נישט ווייניקער ווערט פון לייענען ביכער. און דאָ האָט וואָלף, וואָס האָט זיך באַזעצט אין פעטערבורג, אים גערופן אַהין, אין דער שטאָט פון שרייבער און געלערנטע, פון הויכשולן און רייכע ביבליאָטעקן.

אין אַ שיינעם זומערטאָג איז אויפן פעטערבורגער וואָקזאַל מיט רעש אַריינגעפאָרן דער צוג, וואָס קומט פון מערב. פון וואַגאָן דריטע קלאַס איז אויסגעשטיגן אַן אָרעם־געקליידעטער פּאַסאַזשיר מיט אַ געפלאָכטן קוישל, פעסט פאַרבונדן מיט שטריק. ער האָט זיך פאַרלוירן אַרומגעקוקט. אויפן פעראָן האָט אים אָפּגעוואַרט זיין עלטערער ברודער וואָלף. אַ צוע־פאָרענער פאַעטאָן, טראַסקענדיק מיט די רעדער איבער די שטיינער פון שאָסיי האָט געפירט די יונגעלייט לענג אויס דעם מוטנעם קאַנאַל, צום אָרבעטער קוואַרטאַל: די ברידער האָבן זיך באַזעצט אין דער פאָרשטאָט, ווו די פּאָליציי האָט נישט אַזוי שטרענג אַכטונג געגעבן אויף די יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין וווינרעכט (אין פעטערבורג האָבן, לויט די צאַרישע געזעצן, געמעגט וווינען נאָר יידן מיט אוניווערזיטעט־דיפּלאָמען, סוחרים פון דער ערשטער גילדע און האַנטווערקער). יעדן טאָג פלעגן די ברידער פאָרן אין צענטער שטאָט, אין דער גרויסער שטאָטישער ביבליאָ־טעק מיט דער „קאָנסע", ד. ה. מיט אַן אַלטמאָדישן, צווייגאָרנדיקן דיליזשאַנס געשלעפּט פון פערד. די שטודירנדיקע יוגנט פלעגט, געוויינלעך,

אַרויפקלעטערן אויפן צווייטן ביליקערן גאָרן; פון דער הויך האָט זיך
געעפנט אַ וווּנדערלעכע פּאַנאָראַמע פון דער שטאָט מיט אירע רוישיקע
פּראָספּעקטן, מיט דער שטאָלענער ברייטער סטענגע פון טייך. די ריזיקע
שטאָט האָט צעטומלט דעם קליינשטעטלדיקן בחור; שוין־לאַנג האָט ער
געקענט שפּאַצירן פאַרביי די פּאַלאַצן, וואָס האָבן געהיטן פינצטערע סו־
דות, אָדער לענג־אויס די שמאָלע קאַנאַלן אונטער הויקערדיקע בריקן.
לאַנג פלעגט ער אָפּשטיין פאַר דעם מאָנומענט פון פּעטער דעם גרויסן,
וואָס האָט אָנגעשפּאָרנט זיין בראָנזענעם פערד, כדי אַ שפּרונג צו טאָן
אין דער ווייט, אין רוסלאַנד, אין דער וועלט. ער פלעגט אויפמערקזאַם
זיך איינקוקן אין די פּנימער פון די פאַרבייגייער אויף דעם סיענאַ פּלאַץ,
וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פּודן, אָדער אויף דעם גראָען וואָזניע־
סענסקי־פּראָספּעקט און געוואַרט: אפשר וועט דאָ פאַרביילויפן ראַסקאָלני־
קאָוו אין אויסגעריבענעם מאַנטל, אָדער אפשר וועט פון צווישן המון זיך
באַווייזן דער איינגעהויקערטער גאָגאָלישער טשינאָווניק אין זיין אַלטמאָ־
דישן שינעל... די דאָזיקע פאַנטאַסטישע שטאָט, וואָס עקשנותדיקער
מענטשלעכער ווילן האָט אויפגעבויט אין מיטן פון זומפּן און געדיכטע
וועלדער, די דאָזיקע שטאָט, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט געשיכטע און לי־
טעראַטור, האָט געוועקט אומרו, האָט גערופן צו אָנגעשטרענגטער אַרבעט,
האָט געוועקט אומקלאָרע האָפענונגען. עס האָט געמונטערט דאָס געפיל, אַז
איבער די בלאָטיקע און גליטשיקע טראָטואַרן שפּרייזן טויזנטער „עקס־
טערנס", וואָס זענען זיך אַהער צונויפגעפאָרן פון אַלע עקן פון ריזיקן לאַנד,
און זיי אַלע איילן זיך אין די זעלבע ביליקע קיכן, ווו די ברידער דובנאָוו
שטייען לאַנג אין דער רייע נאָך אַ טעלער הייסע זופּ; און מיטן זעלבן
הייליקן ציטער באַטרעטן זיי מיט זייערע פאַרגעלטע גראָבע שטיוול דעם
טעפּיך איבער די ברייטע טרעפּ, וואָס פירן צום הויפּט־זאַל פון דער
שטאָטישער ביבליאָטעק. די דאָזיקע ביבליאָטעק מיט אירע אומענדלעך
לאַנגע פּאָליצעס אַרום די ווענט, מיט די געמיטלעכע גרינע לעמפּלעך אי־
בער די ברייטע טישן, מיט דער שטילקייט און אַטמאָספער פון אָנגע־
שטרענגטער אַרבעט, איז פאַר די יונגע דובנאָווס געוואָרן דאָס אמתע און
באַגערטע אָרט פאַר גייסטיקער אַרבעט.

באַלד נאָכן קומען קיין פּעטערבורג האָט ש. דובנאָוו זיך איבערציינגט,
אַז אין דער הויפּטשטאָט איז גרינגער צו שטילן דעם גייסטיקן הונגער,
איידער דעם פיזישן. קיין לעקציעס האָט ער נישט געקריגן און צו פיזישער
אַרבעט איז ער נישט געווען צוגעפּאַסט. אַ באַקאַנטער זיינער פון מאָהילעוו,
אַן ענערגישער יונגער זשורנאַליסט, מאַרקוס קאַגאַן, האָט אים געעצהט
צו זוכן אַרבעט אין די פּעטערבורגער רוסיש־יידישע וואָכנבלעטער. אָבער
דער געדאַנק וועגן מאַכן פון דער איידעלער ליטעראַרישער אַרבעט אַ קוואַל

פון פרנסה, האָט דעם יונגן ענטוזיאַסט אויסגעוויזן שיר נישט ווי אַ חי־לול־הקודש. ביסלעכווייז האָט ער אָבער שלום געמאַכט מיטן דאָזיקן גע־דאַנק. אין אַ בריוו צו זיינע פריינד פון יולי 1888, שרייבט ער: „ער (קאַגאַן) עצהט מיר, אַז אויב איך וועל נישט קריגן קיין לעקציעס, זאָל איך אַריינטרעטן אין קרייז פון דער שרייבער־משפּחה און אָנהייבן צו באַקומען האָנאָראַר. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַזאַ באַציונג צו דער ליטעראַטור שאָקירט מיין הויכע מיינונג וועגן איר, וועל איך צו זיך קיין טענות נישט האָבן פאַר פאַרשוועכן די קדושה מיט תכלית־געדאַנקען אויב מיין לאַגע וועט מיך צווינגען דאָס צו טאָן. פאַר אַ מענטשן איז פאַראַן נאָך עפּעס הייליקערס — דאָס איז פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט".

אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען ש. דובנאָוו האָט שוין אין גאַנצן פאַרלאָרן די האָפענונג צו קריגן לעקציעס, איז ער אַוועק אין רעדאַקציע פון „רוסקי־יעוורעי". דער רעדאַקטאָר, וועלנדיק אויספּרוּוון די ליטעראַ־רישע פעיקייטן פון אָנהייבער, האָט אים פאָרגעלייגט אָנצושרייבן אַ קאָ־רעספּאָנדענץ פון מסטיסלאַוו. די קאָרעספּאָנדענץ, אונטערגעשריבן מיט די איניציאַלן ס. ד., איז אינגיכן אָפּגעדרוקט געוואָרן: דאָרט האָט דער מחבר דערציילט וועגן דעם אָרעמען געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף דער פּראָווינץ, וועגן דער אומגעלומפּטער דערציִונג, וואָס עס גיט דער חדר און וועגן דער נויטווענדיקייט צו גרינדן אַלגעמיינע יידישע שולן, מיט אָפּטיילונגען פאַר פּראָפעסיאָנעלער בילדונג.

דער דערפאָלג האָט דעם יונגן מחבר צוגעגעבן מוט. סוף אויגוסט שרייבט ער: „איך האָב לײַדנשאַפטלעך ליב געשיכטע. איך האָב באַשלאָסן אָנצושרייבן פאַרן „רוסקי יעוורעי" אַ גאַנצע רייע עסייען וועגן דער גע־שיכטע פון יידן אין מיטלאַלטער. דאָ וועט מיר צונויץ קומען, וואָס איך קען לשון־קודש... איצט לייען איך די מקורים פאַר מיין אַרבעט". צו ש. דובנאָוו זענען גראָד דעמאָלט אַריינגעפאַלן עטלעכע בענדער „יידישע גע־שיכטע" פון גרעצן, וואָס זענען נאָר וואָס געהאַט דערשינען אין רוסי־שער איבערזעצונג און דאָס האָט אים געגעבן אַ שטאַרקן אימפּולס צו שרייבן אויף היסטאָרישע טעמעס. אָבער אַנשטאָט דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס ער האָט געהאַט צוגעזאָגט פאַרן „רוסקי יעוורעי", האָט ער זיך גאָר פאַרטיפט אין שרייבן אַן אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן. דער ראָמאַן האָט געהייסן „אויפן דערנער־וועג" מיט אַן אונטערקאָפּ „פון די נאָטיצן פון מיינעם אַ פריינד — אַ סטודענט". דאָס איז געווען אַ געמיש פון לי־ריק און דיאַלאָגן אויף פילאָזאָפיש־סאָציאַלע טעמעס. אין דער העלדין פון ראָמאַן, אַן עמאַנציפּירט יידיש מיידל, וואָס רייסט איבער מיט דער פאַמי־ליע און סביבה, איז נישט שווער געווען צו דערקענען אידאַ פריידלין. אין די דיאַלאָגן ברענגט דער מחבר אַרויס זיינע געדאַנקען, וואָס האָבן זיך

שוין לאַנג געבעטן אויפֿן פּאַפּיר. „דער יודאיזם אין אַלע זיינע אויסדרוק־פאָרמען — זאָגט דאָרט איינער פון די פּערסאָנאַזשן — איז אַ שטרענג־רעליגיעזע פליכט־געפיל, וואָס דערפירט ביז... סיסטעמאַטישער אונטערדריקונג פון אינדיווידועלער פרייהייט. אַן אָביעקטיווער מענטש וועט איבער־ראַשט ווערן פון דעם גייסט פון לעגאַליטעט, וואָס הערשט אין דער רע־ליגיעזער סיסטעם פון יהדות... אין וועלכער פאַר יעדער מינדסטער קלייני־קייט איז פאַראַן אַ דין... אַ ייִד, וואָס וואַגט צו דענקען, צו האָבן אַן אייגענע מיינונג, פילט אויף יעדן שריט און טריט דאָס אַריינמישן זיך פון דער רעליגיע אין זיינע טאָג־טעגלעכע ענינים... אָט האָט איר דעם אונטערשלאַק פון יידישקייט. דערפאַר אָבער איז די צווייטע זייט פּראַקטיק. איך האָב ליב, שטאַרק ליב, די דאָזיקע באַגאַבטע מאַסע, וואָס האָט אויס־געהאַלטן אַלע צרות און רדיפות נאָר אַ דאַנק דעם כוח פון איר גייסט — אַ זעלטענע, און אפשר איינציקע דערשיינונג אין דער געשיכטע".

מיט האַרצקלאַפּעניש האָט דער יונגער מחבר אָוועקגעטראָגן זיין ווערק אין „רוסקי יעוורעי". ער איז געווען שטאַרק אַנטוישט, ווען דער רעדאַק־טאָר האָט אין עטלעכע טעג אַרום אים צוריקגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט און געזאָגט, אַז זיין ראָמאַן איז נישט דרוק־פּעאיק; אין אים זענען פאַראַן איני־טערעסאַנטע געדאַנקען, ס'איז אָבער נישטאָ קיין סיפּור־המעשה.

הוץ מאַטעריעלע זאָרגן האָבן די ברידער דובנאָוו אין פּעטערבורג געהאַט גרויסע צרות מיט זייער וווינרעכט. זיי האָבן געפּרוווט זיך איינ־אָרדנען אין צענטער־שטאָט ביי זייערס אַ בן־עיר, וואָס האָט זיך פאַרנו־מען מיט קליינע, נישט קיין גאַנץ־כשרע געשעפטן און האָט געהאַט קאָנ־טאַקטן מיט דער פּאָליציי. אינגיכן זענען די ברידער געוואָרן אַרעסטירט: מ'האָט זיי חושד־געווען אין קרימינעלע עסקים. ביים פאַרהער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן נישט קיין וווינרעכט. די פּאָליציי האָט זיי אויפגעפאָדערט תיכף זיך אומצוקערן אהיים. אַנדערש האָט זיי געדראָט אַרויסגעשיקט צו ווערן מיטן עטאַפּ. וואָלף איז באַלד אָוועקגעפאָרן קיין מסטיסלאַוו, ווו ער האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום מיליטער־דינסט. דער יינגערער ברודער איז פאַרבליבן אין פּעטערבורג און האָט ווייטער געפירט אַ געמוטשעטע לעבן פון אַ רעכטלאָזן יידן. די דאָזיקע מאַטערנישן האָבן אָבער נישט אָפּגעשוואַכט זיין ענערגיע. „איך בין פּונקט אַזוי מונטער און היציק ווי פריער — שרייבט ער צו די שוועסטער פריידלין — פּונקט ווי פריער פאַרטראָג איך נישט קיין פּחדנות און קיין יאוש און בין גרייט צו קעמפן מיט אַלץ און מיט אַלעמען. לעצטנס האָב איך אַ סך געטראַכט. און נאָך די אַלע טרויעריקע געשעענישן איז מיין וועלט־באַנעם געוואָרן קלאָרער. דאָס האַרץ קאָכט נאָך פון צאָרן, אָבער איך האָב נישט מורא פאַר קיינעם"

נאָך דעם ווי דער יונגער זשורנאַליסט האָט באַקומען פּיקטיוווס ווינרעבטס האָט ער זיך פאַרטיפט אין לייענען די מקורים פאַר אַ ציקל היסטאָרישע אַרטיקלען. געאַרבעט האָט ער מיט ברען: עס האָט זיך אים געוואָלט אַרויסזאָגן אַליץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין זיין מוח פון דער טאָג אָן, ווען דאָס חדר-יינגל האָט זיך צעבונטעוועט קעגן „ביצה שנולדה ביום-טוב". „איך לויף אַרום איבער מיין צימער — שרייבט ער ווינטער צייט 1888 — און איך טראַכט אַ סך און מיט אַזוי פיל פייער, אַז כ'האָב פאַרגעסן אין דער גאַנצער וועלט. דאָס זענען ערנסטע, הייסע געדאַנקען און זיי קען נאָך אַמאָל באַשערט זיין זיך אויסצושטעלן אין שורות אין אַ זשורנאַל. איך שטיי איצט אין מיטן פון אַ שטורעם פון געדאַנקען, וואָס לאָזן מיך נישט רוען. מען מוז זיי אַרויסזאָגן. אַנדערש, וואָלט איך זיך צו דער דאָזיקער אַרבעט נישט גענומען".

ס'איז געווען אַ ווינטערדיקער אָוונט, ווען דער מחבר פון די שאַרפע מאמרים קעגן די רבנים איז אין זיין לייכטן מאַנטל, ציטערנדיק פון קעלט געגאַנגען צום רעדאַקטאָר פון יידיש-רוסישן וואָכנבלאַט „ראַזסוויעט": ער האָט געדאַרפט האָבן מיט אים אַ שמועס וועגן זיין אַרטיקל. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רעדאַקטאָר, י. ראָזענפעלד, האָט די געדאַנקען פון דעם יונגן מחבר גערהאַלטן פאַר צו ראַדיקאַל. ער האָט געטענהט, אַז דער אַרטיקל איז אַנטי-נאַציאָנאַל לויט זיין טענדענץ און איז קעגן דער ליניע פונעם זשורנאַל, וואָס קעמפט מיטן נאַציאָנאַלן אינדיפערענטיזם פון דער יידישער אינטעליגענץ. דער רעדאַקטאָר פון אַ צווייטן זשורנאַל האָט אַרויסגעוויזן מער טאָלעראַנץ און אָנגענומען דעם מאַנוסקריפט מיט קליינע קיצורים...

אין מוח פון דעם יונגן שרייבער האָט געווימלט פון אָן אַ שיעור לאָקנדיקע פּלענער וועגן ווייטערדיקע אַרבעטן. ער האָט זיך אָבער פלוצלונג דערמאָנט, אַז בעיקר איז ער דאָך געקומען אהער צו קריגן דעם אַטעסטאַט, אָן וועלכן מען קען נישט אריין אין אוניווערסיטעט. און ווידער האָבן זיך אויף זיין טיש באַוויזן די שול-ביכער. „אַך, ווי מיר איז שווין דערעסן דאָס אייביקע גרייטן זיך צו די עקזאַמענעס — שרייבט ער צו זיינע פריינד. — די פיר יאָר פון וואַנדערן און דאָס אומרואיקע לעבן; פיר יאָר פון דורכפאַלן, אַנטוישונגען און מפּלות לאָזן זיך איצט פילן. די מאָס איז שוין איבערגעפילט אָבער איך וועל נאָך אָנשטרענגען מיין געדולד ביז מאַי"...

די אַטמאָספער אין יענער צייט איז אָבער געווען ווייניק גינסטיק צו קענען רואיק לערנען. ס'איז געווען אַ גראָער בין-השמשות אין חודש מערץ, ווען די בעל-הביתטע האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און איבערגעגעבן דובנאָוון די נייעס, אַז נעבן ניעווסקי פּראָספּעקט האָט מען אויף דער-

גאַס דערהרגעט דעם צאַר. די מאַרק־הענדלערס פון סיעננע דראָען, אַז זיי וועלן זיך אָפּרעכענען מיט די סטודענטן; די גוטמוטיקע פרוי האָט אים געעצהט, ער זאָל זיך בעסער נישט ווייזן אויף דער גאַס, ווייל ער זעט אויס ווי אַ „ניהיליסט". דער יונגער שרייבער איז פון דער געשעעניש גע־ווען דערשיטערט. צומאָרגנס איז ער אוועק צו זיינס אַ בן־עיר, אַ סטודענט, וווּ ס'האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרופּע אויפגערעגטע יוגנטלעכע, וואָס האָבן אַרומגערעדט די געשעעניש. אין שטאָט זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן מאַסן־אַרעסטן; די פּנימער פון די מענטשן, וואָס האָבן געלייענט אויף דער גאַס די אָפיציעלע בולעטינען זענען געווען אָנגעשטרענגט. אין די דאָזי־קע אומרואיקע טעג איז נישט גרינג געווען צו גרייטן זיך צו די עקזאַמענס. ש. דובנאָוו האָט זיך באַמיט כאָטש איבערצוחזרן דאָס פריער־געלערנטע, אָבער זיינע געדאַנקען זענען געווען גאַנץ ווייט. אין אַפּריל זענען אָנגעקו־מען די ידיעות וועגן פּאָגראָמען אויף יידן אין אוקראַינע. דער מאַניפעסט פון דעם נייעם צאַר האָט אָנגעזאָגט אַן עפּאָכע פון שוואַרצסטער רעאַק־ציע. די אַטמאָספער אין רוסלאַנד איז געוואָרן אַלץ געדיכטער, און ש. דובנאָוו האָט אַלץ אָפטער געטראַכט וועגן פאַרלאָזן רוסלאַנד, און זיך באַזעצן אין אַ לאַנד וווּ עס וועט זיין מעגלעך זיך ווידמען דער וויסנשאַפט.

ש. דובנאָוו איז געווען פאַרטיפט אין טרויעריקע געדאַנקען, ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז זיין אַרטיקל איז ענדלעך געוואָרן אָפּגעדרוקט אין „רוסקי יעווריי". אין „בוך פון לעבן" איז די דאָזיקע געשעעניש אַזוי באַשריבן: „אין מיטן אַפּריל 1881 איז פון דעם הויז... וווּ ס'האָט זיך געפונען די רעדאַקציע פון „רוסקי יעווריי" אַרויס אַ יונגערמאַן מיט אַ פרישן נומער פון דעם וואָכנבלאַט אין האַנט. דאָרט איז געווען אָפּגע־דרוקט דאָס ערשטע קאַפּיטל פון זיין ערשטער גרויסער אַרבעט — „צו דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון יידישן געדאַנק". דער יונגער שריי־בער האָט זיך פאַרקירעוועט צום ברעג פון דער פאָנטאַנקאַ און אויפן וועג אַלע מאָל געכאַפּט אַ קוק אויף די אויסגעהלומטע שורות פון זיין לי־טעראַרישן ערשטלינג, ער האָט אויף זיי געקוקט מיט דער זעלבער פריידי־קער אויפרעגונג, ווי אַ יונגע מאַמע קוקט אויף איר ניי־געבוירן עופהלע. דער יונגער אָנהייבער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז ער איז באַרופן צו ברענ־גען דעם רוסישן יידנטום אַ נייע וואָרט, די עוואַנגעליע פון פרייען גע־דאַנק".

די יום־טובדיקע שטימונג האָט אָבער אָנגעהאַלטן נישט לאַנג: די מעלדונג וועגן די פּאַרשטייענדיקע עקזאַמענס האָט גערופן ש. דובנאָוו צו דער גרויער טאָג־טעגלעכקייט. מיט אַ שווער געמיט און אויסגעהוילטן קאָפּ האָט זיך דער דערוואַקסענער „עקסטערן" אין טאָג פון עקזאַמען געזעצט

אויף דער שול־באַנק צוזאַמען מיט די יונגע גימנאַזיסטן. דער לערער פון מאַטעמאַטיק האָט דיקטירט עטלעכע אויפגאַבעס. ווי שוואַרצע פליגן האָבן אויפן ווייסן פּאַפּיר געשווינדלט פאַר זיינע אויגן די נישט פאַרשטענדלעכע ציפערן. אין קאָפּ איז נישט געווען קיין איין איינציקער געדאַנק. ש. דובנאָוו איז אויפגעשטאַנען און דערלאַנגט דעם עקזאַמענאַטאָר אַ פאַרשטראָכענעם בויגן פּאַפּיר און געזאָגט, אַז ער איז נישט בכוח צו לייזן די אויפגאַבע. דער לערער האָט אים פאַרגעלייגט צו קומען מאָרגן צום מינדלעכן עקזאַמען, כדי צו פאַרריכטן זיין מערכה, אָבער ער איז אַוועק מיטן באַשלוס מער אין דער גימנאַזיע זיך נישט אומצוקערן.

„איך בין צוריק געקומען — שרייבט ער אין זיינע זכרונות — אין מיין קליין צימערל אויפן פינפטן שטאָק פון דעם גרויסן, פינצטערן הויז... און האָב גענומען טראַכטן. נויט, דאגות, די אומרואיקע פּאָליטישע לאַגע, דאָס צופיל לייענען און די צו פריע ליטעראַרישע אַרבעט — דאָס אַלץ האָט מיר געשטערט אין מיין גרייטן זיך צו די עקזאַמענעס. וואָס זאָל זיין איצטער? זאָל איך ווידער אָפּלייגן די עקזאַמענעס אויף אַ יאָר? אין זיין נשמה האָט זיך אָבער אויפגעהויבן אַ פּראָטעסט. שוין צייט אַ סוף צו מאַכן צו די מאַטערנישן פון אַן עקסטערן אין געיעג נאָך אַן אַטעסטאַט. אמת, אָן דעם דאָזיקן פּאַפּירל קען מען נישט אַריין אין אוניווערזיטעט; אָבער צי קען מען דען זיך נישט לערנען אין דער היים, און נאָך אין אַ ברייטערן פאַרנעם, לויט קאַנטס און ספּענסערס קלאַסיפיקאַציע פון וויסנ־שאַפטן? האָבן דאָך מיינע ליבלינגען — מילל און ספּענסער — אויך נישט געענדיקט קיין הויך־שול... אַזוי איז אין מיר צייטיק געוואָרן דער באַשלוס, וואָס האָט, משמעות, נישט געהאַט קיין נעגאַטיווע ווירקונג אויף מיין גייסטיקער אַנטוויקלונג... דאָס האָט מיך, אָבער, פאַרמשפּט צו אַלע מאַטער־נישן פון אַ רעכטלאָזן יידן, וואָס איז נישט אַריין אין די רייען פון דער פּאַטענטירטער אינטעליגענץ. און אפשר האָט עס טאַקע געדאַרפט אַזוי צו זיין, אַז אַ יידישער שרייבער זאָל נישט געניסן פון די פּריווילעגיעס פון אַ דיפּלאָם, נאָר זאָל ליידן צוגלייך מיט יעדן מאַסן־ייד".

## קאַפּיטל זעקס

# דער פּריידיקער פון פרייען געדאַנק

די גייסטיקע אַרבעט, וואָס האָט איצטער אויסגעפילט שמעונס לעבן ביז איבער די ברעגעס, איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: זעלבסטבילדונג און ליטעראַריש שאַפן. יעדן טאָג האָט ער געאַרבעט אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק, אויף זיין טיש, נעבן לאָמפּ מיטן גרינעם אַבאַזשור, איז געווען אָנגעלייגט אַ בערגל ביכער, — די ווערק פון פראַנצויזישע און ענגלישע פילאָזאָפן און מאַטעריאַלן פון דער יודאַאיסטישער אַנטוויקלונג. דער יונגער זשורנאַליסט האָט געלייענט אַ סך ביכער איבער געשיכטע, אָבער אין דעם דאָזיקן פּעריאָד האָט אים געפירט נישט אַזוי דער אינסטינקט פון אַ היסטאָריקער, ווי דער טעמפּעראַמענט פון אַ פּובליציסט. ער האָט אין די פאַקטן פון דער פאַרגאַנגענהייט פריער פאַר אַלץ געזוכט די אַנאַלאָגיע צום היינט, די באַשטעטיקונג פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען און שטרעבונגען. אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, וואָס איז פאַר אים דעמאָלט געווען די געשיכטע פון יודאַאיזם, האָט ער געזען בלויז צוויי וועגן: דעם וועג פון רב עקיבאָ, דעם באַגרינדער פון ראַביניזם און דעם וועג פון אלישע אחר, דעם פּריידיקער פון פרייען געדאַנק. נישט ווילנדיק איז אויפגעקומען דער געדאַנק: וואָלט אין יידנטום דער איבערוויגנדער עלעמענט באַשטאַנען פון אַזעלכע מענטשן ווי אלישע, אוריאל אַקאָסטאַ און שפּינאָזאַ, וואָלטן זיי מסתמא אויך נישט אויסגעמיטן די שייטער־הויפנס פון דער אינקוויזיציע, אָבער זיי וואָלטן אומגעקומען נישט אַלס יידן, נאָר אַלס פריידענקער, אַזוי ווי דזשאָרדאַנאָ ברונאָ און גאַלילייִ, די אָנזאָגער פון די אידייען, וואָס פירן די מענטשהייט פאָרויס.

די נייע געדאַנקען האָט ער געפּרוווט אַרויסברענגען אין דער דעמאָלטיקער רוסיש־יידישער פּרעסע. די דאָזיקע פּרעסע איז געווען באַשטימט פאַר אַן ענגן קרייז לייענער, וואָס כאָטש זיי האָבן זיך געפילט נאָענט צו דער רוסישער קולטור, זענען זיי אָבער נישט געווען קיין אַסימילאַטאָרן. דאָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקע סביבה: סוף פאַריקן יאָרהונדערט איז אין רוסלאַנד, אין לאַנד פון גרעסטן יידישן קיבוץ, אין די שפּיצן פון דער יידישער

אינטעליגענץ אויפגעקומען אַ טיפּ מענטש מיט אַ צװייאיקער קולטור — אַ ייִדישער און אַ רוסישער. אַזאַ דערשײנונג איז געװען אומבאַקאַנט אין אײראָפּע. נישט שטענדיק איז די גלײכגעװיכט פון די קולטור־אײנפלוסן געװען אַ פעסטע; עס זענען אָבער געװען פאַלן פון האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן פון בײדע קולטורן. ראַדיקאַל־געשטימטע ייִדישע אינטעליגענטן האָבן מיטן זעלבן פּאַטאָס דעקלאַמירט די לידער פון נעקראַסאָװן און פון פרוגן — די באַזינגער פון די רוסישע און ייִדישע פאָלקס־מאַסן. די פּאָגראָמען פון 1881 האָבן באַװױגן אַ סך פון די פריערדיקע אַסימילאַטאָרן זיך אומצוקערן מיטן פּנים צום ייִדנטום. די רוסיש־ייִדישע פּרעסע האָט דעמאָלט צוגעקריגן נײַע לײענער־קאַדרען. די אַלגעמײנע טענדענץ פון די װאָכנבלעטער „ראַזסװיעט" און „רוסקי יעװרעי" איז געװען אַן אומבאַשטימטער, רײן־עמפּירישער נאַציאָנאַליזם, פון דעם מין האָט געהערשט אין דער פריער השׂכּלה־עפּאָכע, מיט אַן אָפּנויג צו חיבת־ציון. די רעדאַקטאָרן פון די רוסיש־ייִדישע זשורנאַלן האָבן נישט געװאָלט אויפרײצן נישט די אָפיציעלע צענזור און נישט די קאָנסערװאַטיװע ייִדישע קרײזן. זײ האָבן דעריבער באַהאַנדלט די ברענענדיקע אַקטועלע ייִדישע פּראָבלעמען מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט.

שמעון דובנאָװ, װאָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ דירעקטן יורש פון אלישע אחר און אוריאל אַקאָסטאַ, האָט נישט אײנמאָל געמוזט ענערגיש קעמפן פאַר די פּראָגמענטן אין זײַנע אַרטיקלען, װאָס ער האָט געהאַלטן פאַר די אַממײנסטן־װיכטיקע. די אַרויסגעבער, װעלנדיק אויסמײַדן אַלגעמײנע פּראָבלעמען, פלעגן באַשטעלן בײַ דעם היציקן מיטאַרבעטער „אומשולדיקע" אַרטיקלען װעגן ליטעראַטור; ער האָט אָבער זיך נישט געלאָזט דיקטירן די טעמעס. װען אונטער דער װירקונג פון די פּאָגראָמען האָט זיך פאַרשטאַרקט די ייִדישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד און ס'איז אַרויסגעשװוּמען די פראַגע, אין װאָס פאַר אַ ריכטונג זאָל די דאָזיקע עמיגראַציע גײן, האָט דער יונגער פּובליציסט מיט ברען פאַרטײדיקט דעם געדאַנק װעגן גרינדן ערד־אַרבעטער־קאָלאָניעס אין די פאַרײניקטע־שטאַטן. צו זײַן גרעסטן עגמת־נפש איז אויף די שפּאַלטן פון דעם זעלבן זשורנאַל — „ראַזסװיעט" — אַרויסגעטראָטן אין פאַרטײדיקונג פון חיבת־ציון — ליליענבלום, דער שרײַבער, װעמענס אויטאָביאָגראַפיע האָט זיך דעם יונגן משׂכּיל, אין זײַנער צײַט, אויסגעװיזן שיר נישט װי די עװאַנגעליע פון פרײַען געדאַנק.

די צײַט, װען דובנאָװ האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט, איז געװען אַ תּקופה פון קריזיס פאַר דער ייִדישער קולטור. די העברעאישע ליטעראַטור, װאָס האָט אין דער צײַט פון דער השׂכּלה געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע, האָט איצט פאַרלאָרן אַ טײל פון אירע לײענער. דער פּאָפּולערער פּאָעט יהודה־לײב גאָרדאָן, װאָס האָט אין זײַנע לידער מעלאַנכאָליש געפרעגט: „פאַר װעמען איז מײַן מי?" — איז לסוף געװאָרן אַ מיטאַרבעטער

פון „וואָסכאָד". די רוסיש־יידישע ליטעראַטור האָט זיך געהאַט איר קרייז לייענער, אָבער זי איז נישט געווען צוגענגלעך פאַר די ברייטע מאַסן. יידיש, וואָס מען האָט דעמאָלט גערופן זשאַרגאָן, איז נאָך דאַן געווען אין פּראָצעס פון פאַרמירן זיך. ערשט דער אַרויסטריט פון די יידישע מאַסן אויף דער היסטאָרישער אַרענע האָט פאַרוואַנדלט יידיש אין אַ כלי־זין פון דער פאָלקס־קולטור. אָבער די ערשטע סימנים פון דעם אָנקומענדיקן קולטור־רענעסאַנס האָבן זיך אָנגעהייבן צו באַווייזן שוין אין די אַכציקער יאָרן. דער יונגער דובנאָוו, וואָס איז געווען אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק, האָט ער זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צום פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט אויף יידיש. אין אַן אַנאָנימען אַרטיקל א. ב. „דאָס יידישע פאָלקס־בלאַט" („ראַזסוועט" נומ. 35, 1881) אַגיטירט ער פאַר אַן ערנסטער פּובליציסטיק אויף „זשאַרגאָן", צו וועלכן סיי די נאַציאָנאַ־ליסטן, סיי די קאָסמאָפּאָליטן באַציען זיך מיט ביטול. „די וויכטיקסטע אויפ־גאַבע — זאָגט ער אין דעם אַרטיקל — וואָס אַ יידיש פאָלקסבלאַט דאַרף זיך שטעלן, איז — באַהאַנדלען די געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען ערנסט און נישט ווי ביז איצט פעליעטאָניסטיש". דער נייער אָרגאַן — „דאָס יידישע פאָלקסבלאַט" האָט גרופּירט אַרום זיך די יונגע ליטעראַרישע כוחות: צווישן זיינע מיטאַרבעטער זענען געווען שלום־עליכם, פרוג און ספּעקטאָר.

אין דער סביבה פון דער גרויס־שטאָטישער רוסיש־יידישער אינטעלי־גענץ האָט זיך דובנאָוו געפילט איינזאַם: די מענטשן, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געאַרבעט, האָבן נישט פאַרמאָגט נישט קיין ברייטן קוק און נישט קיין אמתן פּאַטאָס פון געדאַנק און טאַט. ער דערמאָנט וועגן דעם אין „דאָס בוך פון לעבן": „אין מיינע בריוו פלעג איך זיך באַקלאָגן אויף מיין מאָ־ראַלישער און אינטעלעקטועלער איינזאַמקייט. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס איך בין געוואָרן אַריינגעצויגן אין דעם קרייז פון ספּעציפיש־יידישע פּראָבלעמען אין דער צייט, ווען מיך האָבן מער אינטערעסירט אַל־געמיינע און „אייביקע" פראַגן... איך בין געווען דער יינגסטער אין מיין קרייז. אין איין עלטער מיט מיר איז געווען נאָר פרוג, אָבער אויך אים האָבן ווייניק אינטערעסירט וועלט־פּראָבלעמען. איך האָב זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון... שאַרפן נעגירן די אַלגעמיין־אָנגענומענע דאָגמעס. אָבער גלייכצייטיק האָב איך געזוכט נייע, „וויסנשאַפטלעכע" דאָגמעס... איך האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ צייטווייליקן מיטאַרבעטער אין דער יידישער ליטעראַ־טור און האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט ברייטע פּלענער אויפן געביט פון דער אַלגעמיינער פילאָזאָפיש־היסטאָרישער טעמאַטיק. שעהן־לאַנג פלעג איך אָפּ־זיצן אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק און לייענען די פולע אויסגאַבן פון די ווערק פון מיינע באַליבטע דענקער פון 18־טן יאָרהונדערט — דידראָ

און קאָנדאָרסע. איך האָב בדעה געהאַט, מיט דער צייט, צו שרייבן וועגן זיי געניע מאָנאָגראַפיעס".

די אַלטע ישיבה־בחורישע ביכער־מאַניע האָט אויפגעלעבט אין נאָך א שאַרפערער פאָרם. אין די פאַרשטויבטע קראָמען פון די בוקיניסטן אונטער די געוועלבן פון אַלטן מאַרק האָט מען אָפט געקענט טרעפן א בלייכן שוואַרץ־אויגיקן יונגערמאַן, וואָס האָט אַן אויפגערעגטער ליידנשאַפטלעך גענישטערט צווישן די שטויסן אָנגעוואָרפענע ביכער. די אַנטיקוואַרן, וואָס האָבן זיך שוין געקענט אויף אַזעלכע קויפערס, האָבן געוווּסט, ווי אַזוי אויסצונוצן די שוואַכקייט פון זייער שטענדיקן קליענט, א באַדייטנדיקער טייל פון זיינע קנאַפּע פאַרדינסטן פלעגט אַריבערוואַנדערן אין די קעשענעס פון זייערע פאַרפעצטע וואַטענע שפּענצערס, און דער יונגער שרייבער פלעגט איילן א היים מיטן טייערן אוצר אונטערן אָרעם — די געזאַמלטע ווערק פון בערנע, אָדער מיט אַן אַלטער אויסגאַבע פון היינעס „בוך פון לידער".

דער נאָרמאַלער גאַנג פון זיין אַרבעט איז געוואָרן איבערגעריסן, ווייל ער האָט געדאַרפט פאָרן א היים זיך שטעלן צום פּריזיוו. פון קאַזאַרמע־לעבן, פון וועלכן ס'האָט אים געעקלט, האָט אים אָפּגעראַטעוועט זיין קורצע ראיה. ער איז אָבער נישט באַלד צוריקגעפאָרן קיין פּעטערבורג. דעם ווינטער 1881־1882 וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין זיין היימישן שטעטל, האָט ער אויסגענוצט פאַר זיין באַליבטער אַרבעט — ער האָט שטודירט די ווערק פון מאָנטעסקיע, רוסאָ, מיל און קאַנט. דעמאָלט האָט ער שוין געקענט גענוג ענגליש, כדי צו לייענען די ווערק פון זיינע לערער אין אָריגינאַל. דעם טראַקטאַט „וועגן פרייהייט" האָט ער געלייענט מיט אַזאַ געפיל, ווי א גלויביקער לייענט די הייליקע שריפטן.

„איך האָב דעמאָלט געוווינט אין מסטיסלאַוו — דערציילט ער אין זיינע זכרונות — נעבן בולוואַר... אין א הויז, וואָס האָט אויסגעזען, ווי א גרויסער שטאַל, אין מיטן פון א פאַרשנייטן, גרויסן הויף. מיין צימער האָט געהאַט א באַזונדערן אַריינגאַנג און א נידעריק פענצטער, צו וועלכן ס'איז דערגאַנגען דער הויך־אָנגעשאָטענער שניי. אַהין פלעגט צו מיר קומען די, וואָס איז שפּעטער געוואָרן מיין פרוי — אידע פרידלין. נאָך דריי יאָר פון נאָענטער פריינדשאַפט האָבן מיר זיך ליב געקריגן. אין דאָזיקן ווינטער, ווען אין דרויסן האָט געוואָיעט דער שניי־שטורם האָבן מיר ביידע געטרוימט וועגן אונדזער שפּעטערדיקן געמיינזאַמען לעבן, געמיינזאַמע אַרבעטן, וועגן אַריבערפאָרן קיין פּעטערבורג און דערנאָך קיין פּאַריז. מיר האָבן געטרוימט אַז מיר וועלן פאַרוואַנדלען אונזער דערנערדיקן לעבנס־וועג אין א לעבן פון רו און פרייד".

אין דעם מיט שניי פאַרשאָטענעם קעמערל פלעגט די פּאָסט ברענגען די רוסיש־יידישע זשורנאַלן, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט די צעמישונג, וואָס עס

האָט דאַן אַרומגעכאַפּט די יידישע אינטעליגענץ. אונטער דער ווירקונג פון דער רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם האָט זיך געשטאַרקט די חיבת־ציון באַ־וועגונג, צו וועלכער עס איז אויך צוגעשטאַנען וואָלף דובנאָוו. ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע. דער יינגערער ברודער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן די דאָזיקע שטימונגען. זייענדיק אומצופרידן מיט דער ריכ־טונג פון „ראַזסוויעט" האָט ער אַהין צוגעשיקט אַן אַרטיקל א. נ. „און וואָס ווייטער?" דער אויסגאַנג־פּונקט פון אַרטיקל איז געווען דער פּרינציפּ, וואָס עס האָט אַרויסגערוקט בערנע: „ווער עס וויל אַרבעטן לטובת די יידן, מוז זיין אַרבעט פאַרבינדן מיט דער פאָדערונג פון אַלגעמיינער פרייהייט". דער רעדאַקטאָר פון „ראַזסוויעט" האָט מיט כעס דערקלערט, אַז אַזאַ אַר־טיקל קען נאָר דינען די יידישע שונאים. און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס אַרטיקל צו דרוקן.

די חילוקי־דעות מיטן „ראַזסוויעט" האָבן נישט אויפגעהערט אויך נאָך דובנאָווס צוריקקומען קיין פּעטערבורג. ווידער האָט ער זיך געמוזט נעמען צו נייט־אַלע טעמעס. אין „ראַזסוויעט" האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן עטלעכע אַרטיקלען וועגן יידישע פּאָגראָמען בימי כמיעלניצקי, אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים מ. מסטיסלאַווסקי. די טעג פון „ראַזסוויעט" זענען שוין אָבער דעמאָלט געווען געציילטע, און ער האָט טאַקע אין גיכן אויפגעהערט צו דערשיינען. פאַרן יונגן זשורנאַליסט איז דאָס געווען אַ גרויסער קלאַפּ; ער האָט זיך ווידער געמוזט נעמען זוכן אַ נייעם מקור פון פּרנסה.

די פּרנסה־פּראָבלעם איז נאָך שאַרפער געוואָרן, ווען קיין פּעטערבורג איז געקומען אידע פרידלין, וואָס איז אוועק פון דער היים, נאָך דעם, ווי זי האָט זיך געהאַט שאַרף צעווערטלט מיט דער מוטער. די דעספּאָטישע פרוי האָט דער טאָכטערס שטרעבן צו העכערער בילדונג געהאַלטן פאַר אַ יוגנט־קאַפּריז; חוץ דעם האָט זי זיך געשראָקן פאַר דער פּערספּעקטיוו צו האָבן פאַר אַן איידעם אַ ביטערן קבצן, וואָס האָט נאָך דערצו געשמט פאַר אַ גע־פערלעכן אַפּיקורס. זי האָט אָבער נישט חושד געווען דאָס סאַמע ערגסטע — אַז דאָס יונגע פּאָרל האָט גאָר נישט געהאַט בדעה צו לעגאַליזירן זייערע באַציאונגען: קיין ציווילע חתונות האָט מען אין רוסלאַנד נישט אַנער־קענט, און אַ רעליגיעזע חתונה האָט דער פרייזיקער פון פרייען געדאַנק געהאַלטן פאַר אוממעגלעך פאַר זיך.

די נויט, די מאַטערנישן און די רעכטלאָזיקייט האָבן פאַרוואָלקנט די פרייד פון די ערשטע חדשים פון דעם צוזאַמענלעבן פון דעם יונגן פּאָר. שמעונען האָט די פּאָליציי דערוויל געלאָזט צורו. ער איז געוואָרן צוגעַ־שריבן אַלס הויז־דינער ביי איינעם פון די פּעטערבורגער יידישע אַדוואָ־קאַטן; אידאַ האָט זיך פיקטיוו פאַרשריבן פאַר אַ וועש־נייטאָרין און האָט אָנגעהויבן באַזוכן די אַקושערן־קורסן. דערמאָנענדיק שפּעטער דעם דאָזיקן

פּעריאָד, באַמערקט דער שרייבער, אַז עס האָבן דעמאָלט דאָמינירט יענע כּוחות, וועלכע שילער האָט געהאַלטן פאַר דער טרייב־קראַפט פון לעבן: — ליבע און הונגער. חוץ די מאַטעריעלע זאָרגן האָט ש. דובנאָוון געמאַטערט נאָך אַ פּראָבלעם: די פּראָבלעם פון „רעכט אויף גליק", וואָס פאַר מענטשן פון אַן אַנדער עפּאָכע קען זי אויסזען אומפאַרשטענדלעך, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לעבן פון דער אַסקעטישער יוגנט, וואָס האָט זיך דער־צויגן אויף דער ראַדיקאַלער רוסישער פּובליציסטיק. דאָס איז געווען אַן אייגנאַרטיקער דור; אַנטקעגנשטעלנדיק אויף אַ נאַיוון אופן „פּערזענלעך גליק" דעם קאַמף פאַר אַ בעסערער מענטשהייט, האָט ער נישט באַמערקט די סתּירה צווישן דער עגאָצענטרישקייט פון דער „קריטיש־דענקענדיקער פּערזענלעכקייט" און די אַלטרואיסטישע פּאָסטולאַטן פון דינען דעם פאָלק. אין זיינער צייט האָט וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו (באַקאַנטער רוסישער פילאָזאָף), מיט גוט־מוטיקער איראָניע, אַזוי פאָרמולירט דעם פּאַראַדאָקסאַלן „קרעדאָ" פון די „80־ער": „דער מענטש קומט אַרויס פון דער מאַלפּע, און דערפאַר־וועלן מיר אונזער לעבן אָפּגעבן פאַר אונזערע נאָענטע"...

שמעון דובנאָוו איז געווען אַ טיפּישער זון פון זיין עפּאָכע מיט איר אידעאַליזם, שטרענגער מאָראַל און מאַנגל פון לאָגישער קאָנסעקווענץ. „איך האָב זיך געוואָרפן — שרייבט ער אין זיינע זכרונות — צווישן אַ „לעבן פאַר דער אידייע", — ווי ס'האָט דעמאָלט געהייסן, און די שווערע זאָרגן פאַרן אייגענעם לעבן. דאָס דאָזיקע זוכן אַ וועג אין לעבן, די געבורט־ווייען פון זעלבסט־באַשטימונג, פון אייגענעם „איך", זענען די סאַמע געפּער־לעכסטע אין די יוגנט־יאָרן: זיי ווערן, געוויינלעך, באַגלייט מיט אָנפאַלן פון דעפּרעסיע; אין מיינע נאָטיצן פון יענער צייט געפין איך טאַקע סימנים פון אַזאַ צושטאַנד".

די בעסטע רפואה קעגן אַזאַ גייסטיקער צערודערונג איז געווען די אַר־בעט. אין האַרבסט 1882 האָט זיך פאַרענדיקט דער פּעריאָד פון שאַרפער אַרבעטסלאָזיקייט פאַרן יונגן שרייבער. ש. דובנאָוו איז געוואָרן אַ שטענ־דיקער מיטאַרבעטער אין דעם גרעסטן רוסיש־יידישן זשורנאַל „וואָסכאָד"; פון דעמאָלט אָן באַווייזט זיך דער „וואָסכאָד" זעלטן אָן זיינס אַן אַרטיקל: אין משך פון אַ פערטל י"ה איז זיין ליטעראַרישע טעטיקייט פאַרבונדן מיטן דאָזיקן זשורנאַל, אויף וועלכן עס האָט זיך דערצויגן אַ גאַנצער דור איג־טעליגענץ. דובנאָוו האָט סיסטעמאַטיש פאַרעפנטלעכט אין „וואָסכאָד" אַר־טיקלען אויף געשיכטלעכע, ליטעראַרישע און פּובליציסטישע טעמעס. אַמאָל האָט ער זיך אונטערגעשריבן מיט זיין פולן נאָמען, אַמאָל מיט די ראשי־תיבות: ס. ד.; ד. ס., און אַמאָל מיט פאַרשידענע פּסעוודאָנימען: קריטיקוס, מסטיסלאַווסקי, עקסטערנוס.

זיין ערשטער דעביוט אין „וואָסכאָד" איז געווען אַ גרויסע אַרבעט

וועגן שבתאי־צבי און וועגן דער פּסעוודאָ־משיחישער באַוועגונג. די דאָזיקע אַרבעט האָט ער אָנגעשריבן אונטערן איינפלוס פון גרעצן; אַ באַלייכטונג אָבער האָט דער יונגער היסטאָריקער געגעבן אַן אייגענע. דעם מיסטיקער און אוואַנטוריסט שבתאי־צבי האָט ער אַקעגנגעשטעלט זיין מיטצייטלער שפּינאָזאַ — די אידעאַלע „קריטיש־דענקענדיקע פּערזענלעכקייט". די יידן פון יענער עפּאָכע וואַרפט ער פאָר, למאַי זיי זענען נאָכגעגאַנגען אַ מענטשן, וואָס האָט זיי פאַרשלעפּט אין אַ „תהום פון פינצטערניש און אומוויסנהייט". און דעם פילאָזאָף, וואָס האָט זיי געוויזן דעם אמתן וועג צו פּראָגרעס, האָבן זיי אַריינגעלייגט אין חרם. דער דערפאָלג פון דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט דעם שרייבער געגעבן אַ שטויס אויסצופאָרשן אַ צווייטע מיסטיש־משיחיס־טישע באַוועגונג — דעם פראַנקיזם. די דאָזיקע טעמע האָט אים שטאַרק פאַראינטערעסירט; אין דעם פראַנקיזם האָט ער געזען אַ פּראָטעסט קעגן דער רבנישער טראַדיציע, וואָס האָט אין די באַדינגונגען פון יענער עפּאָכע אָנגענומען אומגעזונטע פאָרמען.

פון יאַנואַר 1883 האָבן זיך אין „וואָסכאָד" אָנגעהייבן רעגולער צו דרוקן גרויסע ליטעראַריש־קריטישע אַרטיקלען, אָדער אַלגעמיינע איבער־זיכטן פון דער דריישפּראַכיקער יידישער ליטעראַטור, אונטערגעשריבן פון „קריטיקוס". אין הסכם מיט די טראַדיציעס פון דער רוסישער קריטיק האָט דער מחבר באַרירט צוגלייך מיט די ליטעראַרישע אויך פילאָזאָפישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. ער האָט געפירט אַ ביטערן קאַמף קעגן גראַפאָמאַניע און דילעטאַנטישקייט, און האָט זיך באַמיט אָפּצוגעוווינען די יונגע מחברים, בעיקר די העברעישע, פון באַנוצן צו פיל מליצה; ער באַמיט זיך איינצו־פלאַנצן ביי די יידישע שרייבער אייראָפּעאישע מעטאָדן. דער עיקר אָבער אין זיינע אַרטיקלען איז שטענדיק געווען דער קאַמף מיט דער רבנישער טראַדיציע. אין פייער פון דער פּאָלעמיק האָט דער פרייידיקער פון פרייע געדאַנק נישט דערזען די סתירה וואָס האָט אונטערגעגראָבן זיין פּראָפּאַגאַנ־דע: די פאָדערונג פון רעליגיעזע רעפאָרמען. ווי ראַדיקאַל די דאָזיקע רע־פאָרמען זאָלן נישט זיין, זענען זיי אין סתירה מיט דער פּאָזיטיוויסטישער פילאָזאָפיע, וואָס וואַרפט אָפּ רעליגיע בכלל, ווי אַן איבערבלייב פון דער טעאָלאָגישער פאַזע פון דענקען. זיין אומקאָנסעקווענץ האָט דובנאָוו פאַר־שטאַנען ערשט מיט אַ סך יאָרן שפּעטער; אין די יונגע יאָרן האָט ביי אים פריער פאַר אַלץ דאָמינירט דער פאַרלאַנג אַרויסצוזאָגן די אין פיין־געהיי־ליקטע, באָטש נאָך נישט סיסטעמאַטיזירטע געדאַנקען זיינע. ש. דובנאָוו האָט אויך געמאַכט אַ פּרוּוו צו ברענגען זיינע אידייען פאַר אַ נישט־יידי־שער אוידיטאָריע, דאָס האָט זיך אים אָבער נישט איינגעגעבן: דער רעדאַק־טאָר פון אַ רוסישער ליבעראַלער צייטונג, אַן אסימילירטער ייד, האָט אפילו

געלויבט זיין ארטיקל, וואס רייסט ארונטער דעם פאנאטיזם, ער האט אבער נישט געהאלטן פאר מעגלעך צו דרוקן עס אין זיין ארגאן.

אין יענער צייט האט מען אין יידישע קרייזן געפירט הייסע ויכוחים וועגן פינסקערס בראשור „די אויטאעמאנציפאציע”. דער מחבר פון דער דאזיקער בראשור, א פאנאטישער נאציאנאליסט און חובב־ציון, האט שארף קריטיקירט יענע יידן, וואס רוקן ארויס אויפן ערשטן פלאץ בירגערלעכע עמאנציפאציע פאר די יידן און זייער קולטור־רענעסאנס אין אייראפעישן גייסט. שמעון דובנאוו האט אים געגעבן א שארפן ענטפער אין זיין ארטיקל „וואס פאר אן אויטאעמאנציפאציע דארפן יידן האבן?”. ער האט אין דעם ארטיקל געשמיסן די היפערטראפיע פון דעם ארטאדאקסישן ריטואל, און האט אנגעוויזן, אז דער דאזיקער ריטואל האט פארנומען דאס ארט פון ריינעם גלויבן און עטיק און האט פארשטארקט די אפגעזונדערטקייט צווישן יידן און אנדערע פעלקער. פאלעמיזירנדיק מיט דער חיבת־ציון באוועגונג האט ער געהאלטן, אז די נאציאנאלע אידייע איז נאר אן איבערגאנג־סטאדיע אויפן וועג צו דער אלמענטשלעכער פאראייניקונג; פינסקערס „נאציאנאליזאציע” דארף מען, דעריבער, אנטקעגנשטעלן די „הומאניזאציע”. דער דאזיקער ארטיקל האט פארמאגט א סך פאלעמישע שארפקייט, אבער דעם רעדאקטאר פון „וואסכאד”, א. לאנדוי, האט עס נישט געארט. ער איז געווען א מענטש מיט א פראקטישן חוש, און האט באלד דערשמעקט א „סקאנדאלדערפאלג” און א פארגרעסערטן טיראזש. אין אלגעמיין זענען די באציונגען צווישן דעם יונגן מיטארבעטער און זיין הארטן „בעל־הבית” געווען זייער אנגעשטרענגטע. דער יונגער ענטוזיאסט, וואס האט נאך ערשט נישט לאנג זיך אפגעזאגט צו „פראפאנירן” די ליטערארישע ארבעט מיט פרנסה־צוועקן, האט זיך צוזאמענגעטראפן מיט א רעדאקטאר, וואס האט אויפן ערשטן פלאץ ארויסגערוקט דעם מאטעריעלן אינטערעס. לאנדוי פלעגט אפט שטעלן זיינע מיטארבעטער, באזונדערס די יונגע, אין א זייער שווערער לאגע: זיי האבן געמוזט צו עטלעכע מאל מאנען דעם האנאראר פארן געדרוקטן ארטיקל. פאר דעם שעמעוודיקן און אמביציעזן יונגן זשורנאליסט איז דאס מאנען געווען אן אפקומעניש. ער פלעגט, דעריבער, נישט געקוקט אויף דער ביטערער נויט, כסדר אפלייגן דעם נישט אנגענעמען וויזיט אין דער אדמיניסטראציע פון זשורנאל.

אין דער צייט ווען ש. דובנאוו האט זיך אלץ מער אריינגעצויגן אין זיין ארבעט, האט אידא דובנאוו זיך ענערגיש געגרייט אנצוקומען אין מעדיצינישן אינסטיטוט. צוערשט האט דאס פארל געוווינט אין באזונדערע דירות פון דעם זעלבן הויז; אנהייב 1883 האבן זיי באשלאסן צו וווינען צוזאמען. די ציווילע חתונה האבן זיי בדעה־געהאט דורכצופירן אין אויסלאנד, ווהין זיי האבן געהאפט ארויסצופארן ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

רערמאָנענדיק די דאָזיקע צייט, שרייבט דער מחבר פון „דאָס בוך פון לעבן״: „פאַר יענער צייט איז דאָס געווען אַ זייער דרייסטער שריט נישט נאָר לגבי דער משפחה אויף דער פּראָווינץ, נאָר אַפילו לגבי אונדזער געזעלשאַפטלעכן קרייז אין פּעטערבורג גופא. פאַר מיר האָבן אָבער נישט עקזיסטירט קיין שום שטערונגען ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געטריישאַפט צו מיינע איבערצייגונגען״.

וואָס האָט געטראַכט וועגן דער קאָמפּראָמיסלאָזיקייט פון איר פריינ־דאָס צאַרטע שעמעוודיקע מיידל, וואָס האָט אין די באַדינגונגען פון דעם קאָנסערוואַטיוון שטייגער פון פאַריקן יאָרהונדערט, אָן וואַקלעניש גענומען אויף זיך די ראָל צו זיין אַ נישט געזעצלעכע פרוי? זי האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. די שטאַרקע ליבע האָט זי באַוויזן צו ווערן די געטרייע און אויסגעהאַלטענע לעבנס־באַגלייטערין פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך געווידמעט צו דינען דער אידייע. פיזיש און גייסטיק אַ געזונטע, האָט זי רואיק געקוקט אין דער צוקונפט. די פּערספּעקטיוו פון ברענגען קרבנות, פון נויט און שווערער טאָג־טעגלעכער ארבעט האָט זי נישט אָפּגעשראָקן. זי האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווסט, אַז זיין אַ פרוי פון אַ מענטשן, וואָס לעבט פאַר אַן אידייע, איז נישט גרינג אַפילו ביי גינסטיקע אויסערלעכע באַדינגונגען, ווייל יעדער שאַפן איז באַפעלעריש און דעספּאָטיש. די גע־וווינהייט צו לעבן מיט דער אָפּשפּיגלונג פון פרעמדע איבערלעבונגען איז איר, זעט אויס, אָנגעקומען נישט גרינג: פון דער מוטער האָט זי געירשנט אַ זעלבסטשטענדיקן כאַראַקטער. מיט דער צייט איז אָבער די זעלבסט־פאַרלייקענונג געוואָרן די צווייטע נאַטור פון אידע דובנאָוו; אין דעם האָט זי געפונען באַפרידיקונג און דעם זין פון לעבן. די אינערלעכע פאַרביטער־רונג, וואָס קלייבט זיך אומפאַרמיידלעך אָן אין משך פון יאָרן, אין די נשמה־טיפענישן פון יעדן מענטש, וואָס ברענגט זיך פרייוויליק פאַר אַ קרבן, האָט נישט געבראָכן דעם ווילן פון דער דאָזיקער פרוי, נאָר פאַרקערט — דאָס האָט געשטאַרקט איר מאָראַלישע דיסציפּלין. אויב ביי ש. דובנאָוו פלעגט אין זיינע רייפע יאָרן צייטנווייז אויפפלאַמען אַ בונט קעגן דעם שטרענגן אַסקעטיזם פון זיינע יוגנט־יאָרן, האָט זיין לעבנס־באַגלייטערין אויף קיין איין מינוט נישט געספּוקט אין דעם, אַז דער זין פון לעבן ליגט אין דערפילן די פליכטן. וואָס ווערן דיקטירט פון אַ טיפן געפיל.



ש. דובנאָוו און אידע פריידלין אין 1883

## קאַפּיטל זיבן

# אויפן שייד-וועג

דער בלייכער דאַרער יונגערמאַן מיט דער צעשויבערטער קוטשמע טונ־קעלע האָר האָט שפּרייזנדיק הין און צוריק איבערן צימער דעקלאַמירט מיט אַ ניגון: „כ'האָב ליב מענטשן, איך בין אַ דעמאָקראַט און אַן אַטעיסט". דאָס האָט ער געחזרט די ווערטער פון זיין נייעם ליבלינג — דעם ענגלישן פּאָעט שעללי. ש. דובנאָוו איז געווען שטאַרק אויפגערעגט: ער האָט איצט געשריבן אַן אַרטיקל א. נ.: „דאָס לעצטע וואָרט פון דעם באַשולדיקטן יידנטום". דאָס אַרטיקל, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די רעגירונגס־פּאָלי־טיק לגבי די יידן, איז געווען אָנגעשריבן אין שייכות מיט דעם צונויפּרופן די ספּעציעלע רעגירונגס־קאָמיסיע פאַר דער יידן־פראַגע. באַשטייענדיק אויף דער פאָדערונג פון פולער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע פאַר יידן, האָט דער מחבר אונטערגעשטראָכן דעם הומאַניטאַרן כאַראַקטער פון דער דאָזיקער פאָדערונג. „די יידן ווערן אונטערדריקט — האָט ער געשריבן — און דאָס איז גענוג, אַז פאַר זיי זאָלן קעמפן יעדער איינער, וואָס האָט אַ האַרץ... דערויף מוז מען גאַרנישט זיין קיין יידישער נאַציאָנאַליסט, אָדער צו האָבן אַ וואָסער נישט איז שוואַכקייט צו יידן, ס'איז גענוג, אַז מען זאָל זיך באַציען צו זיי, ווי אַ מענטש צו ליידנדיקע מענטשן". לויט דער בקשה פון רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" איז דאָס אַרטיקל פון ש. דובנאָוו געווען אונ־טערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „עקססטערנוס". א. לאַנדאַו איז געווען שטאַרק אָנגעשראָקן צוליב די קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע פּראָטעסטן קעגן דער פריערדיקער שאַרפער פּאָלעמיק פון יונגן זשורנאַליסט מיט די קאָנסער־וואַטיווע יידישע קרייזן.

נאָכן פאַרענדיקן דעם אַרטיקל וועגן בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע, האָט דער מחבר גענומען צונויפשטעלן אַ מעמאָראַנדום וועגן דער יורידישער לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד. דער מעמאָראַנדום איז געווען געבויט אויפן סמך פון אַ גענויער אויספאָרשונג פון די דאָקומענטן, און איז געווען באַ־שטימט פאַר דער רעגירונגס־קאָמיסיע. דער מעמאָראַנדום איז אַן שום ספק

פאַרשווונדן געוואָרן אין פריוואַטן אַרכיוו פון איינעם פון די פּעטערבורגער יידישע כּלל־טוער.

נאָך עטלעכע חדשים אינטענסיווער ליטעראַרישער אַרבעט האָט דער שרייבער דערפילט אַ באַדערפעניש זיך ווידער צו פאַרטיפן אין דער וויסנשאַפט. ער האָט ווידער אָנגעהויבן טרוימען וועגן אַ „היימישן אוניווערסיטעט". אַ העלפט פון דעם האָנאָראַר, וואָס ער האָט באַקומען פאַר דעם מעמאָראַנדום, איז אַוועק אויף איינקויפן אַ וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק פאַר סיסטעמאַטישער זעלבסט־בילדונג. ס'איז געווען קלאָר, אַז די פּראָגראַם פון דעם היימישן אוניווערסיטעט וועט אַ סך גרינגער זיין דורכצופירן אין דער שטילער פּראָווינץ, איידער אין די שווערע פּעטערבורגער באַדינגונגען. פאַר דעם אָפּפאָר אַ היים האָט אָבער דאָס יונגע פּאָרל געמוזט נעמען חופּה וקדושין. אין דער אָנוועזנהייט פון עטלעכע זייטיקע מענטשן האָט דער אָנגעכמורעטער יונגערמאַן אין אויסגעריבענעם רעקל, אָנגעטאָן דער שעמעוודיקער יונגער פרוי דאָס קדושין־רינגל און האָט אויף גיך אָפּגעכאַפּט דעם „הרי את". צומאָרגנס איז די יונגע פרוי, לויטן פּאַס שוין אידאַ דובנאָוו, אַרויסגעפאָרן קיין מסטיסלאַוו זוכן אַ דירה.

עס זענען געשטאַנען ליכטיקע פרילינג־טעג, ווען דער נע־ונדניק האָט זיך צוריקגעקערט אַ היים. ער באַשרייבט דאָס אַזוי אין זיינע זכרונות: „איך בין צוגעפאָרן צו אַ נידעריק הילצערן הייזל מיט אַ גאָרטן און אַ סעדל אַרום, מיט ליב־שמייכלענדיקע בלומען אין די פענצטער... אויפן גאַניקל האָט מיך באַגעגנט מיין פרוי, אַ צעשטראַלטע פון דער זון, זי האָט מיך אַריינגעפירט אין צוויי קליינע, ריינע צימערלעך, באַשיידן אויסגעשטאַט אויפן רוסיש־באַלעבאַטישן שטייגער... דאָס איז געווען אַ ליכטיקע צייט אין אונזער לעבן, עפּעס אַ מין האָניק־חודש, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט אין דעם כמורנעם פּעטערבורג. אין דעם דאָזיקן רוסישן הויז האָבן מיר אויף אַ קורצער צייט אויפגעבויט אונדזער נעסט. דאָ האָבן אונדז נישט געקענט נאָכקוקן נייגעריקע אויגן, צי מיר פירן זיך לויטן דין... און דאָך האָבן אין שטעטל נישט אויפגעהערט די גערעדערייען. אַ יונג באַלעבעסל, וואָס קומט אַפילו שבת נישט אין שול אַריין — דאָס איז פאַרן פרומען שטעטל געווען אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש".

שטיל איז געפלאָסן דאָס לעבן אין דעם געמיטלעכן שטיבל אין פאָרשטאָט. די עטאַזשערקע נעבן שרייבטיש האָט זיך געבראָכן אונטער דער משא פון ביכער: פילאָזאָפישע ווערק זענען דאָ געשטאַנען זייט ביי זייט מיט בענדער פּאָעזיע. ווי אַ סימבאָל פון דעם בונד צווישן פילאָזאָפיע און פּאָעזיע האָבן פון אונטער איין רעמל אַרויסגעקוקט דער שטרענגער פּראָפיל פון דעם דענקער מילל און דאָס באַגייסטערטע פּנים פון דעם טרוימער שעללי. אין דער ערשטער רייע זענען אויף דער עטאַזשערקע געשטאַנען

געטעס „פאוסט" און די לירישע לידער פון בייראן און וויקטאר הוגא. דאס זענען געווען געטרייע פריינד און באגלייטער אין שעהן פון איינזאמקייט. דער יונגער פאזיטיוויסט האט מיט התמדה געלייענט אויך די מאדערנע ליטעראטור. נאכן איבערלייענען טורגעניעווס „די אומגליקלעכע" האט ער אומגעריכט פאר זיך אליין פארשטעקט דעם קאפ אין קישן און זיך צע־וויינט... צווישן די רוסישע קלאסיקער האט ער העכער פון אלע געשטעלט טאלסטאיען; דעם קולט פאר טאלסטאיען האט ער אויפגעהיט דאס גאנ־צע לעבן.

דאס יונגע פארפאלק האט געוואוינט אויף דעם נעבורט פון ערשטן קינד. אויף דער ביכער־פאליצע אין קאבינעט האבן זיך באוויזן ביכער וועגן דערציונג און קינדער־פסיכאלאגיע. דער צוקונפטיקער פאטער האט געוואלט פאר זיין קינד שאפן אזעלכע באדינגונגען, וואס ער אליין האט ביי זיינע עלטערן נישט געהאט. ער האט געהאלטן אין איין לייענען די קאפיטלען פון מילל'ס „אויטאביאגראפיע", ווו דער מחבר באשרייבט זיינע קינדער־יארן. דערווייל אבער האט דאס יונגע פאר געדארפט זיך אריבערקלייבן צו דער שוויגער, דער אלמנה פריידלין, אין איר גרויס הויז. דעם אפיקורס איז עס נישט גרינג אנגעקומען: שווער געווען צו געפינען א קאמפראמיס צווישן זיין שטייגער־לעבן און דער נויטווענדיקייט צו וווינען מיט דער משפחה. די צימערן וואס מען האט אפגעגעבן פארן יונגן פארפאלק זענען אין גאנצן געווען אפגעטיילט פון דער אנדערער העלפט שטוב, ווו עס האט געוווינט די שוויגער; בלויז אין די מיטאג־שעהן פלעגט זיך אין געמיינזאמען עס־צימער באוויזן דער שווייגעוודיקער איידעם. דאס האט געשאפן אן אטמאס־פערע פון אפגעפרעמדקייט, עס האט אבער געהאלפן אויסצומיידן אפענע קאנפליקטן.

דער זיידע ר' בן־ציון האט נאך דעמאלט געלעבט. ער איז שוין אלט געווען א יאר אכציק, אבער ער האט נאך אלץ געזאגט זיין שיעור אין שטאט־טישן בית־המדרש. דעם אייניקלס ארטיקלען זענען פאר אים געווען נישט צוטריטלעך, אבער אומקלארע אפקלאנגען פון די ויכוחים, וואס האבן זיך געפירט אין דער העברעישע פרעסע, זענען דערגאנגען אויך צו אים. מאיר־יעקב דובנאוו ווידער, וואס פלעגט, זייענדיק אונטערוועגנס, לייענען דעם „המליץ", האט אין זיינע בריוו צום זון אים לייכט אויסגעמוסרט, וואס אין זיין פאלעמיק פארגייט ער צו ווייט און קאמפראמיטירט דעם גוטן נאמען פון די דובנאווס.

עס האט זיך דערנענטערט א קריטישער מאמענט — די ימים־נוראים. „איין מאל — דערציילט דער מחבר פון „דאס בוך פון לעבן" — האט דער זיידע מיך פארבעטן צו זיך... ער האט מיך געפרעגט, ווו איך האב בדעה צו דאווענען. איך האב זיך באמיט, ווי ווייט מעגלעך, צו שוינען

זיינע רעליגיעזע געפילן און האָב געענטפערט, אַז איך ווייס נאָך נישט, אָבער האָב איך צוגעגעבן, אַז איך האָב אַפילו נישט קיין טלית. אויף זיין פראַגע — פאַרוואָס? האָב איך געענטפערט, אַז די דאָזיקע זאַכן זענען דאָך איינגעפירט געוואָרן נישט דורך דער תורה שבכתב, נאָר דורך דער תורה שבעל־פה... די הויכע געשטאַלט פון דעם זיידן האָט זיך ווי איינגעבויגן, דער קאָפּ זיינער האָט זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט אויף דער ברוסט... עטלעכע מינוט האָט אָנגעהאַלטן אַ שווער שווייגן. באַלד אָבער האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ דורכדרינגלעכער שטימע, אין וועלכער ס׳האָט געקלונגען אומענדלעכער צער, האָט ער אַ זאָג געטאָן: — שמעון, עס וועט קומען אַ צייט, ווען דו וועסט אַזוי ווי דער נביא אויסרופן: כ׳וועל גיין און זיך אומקערן צו מיין ערשטן מאַן, ווייל דעמאָלט איז מיר בעסער געווען ווי היינט..."

לאַנג נאָכדעם האָבן אין שמעונס אויערן געקלונגען די דאָזיקע ווערטער, וואָס דער זיידע האָט אַרויסגעזאָגט מיטן טראַדיציאָנעלן ניגון. אָבער ווען עס זענען אָנגעקומען די פּראַכטיקע טעג פון ראש־השנה און יום־כיפּור, און דער זקן איז אין ווייסן קיטל געשטאַנען פאַרן עמוד, ווי דער שליח־ציבור פון זיין קהילה, איז דאָס אייניקל געבליבן זיצן אין זיין קאַבינעט צווישן די אַפּיקורסישע ביכער. „פון האַרבסט 1884 — דערציילט „דאָס בוך פון לעבן" — האָט מען אין דעם שטילן פּראָווינץ־שטעטל געקענט זען אַזאַ מין בילד: אויף צוויי פּאַראַלעלע גאַסן זענען אין זייערע קאַבינעטן צווישן ביכער־שרענק געזעסן דער זיידע און דאָס אייניקל. איינער האָט געלערנט ש"ס און פּוסקים, און האָט זיין תורה מוסר־געווען צו זיינע תלמידים, און דער צווייטער האָט פּונקט מיט אַזאַ התמדה זיך פאַרטיפט אין די נייע, מאָדערנע וויסנשאַפטן. זיין אוידיטאָריע איז געווען ווייט פון אים, דערפאַר אָבער אַ סך גרעסער, ווי דעם זיידנס...ביידע האָבן געלעבט ווי נזירים, וואָס זענען מקיים אַ שטרענגן נדר. דער מהות פון זייערביידנס לעבן איז עטיש געווען גלייכווערטיק, הגם אינטעלעקטועל אַזוי פאַרשידן."

אין שטעטל האָט דעם יונגן דובנאָווס אויפפירונג אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט. בייזע בליקן האָבן אים באַגלייט, ווען ער איז אויף זיינע שבתדיקע שפּאַצירן געגאַנגען איבערן שטאָטישן בולוואַר מיטן שטעקן אין האַנט. ייִנגלעך האָבן אים נאָכגעשריגן: אַפּיקורס. און דער יונגער שרייבער האָט מיט ברען זיך גענומען אויספירן זיין פּלאַן פון אוניווערסיטעט־בילדונג, וואָס ער האָט געהאַט אויפגעשטעלט לויט קאָנט׳ס קלאַסיפיקאַציע פון די וויסנשאַפטן. אין פּראָגראַם האָט ער אַריינגענומען נאַטורוויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, געשיכטע און סאָציאָלאָגיע. ער פלעגט אַרבעטן מינדסטנס 13 שעה אַ טאָג אין זיין שטילן קאַבינעט. דאָ ווו אַמאָל האָט זיך געפונען די ביבליאָטעק פון די שוועסטער פריידלין, האָט איצט געפונען אַ מקום־

מקלט זיין אייגענע ביבליאָטעק. אַזעלכע ביכער ווי מילל׳ס „לאָגיק״, שלאָ־סער׳ס „אַלגעמיינע געשיכטע״, ספּענסערס סאָציאָלאָגיע, און אַ רייע אַנדע־רע ווערק איבער געשיכטע און פילאָזאָפיע, האָבן פאַר אים געעפנט נייע האָריזאָנטן און האָבן פאַרטיפט זיין פאַרשטעלונג וועגן דער וועלט. נאָך טיילמאָל פלעגט אים באַפאַלן אַן אומעט, וואָס ער האָט נישט געהאַט מיט וועמען זיך צו טיילן מיט די נייע געדאַנקען, וואָס ווערן געבוירן בעתן לייענען: „וויפל מאָל — זאָגט אַ פאַרצייכנונג אין זיין טאָג־בוך — האָט אַ באַגייסטערטער אויסרוף „עווריקא״ אָפּגעקלונגען אין די פוסטע פיר ווענט!... אויב פרייד געטיילט מיט עמיצן איז טאָפּלטע פרייד, איז געדאַנק געטיילט מיט אַ צווייטן — פאַרפילפאַכטער געדאַנק. אָבער בלויז זייער ווייניק מענטשן איז באַשערט אַזאַ גליק״.

ש. דובנאָוו פלעגט אָפּטמאָל אויסקומען איבערצורייסן דאָס שטודירן דעם „אוניווערזיטעט״ צוליב ליטעראַרישע אַרבעטן.

דער שרייבער האָט זיך ווידער אומגעקערט צו דער טעמע, וואָס האָט אים נישט אויפגעהערט צו מאַטערן — רעפאָרם פון יידישער דערציונג. דער נייער עסיי איז געווען אַדורכגעדרונגען מיטן זעלבן גייסט, ווי די פריער־דיקע אַרטיקלען וועגן רעליגיעזע רעפאָרמען, דער טאָן אָבער איז געווען ווייניקער שאַרף. דער מחבר האָט דאָרט אָנגעוויזן אויף אַן אייגנאַרטיקער דער־שיינונג: ווען אַ מענטש פון אַ ווייטן קומענדיקן דור וועט זיך פאַרטיפן אין דעם מאַטעריאַל וועגן דער יידישער דערציונג אין חדר, וועט ער מאַכן דעם אויספיר, אַז דאָס דריי מיליאָניקע רוסישע יידנטום האָט געוואָלט אַלע זיינע זין מאַכן פאַר רבנים. אָנגעוויזנדיק אויף דער נויטווענדיקייט אָפּצו־שאַפן דעם חדר און אויף זיין אָרט איינצופירן וועלטלעכע שולן פאַר אַלגע־מיינער בילדונג, פאַרענדיקט דער מחבר מיט טיפן צער: „איבערן גאַנצן שטח פון תחום־המושב זענען צעזייט טויזנטער קינדערישע תפיסות. דאָרט ווערט באַגאַנגען אַ גרויס פאַרברעכן:... קליינע קינדער ווערן געשלאָגן, עס ווערט אָפּגעטויט דער גייסט און דער קערפּער. פון דאָרט קומען אַרויס אויס־געמאַטערטע, בלייכע באַשעפענישן, אומגליקלעכע, קליינע מענטשעלעך, וואָס האָבן קיין קינדהייט נישט געהאַט: זיי איז פרעמד דאָס רחבות פון פעלד. די פרישקייט פון דער לאָנקע, די טיפענישן פון די בלויע הימלען. זייערע בעסטע קינדער־יאָרן האָבן זיי פאַרבראַכט אין ענגע פיר ווענט, אין אַ שטיקנדיקער אַטמאָספער, ביי אַ גייסטיקער אָנשטרענגונג איבער זייערע כוחות. דאָרט האָט דער קאַנטשיק פון אַן עם־הארץ מיט געוואַלט אַריינ־געקלאַפּט די תורה אין די קינדערשע קעפּלעך. מען האָט זיי גאָרנישט דערציילט וועגן דער וועלט אַרום זיי, וועגן דער נאַטור, וועגן לעבן, נאָר אַלץ וועגן יענער וועלט, וועגן טויט, וועגן גן־עדן און גהינום״.

ווען דער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד״ האָט געקריגן דעם מאַנוסקריפּט,

איז ער געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. ער האָט מורא געהאַט פאַר נייע פּראָטעסטן מצד די פאָרשטייער פון דער פּעטערבורגער קהלה, וואָס זענען געווען אויפגעבראַכט נאָך פון די פריערדיקע אַרויסטרעטונגען פון עזותדיקן זשורנאַליסט. דער מאַנוסקריפּט איז לאַנג געלעגן אין רעדאַקטאָרס פאָרטפעל. לסוף האָט מען אים אָפּגעדרוקט, אָבער מיט קיצורים און מיט אַ באַמערקונג פון דער רעדאַקציע. אַנשטאָט דעם מחברס אונטערשריפט האָט דער רעדאַקטאָר אַוועקגעשטעלט זיינע איניציאַלן אין אַ פאַרקערטן סדר — ד. ס.

נאָך דעם, ווי דער שרייבער האָט אַרויסגעבראַכט זיין פאַרביטערונג, האָט ער זיך ווידער גענומען צום שטודירן; אָבער די בסדרדיקע אָנשטרענגונגען האָבן פאַטאַל געווירקט אויף זיין ראיה. די אויגן האָבן אים אַזוי שטאַרק וויי געטאָן, אַז ער האָט געמוזט אויפהערן לייענען. זיינע נאָענטע פלעגן פאַר אים שעהן־ווייז פאַרלייענען פון זיינע ביכער; דאָס האָט אָבער אים, דעם ביכער־פרעסער, נישט באַפרידיקט.

איין מאָל, ביינאַכט, איז אין שטוב געוואָרן אַ גערודער; עס זענען אָנגעקומען די שעהן פון פריילעכער דערוואַרטונג, און ענדליך האָט די אַקושערקע מיט שטאָלץ צוגעטראָגן דעם יונגן פאָטער אַ רויט נפשל, שטייף פאַרוויקלט אין וויקלשנור. דאָס איז געווען אַ מיידעלע, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן סאָפיע. די ווייטערדיקע טעג זענען נישט געווען קיין פריילעכע: די יונגע מוטער, אַן אויסגעמאַטערטע פון דעם שווערן געבורט, איז אַן אומבאַוועגלעכע געלעגן אין שלאָף־צימער, פון וואַנען עס האָט זיך געלאָזט הערן דאָס שוואַכע פּישטשען פון קינד, און דער ראש־המשפחה איז געזעסן אין קאַבינעט ביי פאַרמאַכטע לאָדנס לויט דער פאַראָרדנונג פון דעם דאָקטאָר. אין דער איינזאַמקייט האָט ער געטראַכט וועגן זיין קראַנקהייט, וועגן זיין אומזיכערער מאַטעריעלער לאַגע. עס האָט זיך אים זייער נישט געוואָלט איינשפּאַנען זיך אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „וואָסכאָד", צו מאַכן פון זיין ליטעראַרישע אַרבעט בלויז אַ קוואַל פון הכנסה און זיין אָפּהענגיק פון רעדאַקטאָר — דעם געשעפטסמאַן. אָבער מיטן געבורט פון קינד זענען צוגעקומען נייע פליכטן...

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט זיך די ראיה פאַרבעסערט, אָבער ש. דובנאָווס אַרבעטס־פּלאַן איז שוין געווען צעשטערט. פון פּאַלעסטינע איז צוריקגעקומען דער ברודער וואָלף, ער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די שווערע פּרימיטיווע ערד־אַרבעט. די ברידער האָבן צווישן זיך געפירט הייסע וויכוחים וועגן נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם. אָבער אין די אַרגומענטן פון יינגערן ברודער האָט זיך שוין נישט געפילט די אַמאָליקע פעסטקייט. אַ גייסטיקער אומרו, וואָס פלעגט אים אַרומנעמען אין די איינזאַמע שעהן אין האַלב־טונקעלן צימער, האָט זיך אַלץ טיפער איינגעגעסן אין דער

נשמה. כּדי אים איינצושטילן, האָט ער זיך געפּרוווט פאַרנעמען מיט פיזישער אַרבעט; דערמיט האָט ער אויך געוואָלט פאַרווירקלעכן טאָלסטאָיס לאָזונג וועגן פּשטות, וואָס איז אים צו יענער צייט באַזונדערס נאָענט געווען צום האַרצן. אויף דער גלעזערנער וועראַנדע האָט זיך באַוויזן אַ סטאָלער־וואַרשטאַט. דאָס שטעטל האָט ווידער געהאַט פון וואָס זיך צו חידושן, צו זיין רעפּוטאַציע פון אַ פרײַדענקער איז אים נאָך צוגעקומען דער שם פון אַ „טשודאַק״. סטאָלעריי איז אין גיכן פאַרביטן געוואָרן אויף איינבינדעריי. אויף די הויכע פּאָליצעס אַרום די ווענט, האָבן זיך באַוויזן פּרימיטיוו־איינגעבונדענע ביכער, וואָס האָבן געשמעקט מיט פרישן פּאַפּ. אָבער אויך די פיזישע אַרבעט האָט נישט געבראַכט קיין מנוחה. עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן אין דער נשמה — שרייבט דער היסטאָריקער וועגן דאָזיקן פּעריאָד פון זיין לעבן — ערגעץ ווו האָט אַ פּלאַץ געטאָן מיין וועלט־אָנשויונג און אין מיין נשמה האָט זיך אַריינגעריסן אומרו. פּונקט ווי עס האָט זיך דערוועקט אין מיר דער צווייפל אין דער אמונה, אַזוי איז איצט געבוירן געוואָרן דער צווייפל אין דער אַלמעכטיקייט פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד. דער פּאָזיטיוויזם, וואָס האָט אומעטום אָוועקגעשטעלט גרענעצן פאַר מיין דענקען, איז מיר געוואָרן צו ענג. מיין גייסטיקער אָרגאַניזם איז אויסגעוואָקסן פון דעם שמאָלן מלבוש״.

ביי דובנאָוון פלעגט אינערלעכער אומרו שטענדיק אַרויסרופן די באַדערפעניש צו ענדערן די סביבה. סוף זומער האָט זיך דער נע־ונדניק ווידער געלאָזט אין וועג אַריין. ער איז אַוועק אין דער הויפּט־שטאָט, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ גרויסע צאָל פון זיינע ביכער.

אין פּעטערבורג איז ער אַריינגעפאַלן אין אַן אַטמאָספער פון געזעלשאַפטלעכן שטילשטאַנד. דער צאַר אַלעקסאַנדער דער דריטער האָט היילִיק אויסגעפירט דעם געבאָט פון רעאַקציאָנערן אידעאָלאָג ק. לעאָנטיעוו „איינפרירן רוסלאַנד״. די רוסיש־יידישע פּרעסע האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון ירידה. עס איז דערשינען נאָר דער „וואָסכאָד״, אָבער אויך איבער אים איז כּסדר געהאַנגען די דאַמאָקלעס־שווערד פון צענזאָר, וואָס פלעגט כּסדר מאַכן דעם רעדאַקטאָר שאַרפע וואָרענונגען. נישט קיין קליינעם שאָדן האָבן געבראַכט דער רעפּוטאַציע פון זשורנאַל די אַרטיקלען, וואָס האָבן שאַרף קריטיקירט דעם יידישן טראַדיציאָנאַליזם. און דאָך האָט א. לאַנדאַו פאַרגעלייגט דובנאָוון, ווי נאָר ער איז צוריק געקומען פון דער פּראָווינץ, אַז ער זאָל באַנייען זיין אַרבעט אין דער היסטאָרישער און קריטישער אָפּטיילונג פון זשורנאַל. אויף די שפּאַלטן פון „וואָסכאָד״ האָבן זיך ווידער גענומען באַווייזן די איבערזיכטן פון „קריטיקוס״, וואָס האָבן פאַרצייכנט יעדע באַדייטנדיקע געשעעניש אין דער דריי־שפּראַכיקער יידישער ליטעראַטור. מיט אַ באַזונדער געפיל האָט דער קריטיקער געשריבן

וועגן קאַרל עמיל פראַנצאָז און זיינע שילדערונגען פון יידישן לעבנס־שטייגער אין גאַליציש שטעטל. אין דעם דאָזיקן אַרטיקל האָבן זיך דערהערט נייע טענער אין דער באַציאונג צום אָרימען, אָפּגעשטאַנענעם, אומעטיקן קליינשטעטלדיקן לעבן — טענער פון מילדער רעזיגנאַציע. דער מחבר פון דעם אַרטיקל האָט דערפילט, אַז אין דאָזיקן לעבן זענען נישטאָ קיין גערעכטע און קיין שולדיקע. דאָס אַרטיקל פאַרענדיקט זיך מיט אַ לירישער ווענדונג צום לייענער: „אייך דוכט זיך, ווי איר וואָלט נאָך אַ לאַנגן וואַנדערוועג געקומען צוריק אַ היים, דערזען די היימישע, נאָענטע און ליבע בילדער, ...און איר האָט אַלץ פאַרשטאַנען — דעם נעכטן און דעם היינט, זייער זין און זייער צוזאַמענהאַנג".

היסטאָרישע טעמעס האָבן, ווי פריער, געלאָקט דעם יונגן שרייבער. עס האָט אים געמאַטערט די פראַגע — וועגן וואָס צו שרייבן: וועגן די ענציקלאָפּעדיסטן, און דער פּערפעקציאָניסטישער טעאָריע פון קאָנדאָרסע אָדער וועגן יידישער מיסטיק און קבלה? אַ געוויסע צייט האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם ווייניק באַקאַנטן יידישן פּאָעט עמנואל ראָמי — אַ מיטצייטלער פון דאַנטע, — וואָס האָט לויטן כאַראַקטער פון זיין טאַלאַנט דערמאָנט היינען. ערנסטע היסטאָרישע פּראָבלעמען באַהאַנדלט ש. דובנאָוו אין זיין אַרטיקל וועגן מאָמזען. ער קריטיקירט דאָרט די איינזייטיקייט פון דעם באַרימטן היסטאָריקער, וואָס האָט פאַראורטיילט דעם נאַציאָנאַלן אויפשטאַנד אין יהודה; ער באַמיט זיך צו רעהאַביליטירן די בריונים, די קעמפער פאַר אומאָפּהענגיקייט, און טיילוויז אַפילו די פרושים, וואָס האָבן זיך באַמיט אויפצושטעלן אַ צוים קעגן דער אַסימילאַציע. אין דעם דאָזיקן אופן פון אַוועקשטעלן די פראַגע פילט זיך שוין אַ דייטלעכער קער פון גראַדליניקן קאָסמאָפּאָליטיזם צו נייע קאָנצעפּציעס.

צוליב דער אויגן־קראַנקהייט פלעגט ש. דובנאָוו פון צייט צו צייט איבעררייסן די ליטעראַרישע אַרבעט, און דעמאָלט, פונקט ווי פריער אין מסטיסלאַוו, האָט דער געלצוונגענער אָפּרו געוועקט אין זיין מוח געדאַנקען, וואָס האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט דעם אידעישן קריזיס. צו יענער צייט ווערן זיינע פאַרצייכענונגען אין טאָג־בוך אַלץ אָפטערע און געגוויערע. אין איינער פון זיי ווערן אויסגערעכנט פיר עטאַפּן, וואָס דער שרייבער האָט דורכגעמאַכט, זוכנדיק אַ האַרמאָנישע וועלט־אָנשויונג: פרומקייט, געלייטערטער גלויבן, דעיזם און פּאָזיטיוויזם. איצט, אַריינטרעטנדיק אין אַ נייער פאַזע, באַמערקט דער מחבר פון טאָג־בוך: „דער כאַראַקטער פון מיין סקעפּטיציזם איז נאָך נישט אינגאַנצן קלאָר. אין אַלגעמיין איז זיין הינטערגרונט אַ ריין־עמאָציאָנעלער. זיינע עיקרדיקע שטריכן זענען: דורשט נאָך גלויבן, וואָס די פּאָזיטיוויסטישע „רעליגיע פון דער מענטשהייט" האָט נישט אין גאַנצן באַפרידיקט; טרויעריקע געדאַנקען וועגן דער אוממעגלעכ־

קייט צו באַגרייפן די סודות פון דעם זיין, גערשעקט וואָס רעגן די נשמה, נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט פון פּאָזיטיוויזם; ספקות אין דעם מאָראַלישן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט".

ווען דעם יונגן שרייבער פלעגן באַהערשן אַזעלכע שטימונגען, האָט עס אים גענומען ציען צו דער טעמע „איוב און קהלת — פּעסימיזם און סקעפּטיציזם אין תנ"ך", עס פלעגן אים קומען אויפן זכרון די ווערטער, וואָס ער האָט אין די קינדער־יאָרן, סוכות־צייט, געלייענט אונטער דער באַגלייטונג פון טרויעריקן האַרבסט־ווינט.

נישט איינמאָל פלעגט ער אין אַזעלכע מינוטן דעקלאַמירן בייראָנס פּעסימיסטישע סטראָפעס:

> Count over the joys thine hours have seen,
> Count over the days from anguish free,
> And know whatever thou past been,
> It is something better not to be.

„איך האָב רעווידירט — שרייבט ער אין „דאָס בוך פון לעבן" — מיין גאַנצע וועלט־אַנשויונג... איך בין געווען באַהערשט פון אַ מין „שרעק פאַר דער פּוסטקייט", וואָס האָט מיך אַרומגענומען אין דער צווישנצייט פון איין טייל לעבן און דעם צווייטן..."

דער באַוווּסטזיין פון גייסטיקער איינזאַמקייט איז ביי אים געוואָרן אַלץ פּיינלעכער. די באַגעגענישן מיט פרוגן האָבן, ווי אין די פריערדיקע יאָרן, נישט געגעבן קיין באַפרידיקונג. פרוג האָט צו יענער צייט זיך געהאַט דערוואָרבן פּאָפּולאַריטעט מיט זיינע פּשוטע, מעלאָדישע לידער אויף נאַציאָנאַלע און ביבלישע טעמעס. שמעון דובנאָוו האָט ליב געהאַט צו הערן פרוגס דעקלאַמאַציעס און אַליין האָט ער אויך מיט באַגייסטערונג דעקלאַמירט אַ סך לידער; ער האָט אָבער אויסגעמיטן צו רעדן מיט פרוגן וועגן די „פאַרשאָלטענע פּראָבלעמען".

אַ סך אינטערעסאַנטער זענען געווען די שמועסן מיט דעם יונגן אַקים פלעקסער־וואָלינסקי, דעם שפּעטער באַקאַנט־געוואָרענעם רעליגיעזן פילאָזאָף און קונסט־קריטיקער. אָפט פלעגט דאָס קליינע סטודענטישע צימערל פאַרהילכט ווערן פון אויפגערעגטע קולות. די יונגעלייט האָבן ביז הייזעריקייט דיסקוטירט וועגן דעם, וועלכע פילאָזאָפיע שטייט העכער — די ענגלישע, צי די דייטשע. פלעקסער האָט היים פאַרטיידיקט דעם העגעליאַניזם, וואָס דער קענער זיינער — דער געטרייער תּלמיד פון מילל'ן — האָט גערופן „גייסטיקע שפּינוועבס". נאָכן וויכוח האָבן זיך ביידע פרידלעך גענומען שטודירן יוריספּרודענץ. פלעקסער — אַ סטודענט פון יורידישן פאַקולטעט — האָט זיך געגרייט צום מלוכהשן עקזאַמען, און ש. דובנאָוו האָט

צוזאַמען מיט אים דורכגעאַרבעט די לימודים, וואָס ער האָט געהאַט אַריינגענומען אין פּראָגראַם פון זיין „היימישן אוניווערסיטעט".

די זומערדיקע חדשים, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין מסטיסלאַוו צוזאַמען מיט דער משפחה, האָבן באַרואיקט זיין נשמה און אויך זיינע אויגן האָבן אָפּגערוט. אין דעם הינטערשטאָטישן הייזל, מיטן סעדל אַרום, האָבן געפּישטשעט זיינע צוויי עופהלעך (פּרילינג־צייט איז געבוירן געוואָרן די צווייטע טאָכטער — אָלגאַ). אידע דובנאָוו, איר שוועסטער פאַניע און שמעונס ברודער וואָלף האָבן פאָרגעלייענט פאַרן מידן גרויסשטאָטישן גאַסט ביכער און זשורנאַלן. די ברידער האָבן ווידער פאַרבראַכט צוזאַמען, האָבן אַ סך געשפּאַצירט הינטער דער שטאָט און פריינדלעך דיסקוטירט. אַמאָל פלעגן זיי זיך אַריינכאַפּן צום זיידן ר׳ בן־ציון. די איינוווינער פון „שולעף" האָבן, ווי אַלעמאָל, קרום געקוקט אויף דעם בלייכן יונגנמאַן אין די טאָפּלטע ברילן; צווישן זיך האָבן זיי זיך געסודעט, אַז דאָס האָט אים גאָט געשטראָפט פאַר זיינע זינד מיט בלינדקייט... און ער, דער אַפּיקורס, וועגן וועלכן זיי האָבן זיך גדאגהט, האָט קלאַפּנדיק מיטן דעמבענעם שטעקן איבערן הילצערנעם טראָטואַר, געטראַכט וועגן זיין נאָענטסטער אַרבעט — אַ כאַראַקטעריסטיק פון בערנע, וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר אַ מין מאַראַן, און וועגן אַ ציקל אַרטיקלען א. ד. ט. „אַלגעמיינער בליק אויף דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן". אין דעם ציקל האָט ער צום ערשטן מאָל געזאָלט אַרויסברענגען דעם געדאַנק, אַז דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור גייען דורך פּאַראַלעל צוויי שטרעמונגען — אַ נאַציאָנאַלע און אַן אוניווערסאַלע. אַן ענדערונג אין די היסטאָרישע בליקן פון דעם מחבר האָט מען געקענט זען אין דעם, וואָס ער האָט דאָ אונטערגעשטראָכן נישט אַזוי דעם קאַמף, ווי די קעגנזייטיקע צוזאַמענווירקונג פון די דאָזיקע צוויי עלעמענטן. פאַרן יונגן היסטאָריקער האָט זיך געעפנט אַ נייער וועג.

## קאַפּיטל אַכט

# די געשיכטע האָט זיך מיר באַוויזן..

אין די אָוונטן, ווען די קינדער פֿלעגן איינשלאָפֿן, און פֿון סעדל האָט זיך דערטראָגן אַ שמעקעדיקע פֿרישקייט, זענען שמעון און אידע געזעסן אויפֿן גאַניק און שטיל געשמועסט וועגן זייערע פּלענער אויף דער צוקונפֿט. צוליב דער אַרבעט זיינער האָט דער שרייבער געדאַרפֿט וווי־נען אין פּעטערבורג; ער האָט זיך אָבער נישט געקענט אַנטשליסן אויס־צושטעלן די משפּחה אויף אַ רעכטלאָזן לעבן. די לעצטע צייט האָט די פּאָליציי אומברחמנותדיק געיאָגט פֿון דער הויפּטשטאָט די אַלע, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט פֿיקטיווע דאָקומענטן. שמעון דובנאָוו האָט באַ־שלאָסן צו גיין מיטן גלייכן וועג — זיך משתדל זיין, אַז מען זאָל אים, ווי אַ שרייבער, געבן דאָס רעכט צו וווינען אין דער הויפּטשטאָט. האַרבסט־צייט איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אומענדלעכע מאַטערנישן. דער סוף איז געווען אַז מ׳האָט אָפּגעוואָרפֿן זיין ווענדונג. אין פּאָליציי־צירקל האָט מען אויף זיין פּאַס געמאַכט אַ קורצע אויפֿשריפֿט: פּאַרלאָזן די שטאָט אין משך פֿון פֿיר און צוואַנציק שעה. פֿריינד האָבן געעצהט נישט אונ־טערצוגעבן זיך, נאָר זוכן נייע מעגלעכקייטן. און דערווייל האָט דער שריי־בער זיך אַרומגעוואָגלט איבער די פֿאַרשטעט, גענעכטיקט אומלעגאַל ביי קרו־בים, אָדער אין רעדאַקציע פֿון „וואָסכאָד" צווישן די פּעק מיט ביכער און פּאַפּירן. ער האָט זיך געפֿילט ווי אַ געיאָגטע חיה. נאָך צוויי חדשים אַרומ־פּלאָגן זיך, האָט דער אייגנטימער פֿון דעם „וואָלפֿישן פּאַס" זיך געמוזט אומקערן אַ היים.

„איך האָב געפֿילט — שרייבט ער וועגן דער דאָזיקער צייט, — אַז עס ענדיקן זיך די געבורט־ווייען פֿון מיין זעלבסטבאַשטימונג, אַז איך וועל זיך ענדלעך מוזן אָפּשטעלן אויף איינעם פֿון די פֿילע אַרבעטס־פּלענער, וואָס האָבן מיך געצויגן אין פֿאַרשידענע זייטן. דאָס זיבן־און־צוואַנציקסטע יאָר פֿון מיין לעבן איז געווען פֿאַר מיר אַ דעציזירנדיקס. ביז דעמאָלט זענען

מיינע געדאַנקען נאָך אַלץ געווען צעשוווּמען אין אַלגעמיין־מענטשלעכע ליטעראַרישע פּלענער, כאָטש פּאַקטיש האָב איך געאַרבעט אין דער יידי־שער ליטעראַטור... מיין אויגן־קראַנקהייט.... האָבן מיר געגעבן אַ געלעגנ־הייט זיך טיפער צו פּאַרטראַכטן. איך האָב זיך איבערציינט, אַז פאַר אמתער שעפערישקייט איז אומבאַדינגט נויטיק דער פּראָצעס פון זיך זעלבסט־באַ־גרעניצן... אַז מיין וועג צ.ם אוניווערסאַלן ליגט בפירוש דורך דעם נאַ־ציאָנאַלן געביט אויף וועלכן איך האָב שוין געאַרבעט... מיר איז קלאָר גע־וואָרן, אַז דאָס דערוואַרבענע אַלגעמיינע וויסן און די אוניווערסאַלע שטרע־בונגען קענען געבן פּרוכטבאַרע רעזולטאַטן אין פאַרבינדונג מיט די אָנגע־זאַמלטע אוצרות פון יידישן וויסן און די נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעקרים־טאַליזירטע נאַציאָנאַלע אידעאַלן. פון דעמאָלט אָן דאַטירט זיך מיין פאַר־אינטערעסירונג צו גרויסע מעמעם פון דער יידישער געשיכטע: פון אַ ברייט־פאַרטראַכטער „געשיכטע פון חסידיזם", און אַ פולער געשיכטע פון מזרח־איירָאָפּעאישן יידנטום, ביז אַ נאָך ברייטערן פּלאַן וועגן אַן אַלגעמיינער געשיכטע פון יידישן פאָלק".

בלעטערנדיק אַ באַנד פון וויקטאָר הוגאָ'ס לידער, האָט זיך דער יונגער שרייבער אָנגעשטויסן אויף שורות, וואָס זענען פאַר אים געווען אַן אמתע אַנטפּלעקונג. דער פראַנצויזישער פּאָעט האָט אין זיין כאַראַקטעריסטיש־פּאַטעטישן סטיל געשריבן: „די געשיכטע האָט זיך מיר באַוויזן, און איך האָב פאַרשטאַנען דעם אַנטוויקלונג־געזעץ פון די דורות, וואָס האָבן גע־זוכט גאָט און האָבן געטראָגן דעם הייליקן אָרון, אַרויפשטייגנדיק, טריט ביי טריט, אויפן ריזיקן לייטער". די דאָזיקע ווערטער זענען פאַר דובנאָוון גע־וואָרן די פאָרמולירונג פאַר דעם פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין מוח. די געשיכטע האָט אים אַרויסגעפירט פון דעם פּעריאָד פון שווערע ספקות, פון פּעסימיזם און רעזיגנאַציע אויף דעם ברייטן וועגן פון שאַפן.

אין יענער צייט האָט זיך דער תלמיד פון מילל און ספּענסער קוים אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון וועגן דעם, פאַר וואָס עס האָט אים אַזוי שטאַרק געצויגן די טעמע „חסידות". אַ נייגונג צו דער דאָזיקער טעמע האָט ער געהאַט נאָך אין דער יוגנט, און דער אינטערעס צו איר האָט אָנגעהאַלטן ביז צום סוף פון זיין לעבן. דאָס איז שווער צו דערקלערן מיט דער פּשוטער נייגיריקייט פון אַ היסטאָריקער צו אַ ווייניק אויסגעפאָרשטער תקופה. שוין אין באַגינען פון זיין טעטיקייט האָט דער שרייבער דערפילט, אַז אין דעם פּסעוודאָ־משיחיזם פון אַ שבתי־צבי אָדער אַ פראַנק, וואָרצלט דער בראשית פון יענעם פּראָטעסט קעגן דער רבנישער פאַרגליווערטקייט, וואָס איז גע־וואָרן די דאָמינאַנטע פון זיין אייגענער יוגנט. איצט האָט ער אין חסידיזם פון בעש"ט און זיינע תלמידים געפונען דעם דאָזיקן פּראָטעסט אין אַ מער

רייפער און טיפער פאָרם. נישט די מיסטיק, וואָס איז אים ווי אַ מתנגד פון דור־דורות פרעמד געווען, נאָר דער ראָמאַנטיזם פון דער גרויסער פאָלקס־באַוועגונג האָט אָנגעצונדן די פאַנטאַזיע פון דעם פאָרשער, ווען ער האָט פּלוצלונג דערפילט אַן אינערלעכע קעלט פון די ניכטערע פאָרמולעס פון פּאָ־זיטיוויזם. בעת די צוגרייטונגס־אַרבעטן האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט דער געשטאַלט פון דעם טרוימער משה לוצאַטו, „אין וועמעס נשמה עס האָבן געקעמפט ליכט און פינצטערניש, די נאַכט פון דער קבלה און דער באַגינען פון רענעסאַנס". אין די שעהן פון זיינע איינזאַמע שפּאַצירן ביי די זומפּיקע ברעגעס פון דער וויעכרע, האָט ש. דובנאָוו פאַרטראַכט אַ מאָ־נאָגראַפיע וועגן דאָזיקן פּאָעט. פון לוצאַטו האָט געפירט אַ גלייכער וועג צו ר' ישראל בעש"ט. „פון דאַן אָן — שרייבט דער צוקונפטיקער היסטאָ־ריקער פון דער חסידישער באַוועגונג — האָבן די שאָטנס פון בעש"ט און אַנדערע גרינדער פון חסידות מיך נישט אָפּגעלאָזט".

די היסטאָרישע אַרבעט פלעגט פון צייט צו צייט איבערגעריסן ווערן צוליב די ליטעראַרישע איבערזיכטן, וואָס קריטילוס האָט סיסטעמאַטיש גע־דרוקט אין „וואָסכאָד". ווייט נישט אַלע זיינע דעמאָלטיקע פּראָגנאָזן האָבן זיך שפּעטער באַשטעטיקט. אַן אָנהענגער פון שטרענגן רעאַליזם, דערצויגן אויף דער רוסישער קריטיק, האָט ער נישט געקענט דערזען אין דעם מחבר פון „מאָניש" דעם צוקונפטיקן גרויסן שרייבער. די פאָרם פון פּרצעס ערש־טע שאַפונגען האָט אים אויסגעזען צו זיין אָנגעצויגן און פּרעטענציעז. אָבער, אין דער פּשוטער דערציילונג „דאָס מעסערל" פון דעמאָלט נאָך אומ־באַקאַנטן שלום־עליכם, האָט דער שטרענגער ליטיקער תיכף דערפילט אַן אמתן טאַלאַנט. שלום־עליכם האָט דערנאָך אַליין מודה געווען, אַז די פּאָ־זיטיווע אָפּשאַצונג אין „וואָסכאָד" האָט אים געגעבן אַ שטאַרקן שטויס צו זיין ליטעראַרישער טעטיקייט; אין יענער צייט, איז שלום־עליכם אַליין נאָך נישט געווען זיכער נישט אין זיינע אייגענע כוחות, נישט אין דער מעג־לעכקייט צו שאַפן עפּעס באַדייטנדיקס אין דער פאָלקס־שפּראַך.

אין דער שטילקייט פון דער פּראָווינץ האָט ש. דובנאָוו נישט אויפגע־הערט נאָכצופאָלגן דעם וווקס פון דער פּאָליטישער רעאַקציע. „אַ שרעק־לעכע, אַ געמיינע צייט! — שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך... — וואָלט איך גע־ווען פיזיש געזונט און אַליין, וואָלט איך אַוועק אין אַמעריקע אויף שטענ־דיק. כ'וואָלט בעסער געגאַנגען האָלץ האַקן אין אַ פרייע לאַנד איידער צו זיין אַ שרייבער אין דעם לאַנד פון ווילקיר, קנעכטשאַפט און דעספּאָטיזם". און אין אַ חודש אַרום שרייבט ער: „טייל מאָל וואַכט אין מיר אויף אַ צאָרנ־דיקע ענערגיע, דעמאָלט דוכט זיך מיר, אַז איך בין פּעאיק צו אַ גרויסער טאַט. איך וואָלט געקעמפט מיטן דעספּאָטיזם, געקעמפט פאַר מיין באַליי־

דיקט פאָלק, פאַר דער צעטראָטענער פרייהייט, פאַר די רעכט פון מענטש, ביז איך וואָלט נישט געפאַלן אין קאַמף... אָבער אַזעלכע מינוטן זענען זייער זעלטן, געוויינלעך איז מיין האַרץ איבערגעפולט מיט הילפלאָזן טרויער".

דער זומער פון יאָר 1887 איז געווען דער ערשטער און לעצטער, וואָס שמעון דובנאָוו האָט פאַרבראַכט מיט זיין פאָטער. מאיר־יעקב דובנאָוו האָט געמוזט פאַרלאָזן זיין אַרבעט אין וואַלד און האָט זיך אומגעקערט אַהיים מיט קראַנקע לונגען. דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען ביים אָפּרעכענען זיך, האָט ער פאַרנוצט אויף צו פאַרווירקלעכן אַן אַלטן חלום זיינעם — אויסצובויען אַן אייגן הייזל. מיט שטילער פרייד האָבן געלויכטן די פּנימער פון די מידע האַרעפּאַשניקעס אין דעם טאָג פון חנוכת־הבית, וואָס איז אויסגעפאַלן פאַר די ימים־נוראים. די שמחה איז נאָר פאַרשטערט געוואָרן דערמיט וואָס דער זון זייערער איז אַפילו אויף יום־טוב נישט געקומען אין שול אַריין דאַווענען. באַלד דערנאָך איז דער פאָטער שטאַרק קראַנק געוואָרן. — „אין טאָג פון יום־כיפור — פאַרצייכנט דער זון אין זיינע זכרונות — האָט ער ליגנדיק אין בעט אין דער שטיל געדאַוונט בלחש און די טרערן זענען אים גערונען איבער די איינגעפאַלענע באַקן. איך בין געשטאַנען ביי זיין בעט. ער האָט אויף מיר געקוקט מיט אויגן, וואָס האָבן אויסגעדריקט פאַרגעבונג, גלייך ווי... ער וואָלט שוין געהאַט אויסגעבעטן פאַר מיר אַ מחילה פאַר מיין פאַרבלאָנדזשעטער נשמה. אין עטלעכע טעג אַרום... איז ער געשטאָרבן. ווען ס'האָט גענומען טאָגן האָט מען ביי מיר אָנגעקלאַפּט אין פענצטער, און איבערגעגעבן די דאָזיקע ידיעה. אַז איך בין אַריינגעקומען, האָב איך שוין דעם פאָטער געפונען ליגן אויף דער ערד, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך, מיט צוויי ליכט צוקאָפּנס. איך האָב זיך אַנידערגעזעצט לעבן זיי אויף דער ערד — אַ יתום צווישן יתומים... אַ סך מענטשן זענען געווען איבעראַשט פון דער אויסערלעכער רואיקייט פונעם זיידן, וואָס האָט פאַרלוירן זיין איינציקן זון. אָבער ס'איז געווען אויפמערקזאַם זיך צוצוקוקן צום זקן, כדי צו באַמערקן, ווי צעבראָכן אינערלעך ער איז געווען... יאָך האַלבן טאָג... זענען מיר שוין נאָכגעגאַנגען נאָכן אָרון; דער פאָטער האָט געהאַט אַ גרויסע לויה, ווי אַ לעבעדיקער סימבאָל פון טרויער האָט זיך צווישן אונז באַוועגט די געשטאַלט פון זיידן. זיין געבראָכענע איינגעהויקערטע פיגור האָט דערמאָנט וועגן סוד פון טויט און אייביקייט. אין דאָזיקן מאָמענט האָט מיך, ווי צו אַ ריזיקן מאַגנעט, אַ ציַ געטאָן צום דאָזיקן פעלז פון גלויבן. אויפן בית־עולם, איבער דעם פרישאָנגעשאָטענעם קבר, האָב איך צוזאַמען מיט מיין ברודער וואָלף געזאָגט מיין ערשטן און לעצטן קדיש".

ביסלעכווייז איז ש. דובנאָוו געקומען צו זיך נאָך דעם שווערן קלאַפּ

און ער האָט זיך צוריק גענומען צו זיינע מאַנוסקריפּטן. ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז כדי אויפצוזאַמלען דעם מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון חסידיזם, איז אומבאַדינגט נויטיק צו מאַכן עטלעכע נסיעות. באַזונדערס פּרוכטבאַר איז געווען דער באַזוך אין ווארשע. נאָך דער שטילקייט פון דער וויטעבסקישער פּראָווינץ האָט אים דער טומל און דאָס האַוועניש פון דעם יידישן האַנדלס־קוואַרטאַל אין ווארשע פּשוט פאַרטויבט. ער האָט זיך אָבער שנעל אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. באַזונדערס גוט האָט זיך אים געאַרבעט אין דער שטילער סינאַגאָגע־ביבליאָטעק, ווו דער אַלטער ביבליאָטעקאַר פלעגט פאַר דעם גאַסט אויסזוכן אַלטע ספרים וועגן חסידות. שעהן גאַנצע פלעגט דובנאָוו אויך נישטערן אין די פּאַרשטאָטיבטע, האַלבפינצטערע קרעמלעך פון די בוקיניסטן. די חסידים־אַנטיקוואַרן אין די לאַנגע קאַפּאָטעס, האָבן מיט חשד געקוקט אויף דעם יונגן קורץ געקליידעטן מאַן, וואָס אינטערעסירט זיך אַזוי מיט ספרים פון צדיקים. ש. דובנאָוו איז געלונגען זיך איינצושאַפן עטלעכע זעלטענע ספרים פון דער אַנטי־חסידישער ליטעראַטור און צו מאַכן ווערטפולע נאָטיצן פון וויכטיקע מקורים. דאָס איז געווען דער ערשטער צושטייער צום אַרכיוו, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער פונדאַמענט צו זיין געשיכטע פון חסידיזם.

איבעריקנס, האָבן וועגן חסידות גערעדט נישט נאָר די פאַרגעלטע בלעטער פון די ספרים, נאָר אויך לעבעדיקע מענטשן. אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן האָט דערציילט דער שרייבער מרדכי ספּעקטאָר, וואָס פלעגט אַליין באַזוכן רביישע „הייף" אין אוקראַינע. וועגן די פּוילישע רביים האָט אַ סך געוווסט דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה" נחום סאָקאָלאָוו. דער יונגער היסטאָריקער איז פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן דורך דער וואַרשעווער ליטעראַרישער משפּחה. באַזונדערס האָט ער זיך באַפריינדעט מיטן איידעלן יעקב דינעזאָן, דעם מחבר פון די פּאָפּולערע יידישע ראָמאַנען. אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן פלעגן זיי שמועסן אויף ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס און אין איינעם אַזאַ אָוונט האָט דינעזאָן זיך פאַר אים מודה געווען, אַז דעם „קריטיקוס" האָט ער זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ זייער שטרענגן און נישט צוטריטלעכן מענטשן.

ווען דער וואַנדערער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט ער געטראָפן אַ נייעם מיטגליד פון דער משפּחה — דעם ניי־געבוירענעם זון יעקב. אין דער ענגער דירה זענען שוין איצט געווען דריי קינדער און אידע דובנאָוו האָט עס געקאָסט נישט ווייניק מי צו שאַפן די נויטיקע אַטמאָספער פאַר איר מאַנס אָנגעשט־ענגטער ליטעראַרישער אַרבעט. מיט פּרנסה איז אויך געווען נישט גרינג. דער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" האָט געצאָלט ווייניק און נישט רעגולער; ער האָט זיך אינגאַנצן נישט גערעכנט מיט די באַדערפעענישן פון

זיינע מיטאַרבעטער. צוליב דער אויגן־קראַנקהייט האָט ש. דובנאָוו נישט געקענט אַפילו טראַכטן וועגן אַנדערע קוואַלן פון פּרנסה. אַלע צרות זענען אָבער פאַרגעסן געוואָרן ביים שרייב־טיש. ווען הינטער דער וואַנט האָט די ניאַניע פאַרוויגט דאָס קינד מיט אַ טרויעריק ווייסרוסיש לידל, האָט דער יונגער היסטאָריקער געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי אָנצוווענדן די פאָר־שונגס־מעטאָדן פון רענאַן צו דער ביאָגראַפּיע פון בעש"ט.

אין 1888 האָט זיך אין „וואָסכאָד" אָנגעהויבן צו דרוקן דער „אַריינ־פיר צו דער געשיכטע פון חסידיזם". מיט אַ באַזונדערן ברען האָט דער מחבר געשריבן יענע זייטלעך, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם רעליגיעזן פּאַנ־טעיזם פון דעם באַגרינדער פון חסידות, זיין התבודדות אין די קאַרפּאַטן־בערג, זיין נעגאַטיווע באַציונג צום רבנישן פאָרמאַליזם. אין דער פולער „געשיכטע פון חסידיזם", וואָס איז דערשינען אין 40 יאָר אַרום, האָט דער היסטאָריקער צוליב וויסנשאַפטלעכע טעמים באַזייטיקט אַ סך לירישע פראַג־מענטן. אָבער אין יענער צייט זענען זיי אים געווען באַזונדערס טייער.

די יוגנטלעכע ליידנשאַפט צו ביכער, צו דענקער, וואָס זענען אים גייס־טיק נאָענט, איז ביי ש. דובנאָוון פאַרבליבן אויך אין די רייפע יאָרן, געביטן האָבן זיך נאָר די אָביעקטן. איצט האָבן דעם אויבן־אָן פאַרנומען רענאַן און טאָלסטאָי. מיט רענאַנען האָט דעם היסטאָריקער פאַרבונדן די געמיינ־זאַמקייט פון זייער גייסטיקער עוואָלוציע. אַ גלענצענדיקער פראַנצויזישער דענקער, אַ תלמיד פון אַ קאַטוילישן סעמינאַר, איז רענאַן פון דער דאָגמאַ־טישער טעאָלאָגיע געקומען צו דער וויסנשאַפטלעכער פילאָזאָפיע און דער־נאָך צו דער פאָרשונג פון רעליגיעזע באַוועגונגען. אונטערן מאַנטל פון פי־לאָזאָפישן סקעפּטיציזם האָט אין אים געלעבט די בענקשאַפט נאָכן פאַר־לוירענעם גלויבן פון די יונגע יאָרן. „דאָס האָט מיך צוגעצויגן צו רענאַנען — שרייבט דער מחבר פון „דאָס בוך פון לעבן" — ...און גלייכצייטיק אויך צו טאָלסטאָיען, דעם באַשאַפער פון אַן עטישן גאָט... איך האָב דעמאָלט מיט אַ טיפן געפיל געלייענט די האַנטשריפטלעכע קאָפּיעס פון טאָלסטאָיס פאַר־באָטענע עסייען — „ווידוי" און „אין וואָס באַשטייט מיין גלויבן". מיך האָבן, פאַרשטייט זיך, שטאַרק ווייניג געטאָן די אָנפאַלן אויף דער וויסנשאַפט און אויף דעם סאָציאַלן קאַמף, עס איז מיר געווען פרעמד... דער פּרינציפּ פון „נישט אַנטקעגנשטעלן זיך דעם שלעכטן", אָבער דער אַלגעמיינער גייסט... איז געווען נאָענט מיין אייגענער שטימונג. עס האָט מיך, ווי מיט צוואַנגען, שטאַרק געצויגן צו די טיפענישן פון דער גלויביקער נשמה, וואָס דער קינסטלער־דענקער האָט אַנטפּלעקט". אין דעם באַוווסטזיין פון דעם פּאָזיטיוויסט, וואָס האָט זיך געפונען אויפן גייסטיקן שיידוועג, האָבן זיך אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן פאַראייניקט די מעלאַנכאָלישע ראַפינירטקייט

פונעם יורש פון אַ דורות־אַלטער קולטור מיטן מאָראַלישן מאַקסימאַליזם פון איינעם פון די בעסטע זין פון אַ יונג פאָלק, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אַרויסגעטראָטן אויף דער אַוואַנסצענע פון גייסטיקן לעבן אין אייראָפּע.

אין גיכן איז דעם אָנהענגער פון גענישלן הומאַניסט אויסגעקומען מיט מעשים צו באַווייזן זיין געטריישאַפט צו טאָלסטאָיען. אין דער פּרעסע זענען אַריינגעדרונגען בייזוויליקע קלאַנגען וועגן טאָלסטאָיס שלעכטע באַציונג צו יידן. געשטאַמט האָבן די קלאַנגען פון עפּעס אַן אומגעלומפּערטן סאַטירישן פעליעטאָן. דובנאָוו איז נישט שווער אָנגעקומען אָפּצולייקענען די רכילות אין דער וועכנטלעכער כראָניק פון „וואָסכאָד". ציטאַטן פון דעם טראַקטאַט „אין וואָס באַשטייט מיין גלויבן" זענען געווען אַ גענוגנדיקער באַווייז, אַז טאָלסטאָיס באַציונג צו יידן איז אין הסכם מיט זיין עטישער לערע. דער מחבר פון דעם אַרטיקל אין דער „כראָניק" האָט זיך אויך פאַררופן אויף אַ געשפּרעך צווישן טאָלסטאָיען און זיין יידישן לערער, דעם מאָסקווער רב מינאָר. דער גרויסער שרייבער האָט נישט איינמאָל אויסגעדריקט זיין אויפגעבראַכטקייט צוליב דעם, וואָס מענטשן, דערצוויגענע אויף דער עוואַנגעליע, נעמען אָנטייל אין פּאָגראָמען. אין גיכן האָט זיך אין דער זעלבער „כראָניק" באַוויזן אַן אָפּלייקענונג אין נאָמען פון טאָלסטאָיען גופא. דער שרייבער האָט באַשטעטיקט די מיינונג, אַז זיין לערע שליסט אויס נאַציאָנאַלע אָדער ראַסן־שנאה. ער האָט דערביי דערקלערט, אַז ער קען בכלל נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי קען אַ דענקנדיקער מענטש זיין אַן אַנטיסעמיט.

די אַרבעט אין „וואָסכאָד" האָט ש. דובנאָוון נישט דערלויבט זיך צו קאָנצענטרירן אינגאַנצן אויף דער גרויסער היסטאָרישער טעמע. עס איז אים אויסגעקומען צו אַרבעטן אָנגעשטרענגט, נערוועז. ווען די אויגן זענען מיד געוואָרן, פלעגט ער זיך נעמען צו זיינע אייגנבינדערישע מכשירים, אָדער ער פלעגט גיין שפּאַצירן מיט דער עלטערער טאָכטער. די זעלטענע שפּאַצירער אויפן פּוסטן שטאָטישן בולוואַר זענען שוין געווען צוגעוווינט צו טרעפן שטענדיק, אַפילו אין די רעגנדיקע און פראָסטיקע טעג, דעם טונקעלן מאַן אין ברילן, אין אַ הויכן פוטערן היטל און דאָס קליינטשיקע מיידעלע מיט רויטע בעקלעך, אין אַ טונקל־בלוי פּעלערל מיט אַ קאַפּטיר. דער פאָטער, וואָס האָט באַשלאָסן צו דערציען זיין טאָכטער לויט מילל'ס סיסטעם, האָט בעת די שפּאַצירן זיך באַמיט איר צו געבן די ערשטע ידיעות פון נאַטור־וויסנשאַפט. באַלד נאָך די דאָזיקע קורצע לעקציעס פלעגט ער זיך נעמען דעקלאַמירן, מיט באַגייסטערונג, לידער פון זיינע באַליבטע פּאָעטן. שווער צו זאָגן, צי דעם מיידעלע האָט אינטערעסירט די פּאָפּולערע אויסטייטשונג פון די נאַטור־געזעצן, אָבער צום ריטם פון די נישט פאַרשטענדלעכע פערזן האָט זי זיך צוגעהערט מיט פאַרגעניגן, און אייניקע אַפילו נאָכגעזאָגט.

אין יענער צייט האָט ש. דובנאָוו געפירט אַ לעבהאַפטע און פאַר־צווייגטע קאָרעספּאָנדענץ. איינער פון זיינע שטענדיקע קאָרעספּאָנדענטן איז געווען שלום־עליכם. ערשט איצט האָט קריטיקוס זיך דערוווּסט דעם אמתן נאָמען פון זיין ליטעראַרישן קאָלעגע. שלום־עליכם האָט צו אים געשריבן וועגן זיינע ברייטע ליטעראַרישע פּלענער, האָט זיך באַקלאָגט אויף דער גרינגשעצנדיקער באַציִונג צו דער פאָלקס־שפּראַך מצד אַ סך שרייבער. אפילו פרוג אַליין, וואָס פלעגט שרייבן לידער און פעליעטאָנען אויף יידיש, האָט אויסגעלאַכט די יידישע שפּראַך אין דער „כראָניק פון וואָסכאָד". אונטער דער השפּעה פון דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ האָט שמעון דובנאָוו אָנגע־שריבן פאַרן „וואָסכאָד" אַן אַרטיקל „וועגן דער זשאַרגאָנישער ליטעראַ־טור". דאָרט באַווייזט ער, אַז די שפּראַך פון די יידישע מאַסן האָט דאָס אומבאַשריטענע רעכט צו ווערן אַן אינסטרומענט פון דער ליטעראַטור, ווייל די דריי־שפּראַכיקייט איז די יידן געוואָרן אָנגעוואָרפן דורך דער געשיכטע. דער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" האָט צום אַרטיקל צוגעגעבן זיינס אַ באַ־מערקונג, אין וועלכער ער זאָגט, אַז די זשאַרגאָנישע זאַמל־ביכער זענען גע־ווינלעך פול מיט „פאַרשידענע שטותים". און דאָך האָט ש. דובנאָוו וויטער געדרוקט אין דער ליטעראַרישער אָפּטיילונג פון „וואָסכאָד" סיסטעמאַטישע איבערזיכטן איבער דער ליטעראַטור אויף יידיש.

די שטיקנדיקע אַטמאָספער פון דעם געזעלשאַפטלעכן בין־השמשות האָט שווער געדריקט אויפן שרייבערס געמיט. אין זיין טאָג־בוך פון יענער צייט שרייבט ער: „כסדר דריקט מיך דער באַוווסטזיין, אַז מיר איז אויסגעפאַלן צו לעבן אין אַן עפּאָכע פון דער סאַמע שרעקלעכסטער רעאַקציע, צו וועל־כער עס נעמט גאָר נישט קיין סוף. אַלע אידעאַליסטישע שטרעבונגען ווערן דערשטיקט, עס הערשט ברוטאַלער כוח, די מאַכט פון סאָלדאַט און פּאָליציי. דער געדאַנק ווערט פאַרפאָלגט, דאָס געוויסן אונטערדריקט... עס דערנענ־טערט זיך דער יאָרטאָג פון אַ גרויסער היסטאָרישער געשעעניש (די פראַנ־צויזישע רעוואָלוציע), און האַלב אייראָפּע וועט זי באַגעגענען מיט פאַראַכ־טונג און מיט אָנגעשפּיזטע באַגנעטן". ערב דעם יוביליי־יאָר 1889 האָט דער יונגער היסטאָריקער דערפילט אַ באַדערפעניש זיך צו פאַרטיפן אין דער אַטמאָספער פון יענע העראָישע יאָרן, און מיט ברען האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן אַ גרעסערן אַרטיקל „די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די יידן".

דאָס אַרטיקל איז דערשינען אין עטלעכע נומערן „וואָסכאָד" מיט דער אונטערשריפט ס. מסטיסלאַווסקי. דער רעדאַקטאָר האָט פון קיטל אַרויס־געוואָרפן דאָס וואָרט „גרויסע", כדי נישט צו דערוועקן ביים צענזאָר קיין חשד, אַז דער מחבר ליובט די רעוואָלוציע. און פונדעסטוועגן זאָגט „דאָס בוך פון לעבן" — „ס'האָט געאָטעמט מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס פון דער

גאַנצער אויפפּאַסונג, פון די ציטירטע רעדעס אין נאַציאָנאַלן קאָנװענט, װאָס האָבן פאַרטײדיקט די ייִדישע עמאַנציפּאַציע. אונטערן מאַנטל פון געשיכטע האָט זיך אײַנגעגעבן דורכצושמוגלען אַ סך פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע".

נאָך יעדן איבעריים פּלעגט זיך ש. דובנאָװ אומקערן צו זײַן באַליב־טער טעמע. אין „װאָסכאָד" האָט זיך באַװיזן אַ ציקל אַרטיקלען אונטערן נאָמען: „דער אויפקום פון צדיקיזם". — דער װײַטערדיקער ציקל, װאָס האָט זיך געדרוקט אין די יאָרן 1890-1891, האָט געטראָגן דעם נאָמען „געשיכטע פון דער חסידישער מחלוקת". די דאָזיקע אַרטיקלען האָט ש. דובנאָװ געשריבן מיט גרויס באַגײַסטערונג. „נאָך קײן מאָל — דערציילט ער אין זײַנע זכרונות — האָב איך נישט אין אַזאַ מאָס געפילט די פרײדן און לײדן פון שאַפן, װי אין די דאָזיקע לאַנגע חדשים אַרבעט אין מײַן פּראָװינצער היתבודדות. עס איז דאָן קײן צײַט נישט געװען פאַר פּערזענלעכן אומעט, נישט פאַר װעלט־פּראָבלעמען".

װאָס מער דער היסטאָריקער האָט זיך פאַרטיפט אין פאָרשן די רע־ליגיעזע באַװעגונגען פון 18־טן יאָרהונדערט, אַלץ ברײטער זענען געװאָרן זײַנע היסטאָרישע האָריזאָנטן. עס איז בײַ אים אויפגעקומען אַ נײַער גרויסער פּלאַן װעגן צונויפקלײַבן מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן און אין רוסלאַנד פאַר אַ משך פון אַ רײַע יאָרהונדערטער. די אַנטדעקונגען, װאָס עס האָט געמאַכט װאָלף דובנאָװ אין די אַרכיװן פון דער מסטיסלאַװלער קהילה, האָבן אַרויסגעפירט זײַן ברודער אויפן געדאַנק צו זאַמלען די פּנקסים פון אַנדערע קהילות. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אויפגאַבע נישט פאַר יחידים, נאָר פאַר אַ היסטאָרישער געזעל־שאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע. אַרבעטן אין אַזאַ געזעלשאַפט איז געװאָרן דער טרוים פון דעם יונגן היסטאָריקער. ס'איז געװען קלאָר, אַז פאַר אַזאַ אַרבעט איז נויטיק די אַטמאָספער פון אַ גרויסן קולטור־צענטער. און דערי־בער האָט ש. דובנאָװ אַלץ מער געשטרעבט אַרויסצורײַסן זיך פון דעם פאַר־װאָרפענעם העק. אָבער זײַנע פּרוּװן זיך צו באַזעצן אין דער הויפּטשטאָט האָבן געליטן אײן מפּלה נאָך דער צװײטער. דערװײַל איז געװאָרן באַקאַנט, אַז אין אָדעס, אין דער דרומדיקער אוניװערסיטעט־שטאָט, איז בײַ אײנער פון די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס געשאַפן געװאָרן אַ פאָנד פאַר פאָרשן די געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד. אין פאַרגלײַך מיט פּעטער־בורג איז אָדעס קולטורעל געװען אַ פּראָװינץ, אָבער די פּערספּעקטיװן פון װיסנשאַפטלעכער און ליטעראַרישער אַרבעט זענען דאָרט געװען ברײטערע, װי אין דעם פאַרװאָרפענעם װײַסרוסישן שטעטל. ש. דובנאָװ האָט באַשלאָסן נאָך אײן מאָל צו פּרוּװן זיך באַזעצן אין פּעטערבורג, און אויב עס װעט נישט געלונגען — אַװעקצופאָרן אויף דרום.

קורץ פאַר זיין אָפּפאָרן פון מסטיסלאַוו האָבן דראַמאַטישע געשעענישן אויפגעטרייסלט דאָס פאַרשלאָפענע שטעטל. דער דרוק פון דער רעאַקציע, וואָס איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן שטאַרקער, האָט זיך געלאָזט פילן אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון לאַנד, האַנט אין האַנט מיט דעם איז געגאַנגען דער וווקס פון יידישער רעכטלאָזיקייט. אין אַ רייע קליינע שטעטלעך פון תחום־המושב האָט די פּאָליציי געמאָלדן דער העכערער מאַכט, אַז יידן האַלטן זיך חוצפּהדיק און ווייזן נישט אַרויס דעם געהעריקן דרך־ארץ פאַר „נאַטשאַלסטוואָ". דער מאָהילעווער גובערנאַטאָר דעמבאָוויעצקי האָט פאַרארדנט דער פּאָליציי, זי זאָל אַכטונג געבן, אַז יידן זאָלן אַראָפּנעמען די היטלען פאַר פאָרשטייער פון דער מאַכט און בכלל זיך האַלטן הכנעהדיק. ווען דער מסטיסלאַווער הויכער באַאַמטער, דער פירשט מעשטשערסקי, האָט באַקומען דעם דאָזיקן צירקולאַר, האָט ער אַרויסגערופן צו זיך די פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה און אויף אַ גראָבן אופן געפאָדערט, אַז זיי זאָלן אין זייער סביבה אויסראָטן די גרינגשעצנדיקע באַציונג צו דער מאַכט. און אויב מען וועט נישט פאָלגן — האָט ער געדראָט מיט קערפּערלעכער שטראָף. די דאָזיקע חוצפּהדיקע פאָדערונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. ווען ש. דובנאָוו, האָט זיך דערוווסט, אַז די יידישע פאָרשטייער האָבן זיך אינגאַנצן פאַרלוירן און אפילו נישט פּראָטעסטירט קעגן די באַליידיקונגען, האָט ער אָרגאַניזירט אַ נייע דעלעגאַציע, אָבער דער ברוטאַלער ביוראָקראַט איז שוין דאָן נישט געווען אין שטאָט. אַ שאַרף אַרטיקל אין דער „כראָניק פון וואָסכאָד" האָט געלאָזט וויסן וועגן דער אומדערהערטער אויפפירונג פון די מסטיסלאַווער מאַכט־אָרגאַנען. דאָס אַרטיקל איז איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ סך רוסישע צייטונגען, אפילו קאָנסערוואַטיווע. די ידיעה וועגן דעם סקאַנדאַל איז אויך דערגאַנגען קיין אויסלאַנד.

די ליטעראַרישע קאַמפּאַניע, וואָס ש. דובנאָוו האָט אָנגעפירט, האָט שטאַרק געהויבן זיין פּרעסטיזש צווישן דער מסטיסלאַווער יידישער באַפעלקערונג. ערב דער ענדגילטיקער צעשיידונג מיטן היימישן שטעטל איז דער אפּיקורס אָמנעסטירט געוואָרן. איינער פון די פאַרביסנסטע פאַנאַטיקער, וואָס האָט דעם יונגן היסטאָריקער געהאַלטן פאַר אַ זיכערן קאַנדידאַט אין גהינום אַריין, האָט לגבי אים אָנגעווענדעט די מימרא פון תלמוד: „יש קונה עולמו בשעה אחת" (מען קען זיך אַמאָל פאַרדינען עולם־הבא אין איין רגע). באַזונדערס איז ש. דובנאָוו געווען גערירט פון דער אָנערקענונג, וואָס ס'האָט אים אַרויסגעוויזן זיין זיידע ר' בן־ציון, וואָס איז דאָן שוין געשטאַנען אויפן ראַנד פון קבר. עס דערציילט וועגן דעם דער מחבר פון „דאָס בוך פון לעבן": „דער 85־יעריקער זקן, וואָס איז שוין געווען כמעט אין גאַנצן בלינד, איז

געזעסן ביים טיש. דער ווייסער קאָפּ, אונטערגעשפּאַרט מיט דער האַנט, איז געווען ווי פאַרטיפט אין די חזיונות פון א דורכגעלעבטן יאָרהונדערט. דאָס פּנים פון דעם זקן האָט אויפגעשיינט פון פרייד, ווען ער האָט דערהערט מיין קול. שטיל זענען געפלאָסן דעם זיידנס רייד: — שמעון, כ׳האָב געהערט, אַז דו האָסט געטאָן א גוטע זאַך, דו האָסט זיך אָנגענומען פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק. ווייל דיר זאָגט מען איצט — מען קען אמאָל זיך פאַרדינען עולם־הבא אין איין רגע. — איך מיין אָבער, אַז דיין נשמה איז קיין מאָל נישט פרעמד געווען צו אונדזער פאָלק. זאָל דיר גאָט געבן, אַז דו זאָלסט אויך ווייטער אַרבעטן פאַר זיין וווילֿ. טיף גערירט האָבן מיר זיך געזעגנט אויף שטענדיק. אין עטלעכע חדשים אַרום איז ר׳ בן־ציון דובנאָוו געשטאָרבן".

דער זומער פון יאָר 1890 איז געווען דער לעצטער, וואָס די משפּחה דובנאָוו האָט פאַרבראַכט אין מסטיסלאַוו. לויט דער עצה פון דער דאָקטאָר איז ש. דובנאָוו נאָך פריער אַוועקגעפאָרן קיין קיעוו היילן זיינע קראַנקע אויגן און האָט עטלעכע וואָכן געוווינט ביי שלום־עליכמען הינטער דער שטאָט. די ליטעראַרישע קלאָלגען האָבן זיך איצט צ.ם ערשטן מאָל באַגעגנט פּערזענלעך, נאָך לאַנגע יאָרן פון באַקאַנטשאַפט דורך קאָרעספּאָנדענץ. ש. דובנאָוו, דעם שרייבער־פּראָלעטאַריער, וואָס האָט אַלע זיינע יאָרן פאַרבראַכט אין נויט איז דאָ אַריינגעקומען אין דער אַטמאָספער פון א פאַרמעגלעכער, ברייטהאַרציק־גאַסטפריינדלעכער משפּחה. דער אונטערשייד אין די אייסערלעכע באַדינגונגען האָט אָבער נישט געשטערט די דערנענטערונג פון די צוויי שרייבער; בעת זייערע שפּאַצירן אין סאָסנע־וואַלד, האָבן די פריינד געפירט אומענדלעכע געשפּרעכן וועגן ליטעראַטור. ערב דער צעשיידונג האָבן זיי זיך געגעבן דאָס וואָרט צו טרעפן זיך פּונקט אין צען יאָר אַרום.

די נייע באַמיונגען פון רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" און פון אַנדערע איינפלוסרייכע פּערזאָנען, אַז מען זאָל דעם שטענדיקן מיטאַרבעטער פון דעם זשורנאַל דערלויבן צו וווינען אין פּעטערבורג, האָבן זיך ווידער נישט איינגעגעבן. די מסטיסלאַווער מאַכט־אָרגאַנען, צו וועמען די פּעטערבורגער פּאָליציי האָט זיך געווענדעט נאָך אינפאָרמאַציעס וועגן דובנאָוון, האָבן פאַרגעשטעלט דעם איניציאַטאָר פון דער לעצטער קאַמפּאַניע קעגן אַנטי־סעמיטיזם, פאַר א פּאָליטיש־פאַרדעכטיקן מענטש. ש. דובנאָוו האָט דעריבער באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין אָדעס.

איבער וועגן, צעשווענקטע פון האַרבסטיקע רעגנס, האָט א באַלעגאָלע אין זיין טרייסלענדיקער בויד, געפירט א מידע יונגע פרוי מיט צעשראָקענע קינדער, פאַרוויקלטע אין שאַלן און פּלעצן. אין מאָהילעוו האָט אויף זיי געוואַרט ש. דובנאָוו, דאָרט זענען זיי איינגעשטיגן אין א קליינעם דאַמפּער, וואָס איז געגאַנגען אויף דרום.

## קאַפּיטל ניין

# דער אָדעסער ליטעראַרישער קרייז

ש. דובנאָוו איז געוווינט געווען צו זיין נע־ונד און נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ שטיל הינטער־שטאָטיש געסל פון אַ פרעמדער שטאָט, אָדער די פּערספּעקטיוו פון אַן אַלעע, וואָס ציט זיך אין דער ווייט, פלעגט אריינ־וואַקסן אין זיין נשמה, ווי אַ באַליבטע מעלאָדיע און ווערן דער פאַן פאַרן אינערלעכן לעבן. די דרום־שטאָט אָדעס אָבער, האָט פאַר דעם פאַר־חלומטן גאַסט פון צפונדיקן ווייס־רוסלאַנד נישט געקענט ווערן „די שטאָט פון דער נשמה". צו אומברחמנותדיק האָט געברענט איר זומערדיקע זון, און ווי מיט נאָדלען האָט געשטאָכן איר ווינטערדיקער ים־ווינט; צו שטיקנ־דיק האָבן געשמעקט די אַקאַציעס אין די הייסע נעכט, צו טומלדיק איז גע־ווען די פילשפּראַכיקע, הייסבלוטיקע באַפעלקערונג. אָבער שמעון דובנאָוו האָט ליב געקריגן די דאָזיקע שטאָט דערפאַר, וואָס דאָ איז אים באַשערט געווען דורכצולעבן די יאָרן פון אמתער רייפקייט. ווען עס האָבן זיך איינ־געשטילט די שטורעמס פון דער יוגנט, און ס'האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ גלייכער און ברייטער וועג.

שפּעטער איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער וויכטיקסטער שטריך פון דעם דאָזיקן פּעריאָד איז געווען דער ערנדגילטיקער זיג פון „היסטאָריזם", וואָס האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דער שטורמישער אַנטיטעזע און מעלאַנכאָ־לישער רעזיגנאַציע. „אין היסטאָריזם — זאָגט דער מחבר פון „דאָס בוך פון לעבן" — האָב איך געפונען אַ קעגנגעוויכט סיי קעגן דעם רעליגיעזן, סיי קעגן דעם פילאָזאָפישן דאָגמאַטיזם. ...איך האָב אַזוי געטראַכט: איך בין אַן אַגנאָסטיקער אין דער רעליגיע און אין דער פילאָזאָפיע... אָבער איך מעג דאָך וויסן, ווי אַזוי עס האָט געלעבט די מענטשהייט... און אויף וועלכן וועג די מענטשהייט האָט געזוכט אמת און גערעכטיקייט. איך האָב פאַרלוירן דעם גלויבן אין אינדיווידועלער אומשטערבלעכקייט, אָבער די געשיכטע לערנט מיר, אַז ס'איז פאַראַן אַ קאָלעקטיווע אומשטערבלעכ־קייט, און... דאָס אויספאָרשן דעם עבר פון יידישן פאָלק פאַרייניקט מיך

צו עפּעס אייביקס... דער היסטאָריזם האָט מיך אַרויסגעפירט פון דעם קרייז פון אינדיווידועלע פּראָבלעמען אויפן ברייטן שליאַך פון סאָציאַלע פראַגן, וואָס זענען ווייניקער טיף, אָבער מער אַקטועל... דאָ האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ וועג צום נאַציאָנאַלן סינטעז, אין וועלכן עס האָבן זיך געדאַרפט פאַראייניקן די בעסטע עלעמענטן פון דער אַלטער טעזע און דער נייער אַנטיטעזע — די יידישע און אַלגעמיין־מענטשלעכע אידעאַלן, דאָס נאַציאָנאַלע מיט דעם הומאַניסטישן.

פאָרנדיק קיין אָדעס, האָט דער שרייבער נישט גערעכנט, אַז ער וועט דאָרט געפינען אַזעלכע באַדינגונגען פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, ווי אין פּעטערבורג. אָבער אָדעס איז דאָך געווען אַ גרויסער יידישער צענטער און די אָרטיקע יידישע אינטעליגענץ האָט געפיבערט מיט די פּראָבלעמען פון יידישן לעבן. ש. דובנאָוו איז באַשערט געווען צו נעמען אַ דירעקטן אָנטייל אין דער פאָרמירונג פון נייע אידעען. אין דער דאָזיקער פּאַזע פון זיינע וואַנדערונגען האָט ער געפונען דאָס, וועגן וואָס ער האָט לאַנג געבענקט — אַ קרייז פון מענטשן, וואָס זייער מסיבה באַפרוכטפּערט דער געדאַנק און סטימולירט אַ טיפערע פאַרשטענדעניש פון דעם עבר און פון דעם היינט. אמת, קיינער פון דעם אָדעסער ליטעראַרישן קרייז האָט נישט דורכגעמאַכט די אַלע עטאַפּן פון יענעם וועג, וואָס האָבן דערפירט דעם אויטאָדידאַקט־אינדיווידואַליסט צו דער נאַציאָנאַלער אידעע; קיינער איז נישט געווען אין אַזאַ מאָס באַאיינפלוסט פון דער רוסישער ליטעראַטור און מערב־אייראָפּעאישער פילאָזאָפיע; אַלע מיטגלידער פון קרייז האָבן אָבער עקשנותדיק געזוכט אַן אויסוועג פון דעם בלינדן געסל, אין וועלכן ס'איז געבליבן שטעקן דאָס יידישע לעבן, אַ פאַרקריפּלטס צוליב רעכטלאָזיקייט. און אויב עס פלעגט קומען צו אַ פריינטלעכער פּאָלעמיק צווישן די שרייבער, האָט זי נאָר בייגעוווירקט צו פאַרטיפן און אויפקלערן די שטרייט־פראַגן.

די דובנאָווס האָבן זיך באַזעצט אין אַ זייטיקער גאַס; פון דאָרט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ וועג צום ים. די גאַס, אַ פאַרשטויבטע, ברוקירט מיט קרומע שטיינער, איז זומער געלעגן אַ פאַרשמאַכטע פון דער שאַרפער אומ־ברחמנותדיקער היץ, און ווינטער איז זי געזונקען אין הורבעם שניי. די פענצטער פון דער דירה זענען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ גרויסן הויף, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג פאַרהילכט געוואָרן מיט קינדערשן געשריי. אין די שטורמישע שפּילערייען האָבן אָפטמאָל אָנטיילגענומען אויך ש. דובנאָווס קינדער; אינדערהיים האָבן זיי געדאַרפט זיך האַלטן רואיק, כדי נישט צו שטערן דעם פאָטער.

דער סאַמע ליכטיקסטער און גרעסטער צימער אין דער נייער דירה

איז, ווי אַלע מאָל, געווען דעם שרייבערס אַרבעטס־קאַבינעט. אַרום די ווענט האָבן זיך געצויגן הויכע העל־ברוינע פּאָליצעס פון סאָסנע־האָלץ. די פּאָליצעס זענען געווען פול פאַרשטעלט מיט ביכער, ערטערווייז אין טאָפּעלע שורות. די ביכער זענען געווען צעשטעלט לויט אַ באַזונדערן פּלאַן: מען האָט צו יעדער מינוט געקענט געפינען דאָס נויטיקע בוך. אַ באַזונדערע גרויסע פּאָליצע איז געווען באַשטימט פאַר דער אָפּטיילונג „יודאיקא"; אויף אַן אַנדערער זענען אין געדיכטע שורות געשטאַנען קליינע בענדלעך – די ווערק פון די אייראָפּעאישע פּאָעטן, מערסטנטייל אין אָלטע, פון מיז צעגעסענע איינבונדן. די דאָזיקע ביכער, וואָס האָבן געשטאַמט פון די פאַרשט. יבטע פּעטערבורגער אַנטיקוואַרישע קראָמלעך, געקויפטע פאַרן פּריי, פון גאַנצע וואָכן נישט דערעסן, זענען אָפט געלייענט געוואָרן: אַ סך שטעג, זענען געווען אונטערגעשטראָכן מיט אַ פּאַרביקן בלייער. איבערן פּשוטן, ברייטן שרייבטיש, אויף וועלכן ס'האָט שטענדיק געהערשט אַ מוסטערהאַפטע אָרדנונג, זענען געהאַנגען קליינע אָוואַלע פּאָרטרעטן פון היינע, בערנע, בייראָן און שעלי, אין געשניצטע ראַמלעך. בעת דער אַרבעט האָט דער שרייבער ליב געהאַט צו שפּרייזן הין און צוריק איבערן שמאָלן, פּאַרביקן טרעטער, אַרומקלערנדיק און שליפּנדיק אַ פראַזע. אויב די אַרבעט איז געגאַנגען גלאַטיק, פּלעגט ער אַמאָל שטיל אונטערזינגען אַן אומעטיקן ניגון פון דאַווענען, פון וועלכן ער פּלעגט, אומגעריכט, איבערגיין צו אַ רוסיש פאָלקס־ליד.

די איינאָרדנונג פון קאַבינעט האָט, ווייזט אויס, אַנטשפּראָכן די אינערלעכע באַדערפענישן פון שרייבער. שפּעטער האָט מען געקענט מיינען, אַז דער אָדעסער קאַבינעט איז, ווי ער שטייט און גייט, אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין ווילנע, פּעטערבורג, בערלין אָדער ריגע. אויף אַלע עטאַפּן פון ש. דובנאָווס וואַנדערונגען האָט זיך דער אויסזען פון זיין אַרבעטס־צימער נישט געענדערט. דער ספּאַרטאַניש־מעבלירטער קאַבינעט איז נישט נאָר געווען אַן אַרבעטס־פּלאַץ; אויף דער קאַנאַפּע נעבן אַ קיילעכדיק טישל האָט מען געפירט לאַנגע אינטימע שמועסן. ווען אָבער דעם ליטעראַרישער קרייז איז געווען פאַרזאַמלט אין פולן קאָמפּלעט, פּלעגט די גאַסטפריינדלעכע בעל־הביתטע גרייטן צ ם טיש אין דעם האַלב־טונקעלן באַשיידענעם עס־צימער, אויפן טיש איז געשטאַנען אַ זידיקער סאַמאָוואַר און אַ גרויסע וואַזע מיט היימיש, באַטעמט־שמעקעדיק געבעקס.

די קאָלירפולסטע פיגור אין דעם אָדעסער קרייז איז געווען שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש — מענדעלע מוכר ספרים. די ערשטע באַגעגעניש וואָס איז געוואָרן דער אָנהייב פון דער כמעט 30־יעריקער פריינדשאַפט צווישן די שרייבערס, איז פאָרגעקומען קורץ נאָך ש. דובנאָווס באַזעצן זיך אין

אָדעס. מענדעלע, וואָס איז דאַן שוין געווען, כמעט, אַ בן־שישים, האָט פאַרוואַלטעט מיט דער אָדעסער תּלמוד־תּורה. ער האָט געוווינט אין דער שול־געביידע אויף אַ פאָרשטאָט, געדיכט באַוווינט פון אָרעמעלייט. זיין דירה האָט געאָטעמט מיט אומעט; דאָס מאַסיווע, טונקעלע מעבל האָט אויסגעזען, ווי צוגעוואָקסן צו דער פּאָדלאָגע; פון די שווערע, פאַרשטויבטע גאַרדינען האָט זיך געהערט אַ ביטערער ריח פון נאַפטאַלין. דער דאָזיקער ריח האָט זיך אויך געהערט אין אַלע גרויסע קאַלטע צימערן; ער האָט זיך געטראָגן פון דעם פלאַנעלענעם שלאָפראָק פון דער בעל־הביתטע — אַ שווייגעוודיקע, צעקנייטשטע זקנה מיט אַן אייביק אונטערגעבונדענער באַק; אַפילו די האַרטע מיאַטנע קיכלעך, וואָס זי פלעגט שטענדיק דערלאַנגען צו דער טיי, האָבן אויך געשמעקט מיט נאַפטאַלין. אויפן פּאָן פון די אָפּגעבליאַקעוועטע טאַפּעטן האָט דער בעל־הבית פון דער דירה מיטן שפּאַרבער־פּראָפיל פון אונטער דער קוטשמע זילבערנע האָר, מיט זיינע שאַרפע אויגן און האַסטיקע באַוועגונגען, אויסגעזען ווי אַ גרויסער רויבפויגל אין אַ שטייג. ש. דובנאָוו איז געווען איבערראַשט פון מענדעלעס אייגנאַרטיקער רייכער, בילדערישער און פּאַראַדאָקסאַלער שפּראַך, וואָס האָט געשפּרודלט מיט אָן אַ שיעור שפּרונגען, אָפּנייגן און אומגעריכטקייטן. „עס האָט אונז אין אָנהייב דערנענטערט — שרייבט ש. דובנאָוו אין זיינע זכרונות — דאָס, וואָס מיר זענען ביידע געווען אומפּאַרטייאיש און פריי פון קרייזל־השפּעות. חוץ דעם האָט זיך אַבראַמאָוויטש געקענט איבערציַיגן, פון מיינע ליטעראַרישע איבערזיכטן ווי הויך איך שאַץ אָפּ זיין שאַפן אויף ביידע אונזערע שפּראַכן... אַ פּערזענלעכער שמועס מיט אַבראַמאָוויטש'ן האָט פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן, כאָטש... ער האָט נישט געהאַלטן פון קיין שמועס וואָס האָט געדויערט ווייניקער ווי דריי־פיר שעה און דערצו נאָך האָט ער ליב געהאַט די מאָנאָלאָג־פאָרם. פאַר מיר, דעם סיסטעמאַטיקער, איז געווען זייער באַלערנדיק דער וויכוח מיט אַ מענטשן, וואָס איז נישט געבונדן מיט קיין שום סיסטעמען, וואָס אימפּראָוויזירט אָריגינעלע געדאַנקען אין משך פון געשפּרעך. מענדעלע האָט זיך אַלעמאָל געהאַט זיין אייגענעם צוגאַנג צו יעדער פראַגע. זיין מיטשמועסער, וואָס פלעגט זיך וועלן פאַרנעמען אין דער ברייט — האָט ער באַוויזן זיך מער צו פאַרטיפן אין דעם ענין.. אין רעזולטאַט איז די פראַגע געוואָרן פאַרטיפט און אויפגעקלערט גאָר פון אַ נייער, נישט פאָרויסגעזעענער זייט".

בעת די צוזאַמענטרעפן מיט פריינד האָט דער אַלטער שרייבער געקענט רעדן נאָר אויף איין טעמע: אַמאָל איז דאָס געווען אַן אומדערוואַרטעטע אינטערפּרעטאַציע פון אַ פּסוק אין דער סדרה פון דער וואָך, (זיין אַרבעטס־טאָג פלעגט מענדעלע מוכר ספרים, געוויינלעך, אָנהייבן מיט

לייענען אַ קאַפּיטל תנ"ך), און אַמאָל אַ פאַרביקע דערציילונג וועגן דעם, וואָס דער שרייבער האָט נאָר וואָס געהאַט געזען. גייענדיק צו די דובנאָווס פלעגט מענדעלען אויסקומען דורכצוגיין דורך דער גאַנצער שטאָט. פלעגט ער זיך תמיד אָפּשטעלן אויפן מאַרק, אַ פאַרשטעלטן מיט וועגענער און מיט זיינע שאַרפע אויגן האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון דער טומלדיקער געדיכטעניש אַמאָל כאַראַקטעריסטישע מענטשלעכע פיגורן, אַמאָל די געשטאַלטן פון די אויסגעדאַרטע, באַלעגאַלישע פערד. צו די דובנאָווס פלעגט ער שוין קומען אָן אָנגעלאָדענער מיט נייע איינדרוקן, אָן אינערלעך אָנגערעגטער. אָפט האָט ער דאָרט געטראָפן אַ קרייז פון געסט. מיט אַן אומגעדולדיקן זשעסט פלעגט ער אָפּרוקן אָן אַ זייט די געוויינלעכע טעמע — דאָס ביטערע קלאָגן זיך אויפן ווּקס פון די גזירות און אַנטיסעמיטיזם — און פלעגט אָנהייבן, נישט קוקנדיק אויף קיינעם, — צו דערציילן וועגן דער קליאַטשע מיטן צעפּאַסעוועטן רוקן, מיט די ליידנדיקע אויגן, וואָס ער האָט נאָר וואָס געהאַט געזען. די אַרומיקע פלעגן, נישט ווילנדיק, אַנטשוויגן ווערן, אונטערוואַרפנדיק זיך דער היפּנאָטיזירנדיקער מאַכט פון מענדעלעס קינסטלערישער אימפּראָוויזאַציע. מענדעלע איז אויך געווען אַן אימפּראָוויזאַטאָר אין זיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. איין מאָל, ווען מען האָט אים געכאַפּט ביי אַ סתירה, פאַרגלייכנדיק זיינע רעדעס אויף צוויי פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען, האָט ער בייז אַ ברום געטאָן: „בין איך דען מחויב יעדן שבת זיך צו האַלטן ביי איין און דער זעלבער מיינונג?".

דובנאָוו דעם היסטאָריקער, וואָס איז פון זיין פריסטער יוגנט אָן געווינט געווען צו שטרענגער גייסטיקער דיסציפּלין, האָט אימפּאָנירט מענדעלעס אינטויציע און זיין שאַרפע באָאַבאַכטונגס־פעאיקייט, אָבער אין זייער נאָענטקייט זענען אויך געווען בלויזן. די האַרבע יוגנט פון דעם משכיל־בונטאַר איז דורכגעגאַנגען אונטערן צייכן פון פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען און פון זוכן אַ האַרמאָנישע וועלט־אַנשויאונג. זיין עלטערער חבר האָט פון דעם נישט געוווּסט. צום גליק איז אין דעם אָדעסער קרייז אויך געווען אַ מענטש, וואָס איז געווען גוט באַהאַווּנט אין דער ענגלישער פילאָזאָפיע און האָט אין זיך פאַראייניקט דעם רבנישן ראַציאָנאַליזם מיטן ראַציאָנאַליזם פון די ענציקלאָפּעדיסטן. דאָס איז געווען אחד־העם (אָשר גינזבורג).

די פריינדשאַפט, וואָס איז געווען באַזוכט אויף עכטער גייסטיקער קרובהשאַפט און האָט אָנגעהאַלטן ביז אחד־העמס לעצטע טעג, איז אויפגעקומען נישט מיטאַמאָל: פריער איז צווישן די צוויי שרייבער אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטע פּאָלעמיק. דאָס ערשטע אַרטיקל, וואָס ש. דובנאָוו האָט אָנגע־

שריבן אין אָדעס, האָט געטראָגן דעם נאָמען „אייביקע און פאַרבייגייענדי־קע אידעאַלן פון יידנטום". דער מחבר האָט געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן צוויי ביכער: אַ זאַמלונג פון אַרטיקלען פון פראַנצויזישע געלערנטע וועגן דער היסטאָרישער מיסיע פון יידישן פאָלק און דעם אַלמאַנאַך „כברת" (דער בינשטאָק), וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן די אָדעסער גרופּע חובבי־ציון מיט דער באַטייליקונג פון אחד־העם און ליליענבלום. ש. דובנאָוו האָט אָנגע־וויזן אויף דעם אונטערשייד, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן: אין דער צייט, ווען די אויפמערקזאַמקייט פון די פראַנצויזישע געלערנטע איז צוגע־שמידט צו די „אייביקע" אוניווערסאַלע אידעאַלן פון די נביאים, גייען אונ־זערע „היימישע נאַציאָנאַליסטן", וואָס זייערע פּאַקעלן „ברענען נישט העכ־לער פון אַ גראָשעדיק ליכטל", נישט ווייטער, ווי פון ענג־פּראַקטישע אויפ־גאַבן. באַזונדערס שאַרף האָט דער מחבר קריטיקירט ליליענבלומען, וואָס האָט גערופן אָפּצוהיטן יענע יידישע קולטור, וואָס איז פאַרקערפּערט אין די רעליגיעזע דינים. אין דעם היסטאָריקער־פּובליציסט האָט דערוואַכט דער קעמפערישער פרייַדענקער און ער האָט איראָניש געפרעגט: „פון ווען אָן האָט ליליענבלום אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז דער קריטעריום פון אמתער יידישקייט איז דער שולחן־ערוך פון יוסף קאַראָ?".

אַ מער פרידלעכן כאַראַקטער האָט געטראָגן די פּאָלעמיק מיט אחד־העם'ען. אין דער דאָזיקער דיסקוסיע האָט דובנאָוו צום ערשטן מאָל אַרויס־געזאָגט זיין אידייע פון „גייסטיקן נאַציאָנאַליזם". וואָס ער האָט שפּעטער אויספירלעך באַגרינדעט אין זיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום". אחד־העם האָט אים געענטפערט מיט זיין באַרימטן געוואָרענעם אַרטיקל „עבדות בתוך חירות" (קנעכטשאַפט אין פרייהייט). דאָס דאָזיקע אַרטיקל איז געוואָרן דער אָנהייב פון אחד־העמס ליטעראַרישער באַרימטקייט. אַנאַ־ליזירנדיק דעם פראַנצויזישן זאַמלבוך, האָט אחד־העם אָנגעוויזן אויף די שפּורן פון אינערלעכער קנעכטשאַפט אין דער אידעאָלאָגיע פון די מערב־אייראָפּעאישע יידן, וואָס זוכן צו באַרעכטיקן זייער יידישקייט מיט דער היסטאָרישער מיסיע פון יודאַאיזם, ווייל זיי פילן זיך נישט ווי מיטגלידער פון דער לעבעדיקער יידישער נאַציע.

צום ערשטן מאָל האָבן די שרייבערס זיך באַגעגנט אין יאָר 1891. אחד־העם האָט אויף דובנאָוון באַלד געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ מענטשן מיט אַ שטאַרקן און קלאָרן מוח. פון זייער געשפּרעך האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז אחד־העם איז גוט באַקאַנט מיט דער טעאָריע און פּראַקטיק פון חסידות: ער איז אויפגעוואַקסן אין אַ חסידישער סביבה אויף אוקראַינע און האָט חתונה געהאַט מיט אַ רבינס אַן אייניקל פון דער משפחה שניאורסאָן. אשר גינצבערג האָט חוץ גרויסע יידישע קענטענישן פאַרמאָגט

אויך אַ סאָלידע אַלגעמיינע בילדונג; די אייראָפּעאישע שרייבער האָט ער געלייענט אין אָריגינאַל. ער איז געווען אַן אָנהענגער פון דער ענגלישער עוואָלוציאָנערער שול אין דער פילאָזאָפיע, און דאָס האָט די שרייבערס דערנענטערט. פונדעסטוועגן זענען זיי געוואָרן נאָענט ערשט אַ סך שפּעטער: ש. דובנאָוו האָט אויסגעזען פרעמד אין די סביבה פון דעם געשלאָסענעם מאַסאָנען־אָרדן „בני־משה" צו וועלכן אחד־העם האָט געהערט, אין די אַטמאָספער פון די פאַרזאַמלונגען ביי אחד־העמען אין שטוב, וואָס זענען געווען ענלעך צו „מיש־פּראָווען" אין אַ רבישן הויף. ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום איז צווישן ביידע שרייבערס אויפגעקומען אַן אמתע, טיפע פריינדשאַפט, געבויט אויף געמיינזאַמע אינטעלעקטועלע אינטערעסן און גייסטיקע שטרעבונגען. אחד־העם איז געווען ווייט פון יענעם שמאָלן פּראַקטיציזם, קעגן וועלכן עס האָט געדונערט ש. דובנאָוו שרייבנדיק וועגן „די אייביקע אידעאַלן". אין זיין אַרטיקל „לא זו הדרך" („נישט דאָס איז דער וועג"), האָט אחד־העם געוואָרנט זיינע חברים זיי זאָלן נישט צופיל מיטגערים ווערן, מיט „קליינע ענינים". אחד־העם, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ פרומער חסידישער סביבה, איז אַליין געווען אַן עקסטרעמער ראַציאָנאַליסט, זיין גלויבן אין כוח פון פאַרשטאַנד איז געווען אַ פעסטער און אַבסאָלוטער, און איז געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט אַ שטרענגער מאָראַלישער דיסציפּלין. גייענדיק אַזוי מיט זיין גלייכן פאַריינזאַמטן וועג, האָט ער אויסגעזען צו זיין נישט צוטריטלעך פאַר נסיונות. דאָס האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ חותם פון פוריטאַנישער שטרענגקייט און מעלאַנכאָליע; דאָס אָפּזאָגן זיך פון פּשוטע ערדישע פריידן גייט נישט דורך אומבאַשטראָפט אַפילו דעמאָלט, ווען עס ווערט דערגרייכט אַן אָ קענטיקער אָנשטרענגונג. ש. דובנאָוו, וואָס האָט שטאַרק געשעצט דעם אינטעלעקט און די מאָראַלישע ריינקייט פון זיין נייעם פריינד, האָט בשום אופן נישט געקענט שלום מאַכן מיט זיין אָרגאַנישער גלייכגילטיקייט צו דער נאַטור, צו פּאָעזיע, מוזיק און פאַרבן־שפּיל. אין דער אַטמאָספער אַרום דעם דאָזיקן מענטשן מיטן הויכן שטערן פון אַ דענקער און מיט קאַרגע געמאָסטענע באַוועגונגען איז געווען עפּעס פון דעם דורכזיכטיקייט און אייזיקער רואיקייט פון באַרגיקע הויכן.

דער קליינער קרייז מענטשן, וואָס זענען, מער אָדער ווייניקער, געווען פאַרבונדן מיט דער ליטעראַטור, האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן סיסטעמאַטיש. די פאַרזאַמלונגען פלעגן פאָרקומען אין די שבתים, צום אָפטסטן ביי די דובנאָווס אָדער די אַבראַמאָוויטשעס, ווו עס פלעגן זיך צונויפקלייבן אַ 10-12 מענטשן. מענדעלעס זילבערנע טשופּרינע פלעגט אויפציטערן איבער זיין שפּאַרבער־פּראָפיל, ווען ער פלעגט האַסטיק זשעסטיקו־

לירן, כדי אונטערצושטרייכן זיין בילדערישע רעדע. נעבן אים האָט זיך גע־קאָכט, ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער דער קליינער קורצזיכטיקער, נער־וועזער בן־עמי (ראַבינאָוויטש), אַ רוסיש־יידישער בעלעטריסט פון נישט קיין גרויסן פאַרנעם, אַ פאַנאַטישער נאַציאָנאַליסט, ביי וועמען די ליבע צו זיין פאָלק האָט זיך אויסגעדריקט אין שנאה צו אַלץ, וואָס איז נישט יידיש. אויפמערקזאַם פלעגט זיך צוהערן צו די דאָזיקע ויכוחים דער רואיקער שווייגעוודיקער י. ראַווניצקי, אַ שרייבער און אַ העברעאישער פּעדאַגאָג; זעלטן נאָר פלעגט ער אַריינוואַרפן אין דעם הייסן ויכוח אַ דורכגעטראַכט וואָרט. אחד העם האָט געהערט שווייגנדיק, דערנאָך פלעגט ער זיך אויפ־שטעלן מיט דער גלאָז טיי אין האַנט; זיין לענגלעכדיק געזיכט מיט די שאַרפע שטריכן האָט אויסגעזען קאַלט, זיין שטים האָט געקלונגען רו־איק און מאָנאָטאָן. מיט דעם גלייכמעסיקן באַוועגן די האַנט אַרויף און אַראָפּ האָט ער, ווי מיט אַ האַמער, אַריינגעקלאַפּט זיינע אַרגומענטן אין די מוחות פון די צוהערער. ש. דובנאָוו האָט נישט געקענט רעדן רואיק. ער פלעגט זיך אָנצינדן ביי דער באַרירונג מיט פרעמדע געדאַנקען, ער האָט זיך געפרייט מיט דער מעגלעכקייט אַרויסצוזאָגן דאָס פאַרבאָרגענע, דאָס וואָס האָט זיך אין זיין מוח אָנגעקליבן אין די לאַנגע שעהן פון איינ־זאַמע טראַכטענישן איבערן גורל פון זיין פאָלק און פון דער מענטש־הייט. אייגנטלעך, איז אויף די דאָזיקע מסיבות, ווו די אָנטיילנעמער זענען געווען מענטשן, פאַרשידענע לויט זייער טעמפּעראַמענט, לעבנס־שטיי־גער און אַרט דענקען, יעדע רעדע געווען אַ מאָנאָלאָג.

צו אַלע רעדעס פלעגט זיך אויפמערקזאַם צוהערן די יונגע בלאָנדע פרוי מיטן מילדן פּנים און אויסגעהאַרעוועטע הענט. זי איז נישט נאָכגעגאַנגען בלינד נאָך קיין איינעם פון די רעדנער, און נישט אַלע מאָל האָט זי מסכים געווען אַפילו מיט די לײדנשאַפטלעכע טיראַדעס פון איר אייגע־נעם מאַן. זי פלעגט קריטיש אָפּשאַצן די אַרגומענטן און באַמערקן לאָגישע סתירות. דאָס לעבן אירס איז געווען אויסגעפולט מיט שווערער טאָג־טעג־לעכער אַרבעט און מיט זאָרגן פאַר דער משפחה. אידע דובנאָוו געהאַט וויייניק צייט אויף לייענען און שטודירן, אַ סך זאַכן האָט זי זיך צוגע־ווינט אויפצוכאַפּן מיט איר אינטואיציע. די מער סובטעלע מיטגלידער פון ליטעראַרישן קרייז האָבן דאָס געוווסט און אָפּגעשאַצט.

אין די זומערדיקע חדשים פלעגט די געגנט אַרום אָדעס ווערן די רעזידענץ פון דעם קרייז. דעם ערשטן זומער האָט די משפחה דובנאָוו פאַר־בראַכט אין דער דייטשישער קאָלאָניע לוסטדאָרף, אויפן ברעג פון שוואַרצן ים, אין אַ באַשיידן ליימען הייזל מיט אַ שטרויענעם דאַך. די דובנאָווס, וואָס האָבן געשטאַמט פון צפון, זענען געווען אַנטציקט מיט דער פּראַכט־



י. ח. ראַוויניצקי, ש. י. אַבראַמאָוויטש, ש. דובנאָוו, ח. נ. ביאַליק.

קער פּאַרביקייט פון דרום, — דער נעדיכטער הייסער בלויקייט פון די ים־כוואַליעס אויף דעם בלענדנדיקן גאָלד פון זאַמדיקן ברעג. אויף איינזאַמקייט האָט מען זיך דאָ נישט געקענט באַקלאָגן; אומגעריכט האָבן זיך בשכנות באַזעצט די אַלטע גוטע פריינד — שלום־עליכם, וואָס האָט נאָך אַ פינאַנציעלער קאַטאַסטראָפע פּאַרלאָזט קיעוו, צוזאַמען מיט זיין משפחה, און ש. פרוג, וואָס האָט אָנגעווירן זיין ווינרעכט אין פּעטערבורג. אָפט פלעגן קומען צופאָרן אין לוסטדאָרף אבראַמאָוויטש און ראַווניצקי, און מען פלעגט מאַכן אויספלוגן אין דער אומגעגנט. מיט אַ וואַרעם געפיל דערמאָנט דובנאָוו די דאָזיקע טעג אין יאָרן אַרום: „איבערן גאַנצן ברעג האָט זיך געטראָגן דער געקלאַנג פון די ים־כוואַליעס און וויטער, אויף די פעלדער, אין די סעדער און ווינגערטנער, האָט געהערשט די טיפע שטילקייט פון שפּעט־זומער, ווען אין דער דורכזיכטיקער לופט פילט זיך די צאַרטקייט פון דער דרומדיקער זון, וואָס... איז שוין אַזאַ ווייכע, אַזאַ באַרויקנדיקע. מיר פלעגן אַריינגיין אין דעם שכנותדיקן גוט... זיצן אין דעם ווינגאָרטן, ...און קומען אַהיים, דאָס הייסט צו מיר אויף דער דאַטשע, מיט אַ גרויסער פלאַש וויין". אין ש. דובנאָוס זכרון איז פאַרבליבן איינער אַזאַ אָוונט; „ביז שפּעט אין דער נאַכט — דערציילט ער — זענען מיר געזעסן אין דער אַלטאַנקע אויף אונזער הויף, געטרונקען וויין, לעבהאַפט געשמועסט און געזונגען פאָלקס־לידער. מענדעלע איז געווען אומדערמידלעך. ער האָט דערציילט ווען אַמאָל און אַרויסגעזאָגט דערביי אַ סך אָריגינעלע געדאַנקען. פרוג האָט פרעכטיק געזונגען אַ חסידישע פּאַראָדיע, בן־עמי, וואָס איז דעם אָוונט געווען פרידלעך געשטימט, האָט געזונגען אַן אומעטיקן חסידישן ניגון און מיר אַלע האָבן אים אונטערגעהאַלטן. די יידישע פאָלקסלידער האָבן פאַרהילכט די שלאָפנדיקע דיטשישע קאָלאָניע, און פון ברעג האָבן אונז אַקאָמפּאַנירט די קלינגענדיקע ים־כוואַליעס. אין דער דאָזיקער נאַכט איז אונז אַלעמען אַזוי גוט געווען, אונז אַלעמען, וואָס זענען אַזוי אומעטיק, אַזוי פאַרזאָרגט, אַזוי דערדריקט צוליב אייגענע צרות און צוליב די צרות פון אונזער פאָלק...

אַמאָל פלעגט אין דעם ליימענעם לוסטדאָרפער הייזל אַריינקומען שלום עליכם, אַ שטילער און אַן אומעטיקער. ער האָט געהאַט עגמת־נפש צוליב זיינע נאָענטע: זיין משפחה, וואָס איז צוגעוווינט געווען צו קאָמפאָרט, האָט איצט געמוזט וווינען אויף דער פּייכטער האַלב־פינצטערער דאַטשע. אין צווישנצייט פון איין באַגעגעניש ביז דער צווייטער פלעגן די שרייבער פירן אַ וויציקע קאָרעספּאָנדענץ אין אַ פאַריידישטן העברעאיש. דאָס איז געווען אַ מין געלעכטער דורך טרערן:ביידע קאָרעספּאָנדענטן האָט זיך גע־

לעבט גאַנץ שװער. אין דער דאָזיקער צײַט האָבן זײ באַזונדערס הױך געשעצט זײער פֿרײַנדשאַפֿט: זי האָט זײ נישט געלאָזט אַרײַנפֿאַלן אין עצבֿות.

# קאַפּיטל צען

# דער פּאַטאָס פון עבר

אין די פיר ווענט פון דעם אַרבעטס־קאַבינעט, צווישן שטויסן ביכער און מאַנוסקריפּטן, איז פּאָרגעקומען אַ מיסטעריע. דער יונגער געלערנטער האָט מיט עקשנותדיקער אָנשטרענגונג מחיה־מתים געווען די גייסטער פון עבר. זיי פלעגן אויפשטיין פון די פּאַראַגראַפן פון די רוסישע געזעצן וועגן יידן, פון די פאַרשטויבטע פּנקסים און פון אַלטע דאָקומענטן, וואָס זענען אויפגעהיט געוואָרן אין די אַרכיוון. די אַרבעט האָט געברענט, און עס האָבן זיך שוין אין דמיון אָנגעצייכנט די קאָנטורן פון דער צוקונפטיקער געביידע. קלייבנדיק מאַטעריאַל און מאַכנדיק נאָטיצן, האָט דער שרייבער אָנגעוואָרפן אַ פּראָיעקט פון טעטיקייט פאַר דער צוקונפטיקער היסטאָרישער געזעלשאַפט. ער האָט געטרוימט וועגן אַ געזעלשאַפטלעכער פאָרשונגס־אַרבעט, וועגן אַ קאָלעקטיוו פון ענטוזיאַסטן. ער רופט צו שאַפן אַזאַ קאָלעקטיוו אין זיין אַרטיקל „וועגן שטודירן די יידישע געשיכטע", וואָס הויבט זיך אָן מיט אַ ציטאַטע פון ציצעראָ: „נישט קענען געשיכטע הייסט פאַרבליבן אַ קינד". אין דער הקדמה ברענגט ער אַרויס דעם געדאַנק, אַז אויב די באַוווסטזיניקע באַציונג צו דער צוקונפט ווערט דיקטירט פון פּראַקטישע צילן, איז דאָס דערקענען די פאַרגאַנגענהייט — אַ באַדערפעניש פעסטצושטעלן די געזעצמעסיקייט פון היסטאָרישע דערשיינונגען. דער היסטאָרישער באַוווסטזיין, לויט ש. דובנאָוון, איז דער יסוד פון דער יידישער נאַציאָנאַלער אידעע, ווייל די יידן, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין מאַטעריעלע סמנים פון אַ נאַציע, זענען בעיקר פאַראייניקט דורך דער געמיינזאַמקייט פון זייער היסטאָרישן גורל. אין אַרטיקל האָט ער געגעבן אַן איבערזיכט איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער וויסנשאַפט אין מערב־ און מזרח־אייראָפּע, און ער האָט פאָרגעשטעלט אַ פּלאַן פאַר אַ געשיכטע פון די יידן אין פּוילן און אין רוסלאַנד; דער מחבר גיט אויך אַן אויספירלעכע קלאַסיפיקאַציע פון געדרוקטע און האַנטשריפטלעכע מאַטעריאַלן, און אַ פּלאַן פון די פאַרשטייענדיקע אַרבעטן פון דער היסטאָרישער געזעלשאַפט.

ש. דובנאָוו האָט געשריבן זיין ניי ווערק אין אַ צושטאַנד פון דער־הויבונג, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די אויסערלעכע באַדינגונגען זענען געווען אומגינסטיקע. די משפּחה האָט געמוזט לעבן בצימצום; די ערשטע דירה אין דער פּרעמדער שטאָט איז געווען אַ קאַלטע און פייכטע. די מידע נערוון און די פיזישע שוואַכקייט האָבן אָפט געצווונגען דעם שרייבער איי־בערצורייסן זיין אַרבעט. אין אַ מאָמענט פון אַזאַ איבעררייס פאַרשרייבט ער אין טאָג־בוך: „וואָס מער איך שרייב, אַלץ שטאַרקער ווער איך דורכגע־דרונגען מיט דער גרויסקייט פון דער אידעע, פאַר וועלכער איך בין גרייט אָפּצוגעבן מיין גאַנץ לעבן. די אַרבעט איז אַ קאָמפּליצירטע און פאָדערט אומגעהויערע אָנשטרענגונגען, אָבער אַלע פיזישע ליידן, וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן, זענען גאָרנישט אין פאַרגלייך מיטן נחת־רוח, וואָס זי פאַר־שאַפט מיר".

די איבערמידונג איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז נישט געקוקט אויף דער נויט, האָט ש. דובנאָוו געמוזט באַגרענעצן זיין מיטאַרבעטערשאַפט אין „וואָסכאָד" און זיך אָפּזאָגן פון די קריטישע איבערזיכטן. „איך בין קראַנק — שרייבט ער צום רעדאַקטאָר — און דאָס וועט פאַרענטפערן אַלע אייערע פּראַגעס". דער דאָזיקער בריוו איז נישט געוואָרן אָפּגעשיקט. פּלוצים איז אָנ־געקומען די ידיעה, אַז אויף דער פאַראָרדענונג פון דער מאַכט ווערט דער „וואָסכאָד" ציטווייליק אָפּגעשטעלט פאַר זיין „אויסערסט שעדלעכער ריכ־טונג". דער צענזאָר האָט איינגעזען געפערלעכע מענדענצן אין מענדעלעס „קליאַטשע", וואָס האָט זיך געדרוקט אין „וואָסכאָד".

פאַר דובנאָוון איז דאָס אָפּשטעלן פון „וואָסכאָד" — זיין איינציקן קוואַל פון פּרנסה — געווען אַ גרויסער קלאַפּ — אַ מאָראַלישער און אַ מאַ־טעריעלער. די געדריקטע שטימונג האָט אים אָבער נישט געשטערט צו דער־פירן ביז צום סוף זיין אַרטיקל „וועגן שטודירן געשיכטע". אַ פאַרצייכענונג פון 2־טן אַפּריל 1891 זאָגט: „כ'האָב פאַרענדיקט מיין גרויסע אַרבעט. אין די לעצטע קאַפּיטלען זענען די ווערטער געפלאָסן אָן אָפּהאַלט, הייסע, איבער־צייגנדיקע ווערטער. ציטנווייז האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך שרייב מיין גייסטיקע צוואָה". נאָכן פאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט, וועלכע דער שרייבער האָט נישט געהאַט ווו צו פאַרעפנטלעכן, האָט ער זיך פאַרטיפט אין אַ מאַ־נוסקריפּט וועגן חסידות, וואָס ער האָט באַקומען פון פּוילן. דאָס פאַרטיפן זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט אים באַפרייט פון די שווערע מאַטעריעלע דאגות און פון די גנזעלשאַפטלעכע זאָרגן. דאָס רוסישע יידנטום האָט אין די 90־ער יאָרן איבערגעלעבט זייער אַ שווערע צייט: דער גירוש מאָסקווע און די פּאָגראָם־שטימונגען אין אַ רייע דרומדיקע שטעט האָבן געשאַפן אַן

אַטמאָספער, אין וועלכער עס איז שווער געווען איינצוהאַלטן די גייסטיקע גלייכגעוויכט.

דעם זומער האָבן די דובנאָווס פאַרבראַכט אין א דערפל ביים ים. די פראַכט פון דער דרומדיקער נאַטור און די שפּאַצירן מיט פריינד האָבן געהיילט די אויסגעפּייניקטע נשמה. אין א שטילן גאָרטן־ביידל, ווו דורך דעם געפלעכט פון בליושטש האָבן זיך דורכגעריסן הייסע שטיקער זון, האָט ש. דובנאָוו געשריבן אויף א פּשוטן טיש צונויפגעשטעלט פון ברעטער, די קאַפּיטלען פון דעם ציקל „די שפּאַלטונג אין חסידות". אָבער די טאָג־טעגלעכע זאָרגן האָבן נישט געלאָזט רוען: עס איז שווער געווען צו לעבן מיט א משפּחה פון 5 נפשות פון די גראָשנס, וואָס דער רעדאַקטאָר פונעם אָפּגעשטעלטן „וואָסכאָד" פלעגט צושיקן אַלס אַן אַוואַנס. גאָר גיך איז אויך אויסגעגאַנגען די באַשיידענע אונטערשטיצונג פון דעם ליטעראַרישן פאָנד, צו וועלכן דער אַרבעטסלאָזער שרייבער האָט זיך געהאַט געווענדעט נאָך הילף. אין האַרבסט האָבן די דובנאָווס זיך אַריבערגעקליבן אין א נייער דירה, נישט ווייט פון דער פריערדיקער. אין דעם טאָג־בוך פון סעפּטעמבער 1891 געפינען מיר א קורצע פאַרצייכענונג: „אַריבער אין דער נייער דירה — כ'וויים נישט צו וואָס: צו לעבן אין איר, אָדער שטאַרבן... פון וואַנען צו לעבן איז נישטאָ".

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט דער „וואָסכאָד" ווידער אָנגעהויבן צו דערשיינען. נאָך א זעקס־חדשימדיקן איבעררייס האָט דער רעדאַקטאָר אַרויסגעגעבן א גרויסן זאַמלבוך. אויפן ערשטן אָרט איז געדרוקט געוואָרן דאָס אַרטיקל „וועגן שטודירן יידישע געשיכטע". גלייכצייטיק איז עס דערשינען אין פּעטערבורג אין פאָרעם פון א בראָשור. פאַר ש. דובנאָוון, וואָס האָט שוין געהאַט געאַרבעט אין זשורנאַלן קרוב 10 יאָר צייט, איז דאָס געווען א גרויסע איבערלעבונג צו האַלטן אין האַנט זיין ערשט ביכל. די בראָשור האָט געהאַט דערפאָלג; דער איינגעהאַלטענער פּאַטאָס, וואָס האָט דורכגעדרונגען יעדער שורה, האָט מיטגעריסן די לייענער. ווי אַן ענטפער אויף דעם רוף פון מחבר, האָבן זיך אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע געגרינדעט קרייזלעך פון יונגע קולטור־טוער, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר א ציל צו זאַמלען מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. דאָס פּעטערבורגער קרייזל האָט זיך אין גיכן פאַרוואַנדלט אין דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע ביי איינער פון די יידישע קולטור־פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן; וועגן שאַפן א זעלבשטענדיקע היסטאָרישע געזעלשאַפט האָט מען ביי די דעמאָלדיקע פּאָליצייאישע באַדינגונגען נישט געקענט טראַכטן. דערמונטערט פונעם דערפאָלג, האָט ש. דובנאָוו אָפּגעדרוקט אין „וואָסכאָד" א ווענדונג צו די ברייטע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט

וועגן פּריוואַטליכער מיטאַרבעטערשאַפט. אין גיכן האָבן פון פאַרשיידענע פאַרוואָרפענע ווינקעלעך אָנגעהויבן אָנצוקומען מאַטעריאַלן פון אומבאַקאַנטע קאָרעספּאָנדענטן. דער היסטאָריקער פלעגט זיי באַהאַלטן אין אַ באַזונדערן שופלאָד פון זיין שרייבטיש — דאָס זענען געווען די ערשטע ציגל צום פונדאַמענט, אויף וועלכן עס האָט געזאָלט אויפגעשטעלט ווערן דער מאָנומענטאַלער בנין — די געשיכטע פון יידן אין מזרח־אייראָפּע.

די אַרבעט איז געווען אין פולן ברען, ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז גרעץ איז געשטאָרבן. די דאָזיקע ידיעה האָט אויפגעטרייסלט דעם שרייבער, וואָס האָט דעם פאַרשטאָרבענעם היסטאָריקער געהאַלטן פאַר זיין לערער. דער פאַרשלאַג פון דעם רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" אָנצושרייבן אַ גרעסער אַרטיקל וועגן גרעצן האָט אַ־טשפּראָכן זיין טיפער אינערלעכער באַדערפעניש. ווען דער יונגער היסטאָריקער האָט אָנגעהויבן צו לייענען דאָס גרויסע ווערק פון גרעצן באַנד נאָך באַנד, האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אין דער גאַנצער ברייט דאָס בילד פון דעם אייגנאַרטיקן היסטאָרישן וועג פון יידישן פאָלק, און עס האָט אים דעם אָטעם פאַרכאַפּט פון דער גראַנדיעזקייט פון דער אויפגאַבע, וואָס איז אים באַשערט געווען צו דערפילן.

אין אַ נאָטיץ אין טאָג־בוך פון 1־טן יאַנואַר 1892 שרייבט דער מחבר: „מיין לעבנס־אויפגאַבע איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן: פאַרשפּרייטן היסטאָרישן וויסן וועגן יידנטום און ספּעציעל די פאָרשונג פון דער געשיכטע פון די רוסישע יידן. איך בין געוואָרן אַ מין מיסיאָנער פון געשיכטע, צוליב דעם האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פון דער היינטצייטיקער ליטעראַרישער קריטיק אין פּובליציסטיק". אין אַ דערהויבענער שטימונג האָט ש. דובנאָוו געשריבן די אַרבעט וועגן גרעצן, וואָס האָט אָנגענומען די פאָרעם פון אַ ברייטן טראַקטאַט. זי האָט זיך געדרוקט אין אַ רייע העפטן פון „וואָסכאָד" פאַרן יאָר 1892 אונטערן נאָמען „דער היסטאָריאָגראַף פון יידישן פאָלק". איבערגעבנדיק אויספירלעך דעם אינהאַלט פון יעדן באַנד, האָט דער מחבר נישט זעלטן פּאָלעמיזירט מיט גרעצן; ער האָט, למשל, גענומען אונטער זיין שוץ די ליבלינגען פון זיינע יוגנט־יאָרן — אלישע אחר, אַקאָסטאַ, שפּינאָזאַ און אַפילו די העלדינס פון די בערלינער סאַלאָנען; זייער אַוועקגיין פון יידנטום האָט ער דערקלערט מיט דער „פּרילינגס־פאַרפלייצונג" פון יענער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע. ש. דובנאָוו האָט זיך באַצויגן קריטיש צו זיין לערער, ער האָט אָבער אין אים געשעצט דעם ערשטן, וואָס האָט געבראַכט צום אויסדרוק די אידעע פון אַ „גייסטיקער נאַציע", אמת, נאָך אין אַן אומקלאָרער פאָרעם. דער יונגער היסטאָריקער האָט מיט באַגייסטערונג געטראַכט, אַז ער וועט פאָרזעצן גרעצס אַרבעט אויפן געביט פון דער געשיכטע פון דעם מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. די פאַרווירקלעכונג פון דעם דאָזיקן

פּלאַן האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן מיטן זאַמלען דעם מאַטעריאַל. ש. דובנאָוו האָט באַשלאָסן צו פירן די זאַמל־אַרבעטן אין פאַרשידענע ריכטונגען. אויפן פאָרשלאַג פון ראַווניצקין האָט ער פאַרן „פרדס״ אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, וואָס איז לויטן אינהאַלט געווען ענלעך צום אַרטיקל „ וועגן שטודירן געשיכטע״: דאָס איז געווען אַ ווענדונג צום העברעישן לייענער. אויך דאָס דאָזיקע אַרטיקל איז דערשינען אין אַ באַזונדער בראָשור. „בעתן שרייבן — דערמאָנט דער מחבר פון „דאָס בוך פון לעבן״ — איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז דער זיידע ר׳ בן־ציון איז געשטאָרבן. דער מסטיסלאַווער קאָרעספּאָנדענט, זיינער אַ תּלמיד, האָט מיר צוגעשיקט אַ נעקראָלאָג מיט אַ באַשרייבונג פון דער פייערלעכער לויה פון דעם 85־יעריקן זקן. און איך האָב מיט טיפער גערירטקייט אים מקבר געווען ביי זיך אין דער נשמה. כ׳האָב זיך דערמאָנט אין מיין קינדהייט און פריער יוגנט, אין דעם טראַגישן צוזאַמענשטויס צווישן רב עקיבא און אחר אין דער שטילקייט פון דער פּראָווינצער שטאָט, און אין אונדזער לעצטע געזעגענונג, ווען מיר האָבן זיך איבערגעבעטן... און מיין בראָשור האָב איך געווידמעט דעם אָנדענק פון יענעם, „וואָס האָט אַלע טעג פון זיין לעבן זיך נישט צעשיידט מיטן אהל התורה״. איך האָב געפילט, אַז איך האָב אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם דאָזיקן גייסטיקן ריז, וואָס האָט מיר איבערגעגעבן בירושה די צוגעבונדקייט צום אהל התורה, אמת, אַן אַנדער תורה — אַ ברייטע און אַ פרייע. איך האָב דערפילט אַ באַדערפעניש צו ווידמען דעם זיידנס אָנדענק דאָס קליינע ביכל, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אויף דעם „הייליקן לשון״, וואָס ער האָט מיך דער ערשטער געלערנט... ביז היינט נאָך בין איך דאַנקבאַר ראַווניצקין, וואָס ער האָט מיך פון דאָס ניי משדך געווען מיט מיין ערשטער געליבטער, מיט דער נאַציאָנאַלער שפּראַך״.

אויפן פאָרשלאַג פון ש. דובנאָוו האָט דער אָדעסער קאָמיטעט פון „מפיצי השכלה״ (געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן) באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ געקירצטע רוסישע איבערזעצונג פון גרעצעס יידישער געשיכטע אין 3 בענדער. דובנאָוו אַליין האָט אויף זיך גענומען די איבערזעצונג פון אַ טייל קאַפּיטלען און דאָס רעדאַגירן די גאַנצע אויסגאַבע. דאָס האָט אים נישט געשטערט פאָרצוזעצן זיין אַרבעט איבער חסידיזם. זומער 1892 האָט ער, אין דאָרפישן הייזל, נישט ווייט פון שטאָט, אָנגעשריבן דאָס סאַמע דראַמאַטישסטע קאַפּיטל פון דער חסידישער עפּאָפּייע -- „דער רבי אין פעטערבורגער פעסטונג״. אויפן סמך פון קאַרגע מאַטעריאַלן האָט ער רעסטאַווירט דאָס בילד פון זלמן שניעורסאָנס אַרעסט. די דאָזיקע פאַקטן זענען שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן דורך דאָקומענטן, וואָס מען האָט נאָך דער רעוואָלוציע געפונען אין רוסישן מלוכהשן אַרכיוו. נאָכן פאַרענ־

דיקן דעם דאָזיקן קאַפּיטל, האָט זיך ש. דובנאָוו גענומען שרייבן די הקדמה צו דער איבערזעצונג פון גרעצס געשיכטע. די דאָזיקע הקדמה האָט געהייסן: „וואָס איז אַזוינס יידישע געשיכטע?".

עס זענען געשטאַנען קלאָרע טעג פון דרומדיקן שפּעט־זומער; דאַכ שפּינוועבס איז געפלויגן איבער די וויינגערטנער, דער ים־ווינט האָט גע־וויגט די פאַרגעלטע בלעטער־קרוינען פון די אַקאַציע־ביימער. בלאָנדזשענדיק פאַרביי די אויסגעליידיקטע זומער־וווינונגען, האָט דער שרייבער דעקלאַ־מירט זיינע באַליבטע סטראָפן פון טיוטשעווס ליד וועגן „קרישטאָלענע טעג" פון הארבסט און האָט פאַרטראַכט אַן אַרטיקל, וואָס האָט געדאַרפט פאָרמולירן זיין אַני־מאמין. „איך האָב געוואָלט — שרייבט ער — געבן אַ סינטעז פון אונדזערע היסטאָרישע איבערלעבונגען און פעסטשטעלן די נאַ־ציאָנאַלע אידעאָלאָגיע, וואָס דרינגט פון דעם אַרויס. דער דאָזיקער עסיי האָט געדאַרפט זיין דורכגעדרונגען מיט עקסטרעמען ספּיריטואַליזם... פאַר אַ מאָמענט האָב איך גענומען פאַסקאַלס ווערטער, אַז דער דויער פון דער יידישער גע־שיכטע איז גלייך צום דויער פון דער געשיכטע פון דער גאַנצער מענטש־הייט, און איך האָב כאַראַקטעריזירט דאָס יידנטום, ווי דאָס סאַמע היסטאָ־רישע פאָלק... דעם מהות פון דער יידישער געשיכטע האָב איך באַצייכנט שטרענג אידעאַליסטיש: אין דער ערשטער העלפט איז יידישע געשיכטע אַן עפּאָפּייע וועגן אַ פאָלק, וואָס האָט געלערנט דער וועלט דעם גלויבן אין איין גאָט, די צווייטע העלפט דערציילט וועגן אַ פאָלק פון דענקער און מאַרטירער. דער יסוד פון דער נאַציאָנאַלער אידייע איז דער היסטאָרישער באַוווסטזיין — די גייסטיקע טעריטאָריע פון גלות". די דאָזיקע קאָנצעפּציע האָט דעם פריערדיקן קריטיקער פון רעליגיעזער טראַדיציע געגעבן אַ מעג־לעכקייט צו געפינען אַ היסטאָרישע באַרעכטיקונג פאַרן תלמוד, ווו ס'איז אויפגעהיט געוואָרן דאָס כלי־זין פון דער גייסטיקער נאַציע.

„נעכטן אין אָוונט האָב איך פאַרענדיקט די הקדמה — זאָגט אַ פאַר־צייכענונג אין טאָג־בוך — ...די דאָזיקע אַרבעט האָט געקאָסט אַ סך מי. נאָר מיר דוכט זיך, אַז איך האָב דערגרייכט מיין ציל: געבן אַ היסטאָרישע פילאָ־זאָפיע און אַ היסטאָרישן קרעדאָ כאָטש אין מיניאַטור". צו דער לעצטער שורה איז שפּעטער געוואָרן צוגעשריבן: „אַ פילאָזאָפיע — נישט, אָבער אַ קרעדאָ — יאָ". דער צושריפט איז געמאַכט געוואָרן אין אַ פעריאָד פון זעלבסטקריטיק, ווען דער מחבר האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין דעמאָלטיקער פרווו צו געבן אַ סינטעז קען מען גיכער אָנרופן פּאָעזיע פון דער געשיכ־טע, איידער פילאָזאָפיע.

דער מחבר פון „דאָס בוך פון מיין לעבן" באַמערקט אויך, אַז די דאָזיקע „ליריק פון היסטאָריזם", וואָס האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַן אַרטיקל,

האָט געווירקט אויפן לייענער נישט אַזוי צוליב זיינע וויסנשאַפטלעכע מעלות, ווי צוליב דעם עמאָציאָנעלן פּאַטאָס. שפּעטער איז די מאָנאָגראַפיע „וואָס איז אַזוינס יידישע געשיכטע" געוואָרן פּאָפּולער אויך אין אויסלאַנד: זי איז צוויי מאָל געווען געדרוקט אין אַ דייטשער איבערזעצונג און איז אויך אַרויס אין צוויי אויפלאַגעס אין ענגלאַנד און אַמעריקע.

דעם קרייז מענטשן, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען אַרויסגעבן גרעצעס געשיכטע, איז דובנאָווס הקדמה מיט איר נאַציאָנאַלן פּאַטאָס נישט געפעלן געוואָרן. די מערהייט מיטגלידער פון דעם מפיצי־השכלה־קאָמיטעט האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אונטערשטרייכן די אידעע פון אַ גייסטיקער נאַציע. זיי האָבן אויך מורא געהאַט, אַז דער לײדנשאַפטלעך־פּראָפּאַגאַנדיסטישער טאָן פון יונגן היסטאָריקער וועט אַרויסרופן אומצופרידנקייט ביים צענזאָר. די וויכוחים האָבן זיך פאַרצויגן, און לסוף האָט ש. דובנאָוו זיך אָפּגע־זאָגט צו רעדאַגירן די איבערזעצונג. גרעצעס געשיכטע איז אָבער סיי ווי סיי נישט באַשערט געווען געדרוקט צו ווערן: דער צענזאָר האָט איבערגעגעבן דעם שוין אָפּגעדרוקטן ערשטן באַנד אין דער קירכלעכער צענזור. די דאָזיקע צענזור האָט אין דער פרייער טראַקטירונג פון די ביבלישע לעגענדעס איינ־געזען אַן אָפּווייכונג פון דער טראַדיציע און האָט געפּסקנט, אַז די גאַנצע אויסגאַבע דאַרף מען פאַרניכטן. דער באַשלוס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם באַרימטן אויבער־פּראָקוראָר פון סינאָד פּאָביעדאָנאָסצעוו, איינעם פון די זיילן פון דער רוסישער רעאַקציע. קיין שום שתדלנותן האָבן נישט געהאָלפן: 5000 עקזעמפּלאַרן פון דעם פאַרמשפּטן בוך זענען געוואָרן פאַר־ברענט. דער יונגער היסטאָריקער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ יורש פון גרעצן, האָט זיך אָבער נישט אָפּגעזאָגט פון דער אידעע צו פּאָפּולאַרי־זירן יידישע געשיכטע. ער האָט פאַרווירקלעכט דעם דאָזיקן באַשלוס אין אַ צייט אַרום, אָבער שוין אין אַ נייער פאָרעם.

## קאַפּיטל עלף

# טעג פון אַרבעט

דער אַרבעטס־טאָג פון ש. דובנאָוו האָט זיך אָנגעהויבן 9 אַזייגער אינדערפרי די פעסט צוגעמאַכטע טיר אין זיין קאַבינעט האָט אים אָפּגעטיילט פון קינדערשן ליאַרעם, פון טשאַד פון דער קיך, פון שטוביקן טומל. אין די מאָרגן־שעהן האָט ער געאַרבעט באַזונדערס אינטענסיוו; דערנאָך, פלעגט ער אין הסכם מיט דעם שטרענג־אָפּגעהיטענעם סדר־היום זיינעם, גיין שפּאַצירן. אָבער אויך בעתן שפּאַצירן האָט דער געדאַנק זיינער עקשנותדיק זיך אומגעקערט צ.ם איבערגעלאָזטן אינדערהיים כתב־יד, און אין זיין נאָטיץ־ביכל פלעגן אַריינגעשריבן ווערן, מיט קלאָרע קיילעכדיקע אותיות, איילי‌קע פאַרצייכענונגען.

ווי דובנאָוו האָט זיך נישט באַמיט אָפּצוצוימען פון די וואָכעדיקע ענינים, האָט זיך אים דאָס נישט שטענדיק איינגעגעבן: דער שרייבער־פּראָלעטאַריער האָט זיך נישט געקענט דערלויבן דעם לוקסוס אינגאַנצן זיך אָפּצוגעבן דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. אין יענער צייט האָט ער נאָך שאַרפער ווי פריער געפילט דעם יאָך פון דחקות, די אומזיכערקייט מיטן מאָרגן. פאַר זיך אַליין האָט ער נישט מורא געהאַט; פון קינדווייז אָן איז ער געווען געוווינט צו דחקות, נאָר די זאָרג פאַר דער משפּחה, פאַר די קליינע קינדער האָט זיך ווי אַ שווערע משׂא געלייגט אויף דער נשמה. דאָס האָט אים באַוויגן, נאָך עקשנותדיקער ווי אין די פריערדיקע יאָר, צו קעמפן מיטן רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד“, וואָס פלעגט אויסנוצן זיין מאָנאָפּאָליסטישע לאַגע אין דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק. אין טאָגבוך געפינען מיר אַ טרויעריקע פאַרצייכענונג פון אָקטאָבער 1892: „צו לעבן נאָר פון ליטעראַרישער אַרבעט און דערביי נישט אָפּצונייגן פון די הייליקע צילן, אַריינלייגן די נשמה אין יעדער ווערק... — דאָס איז אַ העלדנטאַט פאַרייניקט מיט מאַרטירערשאַפט. אָפט דוכט זיך מיר, אַז כ'וועל נישט אויסהאַלטן און פאַלן אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט, נישט

באַוויזנדיק אָפּצוטאָן אַפילו אַ טייל פון דעם, וואָס איז דער זין פון מיין לעבן".

אויפגעבראַכט פון דער עקשנותדיקייט פון „באַלעבאָס" האָט ש. דובנאָוו סוף כּל סוף פאַרשטרייקט. ער האָט איבערגעריסן מיטן „וואָסכאָד" און האָט אָנגעהויבן בויען פּלענער וועגן נייע פעריאָדישע זאַמלביכער, אין וועלכע ער וואָלט געקענט סיסטעמאַטיש פאַרעפנטלעכן די רעזולטאַטן פון זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען. זיינע פריינד־שרייבער האָבן זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו די דאָזיקע פּלענער; קיינער אָבער פון די אָדעסער גבירים־מעצענאַטן האָט נישט געוואָלט סובסידירן די נייע ליטע־ראַרישע אונטערנעמונג. אגב, באַקענענדיק זיך מיט די אַרטיקע צענזור־באַדינגונגען, איז דובנאָוו געקומען צום אויספיר, אַז „די אָדעסער צענזור איז נישט ווייט אַוועק פון דער אינקוויזיציע".

דעם שטרייק האָט ש. דובנאָוו געמוזט איבעררייסן: זיין פינף־יאָ־ריקער זון איז געפערלעך קראַנק געוואָרן און מ'האָט געמוזט האָבן געלט אים צו היילן. אין יאַנואר 1893 האָט ער געשלאָסן אַ נייעם אָפּמאַך מיטן רעדאַקטאָר. ש. דובנאָוו האָט זיך מתחיב געווען ווייטער מיטצואַרבעטן אין „וואָסכאָד" אין פולן פאַרנעם, ליטעראַרישע קריטיק איינגעשלאָסן. זיין לוין איז געוואָרן פעסטגעשטעלט אויף 100 רובל אַ חודש. דאָס איז קוים גענוג געווען אויסצוהאַלטן אַ משפחה פון פינף נפשות.

נאָכן אָפּפּאַרטיקן זיך מיט די פּרנסה־ענינים, האָט ש. דובנאָוו ווידער זיך פאַרמאַכט אין זיין אַרבעטס־קאַבינעט: די ריזיקע, פאַרצווייגטע קאָ־רעספּאָנדענץ האָט געוויזן, אַז די זאַמל־אַרבעט פון היסטאָרישע מאַטע־ריאַלן גייט פאָרויס. מיט אַ געפיל פון פאַרלייכטערונג האָט ער זיך פאַר־טיפט אין לייענען די מאַנוסקריפּטן. אָבער אידאַ דובנאָוו האָט נישט געהאַט ווו צו אַנטלויפן פון דער גרויער טאָג־טעגלעכקייט: יעדער טאָג פלעגט ברענגען פאַר איר נייע זאָרגן, ווי אַזוי צונויפצושטיקעווען דעם בודזשעט פון דער משפּחה. זי האָט אָבער איר גורל אויפגענומען מיט אײ־נערלעכער רואיקייט, אַזוי ווי עס האָבן געטאָן אירע באָבעס און עלטער־באָבעס, וואָס מיט זייער ענערגיע, מסירת־נפש און אומדערמידלעכער האָ־רעוואַניע פלעגן זיי געבן זייערע מענער די מעגלעכקייט צו לערנען תורה אומגעשטערט. אידאַ דובנאָוו איז פון אַזאַ אַרט לעבן פאַרעלטערט גע־וואָרן פאַר דער צייט: פון די שלאָפלאָזע נעכט זענען אירע אויגן געוואָרן אַרומגענומען מיט טונקעלע רייפן; אַרום די פעסט־געשלאָסענע ליפּן האָבן זיך באַוויזן ביטערע קנייטשן. ווען איר מאַן איז געווען פאַרטיפט אין שטודירן די אַלטע פּנקסים, איז פאַר איר געשטאַנען די פּראָבלעם ווו נעמט

מען געלט צו באַצאָלן דעם חוב אין שפּייז־קראָם, אָדער צו פאַרריכטן דעם יינגלס צעריסענע שיך.

איר אַרבעטס־טאָג פלעגט זיך אָנהייבן זייער פרי, ווען עס האָט נאָך וואָס אָנגעהויבן צו טאָגן; דעמאָלט פלעגן זיך אויפכאַפּן די קינדער; און נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט פלעגט זי ביז שפּעט אין אָוונט זיצן ביי אַ לאָמפּ און לאַטען די וועש און זאָקן פון די בני־בית. עס איז געווען אַ שווער לעבן, פול מיט שטענדיקע זאָרגן און אומבאַקוועמלעכקייטן. עס האָבן גערייכערט די אויוונס, געהייצטע מיט נאַס האָלץ, עס האָט געטשאַדעט דער נאַפט־לאָמפּ מיטן קרומען קנויט, די דאָרפישע דינסט, וואָס האָט קנאַפּ דרך־ארץ געהאַט פאַר די קבצנישע באַלעבאַטים האָט געטראַסקעט מיט די טירן, די קינדער פלעגן זיך אָפט פאַרקילן אין די קאַלטע, שוואַך־געהייצטע צימערן... אָבער שפּעט אין אָוונט, ווען די קינדער זענען שוין געשלאָפן פלעגט ש. דובנאָוו פאַרענדיקן זיין אַרבעט; ער האָט פינקטלעך, בלעטל צו בלעטל, צונויפגעלייגט דעם מאַנוסקריפּט און אים באַהאַלטן אין שופלאַד פון זיין שרייב־טיש, — דעמאָלט פלעגן זיי ביידע אוועקגיין אין זייער צימער און זי פלעגט לייענען אויפן קול די לעצטע זשורנאַלן, די נייעסטע רוסישע נאָוועלן, אָדער די פיל־בענדיקע ראָמאַנען־בראַניקעס פון עמיל זאָלאַ. דערנאָך פלעגן זיי אינדערשטיל שמועסן וועגן דעם איבערגעלייענטן, וועגן די קינדער, וועמענס כאַראַקטער־שטריכן עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אויסצוקריסטאַליזירן, וועגן די איינדרוקן פון טאָג; און נישט זעלטן פלעגן זיי חלומען פון דער צוקונפט, וועגן אַרויספאָרן ערגעץ זאַלבעצווייט, אין אַ שטיל, אָפּגעזונדערט ווינקעלע, וואָס זאָל זיין פאַרפלייצט פון זון און גרינס... און פאַר די צוויי טויט־מידע מענטשן פלעגט נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג אויפגיין אַ מיראַזש פון אָפּרו...

אַזוי זענען געפלאָסן טעג נאָך טעג. דער היסטאָריקער האָט זיך פאַרטיפט אין דער 800 יעריקער געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. ער האָט צונויפגעשטעלט אַ כראָנאָלאָגישע טאַבעלע פון היסטאָרישע פּאַסירונגען. מיט די רעזולטאַטן פון זיינע פאָרשונגען האָט ער זיך געטיילט מיט די לייענער פון „וואָסכאָד" אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „היסטאָרישע מיטטיילונגען". די סעריע אַרטיקלען וועגן חסידיזם, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „וואָסכאָד" אין משך פון זעקס יאָר, זענען געווען פאַרענדיקט. ש. דובנאָוו האָט געקלערט וועגן אויסנוצן די נייע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פאַר די לעצטע יאָרן און אַרויסגעבן אַ גרויס ווערק איבער חסידיזם, אָבער דערווייל האָט ער נישט געהאַט נישט קיין צייט און נישט די נויטיקע מיטלען.

אין זיינע „היסטאָרישע מיטטיילונגען" האָט ש. דובנאָוו געשטרעבט צו באַלעבן דעם טרוקענעם מאַטעריאַל, מאַכן אים צוגענגלעך פאַרן דורכשניטלעכן לייענער. ער האָט נישט געהאַלטן, אַז געשיכטע איז אַן ענין נאָר פאַר ספּעציאַליסטן: אין זיין אַריינפיר צו דער נייער סעריע אַרטיקלען, גרענעצט ער זיך אָפּ פון די „געלערנטע מיט אַ באַגרענעצטן גייסטיקן האָריזאָנט, וואָס שטרעבן צו פאַרוואַנדלען די לעבעדיקסטע פון די וויסנשאַפטן אין אַ מוזעאום־מומיע". „די געשיכטע — שרייבט ער — איז די וויסנשאַפט וועגן פאָלק און פאַרן פאָלק און דערפאַר קען זי נישט זיין קיין צעך־וויסנשאַפט... מיר אַרבעטן פאַר דער זעלבסטדערקענונג פון פאָלק". „די לעבעדיקסטע פון די וויסנשאַפטן" האָט באַהערשט דעם יונגן היסטאָריקער נישט נאָר צוליב איר אידעאָלאָגישער און דערקענונגס־פונקציעס: אין באַלעבן דעם עבר מיט זיין שעפערישער פאַנטאַזיע האָט ש. דובנאָוו געפונען אַן אויסגאַנג פאַר יענער פאַרבאָרגענער באַדערפעניש, וואָס האָט געלעבט אין אים פון די יונגע יאָרן אָן און פאַר וועלכער ער האָט, אָן דערפאָלג, געפּרוווט געפינען אַן אויסדרוק אין נישט פאַרענדיקטע לידער, פאַרשריבענע, דאָ און דאָרט, אויף די זייטלעך פון זיין טאָג־בוך.

די היסטאָרישע אַרבעטן פלעגט ש. דובנאָוו אָפּט מאָל מוזן איבעררייסן, כדי צו שרייבן די ליטעראַריש־קריטישע איבערזיכטן. אין 1893 האָט ער אָנגעהויבן צו דרוקן אַ רייע אַרטיקלען אונטערן נאָמען „די ליטעראַטור פון אומרואיקע טעג". אין די אַרטיקלען האָט דער מחבר קאָנסטאַטירט, אַז אין דער יידישער פּובליציסטיק האָבן זיך באַוויזן סימנים פון נייע פאָרמען פון נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג. פאַר באַזונדערס ערנסט האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן די איניציאַטיוו פון אחד־העם צו באַגרינדן די אידעאָלאָגיע פון „נעאָ־פּאַלעסטיניזם". אין יסוד פון אָט דער אידעאָלאָגיע איז געלעגן דער געדאַנק, אַז ארץ־ישראל, וואָס קען נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ זיכערן מקום־מקלט פאַר יידן, קען ווערן אַ גייסטיקער צענטער פון יידישן פאָלק. אחד־העם האָט אין אַן איינגעהאַלטענער פאָרם פּאָלעמיזירט מיט די טעזן פון דעם אַרטיקל „וועגן לערנען געשיכטע", און האָט געוואָרנט, אַז מ'דאַרף נישט צופיל מיטגעריסן ווערן מיטן עבר פון פאָלק — צום שאָדן פון זיין צוקונפט. אַזעלכע לייכטע וויכוחים צווישן דיביידע פריינד זענען פאָרגעקומען נישט איין מאָל, אָבער ערשט מיט 4 יאָר שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפענער קאַמף צווישן גייסטיקן ציוניזם און דעם אויטאָנאָמיזם.

מיט אחד־העמען, דעם פאָטער פון גייסטיקן ציוניזם, האָט ש. דובנאָוו פּאָלעמיזירט איינגעהאַלטן, דערפאַר אָבער פלעגט ער שאַרף, מיט

זיין גאַנצן טעמפּעראַמענט, אַרויסטרעטן קעגן די רעאַקציאָנערע אידעאָלאָגן, ווי למשל, קעגן ב. יעבץ, וועלכער האָט היסטעריש געדופן: „צוריק אַהיים" און געפאָדערט, אַז יידן זאָלן זיך אָפּקערן פון אייראָפּעאַישקייט און זיך אומקערן אויפן שוים פון דער רבנישער אָרטאָדאָקסיע. די דאָזיקע פּאָלעמיק, אין וועלכער עס פלעגט אַלץ אָפטער דערמאָנט ווערן דער באַגריף „גייסטיקע נאַציע", האָט נישט אינגאַנצן באַפרידיקט דעם שרייבער; אָפט מאָל איז ביי אים אויפגעקומען דער פאַרלאַנג אויספירלעך צו אַנטוויקלען די געדאַנקען, וואָס זענען געבוירן געוואָרן ביים פאָרשן די יידישע געשיכטע. „איך פיל — שרייבט ער אין סעפּטעמבער 1893 — אַז מיין סינטעז איז צו קורץ, צו איינגעשרומפּן. איך טראַכט וועגן קענען אים פאַרברייטערן און אָנווענדן נישט נאָר צו דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך צום היינט, אין אַ סעריע „בריוו וועגן יידנטום". דער דאָזיקער סיוזשעט לאָזט מיך נישט צורו שוין לאַנג, אָבער מ'מוז נאָך אויסוואַרטן".

אין דאָזיקן פּעריאָד, וואָס ש. דובנאָוו באַצייכנט אין זיין אויטאָביאָגראַפיע אַלס „פּעריאָד פון סינטעז", איז אין דער נשמה פון דעם שרייבער ענדגילטיק פאַרפעסטיקט געוואָרן דאָס צוזאַמענלעבן פון אַ היסטאָריקער, וואָס זוכט דעם אמת, און אַ פּובליציסט, וואָס זוכט גערעכטיקייט. דער טעמפּעראַמענט פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער האָט געפאָדערט אַ מער ברייטע, אַ מער אינטענסיווע און דירעקטע באַרירונג מיט מענטשן; ש. דובנאָוו איז דעריבער געווען געצוואונגען אַרויסצוגיין פון די גרענעצן פון דעם ענגן ליטעראַרישן קרייז. די טירן פון זיין מיט ביכער פול־אָנגעפּאַקטן קאַבינעט האָבן זיך ברייט געעפנט פאַר נייע מענטשן, בעיקר פאַר דער יוגנט. מיט דער כאַראַקטעריסטישער פאַר אים מעטאָדישקייט, האָט ער באַשטימט באַזונדערע שעהן פאַר זיינע באַזוכער. די שמועסן מיט זיי זענען אַריין אין זיין סדר־היום.

צו די שטענדיקע געסט אין דובנאָווס הויז האָבן געהערט די עקסטערניקעס, געוועזענע ישיבה־בחורים, וואָס זענען געקומען קיין אָדעס פון די פאַרוואָרפנסטע העקן. די דאָזיקע יונגעלייט האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און געליטן הונגער און נויט בלויז כדי זיך צו קענען לערנען: זיי האָבן געוואָלט זיך אַרויסרייסן פון דעם קליינשטעטלדיקן פאַרגליווערטן, אָפּגעשטאַנענעם לעבן. קוקנדיק אויף אָט די אויסגעדאַרטע, אָפּגעריסענע בחורים, וואָס פלעגן אין פאַרלעגנהייט רייניקן אין פאָדערצימער זייערע פאַרבלאָטיקטע, צעריסענע שטיוול, האָט שמעון דובנאָוו זיך דערמאָנט די הונגעריקע און פּאָעטישע טעג אין דווינסק און סמאָלענסק פון צווישן די שרייבער, וואָס האָבן געהערט צום „קאָמיטעט פאַר הילף די עקסטערניקעס", איז ש. דובנאָוו געווען דער איינציקער, וואָס האָט באמת פאַר־

שטאַנען די יונגע. י. אַבראַמאָוויטש האָט פאַר די „עקסטערניקעס" גע־האָט אַ קנאַפּן אינטערעס: די עגאָצענטרישע נייגעריקייט פון אַ קינסט־לער האָט אים געצויגן צו שוין אויסגעפורעמטע, פאַרענדיקטע מענטשן. דער גאַליקער בן־עמי, באַטראַכטנדיק די פרייוויליקע מאַרטירער פון דער וויסנשאַפט פלעגט וואָרטשען: „ווען אַט די בחורים נעמען אין האַנט אַריין אַ לערן־ביכל פון אַריטמעטיק, לייענען זיי דאָרט אַרויס, שוין פון ערשטן זייטל, אַז קיין גאָט איז נישטאָ". דובנאָוו דאַקעגן האָט געפילט, אַז די יונגעלייט קומען צו אים נישט נאָר נאָך מאַטעריעלער, נאָר אויך נאָך גייסטיקער הילף, פלעגט ער מיט זיי פירן לאַנגע געשפּרעכן וועגן דעם זין פון לעבן, וועגן דינען דעם פאָלק.

באַגעגענישן מיט נייע מענטשן זענען פאָרגעקומען אויך אויף אַן אַנדערן באָדן. פרילינג 1894 האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן אין כאַרקאָוו עט־לעכע פאָרלעזונגען פאַר אַ גרויסער אינטעליגענטער אוידיטאָריע. צום ערשטן מאָל האָט ער אין אַ קלאָרער פאָרעם פאָרגעשטעלט פאַר דער עפנטלעכקייט די טעאָריע פון קולטור־היסטאָרישן נאַציאָנאַליזם. „איך האָב אָנגעהויבן — שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע — מיט דער פעסטשטעלונג, אַז נאַציע — דאָס איז אַ קאָלעקטיווע אינדיווידואַליטעט... ווייטער האָב איך גערעדט וועגן די פיר עטאַפּן פון דער יידישער נאַ־ציאָנאַלער אידייע — פון דער פּרימיטיווער ראַסן־איינהייט, דורך מלוכה־שער און רעליגיעזער, ביז דער היינטצייטיקער קולטור־איינהייט אין אַ פרייען נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד". צום סוף האָט דובנאָוו אַנטוויקלט דעם גע־דאַנק, אַז דאָס מאָדערנע יידנטום וואָס האָט אַנטקעגנגעשטעלט דעם טע־זיס פון טראַדיציע, די אַנטיטעזע פון אַסימילאַציע, גייט איצט צום סינ־טעז פון אַ פּראָגרעסיווער, נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. די לעקציע האָט אַרויסגערופן ערנסטע דיסקוסיעס. נאָך מער לעבעדיק איז געווען דער מיינונגס־אויסטויש אויף דעם צוזאַמענקונפט וואָס איז אָרגאַניזירט גע־וואָרן דורך סטודענטן פון פאַרשידענע ריכטונגען. פון אַלע זייטן האָבן זיך געשיט דערווידערונגען. איינע האָבן געהאַלטן, אַז דער נאַציאָנאַלער אידעאַל אָן ארץ ישראל איז צו אַבסטראַקט, אַנדערע האָבן אינגאַנצן נעגירט די נאַציאָנאַלע אידייע, קעגנשטעלנדיק איר די אידייע פון סאָ־ציאַלן קאַמף בשותפות מיט דער אַלגעמיין־רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט מען אָנגעהויבן איינאָרדנען אַזעלכע שמועסן אויך אין אָדעס. ש. דובנאָוו, נישט געקוקט אויף זיין איבערגעלאָדנ־קייט מיט ליטעראַרישער אַרבעט, האָט דאָך זיך באַמיט צו שטיין אין קאָנ־טאַקט מיט דער יוגנט, וואָס האָט געזוכט נייע וועגן. „איך פיל — שרייבט

ער — אַז בלויז מיט ליטעראַרישער טעטיקייט וועל איך נישט דערפילן מייַנע פליכטן צום פאָלק... מ׳וועט דאַרפן וועקן די באַוווסטזיניקע טוער — זיי זאָלן אונטערהאַלטן, ראַטעווען דעם גייסט פון פאָלק". ס׳איז אויפגעקומען אַ פּלאַן צו גרינדן אַ היסטאָריש־ליטעראַרישן סטודענטן־קרייז, אָבער אַן אייליקע אַרבעט האָט דובנאָוו אוממעגלעך געמאַכט אָנטיילצונעמען אין די פאַרזאַמלונגען פון דער יוגנט און דערווייל איז אַ טייל מיטגלידער פון קרייז צוגעשטאַנען צום ציוניזם, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַט אויסגעאַרבעט זיין קאָנסטיטוציע אויפן ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, אַנדערע — צום „בונד", וואָס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן.

אין די אַרטיקלען פון יענעם פּעריאָד, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „וואָסכאָד", האָט ש. דובנאָוו געענוי און אַלזייטיק אַנטוויקלט די געדאַנקען, וואָס זענען געווען די טעמע פון זיינע לעקציעס. ער האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז די אידייע פון בויען קולטור־צענטערן אין גלות איז אַ פולשטענדיק רעאַלע; אירע אָנהענגער קענען בויען אויפן יסוד פון דעם, וואָס עקזיסטירט, זיי קענען ווייטער ציען די פעדעם פון דער טויזנטיעריקער יידישער געשיכטע, אין דער צייט ווען דער ציוניזם שאַפט דעם אוטאָפּישן אידעאַל פון אַ נייער יהודה; די גייסטיקע טעריטאָריע, געשאַפן דורך דער יידישער געשיכטע איז רעאַלער, ווי די נישט עקזיסטירנדיקע פיזישע טעריטאָריע.

די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט דעם היסטאָריקער נישט געשטערט ווייטער צו זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן. זיין בעסטער מיטאַרבעטער אויפן דאָזיקן געביט איז געווען זיין ברודער וואָלף: ער פלעגט זיך אָפּט אַראָפּכאַפּן קיין אָדעס פון דער שכנותדיקער שטאָט, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס לערער. וואָלף פלעגט מיט גרויס התמדה זיך גריבלען אין אַלטע רוסישע אויסגאַבן אין דער שטאָטישער ביבליאָטעק, און מאַכן פאַר זיין ברודער אַ סך נאָטיצן. דער יונגערער ברודער, פלעגט מיט וואָלפן שמועסן וועגן זיינע ליטעראַרישע פּלענער. דער עלטערער ברודער פלעגט אים אויסהערן אויפמערקזאַם און אים צוגעבן מוט. וואָלף דובנאָוו איז אין זיין פּריוואַטן לעבן געווען נישט גליקלעך, ער האָט אָבער געקענט זיך דורכנעמען מיט די איבערלעבונגען פון זיינע נאָענטע און זיי העלפן מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט, זיך ממש מוסר־נפש זיין פאַר זיי. שמעון האָט דאָס זייער הויך געשעצט. די טעג וואָס דער ברודער האָט פאַרבראַכט ביי אים אין שטוב האָט ער פאַררעכנט פאַר די בעסטע פון זיין לעבן אין אָדעס.

בעתן אַרומרעדן די ליטעראַרישע פּלענער פלעגן די ברידער נישט איינמאָל זיך אומקערן צו דער פראַגע — צי האָט אַ זין דאָס באַאַרבעטן אַ געוויסן געביט פון דער געשיכטע, אויב עס איז נאָך עד־היום נישטאָ קיין אַלגעמיינער קורס פון יידישער געשיכטע אין דער רוסישער שפּראַך. דער פּרווו

איבערצוזעצן גרעצן איז, אין זיינער צייט, דורכגעפאַלן; אָבער אין מערב־אייראָפּע זענען חוץ גרעצס פּיל־בענדיקן ווערק דערשינען עטלעכע מער באַשיידענע אַרבעטן, ווי למשל, „די קורצע געשיכטע פון יידישן פאָלק" פון ד"ר בעק און דער צוויי־בענדיקער קורס פון יידישער געשיכטע פון מ. בראַן, פּראָפעסאָר פון ברעסלאַוער סעמינאַר. דיביידע ווערק האָבן זיך געניויטיקט אין אַ באַאַרבעטונג: בעק איז געווען צו עלעמענטאַר, ביי בראַנען ווידער האָט די געשיכטע פון יידישן פאָלק זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געשיכטע פון יידישן דת. ש. דובנאָוו האָט סוף כל סוף באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ קאָנדענסירטן קורס פון יידישער געשיכטע אין איין באַנד, לויט די ווערק פון די דערמאָנטע צוויי היסטאָריקער. אָבער וואָס ווייטער ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט, אַלץ מער האָט ער געפילט דעם פאַרלאַנג זיך צו באַפרייען פון די ענגע ראַמען און צו שרייבן יידישע געשיכטע אויפן סמך פון מקורים און ספּעציעלע מאָנאָגראַפיעס. דאָס ווערק איז אַזוי אַרום אויסגעוואָקסן און אָנשטאָט איין באַנד איז געוואָרן צוויי. ווען דאָס בוך איז דערשינען, האָט אחד־העם באַמערקט, אַז די נעמען פון די יידיש־דייטשע היסטאָריקער זענען אייגנטלעך פּסעוודאָנימען פון אמתן מחבר.

כאָטש ש. דובנאָוו האָט אַ סך געאַרבעט איבער דעם קאָמפּילאַטיוון בוך, פלעגט ער דאָך פון צייט צו צייט זיך אָפּגעבן מיט אָריגינעלע היסטאָרישע פאָרשונגען. זיינע עסייען וועגן עלילת־דם־פּראָצעסן און וועגן „פּוילישע יידן אין דער רעפאָרמאַציע־עפּאָכע" זענען געווען באַזירט אויף נייע מאַטעריאַלן. אין 1896 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „וואָסכאָד" אַן אַרבעט וועגן פראַנקיזם, וואָס איז געווען אַ קאָרעקטיוו צו זיינער אַ יוגנט־אַרבעט אויף דער זעלבער טעמע; פאַרן אויפמערקזאַמען לייענער איז קלאָר געווען, וואָס פאַר אַ לאַנגן וועג דובנאָוו האָט דורכגעמאַכט זינט דעם יאָר 1883.

צענדליקער נייע אינטערעסאַנטע טעמעס זענען אויפגעקומען אין מוח פון ש. דובנאָוו, ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך פאַרנעמען מיט זיי; דאָס אַרויסגעבן די צווייבענדיקע יידישע געשיכטע האָט פאַרנומען אַ סך צייט, עס זענען געווען אַ סך דאגות ביים דרוקן, דערנאָך מיט דער עקספּעדיציע. דובנאָוו האָט מיט פאַרביטערונג פעסטגעשטעלט, אַז ער טויג זיך נישט אויס פאַר דער געשעפטלעכער זייט פון אַזאַ אונטערנעמונג. די מאַטעריעלע אויסרעכענונגען האָבן זיך אויך נישט באַרעכטיקט: דער ביליקער פּרייז פון דער אויסגאַבע האָט אַריינגעבראַכט אַ נישטיקן האָנאָראַר פאַרן מחבר. די אָנגעשטרענגטע אַרבעט אין משך פון צוויי יאָר האָט אויף קיין האָר נישט פאַרגרינגערט דעם שרייבערס מאַטעריעלע לאַגע, דערפאַר אָבער האָט זיין געזונט דערפון שטאַרק געליטן. — „די אָנפאַלן פון קאָפּשווינדל, — שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע — די נערוועזע אויפ־

גערעגטקייט, א צושטאַנד פון מעלאַנכאָליע און עפּעס א קרענקלעכע אַפּאַ־טיע, — דאָס אַלץ איז א באַווייז פון אַן ערנסטער נערוון־צערודערונג און וועגן דער נויטווענדיקייט פון א לענגערן אָפּרו. איך בין אַזוי געפאַלן פון די כוחות, אַז איך פיל זיך אַפילו נישט אין שטאַנד דורכצופירן די וויסנ־שאַפטלעכע עקספּעדיציע אין תחום־המושב, וואָס איך האָב געהאַט פאַר־טראַכט ווי א מין אָפּרו נאָכן פאַרענדיקן די גרויסע אַרבעט".

סוף כל סוף האָט דער שרייבער באַשלאָסן אויסצונוצן אויף צו היילן זיך די קליינע סובסידיע, וואָס די געזעלשאַפט „מפיצי־השכלה" האָט געהאַט פאַר אים באַשטימט אין שייכות מיטן 15־יאָריקן יובל פון זיין ליטעראַרי־שער טעטיקייט. פאַרן אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד איז ער אַרויסגעפאָרן אויף א פּאָר וואָכן אין זיין היימשטאָט.

## קאַפּיטל צוועלף

# צווישן פּובליציסטיק און ליריק

מסטיסלאַוו, דובנאָווס היימשטאָט, האָט אים באַגעגנט מיט מילדע זון־שטראַלן אויפֿן פרישן גרינס פון בולוואַר, מיט פייגל געטומל אין די אַלטע קליאָנען. צפונדיקער שטילער פרילינג — ס׳איז געווען אַזוי גוט איינצו־אָטעמען די ביטערלעכע פרישע ריחות נאָך אַ זיבניאָריקער צעשיידונג! די מאַמע איז אַרויסגעקומען צו באַגעגענען דעם זון, אַן אַלטע, אַן איינגעשרומ־פּענע, אָנגעטאָן אין אַ ברייט שוואַרץ קלייד, וואָס איז געלעגן אויף איר ווי אַ זאַק. זי האָט אַרומגענומען דעם זון מיט אירע אויסגעהאָרעוועטע הענט, און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן. שעמעוודיק האָבן צום ברודער געשמייכלט די צוויי שוועסטער — שוין נישט קיין יונגע מיידלעך.

די צימערן ביי דער מאַמען איז הויז זענען געווען קליינע, אָבער גע־מיטלעכע; אויף די דילן זענען געווען אויסגעשפּרייט קאָלירטע סטעזשקעס, די פענצטער ברייט צעעפענט אין סעדל אַריין, אין דעם פרישן גרינס. דער גאַסט האָט אָבער נישט געקענט איינזיצן אין שטוב און האָט געהאַלטן אין איין אַרומוואַנדערן: ער האָט געברענט פון אומגעדולד צו באַזוכן און צו ווייזן זיין טאָכטער די אַלע ערטער, מיט וועלכע עס זענען געווען פאַרבונדן די זכרונות פון זיינע קינדער־יאָרן. מיט אַ ציטער אין האַרצן האָט ער אי־בערגעטראָטן די שוועל פון שטאָטישן בית־מדרש, ווו ער האָט אַמאָל גע־לערנט חומש און גמרא און שפּעטער, פאַרבאָרגענערהייט, דעקלאַמירט שירים פון י. ב. לעווינסאָן. שאָטנס פון אַלטע ציטן זענען אים נאָכגעגאַנגען אויף יעדן שריט. — „איך קוק, באַטראַכט און דערמאָן זיך — שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך — און איך פיל, אַז עפּעס אַן אומענדלעכער טרויער און גלייכ־ציטיק אַן אומענדלעכע פרייד ליגט פאַרבאָרגן אין דעם האַלב־פאַרשלאָפּע־נעם יידישן לעבן... וואָס קיין שום רדיפות און פּאָגראָמען קענען עס נישט אומברענגען. איך בין געווען אין „שולעף": די זעלבע אָרעמע הייזלעך, די זעלבע אָפּגעריסענע קינדער אויף די גאַסן און האַלב־פאַרשלאָפענע ווייבער, וואָס זיצן אויף די שוועלן פון זייערע קרעמלעך, די זעלבע אומעטיקע גע־זאַנגען הערן זיך פון די חדרים און ישיבות".

גיך זענען געלאָפן די זוניקע טעג — אין שפּאַצירן, אין שטילע שמו־עסן מיט קרובים און מיט די עטלעכע אַלטע פריינד, וואָס זענען פאַרבליבן אין מסטיסלאַוו. דובנאָווס שוועסטער האָבן געהאַט אַ קליינע ביבליאָטעק; דער שרייבער האָט פון דאָרט גענומען אַ צעפליקטן, אויסגעלייענטן באַנד פון טורגעניעוו. אַ מידער איז ער געזעסן אויף אַ באַנק אין גאָרטן און מיט פאַרגעניגן געפילט דאָס לייכטע ווינטעלע, וואָס האָט אים געגלעט דאָס פּנים; אין די אַרומיקע קוסטעס האָבן געזשומעט די בינען, און דאָס צוועלפיעריקע מיידעלע האָט אים געלייענט שורות באַהויכטע מיטן אַראָמאַט פון פרילינג.

די רייזע קיין אויסלאַנד — די ערשטע אין זיין לעבן — האָט פאַר ש. דובנאָוון געעפנט אַ נייע וועלט. אויפן וועג קיין מערב האָט ער באַזוכט גאַ־ליציע מיט אירע אַלטע געטאָס, די נעסטן פון חסידות, ווו דער עבר האָט נאָך געלעבט אין די הייזער און אין די מענטשן, וואָס האָבן איינגעהיט דעם טראַדיציאָנעלן אויסזען. ער איז פאַרבייגעפאָרן זלאָטשעוו, זבאַראַזש און אַנדערע היסטאָרישע צענטערן פון חסידות; אים האָט זיך געדאַכט, אַז אין די פאַרביילויפנדיקע וועלדער און באַרג־היילן בלאָנדזשען נאָך אַרום די שאָטנס פון די ערשטע גוטע יידן, וואָס זענען מתפלל אונטערן פרייען הימל און זאַמלען הייל־גראָזן אויף די בערג. די דאָזיקע שאָטנס זענען צעשוווּמען געוואָרן פון דער בלענדענדיקער זון איבער די שנייען פון די אַלפּן. דער שווייצאַרישער נערוון־דאָקטאָר האָט אויסגעפונען אַז דובנאָוו ליידט פון אַ מוח־איבערמידונג, און האָט אים פאָרגעשריבן צו פאַרברענגען אין די בערג אין דער אַטמאָספער פון פולשטענדיקער רו. ש. דובנאָוו האָט זיך באַזעצט אין איטלבערג, הויך איבער ציריך, אין אַ נאָדל־וואַלד. אַרום האָט געהערשט אַ טיפע שטילקייט, די לופט דורכזיכטיק און אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון סמאָלע; משופּעדיקע, מיט שניי־באַדעקטע באַרג־שפּיצן האָבן זיך גע־טורעמט אין ראָזלעכן הימל־געוועלב און ווי פאַרצוימט דעם וועג פאַר אומרו און זאָרגן. דאָס לעבן איז געווען ווי אין אַ כישוף־מעשהלע: די באַרג־באַן מיט אירע צאָן־רעדער האָט ווי אַ קאַץ געקלעטערט איבער די פעלזן, מיט די שענסטע קאָלירן האָבן זיך געמינעט די וואַסערן פון די באַרג־אָזערעס, עס האָבן גערוישט וואַסער־פאַלן איבער שטיינערנע שוועלן, די טאָלן האָבן געגלאַנצט מיט פרישן גרין, פון אונטער שלאַבעריקע בריקלעך האָבן אַרויסגעקוקט אימהדיקע אָפּגרונטן. ש. דובנאָוו האָט געהאַט אַ גוטן וועג־ווייזער — דאָס איז געווען זיין קרוב און אַלטער גוטער פריינד, דער פּראָ־פעסאָר פון ציריכער אוניווערזיטעט ראָבערט זייטשיק, אַן עסטעט, אַ קענער פון ניטשעס און רענעסאַנס, וואָס האָט געהאַט אַ נייגונג צו קאַטאָליציזם. בעת די שפּאַצירן האָבן זיי געפירט צווישן זיך פרידלעכע וויכוחים וועגן די איי־

ביקע וועלט־פּראָבלעמען. דאָס האָט נישט געשטערט די מאַיעסטעטישע רו־איקייט פון דער אַרומיקער נאַטור.

ש. דובנאָוו האָט טיף געפילט דעם שטילן צויבער פון דער פּראָווינציעשער שווייץ מיט אירע וויינגערטנער, קליינע הייזלעך און בלויע אָזערעס. אין שטילן ניישאַטעל, צופוסנס פון וואַלדיקן יורא, האָט דער שרייבער געזאָגט צו זיין באַגלייטער: „אָט דאָ וואָלט איך געוואָלט דורכלעבן אַלע מיינע טעג אין אַרבעט און דענקען". פון דער ווייטער שווייצאַריע האָט דובנאָוו מיטגעבראַכט אין זיין אומרואיקן לעבן אין אָדעס אַ בענקשאַפט נאָך פּאַרייניקן זיין אַרבעט מיט נאַטור־באַטראַכטן. פון דאַן אָן האָט דער דאָזיקער חלום שטענדיק געלעבט אין זיין נאַטור.

דאָס אומקערן זיך קיין אָדעס איז געווען ווי אַ סוף פון אַ וווּנדערלעכן חלום: באַלד האָבן דעם שרייבער אַרומגערינגלט פּערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע זאָרגן. דאָס יאָר 1897 האָט געעפנט אַ נייע תקופה אין לעבן פון רוסישן יידנטום. אין אַ סך שטעט און שטעטלעך זענען אויפגעקומען ציוניסטישע קרייזלעך; די באַזע פון זייער טעטיקייט איז געוואָרן די באַזעלער פּראָגראַם. גלייכצייטיק איז אַנטשטאַנען די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי — דער „בונד".

ש. דובנאָוו האָט דערפילט אַ דרינגענדיקע באַדערפעניש צו ברענגען אין אָרדענונג יענע געדאַנקען, וואָס ער האָט, אין זיינער צייט, פאָרמולירט אין די כאַרקאָווער רעפעראַטן און אין די שמועסן מיט די אָדעסער סטודענטן. ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן זיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום", וואָס האָבן זיך געדרוקט אין משך פון פינף יאָר. שפּעטער האָט דער שרייבער באַצייכנט די דאָזיקע פינף יאָר ווי אַ פּעריאָד פון נאַציאָנאַל־הומאַניסטישן סינטעז, וואָס האָט ענדגילטיק באַשטימט זיין קאָנצעפּציע פון עבר, ווי אויך זיין באַציונג צו די פּראָבלעמען פון היינט.

אויף די פאַרזאַמלונגען פון ליטעראַרישן קרייזל זענען די דיסקוסיעס געוואָרן אַלץ ליידנשאַפטלעכער. אַ גרופּע ציוניסטן פלעגט שאַרף קריטיקירן אחד־העמען פאַר זיין פּאָלעמיק מיטן הערצליזם. צוהערנדיק זיך צו די דאָזיקע וויכוחים האָט ש. דובנאָוו געפילט, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט פאַנאַנדערצוּוויקלען די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם אין דער גאַנצער ברייט. אין אָקטאָבער און נאָוועמבער 1897 האָט ער אָנגעשריבן די ערשטע צוויי „בריוו". אין דעם אַריינפיר, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן דער רעוויזיע פון פאַרעלטערטע אָנשויונגען, האָט דער אויפמערקזאַמער לייענער געקענט אויפכאַפּן טענער פון חרטה. „יעדער פון אונדז איז מחויב — שרייבט דער מחבר פון די בריוו — אָנצווויזן מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט, וואָס פאַר אַ מוסר־השכל האָט ער אַרויסגעצויגן פון די פריערדיקע טעותים און וואָס

פאַר אַ אויסבעסערונגען האָט ער באַוויזן אַריינצוטראָגן אין זיין וועלט־אָנשויאונג. מען דאַרף זיך נישט באַרימען מיט טריישאַפט צו די פעלערן... וואָס איז גורם אַז מיר פאַרטיידיקן אַ גלויבן, פון וועלכן מיר האָבן זיך, טיף אין דער נשמה, שוין לאַנג אָפּגעקערט". אין דער הקדמה איז אויך גע־קומען צום אויסדרוק דער געדאַנק, אַז ביים באַטראַכטן יידישע אַקטועלע פּראָבלעמען דאַרף מען נעמען אַלס אויסגאַנגס־פּונקט נישט נאָר אונדזער עפּאָכע, נאָר דעם גאַנצן סכום פאַקטן פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אין ערשטן „בריוו" דעפינירט ש. דובנאָוו נאַציאָנאַליזם ווי אַ קאָלעק־טיוון אינדיווידואַליזם. די צווייטע גרונט־הנחה איז, אַז אין דער אַנטוויק־לונג פון אַ נאַציע האָט דער מאָמענט פון ראַסע און מלוכה אַ קלענערע באַדייטונג ווי גייסטיקע און קולטור־געשיכטלעכע מאָמענטן. דער בעסטער באַוויז פאַר דער דאָזיקער טעזע איז די יידישע „גייסטיקע נאַציע". וואָס האָט נישט קיין אייגענע טעריטאָריע און נישט קיין מלוכה־אַפּאַראַט, און פונדעסטוועגן ווייזט זי אַרויס אַן עקשנותדיקן ווילן צום לעבן.

דער צווייטער „בריוו", וואָס אזי דערשינען אָנהייב 1898 האָט אַרויס־גערופן אַ ליידנשאַפטלעכע קריטיק מצד ביידע פליגלען פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אין דאָזיקן „בריוו" איז מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אוועקגעשטעלט געוואָרן די פּראָבלעם פון אַסימילאַציע. ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן, אַז אַסימילאַציע איז דעפעקטיוו נישט בלויז טעאָרעטיש, נאָר אויך מאָראַליש, ווייל זי פּראָפּאַגאַנדירט דאָס „דעזערטירן פון אַ באַלאַגערטער פעסטונג". דאָס איינציקע, וואָס די ציוניסטן קענען קעגנשטעלן דעם אַסי־מילאַציע־פּראָצעס איז דער לאָזונג „צוריק אַהיים"; קעגן אַזאַ לייזונג פון דער פראַגע האָט ש. דובנאָוו אַרויסגערוקט דאָס היסטאָרישע רעכט פון יידישן פאָלק אויף דעם אייראָפּעאישן באָדן, מיט וועלכן יידן זענען פאַר־בונדן פון זינט דעם פאַנאַנדערפאַל פון דער רוימישער אימפּעריע. צום ערשטן מאָל אין דער יידישער פּובליציסטיק איז דורך ש. דובנאָוון אַרויס־גערוקט געוואָרן דער געדאַנק, אַז צוגלייך מיט בירגערלעכע רעכט איז דאָס יידישע פאָלק באַרעכטיקט צו פאָדערן נאַציאָנאַלע רעכט.

די אידייען, וואָס ש. דובנאָוו האָט אַרויסגעבראַכט אין די ערשטע „בריוו", זענען ברייט דעבאַטירט געוואָרן אין פאַרשידענע דיסקוסיע־קרייזן און אין דער פּרעסע. אין אַ רייע אַרטיקלען אין „השילוח" האָט אחד־העם געגעבן אַנאַליזירט די טעזן פון „דובנאָוויזם". אין דעם דריטן „בריוו" האָט דער מחבר געגעבן אַן ענטפער אויף דער קריטיק אין דער פּרעסע און טייל־ווייז אויך אויף דער מינדלעכער פּאָלעמיק. אין דעם דאָזיקן בריוו וואָס האָט געהייסן „גייסטיקער נאַציאָנאַליזם און ציוניזם", איז ער אַרויסגע־טראָטן קעגן דער פעסטשטעלונג, אַז נאַציאָנאַליזם מוז אומבאַדינגט פירן

צו ציוניזם. „כדי צו זיין אַ ייד — שרייבט ער — מוז איך נישט דווקא זיין אַ חובב־ציון". ער דריקט אויך אויס זיין ערנסטע זאָרג צוליב דעם פּאַ־נאַטיזם פון „געצנדינערישע נאַציאָנאַליסטן": (אַזוי פלעגט ער רופן די עקסטרעמע פּאָליטישע ציוניסטן) די אַלטערנאַטיוו — אָדער פּאַלעסטינע אָדער אונטערגאַנג פון יידישן פאָלק — איז געפערלעך, ווייל די אַנטוישונג אין ציוניזם מוז אומבאַדינגט דערפירן צו אַסימילאַציע.

אין דער געשפּאַנטער אַטמאָספער פון געזעלשאַפטלעכע רייסערייען איז שווער געווען זיך צו פאַרנעמען מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. אויך די טאָג־טעגלעכע פּערזענלעכע דאגות האָבן צוגענומען אַ סך ענערגיע. ש. דובנאָווס מאַטעריעלע לאַגע איז אַלץ נאָך געווען אַן אומזיכערע; זיין מיט־אַרבעט אין „וואָסכאָד" האָט אים נישט געזיכערט דעם לעבנס־מינימום. ער האָט אָבער נישט געהאַלטן פאַר פּאַסיק צו זוכן אַנדערע פאַרדינסט־מעגלעכ־קייטן, ווי למשל מיטאַרבעטן אין אָרטיקע צייטונגען. לסוף האָט ער לויט דער עצה פון מענדעלען באַשלאָסן אָנצושרייבן אַ לערן־בוך פון יידישער געשיכטע פאַר דער שול. אָן באַגייסטערונג האָט ש. דובנאָוו זיך גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט, אָבער מיט זיין געוויינלעכער ענערגיע. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דער לערן־בוך האָט אַריינגעבראַכט אַ געוויסע שטענדיקע הכנסה, און די מאַטעריעלע לאַגע פון דובנאָווס משפּחה האָט זיך טיילווייז פאַרבעסערט.

די אונטערוואַקסנדיקע קינדער האָבן געפאָדערט אַלץ מער אויפמערק־זאַמקייט. איידער ס'איז געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע קינד, האָט ש. דוב־נאָוו זיך ערנסט געגרייט צו דער ראָל פון אַ פאָטער: ער האָט איבערגעלייע־ענט אַ סך פּעדאַגאָגישע ווערק און מיט גרויס פליים זיך גענומען דורכצו־פירן אין לעבן די אָנווייזונגען פון די ענגלישע פּסיכאָלאָגן. דער געבורט פון דער צווייטער טאָכטער איז צונויפגעפאַלן מיט אַ שווערן פּעריאָד אין דוב־נאָווס לעבן: ער איז געווען פאַרזאָרגט צוליב דעם נישט איינגעגעבענעם פּרווו זיך צו באַזעצן אין פּעטערבורג און צוליב דער אויגן־קראַנקהייט. די זאָרג פאַר די יונגערע קינדער איז געפאַלן אויף דער מוטער. די קינדער זענען נישט געווען ענלעך צו אַנאַנדער: אָלגאַ איז געוואַקסן אַ געזונט און לעבנסלוסטיק מיידעלע, מיט רויטע בעקלעך, זי איז שטענדיק געווען די פירערקע אין די רווישיקע קינדער־שפּילן; יאַשאַ איז געווען אַ פאַרטראַכ־טער, אַ זעלבסטשטענדיק יינגל, שטענדיק פאַרנומען מיט עפּעס אַן אַרבעט. ביידע האָבן זיך געלערנט אין גימנאַזיע. די עלטערע טאָכטער האָט ביז פערצן יאָר געלערנט אין דער היים; דער פאָטער, וואָס איז געווען איר לערער האָט זיך נישט גערעכנט מיטן שול־פּראָגראַם. מיט באַגייסטערונג האָט ער מיט איר געלערנט תנ"ך, אַלגעמיינע געשיכטע, ליטעראַטור; ער האָט זיך

באַמיט איינצופלאַנצן ביי דער טאָכטער אַ ליבשאַפט צו דעם אַלעם, וואָס איז אים געווען טייער. דער פאָטער און די טאָכטער האָבן ליב געהאַט פאַר־עזיע, דאָס האָט זיי דערנענטערט. אין דער משפחה האָט זיך געהאַט איינ־געשטעלט אַ מנהג: איין אָוונט אין דער וואָך איז געווען געווידמעט צו לייענען פּאָעזיע. אויפן קיילעכדיקן עס־טיש, אונטערן הענג־לאָמפּ איז געווען אָנגעלייגט אַ בערגל ביכער — פּושקין, לערמאָנטאָוו, נעקראַסאָוו, טיוטשעוו, פעט, דער כמעט שוין פּערציק־יאָריקער מאַן מיט די גראָלעכע האָר און דאָס אונטערוואַקסנדיקע מיידל האָבן זיך ביידע אַזוי פאַרשיכורט פון דער פּערזן־מוזיק, אַז זיי פלעגן פאַרגעסן אַלץ אין דער וועלט. די מאַמע פלעגט זיצן ביים טיש מיט אַן אַרבעט, גענייט אָדער געהאָפטן, זי פלעגט מיט פאַר־וווּרף קוקן אויפן איניציאַטאָר פון די פּאָעטישע אָרגיעס: „אַן איינפאַל דאָס איז — אָנצושטופּן אַ יונג מיידל אַ פולן קאָפּ מיט ערשטיק!".

צומאָרגנס איז דער שרייבער, ווי שטענדיק, געווען פאַרטיפט אין זיין אַרבעט. זומער 1898 האָט דובנאָוו פאַרענדיקט די ערשטע טייל פון דעם „לערנבוך פון יידישער געשיכטע" און איז אַרויסגעפאָרן קיין פּאָלעסיע צו זיינעם אַ יוגנט־פריינד מאַרקום קאַגאַן. דאָס גרויסע הויז אויפן ברעג פון טייך סאָזש האָט זיך געפונען בשכנות מיט אַ טאַרטאַק; פון דאָרט האָט זיך אין חדרל פון שרייבער אַריינגעגאָסן דער גלייכמעסיקער געקריץ פון די זעגן, און דאָס איבעררופן זיך פון די פליטן־טרייבער. דובנאָוו האָט זיך געפילט היימיש אין דער סביבה פון דער גרויסער פּאַטריאַרכאַלער גאַסט־פריינדלעכער משפחה. אין די שמועסן ביים טיש האָבן ביידע פריינד אָפט דערמאָנט אַמאָליקע צייטן, ווען זיי זענען מיט נשמה־ציטער אַריינגעטרעטן אין דער ליטעראַטור. שעהן־לאַנג פלעגט ש. דובנאָוו אַרומוואַנדערן אין וואַלד, אַמאָל אַליין און אַמאָל אין דער געזעלשאַפט פון די קינדער און זייער יונגער לערערקע, ווערא ג. — אַ פאַרטראַכט שוויגעוודיק מיידל. אין די דאָזיקע הייסע טעג, אָנגעפילטע מיטן אַראָמאַט פון זומער, האָט ער אַנדערש ווי פריער אויפגענומען די נאַטור. אין דער נשמה פון שרייבער, וואָס האָט געפירט אַן אַסקעטיש, ספּאַרטאַניש לעבן, איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי שטאַרק די בענקשאַפט נאָך פרייד און האַרמאָניע. „יעדן טאָג — שרייבט ער אין זיינע זיכרונות — פלעג איך גיין אין סאָסנע־וואַלד וואָס האָט, ווי אַ הויכע וואַנט, זיך אַרויסגעהויבן באַלד הינטערן קאָרן־פעלד נעבן אונדזער הויף... איך בין אַריין אין... דער וואַלד־טיפעניש ווי אין דעם האַלב־טונקל פון אַ מקום־קדוש, און געגאַנגען דורך אַ קאָלאָנאַדע פון הויכע סאָסנעס ביז דעם משופּעדיקן באַרג־אַראָפּ צו דער לאָנקע; ווייטער האָט אַרויסגע־גלאַנצט אין זון־שטראַלן די אויבערפלאַך פון טייך. צוגלייך מיטן קולט פאַר דער נאַטור האָט אין מיר דערוואַכט די אַמאָליקע בענקשאַפט נאָך פאַראייניקן

מיין גייסטיקע אַרבעט מיט דער פּיזישער. איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער סטאָלעריי ביים טאַטאַק."

אין דעם פעסט איינגעסדרטן, מיט אַרבעט אויסגעפולטן לעבן פון ש. דובנאָוו, האָט זיך עפּעס אַ רוק־געטאָן, די יוגנט מיט אירע ראָמאַנטישע חלומות, מיט אירע „טורגעניעוו"־שטימונגען איז שוין געווען פאַרביי, דאָס לעבן איז געווען אויסגעפורעמט. און דאָך — אין די לבנה־נעכט ביים שטילן סאָזש, אין די זוניקע בייטאָגן, אָנגעפילטע מיטן אַראָמאַט פון סאָסנע־נאָדלען איז אין שרייבערס נשמה אויסגעבראָכן אַ בונט קעגן שטרענגן אינטעלעקטואַליזם און אַסקעטיזם. דער דאָזיקער בונט איז אַוועק צוזאַמען מיטן „חלום פון אַ זומער־נאַכט", וואָס האָט זיך דעם שרייבער געחלומט אין שיינעם פאָלעסישן ווינקעלע. עס איז נאָר פאַרבליבן אַ פאַרבאָרגענע, עקשנותדיקע בענקשאַפט, ס'איז פאַרבליבן די שטרעבונג צו פאַראייניקן דעם קולט פאַר דער נאַטור מיטן קולט פאַר געשיכטע. „פון יענער צייט אָן — שרייבט דער מחבר פון „דאָס בוך פון מיין לעבן" — האָט זיך אין מיר פאַרשטאַרקט יענער קאָמפּלעקס פון פּאַנטעאיזם און היסטאָריזם, וואָס האָט מיר געגעבן אַ גייסטיקן אָנשפּאַר אויף מיין ווייטערדיקן לעבנסוועג צווישן די אַלץ העפטיקערע סאָציאַלע שטורעמס."

צוריקקומענדיק קיין אָדעס, האָט דובנאָוו געוואַנדערט איבער די שטויביקע און הייסע גאַסן ווי אַ פרעמדער. אַרום אים זענען אָנגעגאַנגען שאַרפע פּאַרטייאישע קאַמפן, די יוגנט האָט עקשנותדיק געפאָדערט די פאַר־זעצונג פון די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום". כדי צו שטילן זיין בענקשאַפט, האָט דער שרייבער זיך ווידער פאַרטיפט אין דער געשיכטע פון חסידות און האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע הקדמה צו זיין קומענדיקן ווערק אונטערן נאָמען „דאָס סאָציאַלע און גייסטיקע לעבן פון די פּוילישע יידן אין 18־טן יאָרהונדערט". דאָרט כאַראַקטעריזירט ער דאָס חסידות ווי אַ לע־רע, פון וועלכער עס „ווערט טונקל אין קאָפּ און וואַרעם אין האַרץ" (הייגעס ווערטער וועגן ליבע). דער מחבר אַליין האָט געשריבן זיין אַרבעט אין אַ דערהויבענער „חסידישער" שטימונג... אָבער דאָס וואָכעדיקע לעבן האָט געפאָדערט זיינס — מ'האָט געדאַרפט צוגרייטן די צווייטע טייל פון לערן־בוך.

## קאַפּיטל דרייצן

# געדאַנקען וועגן אַלטן און נייעם ייִדנטום

פרילינג 1894, נאָך אַן איבעררייס פון אַ יאָר, האָט דובנאָוו ווידער דערפילט אַ באַדערפעניש זיך אַריינצומישן אין דעם אידייען־קאַמף, וואָס האָט געקאָכט אַרום און ער האָט זיך ווידער גענומען צו די „ברייוו". דער אומגעמיטלבאַרער שטויס דערצו איז געווען דער דרייפוס־פּראָצעס אין פראַנקרייך, וואָס האָט אויפגעדעקט די היהשע צורה פון די פראַנצויזישע שאָוויניסטן. די טעטיקייט פון דער אַנטי־דרייפוס־קליקע האָט שאַרף אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון מאָראַליש־פּאָליטישער אָפּשאַצונג פון פאַרשידענע מינים נאַציאָנאַליזמען. דער פערטער „בריוו" איז געווען געווידמעט אָט דער פּראָבלעם. דער מחבר ווייזט אָן אויף דער נויטווענדיקייט קלאָר אונטערצושיידן; צווישן אַגרעסיוון און דעפענסיוון נאַציאָנאַליזם, צווישן נאַציאָנאַלן עגאָאיזם און נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם. צונויפמישן פאַרשידענע פאָרמען פון נאַציאָנאַליזם איז לויט זיין מיינונג פּונקט אַזוי פאַלש ווי צו שטעלן אויף איין ברייט יאָהאַן גוס, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן פאַר זיין גלויבן, און דעם אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ, וואָס האָט אין נאָמען פון זיין גלויבן פאַרברענט אומגלויביקע אויף די שייטער־הויפנס פון דער אינקוויזיציע. באַגווייזנדיק די עטישע ווערטפולקייט פון דער ריכטיק־פאַרשטאַנענער נאַציאָנאַלער אידייע, האָט ש. דובנאָוו כאַראַקטעריזירט דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס, ווי מאָראַלישע קאַפּיטולאַציע. אַן אויסנאַם פון דאָזיקן כלל האָט ער געמאַכט פאַר אַזעלכע אידעאַליסטן פון אַסימילאַציע, ווי גבריאל ריסער און לאַזאַרוס.

די שאַרפע קריטיק איז אין פערטן „בריוו" בעיקר געווענדעט קעגן די עקסטרעמען פון פּאָליטישן ציוניזם, וואָס זענען געקומען צום אויסדרוק אין די רעדעס פון איינעם פון די פירער פון דער באַוועגונג — מאַקס נאָרדוי. ווען דער מחבר פון דעם בוך „דעגענעראַציע", וואָס האָט בשעתו גע־

מאַכט אַ שטאַרקן רעש, איז געוואָרן אַ ציוניסט, האָט ער אָנגעהויבן צו באַשולדיקן די טוער פון גלות אין סערוויליזם; זיי זענען גרייט — האָט ער געטענהט — לויטן לאַטייניש שפּריכוואָרט „צוליבן לעבן גופא — צו פאַרלירן דעם זין פון לעבן". ש. דובנאָוו האָט באַצייכנט דאָס אויבערפלעכלעכע איגנאָרירן די היסטאָריש־געשאַפענע אומשטענדן, ווי אַ מין „אינערלעכע אַסימילאַציע"; די ציוניסטן פון נאָרדויס טיפּ האָט ער אָנגערופן „תנאי־נאַציאָנאַליסטן". אין אַ קורצער פאָרמולירונג האָט ער רעזומירט דעם אונטערשייד צווישן די דריי הויפּט־שטרעמונגען אין יידנטום: די אַסימילאַטאָרן באַטראַכטן די יידן ווי אַ פאָלק פון עבר, די פּאָליטישע ציוניסטן, ווי אַ פאָלק פון דער צוקונפט, און די אָנהענגער פון „גייסטיקן נאַציאָנאַליזם" האַלטן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אויך אַ פאָלק פון היינט. דער רעדאַקטאָר פון „וואָסכאָד" איז נישט געווען מסכים מיט זיין לאַנגיאָריקן מיטאַרבעטער און האָט צום „בריוו" צוגעגעבן אַ פּאָלעמישע נאָטיץ.

אין דער צווייטער העלפט פון די 90־קער יאָרן האָט זיך אָנגעהויבן אין דער יידיש־רוסישער זשורנאַליסטיק אַ פּעריאָד פון אויפלעבונג. דער „וואָסכאָד" איז איבערגעגאַנגען צו אַ גרופּע יונגע ליטעראַטן, אין זייער גרעסטן טייל — נאַציאָנאַל־געשטימטע. ס'איז אויפגעקומען נאָך אַן אָרגאַן „בודושטשנאָסט" (די צוקונפט), וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אָפּצושפּיגלען די פאַרשידענע שטרעמונגען אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. נאָכקומענדיק די בקשות פון דער רעדאַקציע האָט ש. דובנאָוו אָנגעשריבן פאַרן נייעם זשורנאַל אַן אַרטיקל א. נ. „די ריכטונגען אין דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק", אין וועלכן ער מאַכט אַ סך־הכל פון אַ פערציק־יאָריקער תקופה; ער באַשרייבט דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלען און פאַרטיפן די אידייען פון השכלה און גלייכבאַרעכטיקונג, ביז צום מאָמענט ווען די דאָזיקע אידייען האָבן געפונען זייער פולן אויסדרוק אין דעם הומאַניסטיש־נאַציאָנאַלן סינטעז.

די הויפּט־טעזן פון ש. דובנאָווס אַרטיקל זענען געוואָרן דער יסוד פון זיין עפנטלעכער לעקציע און נאָך דעם זענען זיי דעבאַטירט געוואָרן אויף דיסקוסיע־פאַרזאַמלונגען. די שאַרפע פּאָלעמיק האָט פאַרשאַפט גרויס עגמות־נפש דעם אַלטן מענדעלען, וואָס איז געווען אַ קענער פון דיסקוסיעס. אונטערשטרייכנדיק זיין נייטראַליטעט און „אומפּאַרטייאישקייט", פלעגט מענדעלע עקשנותדיק טענהן: „איך בין נישט קיין אַסימילאַטאָר און נישט קיין נאַציאָנאַליסט, נאָר גלאַט אַ ייד". דער מחבר פון די „בריוו", וואָס איז געווען פאַרקאָכט אין קאַמף אויף צוויי פראָנטן, האָט נישט געקענט פאַרשטיין מענדעלעס אידייאישן אינדיפערענטיזם. די פּאָלעמיק מיט די ציוניסטן האָט ער בעיקר געפירט אין דער פּרעסע; אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען

האָט ער גאַנץ אָפט געהאַט צו טאָן מיט אַרגומענטן פון אַן אַנדערן מין: מענטשן, וואָס זענען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער רוסישער קולטור און געזעלשאַפטלעכקייט, פלעגן פאָרוואַרפן דובנאָוון, אַז ער שטרעבט אָפּצורייסן די יידן פון דער אַרומיקער סביבה. אָפּענטפערנדיק זייער היציק זיינע אָפּאָנענטן האָט דער פרייַדיקער פון „גייסטיקן נאַציאָנאַליזם" נישט באַמערקט, אַז ער קעמפט אויך מיט יענעם יונגן ענטוזיאַסטישן אָנהענגער פון באָקל, וואָס האָט זיך דערקלערט פאַר אַ קאָסמאָפּאָליט.

נאָך אַ יאָר, וואָס איז געווען געווידמעט דער פובליציסטיק האָט ש. דובנאָוו זיך פאַרבענקט נאָך היסטאָרישער אַרבעט. ער האָט זיך זייער דערפרייט מיט דער זאַמלונג פון ווערטפולע היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וואָס ס'האָט אַרויסגעגעבן די היסטאָריש־עטנאָגראַפישע קאָמיסיע אין פעטערבורג. דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, מ. ווינאַווער, אַ באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער און אַ באַגאַבטער יוריסט, האָט אָנגעוויזן, אַז דעם שטופּ צו זאַמלען די מאַטעריאַלן האָט געגעבן דובנאָווס אַרטיקל „וועגן פאָרשן יידישע געשיכטע", וואָס איז געווען געדרוקט אין „וואָסכאָד" מיט אַכט יאָר צוריק. די רעדאַקציע פון זאַמלבוך האָט אין דער הקדמה דערקלערט, אַז פאָרשנדיק יידישע היסטאָרישע דאָקומענטן, זענען די יונגע אינטעליגענטן געקומען אין באַרירונג „מיט דער מאַמע־ערד". און זיי האָבן אַזוי אַרום „דערוואָרבן יענע פעסטקייט, יענע זיכערקייט, וואָס גיט דעם מענטשלעכן לעבן דעם טיפסטן ווערט". דער היסטאָריקער איז געווען גערירט, לייענענדיק די אויסדרוקן פון אָנערקענונג. „זיי האָבן באַרעכטיקט — שרייבט ער — מיין אַמאָליקן רוף צו דער אינטעליגענץ, אַז זי זאָל זיך באַהעפטן מיטן פאָלק דורך פאָרשן געשיכטע; איך האָב דערפילט, אַז עס וואַקסט אַ נייע יידישע פאָלקס־אינטעליגענץ, מיט וועלכער עס וועט מיר באַשערט זיין צוזאַמען צו אַרבעטן אין דער ליטעראַטור און אין די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס".

אין נאָוועמבער 1899 האָט דער אַמעריקאַנער פאַרלאַג „פונק און וואַגנאַלס" פאַרגעלייגט דובנאָוון אָנטיילצונעמען אין דער אַנקעטע וועגן דער היסטאָרישער ראָל פון שעפער פון קריסטנטום. אין זיין ענטפער האָט דער שרייבער אַרויסגעבראַכט זיין קאָנצעפּציע וועגן דער אַנאַלאָגיע צווישן דער לערע פון קריסטוס און דער לערע פון בעש"ט. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס פאָרשן די טעטיקייט פון דעם גרינדער פון חסידות גיט אַ שליסל צו פאַרשטיין דאָס קריסטנטום. זיי ביידע — ישו פון נצרת און ר' ישראל בעל שם טוב פון פּאָדאָליע — האָבן געקעמפט קעגן רעליגיעזן ריגאָריזם און פאָרמאַליזם, ביידע האָבן זיך געווענדעט צום פּראָסטן מענטשן. ביידע האָבן העכער געשטעלט דעם גלויבן איבערן ריטואַל. יעזוס האָט גערעדט צו

מענטשן, וואָס זענען געווען באַהערשט פון פּאָליטישע לײַדנשאַפטן, וועגן „גאָטס קעניגרײַך אין אונדזער נשמה” און ר׳ ישׂראל בעש״ט האָט געטענהט צו די פּשוטע ייִדן, וואָס זענען געווען דערשלאָגן נאָכן דורכפאַל פון דער שבתי־צבֿי־באַוועגונג, אַז דער געפּייניקטער גלות־ייִד קען געפינען אַ טרייסט און גליקזעליקייט אין דער באַהעפטונג מיט גאָט. ש. דובנאָוו האָט אַרויס־געזאָגט די איבערצײַגונג, אַז בײַ אַנדערע היסטאָרישע אומשטענדן וואָלט ישו הנוצרי פאַרבליבן אַ פּריידיקער פון רעליגיעזן פּיעטיזם אין ייִדנטום גופא, — דאָס, וואָס עס איז שפּעטער געוואָרן ר׳ ישׂראל בעש״ט... ווײַל אָבער די לערע פון יעזוסן איז אַרויס מחוץ דער ייִדישער סבֿיבֿה און האָט אַרײַנגענומען אין זיך פרעמדע, געצנדינערישע עלעמענטן, האָט דאָס ייִדי־שע פאָלק, וואָס האָט געקעמפט פאַר זײַן נאַציאָנאַלן קיום נישט אָנגענומען די דאָזיקע לערע. די זעלאָטן האָבן נישט געוואָלט זיך אָפּזאָגן פון פּאָליטישן קאַמף און די פּרושים האָבן געהאַלטן, אַז נאַציאָנאַלע דיסציפּלין איז לעבנס־וויכטיק פאַרן ייִדישן פאָלק.

מיט צוויי יאָר שפּעטער איז דעם שרײַבער אויסגעקומען, לויט דער בקשה פון די איניציאַטאָרן פון דער אַנקעטע, צו געבן אַן ענטפער וועגן דער צווייטער פראַגע — וועגן דער באַציאונג פון היינטצײַטיקע ייִדן צו דער פּערזענלעכקייט פון יעזוס קריסטוס. ש. דובנאָוו האָט ווידעראַמאָל באַ־שטעטיקט, אַז ער באַטראַכט ישו הנוצרי פאַר אַ ייִדישן נבֿיא, וואָס האָט גע־פּריידיקט זײַן לערע צו זײַנע ברידער, זײַן תּלמיד פּאַוליוס אָבער האָט זיך געווענדעט צו פרעמדע פעלקער. די מאָדערנע ייִדישע אינטעליגענץ באַטראַכט ישון, ווי אײנעם פון די בעסטע זין פון ייִדישן פאָלק, ווי אַ פּריידיקער פון ליבע און טאָלעראַנץ. מען קען אָבער נישט פאָדערן היסטאָרישע אָביעקטי־וויטעט פון די מענטשן פון פאָלק. זיי קענען נישט פאַרגעסן, אַז זייערע אָבֿות זענען אין משך פון דורות גרויזאַם געפּייניקט געוואָרן אין נאָמען פון יעזוס קריסטוס.

דעם ווינטער 1899־1900 האָט ש. דובנאָוו געאַרבעט איבער אַ גרוי־סער מאָנאָגראַפיע „דאָס אינערלעכע לעבן פון די ייִדן אין פּוילן און ליטע אין 16־טן יאָרהונדערט”. ער האָט געוואָלט אויפן סמך פון אויטענטישע מקורים — רבנישע שאלות־תּשובֿות און קהלה־פּנקסים — געבן אַ בילד פון ייִדישן לעבנס־שטייגער אין דער תּקופֿה פון גרעסטן אויפֿבלי פון פּוי־ליש־ליטווישן צענטער. לאַנגע שעהן האָט ער פאַרבראַכט איבער אַלטע ספֿרים, זוכנדיק ברעקלעך פון אַמאָליקן ייִדישן לעבן אין די פאַרפּלאָנטערטע שאלות־תּשובֿות און רבנישע תּקנות, אין די פּאַטעטישע מוסר־דרשות. די דאָזיקע אַרבעט האָט דעם היסטאָריקער פאַרשאַפט גרויס באַפרידיקונג; ער האָט זי אָבער געמוזט איבעררײַסן כּדי צוצוגרייטן אַ נײַע אויפלאַגע פון דער

צווייבענדיקער „אלגעמיינער יידישער געשיכטע". ער האָט באַשלאָסן צוגעבן א דריטן באַנד, געווידמעט דער ביבלישער עפּאָכע, צונויפגעשטעלט אויפן סמך פון די נייע דערגרייכונגען פון דער ביבל־פאָרשונג.

אין זיין טאָגבוך פאַרצייכנט ער, אין פעברואַר 1900, זיינע אַרבעטס־פּלענער: „היינט, זיצנדיק מיט אידאַן אין פּאַרק, האָב איך געטרוימט וועגן מיינע קומענדיקע אַרבעטן. אָט זענען מיינע טרוימען: אין משך פון 1900־1901 — אַרויסגעבן די „אַלגעמיינע יידישע געשיכטע אין א נייער באַאַר־בעטונג... אין 1902 — די „געשיכטע פון חסידיזם"; אין משך פון 1903־1904 — אַרויסגעבן א זאַמלונג פון קריטישע אַרטיקלען, אין 1905 — אויסגעקליבענע היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, אין 1906, ווען עס ווערט פינף און צוואַנציק יאָר פון מיין ליטעראַרישער אַרבעט, וועל איך צוטרעטן צו דער "געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד". דעם דאָזיקן ווערק וועל איך אָפּ־געבן די אַנדערע 25 יאָר פון מיין טעטיקייט. אין זעלבן יאָר זאָלן מיר זיך באַזעצן ערגעץ אין א שטיל ווינקעלע אין פּאָלעסיע, אין א הייזל מיט א גאָרטן. דאָרט וועל איך א האַלבן טאָג זיך פאַרנעמען מיט מיין שרייבן און א האַלבן טאָג — מיט פיזישער אַרבעט און מיט לאַנדווירטשאַפט. אָפּצו־לעבן מיינע לעצטע יאָרן מיט דער נאַטור און מיט געשיכטע — אויף גאָטס וועלט און אויף די הויכקייטן פון שאַפן — דאָס איז מיין איינציקער פאַרלאַנג".

די בענקשאַפט צו דער נאַטור האָט דעם שרייבער קיינמאָל נישט אָפּגע־לאָזט: די נאָטיצן פאַרן דריטן באַנד „אַלגעמיינע יידישע געשיכטע" פלעגט ער שרייבן אויף א גרין בערגל אין פּאַרק צווישן הויכע קיפּאַריסן. זומער־צייט, אין זיין באַליבטער פּאָלעסיע האָט ש. דובנאָוו פלייסיק געאַרבעט ביי א פּראָסטן טיש, צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער, און אין אָוונט, בעת די שפּאַ־צירן מיט מרדכי בן הלל הכהן און מיט אחד־העמען, האָט ער מיט זיי גע־שמועסט וועגן די נייע מעטאָדן פון דער ביבל־קריטיק. דער רעזולטאַט פון זיין אַרבעט איז געווען א נייער באַנד „געשיכטע", וואָס איז דערשינען סוף 1900.

די פאַרצייכענונג אין טאָגבוך פון ניי־יאָר 1901 איז אָנגעפילט מיט אומרו: „מיר טרעטן אַריין — שרייבט ש. דובנאָוו — אין 20־טן יאָרהונ־דערט, וואָס וועט ער ברענגען אונדז אַלע, דער מענטשהייט, דעם יידישן פאָלק? אורטיילנדיק פון די לעצטע יאָרצענדליקער פון פאַרגאַנגענעם יאָר־הונדערט, קען מען קומען צום אויספיר, אַז די מענטשהייט גייט צו א נייעם מיטלאַלטער, צו גרויזאַמע מלחמות און ראַנגלענישן צווישן פעלקער. צו שענדונג פון די העכערע עטישע פּרינציפּן אין דער פּאָליטיק און אין פּריוואַטן לעבן. אָבער עס ווילט זיך נישט גלויבן אין אַזא פאַראַלגעמיינערונג.

די היינטיקע עקלהאַפטע רעאַקציע מוז אַרויסרופן אַ ווידערשטאַנד. דער 18־טער יאָרהונדערט איז געווען אַ פּעריאָד פון גייסטיקע איבערקערענישן; דער 19־טער י״ה — פון פּאָליטישע רעוואָלוציעס און פון טעכניש־וויסנשאַפטלעכן פּראָגרעס. דער 20־טער י״ה דאַרף ברענגען אַ מאָראַלישע רעוואָלוציע. עס מוז קומען אַן עטישע איבערקערעניש ביי דער מערהייט פון דער מענטשהייט, וואָס איז געוואָרן דעגענערירט צוליבן וווקס פון מאַטעריעלער ציוויליזאַציע אויפן חשבון פון דער גייסטיקער קולטור".

די אָנגעשטרענגטע אַרבעט האָט פאַר דעם שרייבער פאַרשטעלט דאָס אַרומיקע לעבן. מאַכנדיק פּראָגנאָזן אויף דער נאָענטסטער צוקונפט, האָט ער פאַרזען דעם וווּקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די סימנים פון אומצופרידנקייט אין דער געזעלשאַפט זענען געוואָרן אַלץ בולטער: אָנהייב 1901 איז דאָס געקומען צום אויסדרוק אין סטודענטישע דעמאָנסטראַציעס און אין שטרייקן. די צאַרישע רעגירונג האָט געענטפערט מיט ווילדע פּאָליציייאישע רעפּרעסיעס און מיט שיקאַנירן די אומאָפּהענגיקע פּרעסע. אין דער יידישער סביבה האָט זיך צוגלייך מיטן וווּקס פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען אויך געשטאַרקט די נאַציאָנאַלע באַוועגונג. אין אָדעס, וואָס איז געווען איינער פון די גרעסטע יידישע צענטערן, האָט דער פּראָצעס פון פּאָליטישער דיפערענצירונג אָנגענומען שאַרפע פאָרמען. די פריערדיקע טעאָרעטישע דיסקוסיעס צווישן נאַציאָנאַליסטן און אַסימילאַטאָרן, וואָס האָבן זיך געפירט אויף די פאַרזאַמלונגען פון דער געזעלשאַפט „מפיצי־השכלה", האָבן סוף־כּל־סוף דערפירט צו אַן אָפענעם קאָנפליקט. דאָס איז געשען, ווען אויפן טאָג־אָרדענונג איז געשטעלט געוואָרן די קאָנקרעטע פראַגע וועגן פּראָגראַם פון די יידישע פאָלקס־שולן, סובסידירטע דורך מפיצי־השכלה. אומגעריכט האָט ש. דובנאָוו זיך געפונען אין צענטער פון קאַמף, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אַרום דער פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער דערציונג.

אין די 90־ער יאָרן האָט זיך אין דער געזעלשאַפט „מפיצי־השכלה" אויסגעבילדעט אַ פעסטע גרופּע, וואָס האָט געפאָדערט אויסצוברייטערן דעם לימוד פון יידישער געשיכטע, יידישער ליטעראַטור און העברעאיש אין די שולן. די גרופּע האָט געשטרעבט צו שאַפן אַ נייעם טיפּ שול, וואָס זאָל טראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דער קאָמיטעט ווידער, האָט זיך געהאַלטן ביים אַלטן פּרינציפּ — אַ רוסישע שול פאַר יידישע קינדער. אויף די פאָדערונגען פון דער אָפּאָזיציע האָט ער געענטפערט, אַז נאַציאָנאַלע דערציונג קען נישט גיין האַנט ביי האַנט מיט אַלגעמיינער אייראָפּעאישער בילדונג. אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט, פרילינג 1901, האָט זיך צעפלאַקערט אַ פאַרביסענער קאַמף; די פּאָלעמיק האָט צייטנווייז געטראָגן אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער. דובנאָוו האָט זיך באַמיט

אַרויפצופירן די דיסקוסיע אויף אַ פּרינציפּיעלן באָדן; ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן אָפּטיילן דאָס „יידישע" פון דעם „אַלגעמיינעם" אין בילדונגס־פּראָג־ראַם. „קיין שום לעבעדיק פאָלק — האָט ער אויפגעוויזן — ווייסט נישט פון אַזאַ פאַנאַנדערטיילונג, ווייל דאָס אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערט אויפ־גענומען אין אַ נאַציאָנאַלער פאָרעם, און אויב פאַר אונדז איז אוממעג־לעך צו פירן די דערציונג אויף דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, דאַרפן מיר, לכל־הפּחות, פאַרשטאַרקן אין פּראָגראַם דעם נאַציאָנאַלן אינהאַלט. פאַר אַ פאָלק אין גלות איז נאַציאָנאַלע דערציונג — דער סוראָגאַט פון טעריטאָריע; די שול דאַרף באַשיצן דאָס קינד קעגן דער אַסימילירנדיקער ווירקונג פון דער אַרומיקער סביבה און נישט בלויז אים געבן „נוצלעכע קענטענישן; חוץ אוטיליטאַרע צילן האָט די שול אויך מאָראַלישע און גייסטיקע אויפגאַבן".

אין דער געזעלשאַפט און אין דער פּרעסע האָט זיך אַ סך געטומלט אין שייכות מיט דער פאַרזאַמלונג פון מפיצי־השׂכלה. דאָס איז געווען דער אָנהייב פון יענער טעטיקייט, וואָס ש. דובנאָוו האָט אָנגערופן „קולטור־קאַמף". ציוניסטן און נאַציאָנאַליסטן האָבן געגרינדעט אַ „קאָמיטעט פון נאַציאָנאַליזאַציע", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו קעמפן פאַר פאַרשטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט אין די יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פריער פאַר אַלץ אין דער שול. אין דער נייער אָרגאַ־ניזאַציע האָבן די אחד־העמיסטן געבילדעט דעם צענטער צווישן די ציוניסטן און „דובנאָוויסטן".

די עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען האָבן ביי דובנאָוון צוגענומען אַ סך צייט און ענערגיע; נישט געקוקט דערויף האָט ער באַצייטנס פאַרענדיקט דעם דריטן באַנד פון לערנבוך, וואָס האָט באַהאַנדלט דעם מיטלאַלטער און די נייע צייט. די צענזור האָט אָבער נישט דערלויבט צו באַנוצן דעם לערנ־בוך אין די שולן. זי האָט פאָרגעוואָרפן דעם מחבר, „אַז ער האָט זיך באַמיט אַרויסצורוקן אין פאָדערגרונט די מעלות פון יידישן פאָלק און רעדט נישט וועגן זיינע חסרונות, וואָס האָבן אַרויסגערופן פיינדשאַפט ביי די אַרומיקע פעלקער". די צענזאָרן זענען באַזונדערס געווען אויפגעבראַכט צוליב די קאַפּיטלען, ווו דער מחבר קריטיקירט די מיטלען, וואָס די רוסישע רעגי־רונג האָט אָנגענומען קעגן יידן. דער פאַרבאָט פון דער צענזור האָט צע־שטערט דובנאָווס פּלענער; זיין ווערק האָט נישט געקענט פאַרשפּרייט ווערן ווי אַ לערנבוך, נאָר אייניקע לערער האָבן זיך דערמיט באַנוצט אין געהיים.

צו די פּראַקטישע דורכפאַלן פלעגט דובנאָוו זיך באַציען ווי אַ סטאָיקער. ער איז אָבער געווען שטאַרק באַזאָרגט פון דעם, וואָס די צופעליקע אַרבעטן רוקן אָפּ אין דער אומבאַשטימטער צוקונפט זיין גרויס ווערק. פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט אָפּזאָגן זיך פון די פּרווון צו

פּאָפּולאַריזירן יידישע געשיכטע. ווען אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אַ יידישע ענציקלאָפּעדיע אויף ענגליש, האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב צו העלפן דער נייער אויסגאַבע און אין משך פון עטלעכע יאָר האָט ער מיטגעאַרבעט אין דער ענציקלאָפּעדיע אַלס רעדאַקטאָר־קאָנסולטאַנט.

זומער 1901 האָבן די דובנאָווס זיך איבערגעצויגן פון דער שטויביקער באַזאַרנע גאַס אויף אַ שטיל געסל נישט ווייט פון ים. דורך די גרינע בלעטער פון קליינעם גאָרטן אַרום הויז פלעגט דורכלייכטן די בלויקייט פון ים. דער שרייבער איז געווען פאַרמאַטערט נאָך לאַנגע חדשים פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט; נאָכן ברענגען אין אָרדענונג זיין ביבליאָטעק און אַרכיוו איז ער אַרויסגעפאָרן אין זיין היים־שטאָט מסטיסלאַוו. דאָרט האָט ער באַלד דערפילט, ווי שטאַרק עס האָט זיך געענדערט די פאַרשלאָפענע יידישע פּראָווינץ במשך די לעצטן יאָרן. אומעטום האָט מען געפירט לידנשאַפטלעכע וויכוחים; דער גאַסט איז באַלאַגערט געוואָרן פון באַזוכער, טיף פאַראינטערעסירטע אין געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ביי דער משפחה האָט זיך קנאַפּ וואָס געענדערט, סיידן וואָס דאָס באַשיידענע הייזל האָט אויסגעזען נאָך מער איינגעשרומפּן, ווי איינגעזונקען אין דער ערד. די מאַמע האָט אונטערגעהוסט און איז אַרומגעגאַנגען אַן אומעטיקע, נישט פריילעך זענען אויך געווען די שוויגעווודיקע שוועסטער. ביים סאַמאָוואַר האָבן זיך געפירט שטילע שמועסן וועגן משפחה־זאָרגן, וועגן קרובים. ביי דער געזעגנונג מיטן זון האָט די אַלטע מאַמע ביטער געוויינט, ווי זי וואָלט געפילט, אַז מער וועט זי אים נישט זען. זי איז געשטאָרבן אין אַ קורצער צייט אַרום, פון דער זעלבער קרענק, וואָס איר מאַן. פאַרנדיק אַהיים, האָט ש. דובנאָוו נישט געטראַכט, אַז ער זעט צום לעצטן מאָל זיין מוטער און זיין היימשטאָט.

אין אָדעס האָט דער שרייבער מיט לייב און לעבן זיך אַריינגעטאָן אין דער פּובליציסטיק: מ׳האָט געדאַרפט פאַרענדיקן די טעאָרעטישע טייל פון די „בריוו" און איבערגיין צו אַקטועלע פּראָבלעמען. ער האָט געשריבן דאָס אַרטיקל „צעשפּליטערטע און פאַראייניקטע פּאַרטיי" (וואָסכאָד, 11, 1901) אין זיין גערוימען קאַבינעט, וווהין עס האָט זיך דערטראָגן דער רויש פון ים. דעם אימפּולס צו דער אַרבעט האָט געגעבן די טעטיקייט פון דעם „קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַליזאַציע". ש. דובנאָוו איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען דאַרף שאַפן אַ נאַציאָנאַלע פּאַרטיי, וואָס זאָל אַרומנעמען פאַרשידענע גרופּירונגען, ווייל אויב די ציוניסטן ווילן גיין באַזונדער, וועט די ענערגיע, וואָס איז נויטיק צו באַזאָרגן די באַדערפעניש פון די ברייטע מאַסן אַוועקגיין אויף צו באַשאַפן אַ היים פאַר אַ קליינעם טייל פון פאָלק.

אין דעם וויטערדיקן „בריוו", וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „אווטאָנאָמיזם — ווי אַ יסוד פון נאַציאָנאַלן פּראָגראַם" איז פאָרמולירט גע־

וואָרן די צענטראַלע אידייע פון דעם גאַנצן ציקל אַרטיקלען. אַרויסרוקנדיק דעם פּרינציפּ פון קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, האָט דובנאָוו צום ערשטן מאָל קאָנקרעטיזירט די פאָדערונג פון „נאַציאָנאַלע רעכט", וואָס ער האָט אַרויסגעשטעלט מיט צוויי יאָר צוריק. אין שייכות מיט דער דאָזיקער קאָנצעפּציע האָט ער אַנטוויקלט זיין באַליבטע טעאָריע פון דיאַלעקטישער טריאַדע. דעם 19־טן יאָרהונדערט האָט ער כאַראַקטעריזירט ווי אַ פּעריאָד פון קאַמף קעגן דעם נאַציאָנאַל־רעליגיעזן טעזיס, וואָס האָט אין משך פון יאָרהונדערטן אָפּגעטיילט די יידן פון דער אַרומיקער וועלט און באַגרענעצט די אינדיווידועלע פרייהייט. דער אַנטיטעזיס, וואָס איז אויפגעקומען אין דאָזיקן יאָרהונדערט, איז געווען אַ בונט פון מענטש אין דעם ייד, אַ פּראָטעסט קעגן דעספּאָטיזם פון קאָלעקטיוו. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער דאָזיקער פּראָטעסט איז געווען אַן איינזייטיקער: הומאַניזירנדיק דעם ייד האָט ער אים דענאַציאָנאַליזירט. די אויפגאַבע פון 20־טן יאָרהונדערט באַשטייט אין איינשטעלן האַרמאָניע צווישן הומאַניזם און נאַציאָנאַליזם. דאָס יידישע פאָלק דאַרף זיך אַנערקענען אַלס קולטור־היסטאָרישע נאַציע, מיט אַ פרייער זעלבסטפאַרוואַלטונג. דאָס קעמערל פון זעלבסטפאַרוואַלטונג דאַרף זיין אַ נאַציאָנאַלע יידישע קהלה, וואָס שליסט איין סיי רעליגיעזע יידן, סיי ניט רעליגיעזע. אַזאַ וועלטלעכע קהלה וועט זיין אַ מער ווירקזאַמער אינסטרומענט פון נאַציאָנאַלער פאַראייניקונג, ווי די אַלטע טראַדיציאָנעלע, וווּ ס'איז נישט קיין פּלאַץ פאַר דער פריידענקערישער אינטעליגענץ. אַ פאַרבאַנד פון אויטאָנאָמע קהלות אין יעדן לאַנד און אַן „אַלוועלטלעכער פאַרבאַנד פון יידישע קהלות" דאַרפן ווערן די העכסטע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען פון יידישן פאָלק אין די תפוצות.

פאָרמולירנדיק זיין קאָנצעפּציע פון „אויטאָנאָמיזם", האָט ש. דובנאָוו נאָך נישט געוווּסט וועגן דעם נאָר וואָס דערשינענעם ווערק פון עסטרייכישן סאָציאַל־דעמאָקראַט רענער־שפּרינגער, דעם באַגרינדער פון דער טעאָריע פון „פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע" פאַר נישט־טעריטאָריעלע פעלקער. „איך בין — שרייבט ש. דובנאָוו אין זיין „בוך פון מיין לעבן" — זעלבסטשטענדיק געקומען צו דער לייזונג פון פּראָבלעם, וואָס איז שפּעטער, נאָך דער וועלט־מלחמה, געוואָרן פאָרמולירט גאַנץ פּשוט: אויטאָנאָמיע פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, ווי אַ פאָרבאַדינג פאַר אַזאַ סיסטעם דאַרף זיין די אינטערנאַציאָנאַלע אַנערקענונג, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַ לעבעדיקע, אַלוועלטלעכע נאַציע".

אין דעם ווייטערדיקן „בריוו" פּרווּוט דער מחבר מער קאָנקרעטיזירן די אידייע פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, ער ווידמעט זיין אַרטיקל די פּראָבלעמען פון נאַציאָנאַלער דערציונג. ער ברענגט אַ רייע ביישפּילן פון דעם

לעבן פון מערב־אייראָפּעאישן יידנטום און ווייזט אָן אויף דער טיפער גייסטיקער צעשפּאָלטנקייט פון די מענטשן, וואָס לויטן געבורט זענען זיי יידן, אָבער לויט זייער דערציונג און קולטור געהערן זיי צו אַן אַנדער פאָלק. די דאָזיקע צעשפּאָלטנקייט איז געוואָרן באַזונדערס פיינלעך, ווען אין מערב־אייראָפּע האָבן זיך געשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע שטימונגען. דער מחבר פון די „בריוו" זעט דעם אויסוועג פון דער אומנאָרמאַלער לאַגע אין דעם. אַז דער יונגער דור זאָל זיך פילן יידיש נישט צוליב זיין בלוט, נאָר צוליב זיין קולטור, אַז ער זאָל דאָס מענטשלעכע אויפנעמען אין נאַציאָנאַלע פאָרמען. „די אַלטע שול — שרייבט ער — דער חדר, האָט דערצויגן נאָר אַ ייד. די נייע שול דערציט אַ באָדנלאָזן מענטשן; די מאָדערנע יידישע שול דאַרף דערציען גלייכצייטיק אי אַ ייד, אי אַ מענטש". אַרויסגייענדיק פון דאָזיקן פּרינציפּ, האָט דובנאָוו פאָרגעשלאָגן צו רעאָרגאַניזירן אויף אַ ראַדיקאַלן אופן דעם אַלטן חדר, אַריינפירן אין זיין פּראָגראַם אַלגעמיינע לימודים, און גלייכצייטיק רעפאָרמירן, אין נאַציאָנאַלן גייסט, די פּראָגראַם פון די פאָלקסשולן. די פראַגע וועגן דער אונטעררינכטס־שפּראַך אין די יידישע שולן איז אין די „בריוו" פון יענער צייט נאָך נישט געוואָרן באַרירט. שפּעטער אָבער. נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905, ווען די „בריוו" זענען דערשינען אין בוך־פאָרעם, האָט דער מחבר צוגעגעבן צום קאַפּיטל פון נאַציאָנאַלער דערציונג די פאָדערונג פון „גלייכבאַרעכטיקונג פאַר דער לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך".

זיינע אידייען וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג האָט ש. דובנאָוו אַרויסגעבראַכט אין דעם רעפעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון „מפיצי־השכלה" אין מאַי 1902. אחד־העם האָט זיי' אַרויסגעזאָגט וואָר דובנאָווס פאָרשלאָגן און האָט אָנגעוויזן דערויף, אַז אַ שול, וואָס פרעמדט אָפּ דאָס קינד פון דער אייגענער קולטור איבט אויס אַ מאָראַליש־דעסטרוקטיווע ווירקונג. ביידע רעדעס זענען געווען געהאַלטן אין אַ רואיקן טאָן, זיי האָבן אָבער אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דעם איבערגעפולטן זאַל. די דעבאַטן האָבן אָנגענומען אַזאַ ליידנשאַפטלעכן כאַראַקטער, אַז דער פאָרשטייער פון דער פּאָליציי האָט געשלאָסן די פאַרזאַמלונג און נישט דערלאָזט אָפּצושטימען די רעזאָלוציעס.

די שאַרפקייט פון דער אידייאישער פּאָלעמיק האָט דעם שרייבער אַריינגעבראַכט אין אַ געדריקטער שטימונג. ער האָט אָנגעהויבן צו צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון אויסגעקליבענעם וועג. „מיט טרויער זע איך — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — אַז איך ווער אַריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעכן קאַמף צום שאָדן פאַר מיינע עיקרדיקע אַרבעטן. איך רוק כסדר אָפּ אין אַ זייט מיינע היסטאָרישע פאָרשונגען צוליב פּובליציסטיק, און מיין פּובליציסטיק צוליב געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. מ'טאָר זיך נישט אַזוי צעברעקלען. דאָס

פֿאַרפֿלאַכט דעם געדאַנק, גיוועלירט די נשמה... אַט גייט שוין דאָס 22־טע יאָר פֿון מיין ליטעראַרישער טעטיקייט און אַרבעט האָב איך נאָך אַ סך, מער ווי אויף 25 יאָר".

## קאַפּיטל פערצן

# די געזעגענונג מיט אדעס

דער ליטעראַרישער קרייז, וואָס איז אויפגעקומען אין אָנהייב פון די 90־ער יאָרן און האָט זיך ביסלעכווייז פאַרגרעסערט מיט נייע מיטגלידער, איז געוואָרן דער קרן פון „נאַציאָנאַלן קאָמיטעט״, וועמענס פאָרזיצער ס׳איז געווען ש. דובנאָוו. די זיצונגען פון קאָמיטעט פלעגן פאָרקומען אין זיין גרויסן קאַבינעט. אַ טייל פון די נייע מיטגלידער זענען מיט דער צייט געוואָרן באַפריינדעט מיט די דובנאָווס: דער ענערגישער מ. דיזענהאָף, דער שפּעטערדיקער מעיאָר פון תל־אביב, דער יונגער רב ח. טשערנאָוויץ (רב־צעיר) — אַ מענטש מיט אַ סך יידישן וויסן און מיט פילאָסאָפישער בילדונג. און ח. נ. ביאַליק, וואָס האָט נישט לאַנג געהאַט זיך באַזעצט אין אָדעס.

אויפן ערשטן קוק האָט ביאַליק געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פלעגמאַטיקער: אַ פעסט־געבויטער, מיט אַ קיילעכדיק פּנים, אַ שווייגעוודיקער, פלעגט ער, געוויינלעך, בעת די פאַרזאַמלונגען זיך פאַרקלייבן ערגעץ אין אַ ווינקל און זיצן שטיל, פאַרטיפט אין געדאַנקען. זיינע לידער, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „השילוח״, האָבן געאָטעמט מיט אינעווייניקסטער קראַפט און טיפער געדעמפטער צאַרטקייט. ש. דובנאָוו, פלעגט מיט באַגייסטערונג לייענען ביאַליקס לידער; ער, דער נישט דערגאַנגענער פּאָעט, האָט אָפּגעשאַצט דעם אָריגינעלן טאַלאַנט פון יונגן פּאָעט נאָך איידער ער האָט דערקענט די אייגנאַרטיקייט פון זיין נאַטור. דער נייער מיטגליד פון אָדעסער ליטעראַרישן קרייז האָט זיך נישט אַריינגעפּאַסט אין די איינגעשטעלטע נאָרמעס. להיפּוך צו זיינע עלטערע קאָלעגן, איז ביאַליק אין אָנהייב פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט נישט געווען קיין ביכער־מענטש; ער האָט נישט ליב געהאַט צו שמועסן אויף ליטעראַרישע טעמעס. מ׳פלעגט וועגן אים דערציילן, אַז ער פלעגט שעהן לאַנג זיך שפּילן מיט אָפּגעריסענע קינדער אויף זיין פאַרשטויבטן הויף, אָדער אַפּליגן האַלבע טעג אויפן שטיינערנעם ים־ברעג, אונטער די ברענענדיקע זון־שטראַלן. גייסטיק איז אים געווען אַמנאָענטסטן מענדעלע מו״ס, וואָס פלעגט אויך עקשנותדיק אונטערשטרייכן זיין באַזונ־

דערן וועג; ביאַליק און מענדעלע פלעגן אָפטמאָל צוזאַמען אַריינקומען צו די דובנאָווס.

אַלס שטענדיקע טריבונע פון דעם קאָמיטעט איז געווען דער געזעל־שאַפטלעכער קלוב „ביעסיעדא" (דער שמועס). די פאַרלעזונגען און רעפע־ראַטן פלעגן צוציען אַ גרויסן עולם; נישט זעלטן פלעגט אויך ש. דובנאָוו אַרויסטרעטן מיט לעקציעס, כאָטש בכלל גענומען האָט ער ליבער געהאַט דאָס געשריבענע וואָרט. זיינע אָנהענגער פלעגן זיך אויף אים באַקלאָגן, וואָס ער איז נישט גערן צו פאַרלאָזן זיין אַרבעטס־קאַבינעט, כדי אַרויסצו־טרעטן אויף אַ פאַרלעזונג; דובנאָוו פלעגט צו זיי טענהן, אַז ליטעראַרישע פּראָפּאַגאַנדע נעמט אַרום אַ גרעסערע אוידיטאָריע, ווי די מינדלעכע.

דער „וואָסכאָד" האָט געדרוקט די „בריוו" וועגן אַלטן און נייעם יידנטום אָן שום באַמערקונגען, אָבער די באַציונג פון דער רעדאַקציע צו דער איינשטעלונג פון זייער מחבר איז פאַרבליבן נישט קלאָר. נישט איינ־מאָל האָט ש. דובנאָוו חשק געהאַט זיך דורכצושמועסן מיט די נייע רע־דאַקטאָרן: ער איז געווען זיכער, אַז ס'וועט אים נישט שווער זיין צו געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט זיי. איז ער פרילינג 1902 אַרויסגעפאָרן קיין פעטערבורג.

אַ פרישער ווינט האָט געבלאָזן פון דער נעווא, ווען ש. דובנאָוו איז אָנגעקומען אין דער צפונדיקער הויפּטשטאָט. ס'איז געווען מאַי. אַ בין־השמשותדיקע טונקלקייט האָט איינגעהילט די שטאָט אין אַ בלויליכן נעפּל. כמעט 20 יאָר איז שוין פאַרביי פון יענער צייט, ווען דער יונגער טרוימער פלעגט וואַנדערן איבער די גראַניטענע ברעגעס, און זיך איינלוזן אין די וואַסער־טיפענישן און אין די טיפענישן פון זיין נשמה, וואָס האָט זיך גע־ריסן ערגעץ ווייט, האָט געזוכט נייע וועגן. איצט האָט איבער די פעטערבור־גער גאַסן געשפּרייזט אַ רייפער מאַן פאַרטיפט אין געדאַנקען. ער האָט שוין געפונען דעם זין פון זיין לעבן, די פאַרגאַנגענהייט האָט זיך פאַר אים אַנט־פּלעקט און זיין לעבנסוועג איז געווען קלאָר און אָפן, ווי די אין דער ווייט זיך ציענדיקע סטענגע פון דעם פעטערבורגער פּראָספּעקט. נאָר אָן אומ־קלאָרע, אַ נישט אויסגעלעבטע בענקשאַפט פון אַמאָליקע יאָרן האָט אויפגע־טויכט פון די נשמה־טיפענישן אין דעם דינעם נעפּל פון דער ווייסער נאַכט...

ש. דובנאָוו האָט אָבער געהאַט ווייניק צייט זיך אָפּצוגעבן מיט זכרונות פון אַמאָל, ער האָט געדאַרפט זיך טרעפן מיט מענטשן. דעם חודש וואָס ער איז געווען אין פעטערבורג האָט ער פאַרבראַכט אין שמועסן און וויכוחים מיט נייע און אַלטע באַקאַנטע. מיט נייגיר האָט ער זיך צוגעקוקט צום נייעם דור זשורנאַליסטן און געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זענען אַרוים אויף דער אַרענע בעת זיין אָפּוועזנהייט. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער אונ־

טערשייד צווישן פּעטערבורג און אָדעס: אין דער הויפּט־שטאָט איז דער אינטעלעקטועלער ניוואָ געווען העכער, די האָריזאָנטן ברייטער. ש. דובנאָוו האָט אָבער מיט באַדויערן פעסטגעשטעלט, אַז ביי די פּעטערבורגער האָט געפעלט דער נאַיווער ענטוזיאַזם פון די אָדעסער געזעלשאַפטלעכע טוער. ער האָט זעלטן אָנגעטראָפן אין דער ליטעראַרישער משפחה פאַרשטענדעניש פאַר זיינע אָנשויאונגען. דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון וואָסכאָד ל. סעוו, אַ מענטש מיט אַ גרויסער פילאָזאָפישער ערודיציע, האָט קאַטעגאָריש אָפּגע־וואָרפן די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם סיי פאַר דער שול, סיי פאַר אַנדערע גע־ביטן פון קולטור־לעבן. זיין אידעאַל, וואָס האָט זיך פאָרמירט אונטערן איינפלוס פון הערמאַן קאָהען, איז געווען אַ מין אידעאַלישער סינקרעטיזם, — דאָס אָרגאַנישע צונויפגיסן זיך פון דער רוסישער און יידישער קולטור. די אַנדערע מיטגלידער פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע זענען געווען מער נאַ־ציאָנאַל געשטימט, אָבער זייער באַציונג צו דער אידעאָלאָגיע פון די „ברייוו" וואָלט מען געקענט כאַראַקטעריזירן ווי אַ מין „פריינדלעכע נייטראַליטעט". די רעדאַקציע האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט דעם אָדעסער „קולטור־קעמפער" צו אַנטוויקלען זיין קאָנצעפּציע, אַליין אָבער האָט זי זיך נישט געוואָלט אַרויסזאָגן וועגן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער דערציונג. דאָס אַרטיקל, וואָס ש. דובנאָוו האָט געשריבן אין יענער צייט, בעת די היציקע שטרייטן מיט דער רעדאַקציע, („וואָסכאָד" נר. 6־3 1902) צייכנט זיך אויס מיט אַ באַזונדער ליידנשאַפטלעכן טאָן. „פון איצט אָן — שרייבט דער מחבר — איז נאַציאָ־נאַלע דערציונג דער קאַמפּס־פּאַראָל, דער קען־צייכן, לויט וועלכן מ'וועט דערקענען די ריכטונג פון יעדער גרופּע... ביי קיין שום פאָלק אויף דער וועלט טרעפן מיר נישט אַזאַ משונהדיקע דערשיינונג, אַז... זיין אייגענע אינטעליגענץ זאָל אַנטקעגנשטעלן דאָס אַלמענטשלעכע דעם נאַציאָנאַלן"... די לייענער, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט מיט דער באַ־צייכענונג „נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ" האָט ער געענטפערט: „כל־זמן עס עקזיסטירט אַסימילאַציע, דאַרף עקזיסטירן נאַציאָנאַליזאַציע".

נישט געקוקט אויף די פּרינציפּיעלע חילוקי־דעות, האָבן זיך צווישן ש. דובנאָוון און די רעדאַקטאָרן פון „וואָסכאָד" איינגעשטעלט פריינדלעכע באַציונגען. די רעדאַקציע האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דובנאָווס דרייבענ־דיקע געשיכטע, ווי אַ ביילאַגע צום „וואָסכאָד". פאַר דובנאָוון איז דאָס גע־ווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג: ער איז פּטור געוואָרן פון די זאָרגן פון אַ פאַרלעגער און פון די אַמפּעריען מיטן צענזאָר. ער האָט אָבער פאַרשטאַ־נען, אַז ווינענדיק אין ווייטן אָדעס, וועט ער נישט קענען אַכטונג געבן אויפן דרוקן זיין גרויס ווערק. עס האָט ווידער דערוואַכט אין אים דער אַלטער דראַנג צו באַזעצן זיך אין דער צפונדיקער הויפּטשטאָט. די ליטע־

ראַרישע פּלענער זענען זיך צונויפגעפאַלן מיט די פאַמיליע־פּלענער: די טעכטער, וואָס האָבן געהאַט געענדיקט די גימנאַזיע, האָבן געטרוימט וועגן אָנקומען אין פעטערבורגער אוניווערזיטעט. ש. דובנאָוו האָט אָבער נישט געוואָלט ווידער אָנהייבן די דערנידערנדיקע השתדלותן וועגן ווינרעכט. האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן באַזעצן זיך אין ווילנע, נעענטער צו דער הויפּטשטאָט. די אָדעסער געזעלשאַפטלעכע צאַנקערייען האָבן אים שטאַרק פאַרמאַטערט, אַליין אָפטער האָט ער געטראַכט, אַז אין אַ נייער סביבה וועט אים זיין לייכטער אײַנגאַנצן זיך אָפּגעבן דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. די ווירקלעכקייט האָט צעשטערט די דאָזיקע אילוזיעס: דווקא אין ירושלים דליטא איז אים אויסגעקומען איבערצולעבן די שטורמישע צייט פון דער רעוואָ־לוציע אין 1905.

צוריקקומענדיק קיין אָדעס, איז ש. דובנאָוו באַלד אַריין אין זיין גע־וויינלעכער אַטמאָספער. אין זיין וווינונג, אין שטילן געסל ביים ים, פּלעגן כסדר אַריינקומען באַזוכער, כדי זיך דורכצושמועסן וועגן די פראַגן, וואָס זענען געווען באַהאַנדלט אין די לעצטע „בריוו". גאָר אומגעריכט האָט זיך באַוויזן אַ כוואַטסקער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך גערופן יו. וואַלין; ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס פאַרטרעטער פון דער „יידישער אומאָפּהענגיקער אַר־בעטער־פּאַרטיי"*), וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין מינסק. וואַלין האָט אין אָדעס געפּרוווט אָנקניפּן פאַרבינדונגען מיטן „נאַציאָנאַלן קאָמיטעט", ער האָט אָבער געליטן אַ פיאַסקאָ: ווען דער קאָמיטעט איז געוואָר געוואָרן וועגן אמתן כאַראַקטער פון וואַלינס טעטיקייט, האָט ער נישט געוואָלט האָבן מיט אים קיין שום מגע־משא. וואַלינס אויסרעכענונגען אויף דובנאָווס הילף האָבן עדות־געזאָגט וועגן זיין פּאָליטישער נאַיוויקייט: כאָטש ער האָט נאָך נישט געוווסט וועגן וואַלינס הינטערקוליסן פאַרבינדונגען, האָט דובנאָוו קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן דעם פּראָגראַם, וואָס האָט אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט דעם עקאָנאָמישן קאַמף, פאַרן פּאָליטישן.

דער וויטערדיקער „בריוו" („וואָסכאָד" נר. 11־12 1902) א. נ. „וועגן דער צעטומלטער אינטעליגענץ" איז געווען אַן ענטפער אויף דעם אַרטיקל פון איינעם אַ באַקאַנטן אָדעסער געזעלשאַפטלעכן טוער, מ. מרגלית, וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. מרגלית האָט דערמאָנט דובנאָוון וועגן זיינע „יוגנט־זינד" — זיינע אַרטיקלען פון דעם בונטאַריש־פריידענקערישן פּע־

---

*) דער דאָזיקער נאָמען האָט געקלונגען איראָניש: די „אומאָפּהענגיקע" זענען געווען פולשטענדיק אָפּהענגיק פון באַוווסטן „אָכראַנע"־שעף זובאַ־טאָוו, וואָס האָט מיט זייער הילף געשטרעבט צו ליקווידירן די אַלע וואַקסנ־דיקע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

ריאַד. דערויף האָט אים דער שרייבער געענטפערט מיט אַ ציטאַט פון וויק־טאָר הוגאָ: „דער האָריזאָנט איז געוואָרן אַן אַנדערער, מאַרקיז, אָבער נישט די נשמה, די אויגן זענען פאַרבליבן די זעלבע, נאָר זיי זען אַן אַנדער הימל".

אין משך פון דעם לעצטן ווינטער, אין אָדעס, האָט ש. דובנאָוו אינ־טענסיוו געאַרבעט איבער דער „געשיכטע". דער היסטאָריקער איז געווען זייער צופרידן, ווען זיין עסיי „וואָס איז אַזוינס יידישע געשיכטע" איז דער־שינען אין אַמעריקע, אין דער איבערזעצונג פון הענריעטע סזאָלד.*) באַלד אָבער האָבן זיך אָנגערוקט טרויעריקע געדאַנקען: שוין לאַנג האָט ער גע־טראַכט וועגן איבעראַרבעטן און אַרויסגעבן אין בראָשור־פאָרעם דעם דאָ־זיקן עסיי אין וועלכן ער האָט אַריינגעלייגט אַזוי פיל נשמה־פייער, אָבער ביז היינט האָט ער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט דאָס דורכצופירן. אין טאָג־בוך פון מערץ 1903, פאַרצייכנט ער טרויעריק: „די כוחות גייען אַוועק, דאָס לעבן פאַרגייט, און אַלץ אָפּטער מאַכסטו דעם חשבון: וויפל נאָך איז דיר געבליבן צו לעבן? די וויכטיקסטע אַרבעטן ווערן אָפּגעלייגט אויף צענדליקער יאָרן."

אָנהייב פרילינג האָט ש. דובנאָוו באַשלאָסן צו באַזוכן ווילנע, כדי צוגרייטן דאָס אַריבערפאָרן אַהין. אָבער אומגעריכט איז אָנגעקומען די שרעקלעכע ידיעה וועגן בלוטיקן פּאָגראָם אין קישעניעוו. דאָס האָט פאַררוקט אין שאָטן אַלע פּערזענלעכע ענינים.

דעם 7־טן אַפּריל איז אין קלוב „ביעסיעדאַ" זיך צונויפגעקומען אַ גרוי־סער עולם צו הערן דעם יונגן ציוניסטישן טוער וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי. אַ טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געוואָרן אַ היי־סער אָנהענגער פון הערצלען, האָט ער אין זיין רעדע געשילדערט די יידן אין גלות ווי אַ פאָלק — אַ שאָטן, וואָס בלאָנדזשעט איבער די שליאַכן פון דער וועלט, אַרויסרופנדיק אַנטיפּאַטיע און שרעק מצד די אַרומיקע; די דאָ־זיקע געפילן וועלן פאַרשווינדן, האָט ער פאַרזיכערט — נאָר דעמאָלט, ווען יידן וועלן ווערן אַ נאָרמאַל פאָלק — אַ פאָלק מיט אַן אייגענער טעריטאָריע מיט אַ שווער געפיל האָט ש. דובנאָוו זיך צוגעהערט צו די פּלאַמיקע טיראַ־דעס פון רעדנער און געטראַכט האָט ער ביי זיך: דאַרף מען אַ סך כדי אָנצו־פילן די יידישע אינטעליגענץ מיט שרעק פאַרן אייגענעם נאַציאָנאַלן שאָטן? בעתן איבעררייס האָט ער איינזאַם אַרומגעשפּאַנט איבערן ברייטן פאָיע, און פּלוצלונג האָט ער דערהערט אויפגעטרעגטע קולות און אַ ביטער געוויין: דאָס האָבן די פּליטים פון נאָענטן קישעניעוו, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה, געבראַכט די איוב־בשורה וועגן שוידערלעכן פּאָגראָם.

*( Jewish History, an Essay in the Philosophy of History. Philadelphia

באַלד זענען אָנגעקומען פּרטים וועגן דער שרעקלעכער טראַגעדיע: אין משך פון דריי טעג האָט אין קישעניעוו געבושעוועט דער בלוטיקער פּאָגראָם, די פּאָליציי האָט נישט געשטערט די פּאָגראָמשטשיקעס און ערטערווייז — אַפילו זיך אַליין באַטייליקט אין דער שחיטה, וואָס איז געווען אינספּירירט פון אויבן און דורכגעפירט פון אונטערוועלט־עלעמענטן. די איינצלהייטן, דערציילט פון די פּליטים, האָבן געמאַכט פרירן דאָס בלוט אין די אָדערן. די קישעניעווער טראַגעדיע האָט, אויף אַ צייט, אָפּגערוקט אין אַ זייט אַלע אַנדערע פּראָבלעמען פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. ווען מ'איז דער־נאָך געקומען צו זיך, האָבן אַלע געפילט די באַדערפעניש צו רעאַגירן אויף די שוידערלעכע געשעענישן. פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז קודם־כּל דאַרף מען אינפאָרמירן די ברייטע וועלט. ש. דובנאָוו האָט פאָרגעלייגט צו שאַפן אַן אינפאָרמאַציע־ביוראָ, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיט זאַמלען די מאַטעריאַלן וועגן דער טראַגעדיע און זיי פאַרעפנטלעכן אין אויסלאַנד. דער דאָזיקער פּלאַן איז געוואָרן אָנגענומען. ח. נ. ביאַליק איז געוואָרן דעלעגירט קיין קישעניעוו. ער האָט פון דאָרט געבראַכט נישט בלויז אַ רייכן אינפאָר־מאַציע־מאַטעריאַל, וואָס איז באַלד געוואָרן באַאַרבעט און איבערגעשיקט קיין אויסלאַנד, נאָר אויך די שוידערלעכע בילדער פאַר זיין באַרימט־געוואָ־רענער „בעיר ההריגה", אַ פּאָעמע אָנגעפילט מיט צער און צאָרן, מיט ברע־נענדיקן בזיון.

דער קישעניעווער פּאָגראָם האָט אין דער יידישער געזעלשאַפט געשאַפן אַן אַטמאָספער פון אומרו, איבערן גאַנצן יידישן תּחום־המושב איז געהאָנ־גען די שרעק פאַר פּאָגראָמען. די מער אַקטיווע עלעמענטן פון דער יידישער געזעלשאַפט האָבן געהאַלטן, אַז עס מוז געשאַפן ווערן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג. די אָדעסער שרייבער־גרופּע האָט אויסגעאַרבעט אַ טעקסט פון אַן אויפרוף צו דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס רופט צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד די פּאָגראָמשטשיקעס. דער דאָזיקער אויפרוף, אָנגעשריבן דורך אחד־העמען אויף העברעאיש (צוליב קאָנספּי־ראַטיווע טעמים), אין נאָמען פון אַן אַנאָנימער „גרופּע שרייבער", איז גע־וואָרן פאַנאַנדערגעשיקט צו די אָפּיציעלע פאָרשטייער פון די יידישע קהלות. צו די ברייטע קרייזן איז דער אויפרוף נישט דערגאַנגען. די אָרגאַניזאַציעס פאַר זעלבסטפאַרטיידיקונג, וואָס זענען אינגיכן אויפגעקומען אין אַ רייע שטעט, זענען געבוירן געוואָרן נישט אין די קאַבינעטן פון די שרייבער, נאָר אין דער פאָלקס־מאַסע, געשאַפן דורך דער יידישער אַרבעטער־באַווע־גונג, זיי זענען געוואָרן אַ טייל פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

נאָך דעם ווי די אויפרעגונג, אַרויסגערופן דורכן קישעניעווער פּאָג־ראָם האָט זיך איינגעשטילט, איז ש. דובנאָוו אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע.

דאָרט האָט זיך דער היסטאָריקער פאַרטיפט אין דעם האַלב־חושך פון די מיטלאַלטערלעכע קרומע געסלעך און אַלטע בתי־מדרשים. אין זיין נשמה האָט אויפגעוואַכט די בענקשאַפט נאָך ליטעראַרישער אַרבעט. ער האָט געטראַכט: ווי וווּנדערלעך וועט עס זיין מחיי־מתים צו זיין דעם עבר אין אַ סביבה, וווּ יעדער שטיין דערציילט וועגן אַמאָל... אָבער דער אָרום האָט געלעבט מיטן היינט. די יידישע געזעלשאַפט איז געווען טיף דערשיטערט: באַזונדערס גרויס איז געווען דער אויפברויז ביי דער יוגנט. דובנאָוו איז אויסגעקומען צו פירן לאַנגע שמועסן מיט מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען; אייניקע האָבן געזען דעם אויסוועג אין אָרגאַניזירטער עמיגראַציע, אַנדערע — אין פאַרשטאַרקטן קאַמף קעגן דער צאַרישער רעגירונג. דובנאָוו אַליין האָט געמאַכט אַ פּרוּוו צו פאָרמולירן די ברויזנדיקע אין אים געפילן אין אַרטיקל „דער היסטאָרישער מאָמענט". צוליבן דאָזיקן אַרטיקל האָט די רעדאַקציע פון „וואָסכאָד" געהאַט אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט דער צענזור. נאָך קיינמאָל אין די לאַנגע יאָרן פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, איז ש. דובנאָוו נישט געווען אַזוי אויפגעבראַכט צוליב דעם קאָנטראָל פון די טעמפּע „טשינאָווניקעס", ווי אין יענע טעג ווען זיינע שורות האָבן געאָטעמט מיט אַזאַ ביטערן ווייטיק.

דאָס אַרטיקל האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „מיר האָבן ווידער איבערגעלעבט געשעענישן, וואָס באַווייזן, אַז די געשיכטע באַוועגט זיך מער רונדאַרטיק ווי אין אַ גלייכער ריכטונג. איצט האָט די יידישע מאַרטיראָלאָגיע פאַרענדיקט דעם אומקרייז — פון דער אומאַנער שחיטה ביזן קישעניעווער פּאָגראָם, פון 1768 ביז 1903. מיט צוויי און צוואַנציק יאָר צוריק האָבן מיר, די דאָגמאַטיקער פון גראָדליניקן פּראָגרעס, צום ערשטן מאָל דערזען, מיט שרעק און פאַרווּנדערונג, אַז די „גלייכע" ליניע פון דער נייער יידישער געשיכטע האָט זיך פּלוצלונג שאַרף פאַרבויגן און איז אַוועק אין דער ריכטונג, וואָס ברענגט אונדז צום אויסגאַנג־פּונקט, צום פינצטערן עבר. איצט האָט זיך דער קרייז געשלאָסן, דער סוף איז זיך צוגעפּגעקומען מיטן אויסגאַנג־פּונקט... אָבער, עס זעט אויס, אַז צום דאָזיקן קלאַפּ זענען מיר איצט, אין פּסיכאָלאָגישן זין, מער צוגעגרייט... די פאַרגאַנגענע צוואַנציק יאָר האָבן אונדז געגעבן אַ שטאָלצן לאָזונג: נאַציאָנאַלע זעלבסט־הילף"... לויט דער מיינונג פון מחבר דאַרף די דאָזיקע זעלבסט־הילף גיין אין צוויי ריכטונגען קאַמף פאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעכט אין אַלע לענדער, וווּ יידן לעבן, און דאָס שאַפן פון אַ נייעם יידישן צענטער דורך אָרגאַניזירטער מאַסן־עמיגראַציע קיין אַמעריקע.

צוליב דער צענזור האָט דאָס אַרטיקל געמוזט שטאַרק געקירצט ווערן. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט דובנאָוו זיך ווידער אומגעקערט צו דער טעמע

וועגן זעלבסטהילף און זעלבסטפאַרטיידיקונג — אין זיין הקדמה צו דער דייטשישער אויסגאַבע פון די „בריוו" וואָס איז דערשינען אין דער איבערזעצונג פון ד"ר פרידלענדער. („די גרונדלאַגן פון נאַציאָנאַלן יידנטום", בערלין, יידישער פאַרלאַג.)

די צעשיידונג מיט אָדעס איז פאָרגעקומען אין מיטן זומער. דובנאָוו האָט געשפּרייזט איבערן פּאַרק, ביים ים־ברעג, האָט זיך געזעגנט מיט די אַלע ערטער, וווּ ער האָט אַזוי פיל איבערגעטראַכט אין די שעהן פון איינזאַמקייט. מיט זיינע פריינד האָט דער שרייבער געהאַט בדעה זיך צו געזעגנען אויף אַן אינטימען אופן, ער האָט אָבער געמוזט נאָכקומען זייערע בקשות: אויפן געזעגענונגס־אָוונט זענען געווען העכער דרייסיק מענטשן. אין „דאָס בוך פון מיין לעבן" דערציילט ער וועגן דאָזיקן אָוונט: „אין די רעדעס האָבן זיך געפילט דער אומעט פון צעשיידונג, באַזונדערס אין מענדעלעס ווערטער... ער האָט גערעדט וועגן די ערשטע יאָרן פון אונדזער געמיינזאַם לעבן אין אָדעס, ווען אָנשטאָט אָפיציעלע „זיצונגען" מיט... די שטורמישע וויכוחים, האָבן מיר געפירט שטילע פריינדלעכע שמועסן וועגן העכערע פּראָבלעמען פון לעבן און פון ליטעראַטור. אין אַנדערע רעדעס האָט געקלונגען אַ שטילער פאָרוואורף, וואָס איך פאַרלאָז אָדעס אין סאַמע ברען פון קאַמף. אַ שטאַרק צערודערטער האָב איך אין מיין ענטפער אויפגעקלערט, אַז... אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן איז אַריינגעטרעטן אין אַ זאָנע פון שטורעמס. איך אַליין בין פאַרכאַפּט פון דאָזיקן קאַמף, איך האָב אָבער אַן אַנדער התחייבות לגבי מיין פאָלק, די התחייבות פון אַ היסטאָריקער, און דעריבער גיי איך אַוועק אין אַ מער רואיקן האַפן".

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט דובנאָוו מיט זיין פרוי פאַרלאָזט אָדעס. זיצנדיק אין וואַגאָן־קופּע, האָבן זיי זיך פאַרטיפט אין זכרונות; זיי האָבן זיך דערמאָנט יענעם האַרבסטיקן אָוונט ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין אָדעס מיט קליינע קינדער. די דרייצן יאָר, וואָס זיי האָבן דאָרטן פאַרבראַכט האָבן געלאָזט טיפע שפּורן: דובנאָוו איז פאַר דער צייט גרוי געוואָרן, און די געדיכטע נעץ פון קנייטשן אויפן פּנים פון זיין לעבנס־באַגלייטערין האָט דערציילט וועגן אַ שווער לעבן. און דאָך האָט זיי ביידע באַנג געטאָן זיך צו שיידן מיט דער שטאָט, וווּ עס איז פאַרבליבן אַ שטיק פון זייער נשמה. שפּעטער, ווען דובנאָוו האָט אונטערגעפירט דעם סך־הכל פון אָדעסער פּעריאָד, האָט ער געשריבן: „מיר האָבן דורכגעלעבט אַ סך שווערע מאָמענטן, אָבער אויך גוטע און ליכטיקע. דער אָדעסער פּעריאָד איז געווען די הייסע זומער־צייט פון מיין לעבן. צום האַרבסט איז נאָך ווייט, אָבער די בעסטע יאָרן האָב איך שוין הינטער זיך. די משפּחה־נעסט טראָגט זיך איבער אויף אַ ניי אָרט, וווּ זי וועט שוין נישט זיין קיין פולע, ווייל ביי די פייגעלעך זע־

נען אויסגעוואַקסן די פליגעלעך און זיי זענען גרייט זיך צעפליען אין פאַר־שידענע זייטן... און איך האָב פאַרלאָזט דעם זוניקן דרום, דעם וואַרעמען ים, מיינע פריינד און מיטקעמפער... זוכנדיק רו פאַר דער אויסגעמוטשעטער נשמה און שטילקייט פאַר מיין וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, האָב איך געביטן דאָס אָרט; לײדער איז נישט פון מיר געווענדט צו בייטן די צייט, און די אָנקומענדיקע יאָרן פון מיין לעבן פאַלן זיך צונויף מיט אַ תקופה פון סאָציאַלע שטורעמס"...

## קאַפּיטל פֿופֿצן

# אין ירושלים דליטע

פֿון באַלקאָן פֿון דובנאָווס נייער וווינונג האָט זיך געעפֿנט אַן אויס־בליק אויף די דעכער פֿון די נידעריקע הייזלעך און די גלאָקן־טורעמס פֿון מיטלאַלטערלעכע קלויסטערס. ווייט אויפֿן האָריזאָנט האָבן גרינע וועלדער מיט אַ רינג אַרומגענומען די אַלטע שטאָט. די ברייטע גאַס האָט זיך שיפּועדיק אַראָפּגעלאָזט צום טומלדיקן און שמוציקן האַנדלס־צענטער, די צווייטע זייט האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ שמעקעדיקן, גרינעם סאָסנע־וואַלד.

ווען דער סטאָלער האָט גענומען צופּאַסן די הויכע פּאָליצעס צו די ווענט פֿון קאַבינעט, האָט ש. דובנאָוו געטראַכט וועגן לאַנגע יאָרן פֿון אַר־בעט ביי זיין שרייב־טיש. מיט דער צייט איז די משפּחה־נעסט געוואָרן אַלץ פּוסטער: די עלטערע טאָכטער איז אַרויסגעפֿאָרן קיין פּעטערבורג, אין אוני־ווערזיטעט, די יונגערע — אין דער נאָענטער פּראָווינץ־שטאָט, צו פֿאַרענדיקן די גימנאַזיע. „דאָס איז געווען — שרייבט דובנאָוו אין „דאָס בוך פֿון מיין לעבן" — דער ערשטער פֿאַל פֿון צעשיידונג אין אונדזער פֿאַמיליע, אַ פֿריי־דיקער פֿאַר דער יוגנט, אָבער אַן אומעטיקער פֿאַר די עלטערן. עס האָט זיך געפֿילט... אַז דער שטאַרקער אָרגאַניזם צעשיט זיך, עס רייסט זיך די קייט פֿון דורות"...

דער אומעט, וואָס פֿילט זיך אין די זייטלעך פֿון דובנאָווס טאָגבוך פֿאַר יענער צייט, האָט זיך גענומען נישט נאָר דערפֿון, וואָס די פֿייגל האָבן אָנגעהויבן צו פֿאַרלאָזן די נעסט. ווען די עלטערע טאָכטער איז אָנגענומען געוואָרן אויף די העכערע פֿרויען־קורסן אין פּעטערבורג, ווו די צאָל יידישע סטודענטקעס איז געווען באַגרעניצט, איז עס געווען אַ גליקלעכער פֿאַל; מער פֿאַר אַלעמען אין דער משפּחה האָט זיך געפֿרייט דער פֿאָטער, פֿאַר וועמען העכערע בילדונג איז געווען אין די יונגע יאָרן אַן אומדערגרייכבאַרער טרוים. אָבער די פֿרייד איז געווען אויסגעמישט מיט אַ שטילן אומעט, וואָס האָט דיקטירט ש. דובנאָוון די ווערטער — „עס רייסט זיך די קייט פֿון דורות." נישט די פֿיזישע, נאָר די גייסטיקע צעשיידונג מיט די קינדער, וואָס גייען

אוועק אין זייער אייגן, אומפאַרשטענדלעך לעבן, האָט באַאומרואיקט דעם שרייבער, וואָס האָט געטרוימט וועגן אידייאישער איינשטימיקייט אין די ראַמען פון זיין אייגענער משפחה און וועגן האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן צווישן עלטערן און יונגערן יידישן דור.

ש. דובנאָווס יוגנט איז פאַרביי אין קאַמף מיט דעם עלטערן דור, מיט די טרעגער פון דער טראַדיציע. ווען נאָך דעם פּעריאָד פון פריידענקערישן אַנטיטעזיס איז ער געקומען צום נאַציאָנאַל־הומאַניסטישן סינטעז, האָט ער געגלייבט, אַז זיין נייע קאָנצעפּציע וועט זיין אָנגענומען פאַר דער יוגנט. „מיר זענען געווען זיכער — שרייבט ער אין זיינע זכרונות — אַז דער נייער דור וועט אָננעמען אונדזער... אין פיין געבווירענעם סינטעז, ווי אַ באַזע פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון זיין וועלט־אָנשויונג.” אָבער דער אָביעקטיוויזם פון דעם היסטאָריקער, וואָס איז געווינט נאָכצופאָלגן דעם קאַמף פון אידייען אינם גאַנג פון דורות, האָט פאַרלאָזט דעם שרייבער, ווען ער אַליין האָט זיך געפונען אין לאַגער פון די „פאָטערס”. ש. דובנאָוו איז געווען אַ ראַציאָנאַליסט בלויז אין טעאָריע; אין רעאַלן לעבן האָט ער זיך שטענדיק געלאָזט פירן פון געפיל. און דערפאַר איז ער געווען ביטער אַנטוישט, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אייגנאַרטיקער געשמעלץ פון אינדיווידואַליזם מיט גייסטיקן נאַציאָנאַליזם, אַ געשמעלץ וואָס איז אויפגעקומען אויף די בוידים־שטיבלעך ביי די משכילים, איז נישט ביכולת צו פאַרענטפערן די פּראָבלעמען פון דעם נייעם דור, וואָס איז לויטן רצון פון דער געשיכטע אַריינגעשלײדערט געוואָרן אין די סאַמע געדיכטענישן פון מאַסן־באַוועגונגען.

אין ווילנע, אין אַלטן צענטער פון יידישער קולטור, איז די געזעלשאַפט־לעכע דיפערענצירונג געווען שאַרפער, ווי אין אָדעס. ש. דובנאָוו האָט מיט אינטערעס זיך צוגעקוקט צו די נייע שטרעמונגען און נייע מענטשן. ס'איז אים געווען צום האַרצן דער פאָרשלאָג פון אייניקע פאָרשטייער פון דער אָרטיקער בונדישער אָרגאַניזאַציע צו באַטראַכטן געמיינזאַם אַ רייע אידעאָלאָגישע שטרייט־פראַגן. דער שמועס איז פאָרגעקומען ביי דובנאָוון, אין דער אָנוועזנהייט פון אחד־העמען, וואָס איז גראָד דאַן געווען צוגאַסט ביי די דובנאָווס. אין זיינע זכרונות דערציילט דער שרייבער וועגן זיין ערשטער באַגעגעניש מיט די טוער פון רעוואָלוציאָנערן אונטערערד: „אין באַשטימטן אָוונט... זענען איינציקווייז אַריינגעקומען אין מיין קאַבינעט פיר אָדער פינף מאַן; זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט מיט קאָנספּיראַטיווע נעמען...*) איך האָב

*) צווישן די בונדיסטן זענען בלי־ספק געווען ש. גאָזשאַנסקי־לנו און וו. אייזענשטאַט־יודין.

פריינדלעך אויפגענומען די געהיימניספולע געסט. זייערע אינטעליגענטע, בלאַסע פּנימער, אויף וועלכע ס'איז געלעגן דער חותם פון פּאָליטישער מאַר־טירערשאַפט, זענען מיר געווען זייער סימפּאַטיש. מיר האָבן געפירט א רואיקן שמועס. אחד־העם האָט, כמעט, זיך נישט באַטייליקט אין געשפּרעך, ער האָט נאָר אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט און אַ סך גערויכערט. ער האָט לכתחילה געהאַלטן, אַז קיין שום פאַרשטענדיקונג איז נישט מעגלעך, און אויך די בונדיסטן האָבן, הפּנים, נישט געלייגט קיין גרויסע האָפענונגען אויף אַ פאַרשטענדיקונג מיט אים. צום סוף האָב איך פאָרמולירט אונדזערע מיי־נונג־פאַרשיידנהייטן אין צוויי עיקר־פונקטן: ווי אַ היסטאָריקער, בין איך אַ קעגנער פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, וואָס שטייט אין שאַרפער סתירה מיט דער יידישער געשיכטע; און ווי אַ פובליציסט בין איך איבערצייגט, אַז אַ פאַרשאַרפטער קלאַסן־קאַמף ביי יידן שטערט דעם נאַציאָנאַלן קאַמף אין אַ מאָמענט, ווען דאָס גאַנצע פאָלק ווערט אָנגעגריפן און דאַרף זיך פאַר־טיידיקן קעגן אַלגעמיינעם פיינט. עס איז געווען קלאָר, אַז מיר וועלן נישט קומען צו קיין הסכם. מיר זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען פריידלעך, נאָך דעם ווי מיר האָבן פאָרמולירט אונדזערע חילוקי־דעות, דערווייל נאָר די טעאָ־רעטישע."

אין צוויי טעג אַרום נאָך דער דאָזיקער באַגעגעניש זענען פאָרגעקומען געשעענישן, וואָס זענען געווען ווי אַ קאָמענטאַר צו געוויסע מאָמענטן פון שמועס. עס איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין האָמעל, אין אַ שטאָט מיט אַ גרויסער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס איז אָבער נישט געווען אַ נייער קישעניעוו: די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד פון דער אַרבעטער־זעלבסטשוץ. די מענטשן, וועמען דובנאָוו האָט פאָרגעוואָרפן, אַז זיי זענען אָפּגעריסן פון פאָלק, האָבן אין אַ שווערן מאָ־מענט באַוויזן, אַז זיי זענען די סאַמע דרייסטע קעמפער פאַר דער פאָלקס־זאַך.

די געשעענישן אין האָמעל האָבן אין דובנאָווס נשמה געעפנט אַן אַל־טע וווּנד. די פאַרצייכענונג אין טאָגבוך פאַר יענער צייט כאַראַקטעריזירט זיין צערודערטן געמיט־צושטאַנד: „נישטאָ קיין רו. די אַרבעט פאַלט פון די הענט. עס ווילט זיך שרייען פון ווייטיק, אַנטפּלעקן דעם אָפּגרונט פון רשעות — איז ווי קען מען זיך פאַרנעמען מיט רואיקער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט! די נשמה איז צעפּייניקט... ס'איז אין ווילנע פּונקט אַזוי ווי אין אָדעס. מ'קען נישט אַנטלויפן פון אַלגעמיינעם אומגליק"... אין די קאַפּיט־לען פון דער „אַלגעמיינער יידישער געשיכטע", וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין יענע טעג, האָב זיך, אין אַ געוויסער מאָס, אָפּגעשפּיגלט די דעמאָלטיקע איבערלעבונגען פון דעם מחבר. באַשרייבנדיק דעם פּאָגראָם אין אַלעק־סאַנדריע, האָט דער היסטאָריקער געזען פאַר זיך בילדער פון קישעניעוו און

האָמעל; די געשטאַלט פון האַלב־אידיאָטישן רוימישן קיסר קאַליגולאַ האָט זיך צונויפגעמישט מיט דער געשטאַלט פון ניקאָלאַי דעם צווייטן. דער דאָזיקער פּאַראַלעליזם פון עבר און היינט איז כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר די שפּעטערדיקע ווערק פון ש. דובנאָוו. אַפילו פאַר זיין צען־בענדיקער „געשיכטע", ווו די היציקייט פון פּובליציסט שטערט אָפט דעם רואיקן גאַנג פון דער געשיכטלעכער דערציילונג.

מיט טיפן געפיל האָט ש. דובנאָוו, אָנהייב 1904, געשריבן וועגן העלדישן קאַמף, וואָס די ייִדישע פּאַטריאָטן האָבן געפירט קעגן די רוימישע אַגרעסאָרס. דערביי איז ער צוגעקומען צום קאָמפּליצירטן פּראָבלעם פון קריסטנטום. דובנאָוו האָט אַרויסגעזאָגט זיין איבערצייגונג, אַז אור־קריסטנטום, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון דער באַוועגונג פון די איסיים און וואָס איז געווען אַ פּראָטעסט פון יחיד קעגן דער שטרענגער דיסציפּלין פון נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו, האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט אַרויסגיין פון די גרעניצן פון דער נאַציאָנאַלער רעליגיע.

אין דער שטילקייט פון ווילנער קאַבינעט, ווו עס האָבן אַרומגעשוועבט די שאָטנס פון די זעלאָטן און רוימישע מיליטער־פירער, האָבן זיך אַריינגעריסן אָפּקלאַנגען פון אַנדערע קאַמפן: אויפן ווייטן מזרח האָבן געדונערט די האַרמאַטן פון רוסיש־יאַפּאַנישן קריג. דער צאַרישער רעזשים האָט געקריגן קלעפּ איינעם נאָכן אַנדערן, און דעם היסטאָריקער האָט זיך גערוכט, אַז דאָס איז אַ באַצאָלונג פאַר זיינע פאַרברעכנס. אין דעם אַטענטאַט אויף פּלעווען, איינעם פון די זיילן פון דער רוסישער רעאַקציע, האָט דובנאָוו געזען אַן אַקט פון היסטאָרישער גערעכטיקייט. אין זיין טאָגבוך שטעלט ער אַ פראַגע: „אפשר שטייען מיר אויפן שוועל פון אַ היסטאָרישן איבערברוך, ווי נאָך דער סעוואַסטאָפּאָלער מלחמה, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמען?" זיין געפיל האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז אין דער לופט שמעקט איצט נישט מיט רעפאָרמען, נאָר מיט רעוואָלוציע...

אין די דאָזיקע אומרואיקע טעג האָט ש. דובנאָוו באַזונדערס שאַרף געפילט אַ באַדערפעניש צו זיין אין קאָנטאַקט מיט מענטשן נאָענטע לויטן גייסט. אין ווילנע האָט זיך נישט איינגעגעבן צו שאַפן אַזאַ ליטעראַרישן קרייז, ווי אין אָדעס, דאָך פלעגן זיך ביי די דובנאָווס אין הויז צונויפקומען מענטשן פון דעם קרייז פון דער אָרטיקער נאַציאָנאַל־געשטימטער אינטעליגענץ און אַמאָל אויך אַלטע משכילים פון „ירושלים דליטע". ביי אַ גלעזל טיי, אין ליכטיקן עס־צימער האָבן זיך געפירט לעבהאַפטע געשפּרעכן אויף אַקטועלע טעמעס. אָפטע געסט זענען געווען די ציוניסטישע טוער — די ברידער גאָלדבערג און שמריה לעווין. ביי די באַגעגענישן פלעגן אַמאָל אויסברעכן וויכוחים. ש. דובנאָוו האָט, ווי פריער, זיך באַצויגן קריטיש צום

עקסטרעמען פּאָליטישן ציוניזם, דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די פריינד־שאַפטלעכע באַציונגען, וואָס האָבן זיך באַזירט אויף אַ געמיינזאַמען צוגאַנג צו אַ סך אַקטועלע פּראָבלעמען און אויף געמיינזאַמער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

זומער 1904 האָט ש. דובנאָוו פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן אין זיין פּאָליעסער וואַלד־ווינקל און דערנאָך האָט ער באַזוכט זיין פעטער בער דובנאָוו אין אַ קליין פּאַרוואָרפן שטעטעלע אין מאָהילעווער גובערניע. אין שטעטעלע האָט געהערשט אַ געדריקטע שטימונג און אַ פאַרלוירנקייט; די שרעק פאַר דער מאָביליזאַציע האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע־שטימונגען. דער גאַסט האָט אַ סך דורכגעטראַכט פאַר דער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דער אידילישער פּראָווינץ־שטאָט, אין דעם הייזל מיט בלומען־בייטן ביים גאַניקל. „איך האָב געטראַכט — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — וועגן די קומענדיקע אַרבעטן, און די פאַרבליבענע יאָרן האָבן זיך געוויקלט אַרום זיי. איך ווער שוין באַלד 44 יאָר אַלט... און איך זע נישט אין דער צוקונפט נישט קיין פערזענלעכע פרייד, נישט די פאַרווירקלעכונג פון די געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן און האָפענונגען. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן וועט אפשר אויפשיינען אַ בלייכע שיין, איך וועל זיך אָבער נישט דערוואַרטן אויף דעם ליכטיקן מאָרגן. בלייבט מיר נאָר איינס: צו פאַרענדיקן מיין לעבנס־ווערק, אַ ווערק וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פאַר דער צוקונפט און... אַוועקגיין אין פרידן, ווי דער אַקערמאַן פון זיין פעלד. אין דאָזיקן אויגוסט־אָוונט, אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקעלע, הער איך אַ קול: גענוג זיך געפּייניקט! שוין צייט צו קוקן אויפן לעבן רואיקער, פון קוקווינקל פון דער אייביקייט. שטעל זיך אַוועק ביין דיין פעלד, טו דיין אַרבעט, לייג אַריין אין איר דאָס גאַנצע פייער פון דיין נשמה, זוך אין איר דאָס, וואָס דאָס פּערזענלעכע לעבן האָט דיר נישט געגעבן, און ווען דער, וואָס האָט דיך געשיקט, וועט דיך רופן צו זיך, גיי און זאָג: איך בין גרייט, מיין אַרבעט האָב איך אָפּגעטאָן".

דערמאָנענדיק די דאָזיקע צייט, גיט דער מחבר פון „דאָס בוך פון מיין לעבן" צו: „ווען איך האָב געגעבן דעם דאָזיקן צוזאָג, האָב איך זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך שטיי אויפן שוועל פון גרויסע איבערקערענישן, וואָס וועלן אויספילן די צווייטע העלפט פון מיין לעבן מיט נאָך גרעסערע צעררודערונגען, און אַז מיר וועט אויסקומען שטאַרק צו קעמפן פאַרן רעכט רואיק צו אַרבעטן ביי מיין שטיקל פעלד."

סוף אויגוסט איז ש. דובנאָוו צוריקגעקומען קיין ווילנע. זיינע פריינד, וואָס זענען געקומען אים באַגעגענען אויפן וואָקזאַל, האָבן אים איבערגעגעבן די נאָר־וואָס דערהאַלטענע ידיעה, אַז אַלס אינערן־מיניסטער איז באַ־

שטימט געוואָרן דער ליבעראַלער פירשט סוויאַטאָפּאָלק-מירסקי. די דאָזיקע באַשטימונג האָט מען דערקלערט דערמיט, אַז די צאַרישע רעגירונג איז גרייט, אונטערן איינדרוק פון די מפּלות אין יאַפּאַנישן קריג, צו גיין אויף הנחות. ש. דובנאָוו האָט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו דערפילן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט זיך געגעבן אין דעם זומער-אָוונט אין ווייסרוסישן שטילן ווינקעלע: אין משך פון גאַנצן הערבסט און אַ האַלב-ווינטער האָט ער אינטענסיוו גע־אַרבעט ביים פאָרענדיקן דעם צווייטן באַנד „געשיכטע", וואָס האָט באַ־האַנדלט דעם מיטלאַלטער. אין די טעג, ווען שיכורע רעקרוטן האָבן גע־האַקט שויבן און אַרויסגעלאָזט פעדערן פון יידישע קישנס אין די שטעט־לעך פון תחום-המושב, האָט דובנאָוו באַשריבן די פּאָגראָמען אין דער עפּאָכע פון די קרייץ-צוגן. „די געשיכטע חזרט זיך איבער — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — אַן אומזיניקע צייט... און וואָס ווייטער? עס איז איצט אוממעגלעך זיך צו פאַרטיפן אין היסטאָרישע פאָרשונגען און פאַרגעסן וועגן אַלצדינג: די קלאַנגען פון עבר און פון היינט גיסן זיך צוזאַמען אין איין שרעקלעכן אַקאָרד. די זאָרגן פון טאָג, די צייטונגען, די שמועסן מיט שטענדיקע באַזוכער און מיט געסט פון דער פרעמד — דאָס אַלץ טראָגט אַריבער פון אַמאָליקן גיהנום צום גיהנום פון היינט".

די פּאָליטישע לאַגע איז מיט יעדן טאָג געוואָרן מער געשפּאַנט. עס האָבן זיך געמערט סימנים, אַז עס רוקן זיך אָן ענדערונגען. דער ברוטאַלער ענטפער פון צאַר אויף דער רעזאָלוציע פון די ליבעראַלע „זיעמצעס", אין וועלכער עס איז געווען אַן אָנדייטונג וועגן אַ קאָנסטיטוציע, האָט אויסגע־ניכטערט אַפילו די מעסיקע מאָנאַרכיסטן. עס איז געווען קלאָר, אַז דער פּרעסטיזש פון דער מאַכט האַלט אין פאַלן. סוף 1904 שרייבט ש. דובנאָוו: „מען האָט גראָב אָפּגעוואָרפן רעפאָרמען מיט דער הילף פון דער געזעל־שאַפט, און אַזוי אַרום האָט מען איבערגעלאָזט די לייזונג פון דער פראַגע פאַר דער רעוואָלוציע". דיווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט די דאָזיקע ווער־טער: די רעוואָלוציע איז געשטאַנען ביי דער שוועל.

## קאַפּיטל זעכצן

# דאָס רעוואָלוציאָנערע יאָר

אָנהייב 1905, ווען דובנאָוו האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דעם צווייטן באַנד „געשיכטע" איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן „בלוטיקן זונטיק" אין פעטערבורג, וועגן דער שיסעריי אין דער מאַניפעסטאַציע פון אַרבעטער, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ פעטיציע צום צאַר. די ביקסן, וואָס זענען געווען געווענדעט קעגן די פרידלעכע מאַניפעסטאַנטן, האָבן צעשאָסן דעם פרעסטיזש פון דער זעלבסטהערשאַפט. אַ שטראָם פון הויכער שפּאַנונג איז דורכגעגאַנגען איבערן גאַנצן לאַנד. די פון יאָרן אָנגעזאַמלטע אומצופרידנקייט איז אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. די צאַרישע רעגירונג האָט זיך פאַרלוירן און געמאָלדן, אַז זי האָט בדעה צונויפצורופן אַ פאַרלאַמענט מיט באַראַטונגס־רעכט און אַז זי דערלויבט צו ווענדן זיך צו דער מאַכט מיט קאָלעקטיווע פעטיציעס. פראַקטיש האָט דאָס געמיינט פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, אַ זאַך, וואָס עס האָבן שטענדיק געפאָדערט די אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן.

די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס האָבן שטאַרק זיך אַ הייב געטאָן אויך אין די שטעט און שטעטלעך פון תחום־המושב. די יאָרנלאַנגע אונטערערדישע אַרבעט האָט דאָרט אָנגעטראָפן אויף אַ גוטן באָדן: די דאָפּלטע אונטערדריקונג, וואָס יידן האָבן געליטן אונטערן צאַרישן רעזשים, האָט דערוועקט אין זיי אַ פאַרשאַרפטן פראָטעסט. איצט זענען זיי געווען גרייט צו שטורעמען די פעסטונגען פון צאַרישן רעזשים אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן. אין דער זעלבער צייט האָבן די פאָרשטייער פון דער ליבעראַלער יידישער אינטעליגענץ זיך געגרייט צו שטורעמען די זעלבסטהערשאַפט מיט פעטיציעס. אין אַלע גרויסע שטעט זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען, מ'האָט אַרומגערעדט די פאָדערונגען, וואָס דאַרפן ווערן אַרויסגעשטעלט. די מפּלה פון דער מאַכט, וואָס האָט אָרגאַניזירט פאָגראָמען האָט אַרויסגערופן צופרידנקייט אויך אין די נאַציאָנאַל־געשטימטע יידישע קרייזן, די פערספּעקטיוו פון קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג האָט בייגעווירקט, אַז דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן זאָל אַקטיוויזירט ווערן. ש. דובנאָוו האָט איבערגעלעבט די אַל־

געמיינע באַגייסטערונג ווי אַ בירגער פון לאַנד און ווי אַ זון פון זיין פאָלק: ער האָט געגלויבט, אַז עס איז געקומען די צייט צו פאַרווירקלעכן די יונג־טרוימען וועגן פרייהייט און צו קעמפן פאַר די פרינציפן פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס ער האָט פאָרמולירט אין זיינע פובליציסטישע אַר־טיקלען. די דאָזיקע פרינציפן פלעגן אָבער אַרויסרופן שאַרפע וויכוחים אין פאַרשידענע קרייזן און אַפילו אין זיין אייגענער סביבה. די געזעלשאַפט־לעכע טוער זענען נישט געווען איינשטימיק נישט בנוגע דעם פאַרנעם פון די ספּעציפיש־יידישע פאָדערונגען, נישט וועגן די מעטאָדן פון קאַמף. די פּעטיציע, וואָס איז געוואָרן צונויפגעשטעלט אין פּעטערבורג אין די קרייזן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צום איינפלוסרייכן באַראָן גינזבורג, האָט דעם שרייבער־פלעביי נישט באַפרידיקט. „מיר איז נישט געפעלן — שרייבט ער — דער טאָן פון דער פּעטיציע; אָנשטאָט צו פאָדערן גערעכטיקייט, באַ־מיט מען זיך גאָר צו באַווייזן, אַז יידן זענען נוצלעך פאַר דער רוסישער מדינה, אַז די רדיפות אויף זיי ברענגען שאָדן דעם לאַנד. איך האָב אָנגע־וויזן... אַז מיר דאַרפן איצט קומען צו דער רעגירונג ווי באַשולדיקער און נישט ווי קיין באַשולדיקטע". ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן פאַר מער צוגע־פּאַסט דעם פּראָיעקט, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך אַ גרופּע דע־מאָקראַטישער אינטעליגענץ; ער האָט פאַרגעלייגט אַנצונעמען דעם דאָזיקן פּראָיעקט אַלס אַ באַזע און צוגעבן צו אים פונקטן, וואָס זאָלן פאָרמולירן די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען.

פרילינג 1905 איז אין ווילנע פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון פאַר־שטייער פון לעגאַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. עס זענען זיך צונויפגעפאָרן דעלעגאַטן פון אַלע עקן לאַנד. די דעלעגאַטן, וואָס האָבן פאַר־געשטעלט פאַרשידענע ניואַנסן פון פּאָליטישן געדאַנק, זענען געווען איינ־שטימיק אין דעם, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל האָבן די אויפגאַבע צו קעמפן פאַר די רעכט פון דער יידישער באַפעלקע־רונג. די איניציאַטיוו האָט אויף זיך גענומען אַ גרופּע פּעטערבורגער אַדוואָ־קאַטן, וואָס האָבן נישט לאַנג געהאַט גלענצנדיק דורכגעפירט די פאַרטיי־דיקונג פון די העלדן פון האָמעלער זעלבסטשוץ. דער אַנערקענטער פירער פון דער דאָזיקער גרופּע איז געווען דער אָנגעזעענער פּעטערבורגער יוריסט, מ. ווינאַווער, איינער פון די גרינדער פון דער רוסישער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי („קאַדעטן"). ש. דובנאָוו האָט אין משך פון לאַנ־גע יאָרן געפירט מיט ווינאַווערן אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן די ענינים פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע; די באַגעגעניש אויפן ווילנער צוזאַמענפאָר איז געוואָרן דער אָנהייב פון זייער לאַנגיאָריקער געמיינזאַמער אַרבעט. זיי פלעגן אָפט נישט זיין איינשטימיק אין פראַגן פון נאַציאָנאַ־

לער פּאָליטיק, אָבער דובנאָוו האָט שטענדיק געשאַצט ווינאַווערס קלאָרן געדאַנק, זיין רעדנער־טאַלאַנט און זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן. דובנאָוון האָט אימפּאָנירט ווינאַווערס אינטעלעקטועלע דיסציפּלין, אַן אייגנשאַפט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר אחד־העמען; די אַרגומענטן פון דעם באַגרינדער פון גייסטיקן ציוניזם האָבן געטראָגן אַ בפּעקולאַטיוון, אַבסטראַקטן כאַראַקטער, ווינאַווערס געדאַנק ווידער האָט אומבאַדינגט געפירט צו מעשים. אין די שפּעטערדיקע יאָרן זענען דובנאָוו און ווינאַווער געווען גאַנץ נאָענט באַפריינדעט, נישט געקוקט אויף דעם אונטערשייד אין זייערע כאַראַקטערן.

ש. דובנאָוו איז געשטאַנען נאָענט אויך צו די פאָרשטייער פון לינקן פליגל אויף דער באַראַטונג — דעם קאָנסעקווענטן דעמאָקראַט לעאָנטי בראַמסאָן, וואָס איז שפּעטער געווען אַ פירער פון די „טרודאָוויקעס" אין דער „דומע" (רוסישער פּאַרלאַמענט) און מאַרק ראַטנער — אַ יונגער קיעווער אַדוואָקאַט, אַן אָנהענגער פון די עסערן (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן). ווען ס'איז אויפן צוזאַמענפאָר באַהאַנדלט געוואָרן דובנאָווס פּראָיעקט פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פאַר דער נייער אָרגאַניזאַציע, האָט ראַטנער היים פאַרטיידיקט דעם שטאַנדפּונקט פון רעפערענט. דער הויפּט־געדאַנק פון רעפעראַט איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מ'דאַרף פאָדערן נישט נאָר בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיקונג, נאָר אויך אויטאָנאָמיע פאַר די יידישע קהלות, אָנערקענונג פאַר דער יידישער שפּראַך און פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער שול. ש. דובנאָוו האָט אויך אַרויסגעבראַכט די האָפנונג, אַז די אָרגאַניזאַציע, וואָס דער צוזאַמענפאָר וועט גרינדן, וועט מיט דער צייט זיך פאַרוואַנדלען אין דעם אָרגאַן, וואָס וועט פאַרווירקלעכן די פּאָסטולאַטן פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

מיט אַ שאַרפער קריטיק פון דובנאָווס טעזן זענען אַרויסגעטרעטן זייערע אַלטע אָדעסער קעגנער. זיי האָבן אָפּגעוואָרפן אַפילו דעם עצם באַגריף „נאַציאָנאַלע רעכט", טענהנדיק, אַז קיינער פון די קעמפער פאַר יידישער עמאַנסיפּאַציע אין מערב־אייראָפּע האָט נישט אַרויסגעשטעלט אַזאַ פאָדערונג. דובנאָוו האָט געהאָפט, אַז די ציוניסטן וועלן אים קומען צו הילף, אָבער די אידייע פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע אין גלות האָט ביי זיי נישט אַרויסגערופן קיין גרויסן ענטוזיאַזם. פונדעסטוועגן האָבן זיי אַלע געשטימט פאַר דובנאָווס רעזאָלוציע, וואָס האָט געפאָדערט „פאַרווירקלעכן אין דער פולער מאָס די בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע עמאַנסיפּאַציע פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד". אגב, האָט פאַר דער רעזאָלוציע געשטימט אויך ווינאַווערס גרופּע, וואָס האָט נישט מסכים געווען מיט

אייניקע טעזן פון דובנאָווס רעפעראַט; אַזוי אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אָפּאָזיציע איז פאַרבליבן נאָר אַ קליינע גרופּע.

מ'האָט געדאַרפט געבן אַ נאָמען דער אָרגאַניזאַציע. דובנאָוו האָט געשטיצט דעם ראַדיקאַלן פליגל, וואָס האָט פאָרגעלייגט דעם נאָמען „ליגע פון קאַמף פאַר יידישער גלייכבארעכטיקונג", אָבער אַ טייל דעלעגאַטן האָבן מורא געהאַט פאַרן וואָרט „קאַמף", דער „אוטשאָני יעווריי", אַ יידישער באַאַמטער ביים ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, דערהערנדיק אַזאַ פאָרשלאַג, האָט אין פאַרצווייפלונג אויסגערופן: „דאָס וועט דאָך זיין אַ צווייטע אויפלאַגע פון „בונד"!" נאָך לאַנגע דעבאַטן איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז די נייע אָרגאַניזאַציע וועט הייסן „פאַרבאַנד צו דערגרייכן גלייכבארעכטיקונג פאַרן יידישן פאָלק אין רוסלאַנד". צוליב דעם שווערן נאָמען האָט מען די מיטגלידער פון „פאַרבאַנד" איראָניש גערופן „דערגרייכער".

ש. דובנאָוו איז געוואָרן אויסגעוויילט אין אויספיר-ביוראָ. „איך האָב גערן אָנגענומען — שרייבט ער אין זיינע זכרונות — דעם מאַנדאַט אין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס אין איר יסוד ליגט די אידייע פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער גלייכבארעכטיקונג. צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען, ווי מיינע אידייען ווערן אַ פּראָגראַם פון אַ פּאָליטישער קערפּערשאַפט. איך האָב געהאָפט, אַז ווען די באַפרייאונגס-באַוועגונג וועט זיגן, וועלן די דאָזיקע אידייען אויך פאַרווירקלעכט ווערן אין לעבן".

פרילינג און זומער 1905 איז איבערן תחום-המושב דורכגעגאַנגען אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען, אָרגאַניזירט דורך די „שוואַרצע מאות", ביי דער מיטהילף פון דער פּאָליציי און ערטערווייז אויך פון מיליטער; דאָס איז געווען אַ נקמה מצד דער רעגירונג פאַר דעם מאַסן-אָנטייל פון יידן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן קלאַנגען, אַז יידן וועלן נישט צוגעלאָזט ווערן צו די וואַלן אין ערשטן רוסישן פּאַרלאַמענט. דער „פאַרבאַנד פאַר גלייכבארעכטיקונג" האָט באַשלאָסן צו רעאַגירן סיי קעגן דער אָפענער פּאָגראָם-טעטיקייט פון די מאַכט-אָרגאַנען, סיי קעגן די פּראָיעקטירטע וואַל-באַגרענעצונגען. ש. דובנאָוו האָט אָנגעשריבן צוויי דעקלאַראַציעס, וואָס האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג.

דעם זומער האָט דער שרייבער פאַרבראַכט אין אַ דאָרף, נישט ווייט פון שטאָט, ביים ברעג פון טייך ווילי̇ע. ער האָט אָבער אויך דאָרט נישט געפונען קיין רו: צו שאַרף האָט ער געפילט דעם דיסאָנאַנס צווישן דעם אַרום און זיין אַרבעט. „מיין נשמה באַגערט אַזוי שטאַרק שטילקייט און רו! — שרייבט ער דעם 3-טן יולי 1905 — עס ווילט זיך כאָטש אַביסל אָפּרוען און דערנאָך פאַרענדיקן מיין היסטאָריש ווערק. אָבער שרייבן געשיכטע אין

דער צייט פון רעוואָלוציע, צווישן באַריקאַדן,ביים געדונער פון שיסערייען — איז דאָס מעגלעך?".

אין דער דאָרפישער שטילקייט האָט ש. דובנאָוו גאַנץ אומגעריכט אָנגעשריבן די ערשטע פראַגמענטן פון זיין אויטאָביאָגראַפיע. „ס'איז מאָדנע — שרייבט ער אין „דאָס בוך פון מיין לעבן" — אָט דאָס אַנטלויפן פון די שטורעמס פון היינט אין די טיפענישן פון דער פאַרגאַנגענהייט. נאָר שפּעטער האָב איך איבערגעלעבט אַ סך אַזעלכע מאָמענטן און בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דווקא אין די טעג פון רעוואָלוציאָנערע קריזיסן זוכט מיין מידע נשמה אַ מקום־מנוחה אין די זכרונות פון אַמאָל, זי ראַטעוועט זיך דורך אינטעגרירן אירע איבערלעבונגען"...

אין אויגוסט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער צארישער מאַניפעסט וועגן דער באַראַטונגס־דומע. ש. דובנאָוו האָט זיך צו אים באַצויגן סקעפּטיש. „דער נעכטיקער מאַניפעסט — שרייבט ער — וועט קיין רו נישט ברענגען. וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָנסטיטוציע, ווען עס פעלן אַלס פאָרבאַדינגן, די גאַראַנטיעס פאַר פרייהייט פון פרעסע און פאַרזאַמלונגען, ווען עס פעלט די עלעמענטאַרסטע געזעצלעכקייט? מיר לעבן דאָך אין אַ צייט פון קריגס־צושטאַנד, פון ווייסן טעראָר... און פונדעסטוועגן דאַרף מען ווייטער אַרבעטן, אַגיטירן".

די אַטמאָספער פון דעם שטורמישן יאָר האָט דעם היסטאָריקער געגעבן אַן אימפּולס זיך צו פאַרטיפן אין פעריאָד פון עמאַנסיפּאַציע אין מערב־אייראָפּע; ער האָט געוואָלט באַווייזן דעם היינטיקן דור, ווי אַזוי זייערע אבות האָבן געקעמפט פאַר גלייכבאַרעכטיקונג אין דער עפּאָכע פון רעוואָלוציע. מיט באַגייסטערונג האָט ער זיך אין האַרבסט אַ נעם געטאָן צו דער איבערגעריסענער אַרבעט איבערן דריטן באַנד „געשיכטע". ער איז געוועזן שטאָלץ דערמיט, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט „שטייענדיק אויפן ווולקאַן פון דער היינטיקער צייט, אַריינצודרינגען אין דער פאַרגאַנגענהייט". אָבער אינגיכן האָט דער ווולקאַן אָנגעהויבן צו שפּייען מיט הייסער לאַווע: עס זענען אָנגעקומען די אָקטאָבער־טעג פון 1905.

דער אַלגעמיינער שטרייק האָט געענדערט דאָס פּנים פון לאַנד; די וואָכעדיקייט איז פאַרשטויסן געוואָרן דורך אַ פאַנטאַסטישער יום־טובדיקייט. די אַלטע שטאָט ווילנע, אַ שטאָט פון דריי פעלקער, האָט זיך אינגאַנצן געגעבן אין פייער פון דער רעוואָלוציע: אירע געסלעך און פּלעצער, ברוקירטע מיט קרומע שפּיציקע שטיינער, זענען געוועזן פאַרפלייצט מיט מענטשן פון אינדערפרי ביז שפּעט אינדערנאַכט; אין אַלע געזעלשאַפטלעכע לאָקאַלן פלעגן פאָרקומען גרויסע פאַרזאַמלונגען. דעם 16־טן אָקטאָבער, ווען דעם גובערנאַטאָרס קאַרעטע האָט זיך אַריינגעשניטן צווישן המון אויפן

בריטן פראספעקט, האט זיך דערהערט א שאס, וואס האט קיינעם נישט פארוונדעט. באלד האבן די סאלדאטן און פאליציי געגעבן א זאלפ אין דער אומבאוואפנטער מאסע. עס האבן זיך דערהערט יללות פון פארוונדעטע, עס זענען אויך געווען געהרגעטע. די שטאט איז געווען אויפגעטרייסלט פון דעם פארברעכן. אין דער לוויה פון די געפאלענע קרבנות האט אנטיילגענומען די גאנצע דערוואקסענע באפעלקערונג פון ווילנע. צום ערשטן מאל אין זיין לעבן איז ש. דובנאוו געווארן ארויסגעריסן פון דער שטילקייט פון זיין קאבינעט און אריינגעצויגן אין דער ברויזנדיקער גאס.

אין א פארנעפלטן הארבסט־טאג איז ער נאכגעגאנגען נאך דער לוויה אין דער דעלעגאציע פון „פארבאנד פאר גלייכבארעכטיקונג”, האלטנדיק א טרויער־לענטע מיט א רעוואלוציאנערן אויפשריפט. די שטאט איז אין יענעם טאג געווען אין רשות פון פאלק: עמיצנס א געהיימע האנט האט באזייטיקט די פאליציי פון אירע פאסטנס און אריינגעפירט די סאלדאטן אין די קאזארמעס; מיט דער ריזיקער דעמאנסטראציע, וואס האט זיך פאמעלעך געצויגן איבער די אויסגעליידיקטע שמאלע גאסן האט ענערגיש אנגעפירט דער מיטגליד פון ווילנער קאמיטעט פון „בונד”, דער שרייבער א. ווייטער־דעוועשינסקי, וועמען מ'האט גערופן „דער רעוואלוציאנערער פאליצמייסטער פון ווילנע”.

אויפן צווייטן טאג איז אנגעקומען די בשורה וועגן נייעם מאניפעסט, אין וועלכן דער צאר האט צוגעזאגט בירגערלעכע פרייהייטן און א פולבארעכטיקטן פארלאמענט. און ווידער האט עס דובנאוון א צי געטאן אין גאס אריין. דארט האט ער באגעגנט זיינעם אן אלטן באקאנטן — א זשורנאליסט, וואס האט צוזאמען מיט אים געארבעט אין דער רוסיש־יידישער פרעסע. די אלטע באקאנטע האבן זיך ארומגענומען — זיי זענען ביידע געווען אין א יום־טובדיקער שטימונג. די דאזיקע שטימונג האט אבער נישט לאנג געדויערט: אין א פאר טעג ארום האט מען ווידער דערהערט א שיסעריי און געשרייען פון פארוונדעטע. די פאליציי האט זיך אומגעקערט אויף איר ארט. און באלד זענען פון פארשידענע שטעט אנגעקומען שוידערלעכע ידיעות: די רעגירונג האט ארויסגעפירט אויף דער גאס באנדעס כוליגאנעס און זיי האבן זיך בלוטיק אפגערעכנט מיט יידן און מיט דער רוסישער פראגרעסיווער אינטעליגענץ.

ווען עס האבן זיך פארשפרייט קלאנגען, אז אויך אין ווילנע גרייט זיך א פאגראם, האבן די ארטיקע געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציעס באשלאסן צו שטעלן א ווידערשטאנד. עס זענען ארגאניזירט געווארן באוואפנטע אפטיילונגען פאר זעלבסטפארטיידיקונג. ש. דובנאוו האט אנגעשריבן אן אויפרוף, וואס האט זיך אנגעהויבן מיט די ווערטער: „אין שטאט ווערן פאר־

שפּרייט קלאַנגען, אַז עס גרייט זיך אַ פּאָגראָם אויף יידן. מיר, די פאָרשטייער פון פאַרשידענע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אין ווילנע, דריקן אויס אונדזער טיפסטע אויפגעבראַכטקייט קעגן די באַהאַלטענע אונטערהעצער. מיר וואָרענען, אַז דער מינדסטער פּרווו פון אַ פּאָגראָם וועט זיך אָנטרעפן אויפן ענערגישסטן ווידערשטאַנד מצד אונדזערע פּאַרייניקטע כּוחות". דער אויפרוף איז געווען אונטערגעשריבן דורך צוועלף אָרגאַניזאַציעס, צווישן זיי ניין נישט־יידישע, ווי דער פאַרבאַנד פון די באַן־אָנגעשטעלטע און פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס פון דער פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ. די אַרויסטרעטונג פון די רעאַקציאָנערע באַנדעס איז נישט צושטאַנד געקומען.

דאָס זענען געווען פאַר דובנאָוון שווערע טעג. זיינע פּערזענלעכע זאָרגן (אין פּאָגראָמירטן אָדעס האָבן זיך געפונען זיין יינגערע טאָכטער אָלגאַ, דער זון, קרובים און פריינד) זענען דערטרונקען געוואָרן אין אַלגעמיינעם אומגליק. דעם 21־טן אָקטאָבער שרייבט ער: „דאָס האַרץ ווערט צעריסן, ס'איז נישטאָ קיין כּוח איבערצוטראָגן דעם גאַנצן שוידער. וועגן וועלכן מיר לייענען, מיר הערן, מיר רעדן... איך פיל, אַז מ'דאַרף שרייבן, מ'דאַרף שרייען, נאָר די הענט לאָזן זיך אַראָפּ. אַ געוויין און אַ געקרעכץ הערט זיך איבערן גאַנצן יידישן פאָלק, אַ פאַראייניקטער קול וועט נישט ווערן דערהערט און דאָך וועל איך פּרווון: צו קיין אַנדער אַרבעט בין איך לחלוטין נישט מסוגל. כ'האָב אַלץ פאַרלאָזט, פון אינדערפרי ביז שפּעט אינדערנאַכט זאַפּ איך אין זיך איין דעם סם פון די צייטונגס־ידיעות". אין מיטן נאָוועמבער זענען געוואָרן אָנגעשריבן די ערשטע קאַפּיטלען פון ציקל „דער מוסר־השכל פון די שרעקלעכע טעג". דאָרט האָט דער מחבר צום ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט פריי, אָן דער קאָנטראָל פון דער צענזור, דאָס וואָס ס'האָט זיך ביי אים אָנגעזאַמלט אויף דער נשמה אין משך פון לאַנגע יאָרן. איין קאַפּיטל האָט ער איבערגעלייענט אויף אַ גרויסער טרויער־פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 17־טן נאָוועמבער, צו די שלושים נאָך די אומגעקומענע אין דער פּאָגראָם־וואָך. די ווערטער האָבן געקלונגען ווי אַ רעקוויעם.

## קאַפּיטל זיבעצן

# דער מוסר-השכל פון די גרויזאַמע טעג

נאָך דער טרויער־פאַרזאַמלונג איז דובנאָוו אָפּגעפאָרן קיין פּעטערבורג, כדי אָנטיילצונעמען אין צווייטן צוזאַמענפאָר פון „פאַרבאַנד פאַר גלייכבאַרעכטיקונג". „אין פּעטערבורג — שרייבט ער — בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ קאָכיקן קעסל. עס האָט געזשומעט פון הונדערטער פאַרזאַמלונגען און קאָנפערענצן, פון טויזנטער דעלעגאַטן פון אַלע עקן לאַנד. די רעוואָלוציאָנערע אונטערערדישע באַוועגונג איז אַרויס אויף דער אויבערפלאַך פון געזעלשאַפטלעכן לעבן... דער קאַלטער נאָוועמבער־ווינט פלעגט אָפּט אַ שלאָג טאָן אין די צעפלאַמטע פּנימער פון די מענטשן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון דער צעהיצטער אַטמאָספער פון פאַרזאַמלונגען אויף די פייכטע פּעטערבורגער גאַסן". די נערוועזיטעט, וואָס האָט זיך געפילט אין די דעבאַטן, האָט זיך טיילווייז דערקלערט דערמיט, וואָס אַ סך פון די דעלעגאַטן זענען געווען עדות פון די פּאָגראָמען. די איבערלעבונגען פון די שרעקלעכע טעג האָבן גורם געווען דעם וווּקס פון נאַציאָנאַלע שטימונגען. מיט גרויס באַגייסטערונג איז אָנגענומען געוואָרן די רעזאָלוציע וועגן צונויפרופן אַן אַלרוסלענדער יידישן צוזאַמענפאָר, „וואָס זאָל פעסטשטעלן, אין הסכם מיטן ווילן פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין לאַנד, די פאָרמען און פּרינציפּן פון איר נאַציאָנאַלער זעלבסט־באַשטימונג און די יסודות פון איר אינערלעכער אָרגאַניזאַציע". ש. דובנאָוו, דער אידעאָלאָג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע האָט געהאַלטן דאָס אָננעמען פון זיין פאָרשלאַג פאַר אַן אמתן נצחון. „דאָס איז געווען — שרייבט ער — די נייע, מער קאָנקרעטע אַנערקענונג פון מיין טעאָריע פון אויטאָנאָמיזם, נאָך דעם ווי זי איז געוואָרן אַנערקענט אין אַן אַלגעמיינער פאָרם אויפן ערשטן צוזאַמענפאָר". דער אַלגעמיין־פּאָליטישער טייל פון דובנאָווס רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט פאַרגעלייגט, אָנצונעמען די פּראָגראַם פון די

קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן („קאַדעטן") ווי אַ פּאָליטישע פּלאַטפאָרם פון צוזאַמענפאָר, האָט אַרויסגערופן אַ ווידערשטאַנד מצד דעם לינקן פליגל. כדי צו פאַרטיידיקן זיין פּאָזיציע האָט ש. דובנאָוו דערקלערט אין דער פּרע־סע, אַז ער האָט אַרויסגערוקט די פּלאַטפאָרם פון די „קאַדעטן" נאָר אַלס מינימום־פּראָגראַם; ער איז געווען איבערצייגט, אַז ראשית־כל דאַרף מען זיך אָפּגרענעצן פון די רעכטע עלעמענטן.

צו יענער צייט האָבן זיך די פּאָליטישע אָנשויאונגען פון ש. דוב־נאָוו שוין געהאַט ענדגילטיק אויסגעקריסטאַליזירט. אייגנטלעך איז ער גע־טריי געבליבן דעם ראַציאָנאַליסטישן אינדיווידואַליזם פון זיין יוגנט. דער קריזיס, וועגן וועלכן ער רעדט גאַנץ אָפט אין זיין טאָג־בוך, האָט נישט אָנ־גערירט דעם עצם פון זיין וועלט־אָנשויאונג; דער איבערגאַנג פון קאָסמאָ־פּאָליטיזם צו נאַציאָנאַליזם איז פאָרגעקומען אָן אַ שווערן איבערברוך, ווייל דער קאָסמאָפּאָליטיזם פון דעם משכיל־אויטאָדידאַקט איז געווען אָן אויי־בערפלעכלעכער און האָט געהאַט זיין מקור נישט אין געפיל, נאָר אין די סאָציאַל־פילאָזאָפישע קאָנצעפּציעס, וואָס זענען געווען פּאָפּולער אין די פּראָגרעסיווע קרייזן. ש. דובנאָוו האָט איינגעהאַלטן אַ סך פון אידייאישן באַגאַזש פון דער יוגנט; ער האָט זיך אָפּגעקערט פון באָקלען, איז אָבער פאַרבליבן געטריי מיללן. דער אינדיווידואַליזם, אין זיין מעסיקער ענגלי־שער ווערסיע, אָן דער עקסטרעמקייט פון שטירנערישן אַנאַרכיזם, האָט זיך אויפן סאָציאַל־פּאָליטישן געביט פאַרוואַנדלט ביי אים אין אַ קלאַסישן לי־בעראַליזם מיט אַלע זיינע כאַראַקטעריסטישע שטריכן: מיט קריטיק פון מאַרקסיזם, מיט אונטערשטרייכן דעם פּרימאַט פון פּאָליטישע פאָדערונגען איבער די עקאָנאָמישע און מיט נעגאַטיווער באַציאונג צום ראַדיקאַלן „יאַקאָביניזם". די דאָזיקע אָנשויאונגען פלעגט ש. דובנאָוו באַרעכטיקן מיט דער הילף פון געשיכטע; דאָס איז נישט געווען שווער, ווייל געוויינלעך לערנט אונדז די געשיכטע דאָס, וואָס מיר פאָדערן פון איר.

דובנאָוו איז געווען פעסט איבערצייגט, אַז „די פּאָליטישע רעוואָלו־ציע מוז פאָרגיין פאַר דער עקאָנאָמישער; פריער דאַרף מען דעראָבערן די פרייהייט, און נאָך דעם, אין דער פרייער דעמאָקראַטישער מלוכה פירן אַ קאַמף פאַר דער עמאַנסיפּאַציע פון פּראָלעטאַריאַט. ער האָט געטענהט, אַז מאַכן מיטאַמאָל אַ פּאָליטישע און סאָציאַלע רעוואָלוציע, הייסט אומברענ־גען ביידע. אָבער אויך אַ ריין פּאָליטישער איבערבוי דאַרף, לויט זיין מיי־נונג, ווערן פאַרווירקלעכט בהדרגהדיק, דורך כסדרדיקע רעפאָרמען. „מיט אומרו האָב איך געטראַכט — שרייבט ער אין זיינע זכרונות, — אַז די רעוואָלוציע פון 1905 קען זיך ענדיקן מיט אַ דורכפאַל צוליב די פּריציי־

טיקע רעפּובליקאַנישע פאָדערונגען, ווייל די רוסישע געזעלשאַפט איז דער־ווייַלע דערוואַקסן נאָר צו קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע".

די דאָזיקע געדאַנקען זיינע האָט דער שרייבער נישט איינמאָל געבראַכט צום אויסדרוק אין אַ ציקל אַרטיקלען, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין „וואָס־כאָד" אונטער דעם נאָמען — „דער מוסר־השכל פון די גרויזאַמע טעג". באַלד נאָכן צוזאַמענפּאַר זענען דערשינען צוויי אַרטיקלען פון דאָזיקן ציקל — „קנעכטשאַפט אין דער רעוואָלוציע" און „נאַציאָנאַלע אָדער קלאַסן־פּאָליטיק"; אין די דאָזיקע אַרטיקלען האָט דער מחבר אַרויסגעבראַכט די געדאַנקען וואָס האָבן אים געמאַטערט אין משך פון לעצטן יאָר. „די יידישע רעוואָלוציאָנערן — שרייבט ער דאָרט — אין די רייען פון די רוסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און אַפילו אין דער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי „בונד", טרעטן אַרויס אויסשליסלעך מיט אַלגעמיין־פּאָליטישע אָדער קלאַסן־לאָזונגען, און נישט מיט קיין נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, ווי דאָס טוען פּאָליאַקן, פינלענדער און אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער". אין רעזולטאַט — „ווערט דער יידישער רעוואָלוציאָנערער פּראָטעסט פאַרלוירן אין דעם אַלגעמיין־רוסישן... מען הערט נישט אין אים דעם צאָרן פון דעם אַמייִנסטן דערנידעריקטן און גערודפטן פאָלק." דובנאָוו דערקלערט די דאָזיקע דער־שיינונג מיט דער ווירקונג פון דער אַסימילירטער יידישער אינטעליגענץ. ער קען בשום אופן נישט שלום מאַכן דערמיט, וואָס דער „בונד" האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרייַנצוטרעטן אין „פאַרבאַנד פאַר גלייכבאַרעכטיקונג": אַ יידי־שע פּאַרטיי האָט, לויט זיין מיינונג, נישט קיין רעכט צו פירן אַ קלאַסן־פּאָליטיק צום שאָדן פון דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער און דערמיט „צעברעכן פון אינעווייניק דעם אַרומגערינגלטן לאַגער". אין קרייז פון דער משפּחה האָבן זיך נישט איינמאָל געפירט הייסע וויכוחים אויף די דאָזיקע טעמעס; אָפּקלאַנגען פון זיי קען מען הערן אין אייניקע פראַגמענטן פון „מוסר־השכל". אין אַ שפּעטערדיקער אויסגאַבע האָט דער מחבר באַזייטיקט עטלע־כע אויסדרוקן, געבוירענע אין אַ מאָמענט פון פּאָלעמישער אויפגערעגטקייט.

דאָס לעצטע קאַפּיטל פון ציקל איז געווען געווידמעט דער פראַגע וועגן „פּלאַנירטער עמיגראַציע". די פּאָגראָמען, וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט דער רע־וואָלוציע, האָבן געשטאַרקט דעם דראַנג צו אַנטלויפן מעבר־לים; דאָס האָט אויך באַוויגן דובנאָוון אומצוקערן זיך צום פּראָבלעם, וואָס האָט איז שוין לאַנג געמאַטערט. אין דעצעמבער 1905 שרייבט ער: „מיר שטייען אויף אַ ווולקאַן, וואָס האָט שוין פאַרשלונגען צענדליקער טויזנטער יידישע קרבנות, און דער קראַטער רויכערט זיך נאָך אַלץ... די מענטשן זענען אַרומגענומען פון אַ גרויסער פּאַניק... די גרעסטע מאַסע וואַנדערער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויפן אַלטן וועג, כדי אַרויסצוגיין פון רוסישן מצרים...

צום צוגעזאָגטן לאַנד, קיין אמעריקע... און איצט, ווען רוסלאַנד, וואָס גרייט זיך צו ווערן א לאַנד פון פרייהייט, הערט אָבער נישט אויף צו זיין א לאַנד פון פּאָגראָמען, ציט אונדזער אייביקן וואַנדערער ווייטער אַהין, מעבר־לים... עס איז פאַראַן נאָך א לאַנד, דאָס לאַנד פון די אָבות, א לאַנד, וואָס איז באַלויכטן מיט די שטראַלן פון אונדזער נאַציאָנאַלער יוגנט. אַהין רייסן זיך די פאַרבענקטע הערצער... נאָר די בענקשאַפט האָט זיך נאָך נישט פאַר־וואַנדלט אין אַן אָנגעשטרענגטן ווילן.... דער גלות וועט קיינמאָל נישט פאַרשווינדן, דאָס איז אָבער... א גרויסע אויפגאַבע — צו באַשאַפן אין היסטאָרישן וויגעלע פון יידנטום א קליינעם נאַציאָנאַל־גייסטיקן צענטער.

אין יענע טעג, ווען די דאָזיקע שורות זענען געשריבן געוואָרן, איז די רוסישע רעוואָלוציע שוין געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. דער טראַגישער אויפ־שטאַנד אין מאָסקווע, האָט מיט א לעצטן פלאַקער א לויכט געגעבן איבערן לאַנד, וואָס האָט ווידער אָנגעהויבן צו זינקען אין פינצטערניש. דער שרייבער האָט נישט געקאָנט אַרבעטן. אָפּרוקנדיק אין א זייט דעם כתב־יד, פלעגט ער שפּאַנען אַן אומרואיקער איבערן קאַבינעט. נישט זעלטן פלעגט זיך אַריינכאַפּן צו דובנאָוון א יונגער „סיימאָוועץ" י. נאָוואַקאָווסקי, א געוועזענער ישיבה־בחור (שפּעטער איז ער געוואָרן אַן אַקטיווער באָלשעװיק). שעהן לאַנג פלעגן זיי זיצן שווייגנדיק, הערנדיק דעם געיאָמער פון ווינט און דעם קנאַק פון האָלץ אין דער הרובע, טיף פאַרזונקען אין אומע־טיקע געדאַנקען. צייטנווייז, איבעררייסנדיק דאָס אומהיימלעכע שווייגן, פלעגט דער ישיבה־בחור אָנהייבן שטיל אונטערצוזינגען „פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיה". דער טרויעריקער ניגון האָט בעסער פון ווערטער איבער־געגעבן די פאַרביטערונג, וואָס האָט אָנגעפילט די הערצער...

ערב ניי־יאָר האָט ש. דובנאָוו באַשלאָסן ווידער זיך צו נעמען צו דער אַרבעט. די לעצטע קאַפּיטלען פון דריטן באַנד „געשיכטע" האָט ער געשריבן אין א האַסטיקן טעמפּאָ; ער האָט זיך געאײַלט צוצוקומען צו דער עפּאָכע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. די דאָזיקע קאַפּיטלען האָט ער אָפּגעשיקט צו דער רעדאַקציע פון „וואָסכאָד" מיט „א בריוו צום לע־זער". אין דעם בריוו האָט ער דערקלערט, אַז דער המשך פון זיין ווערק ווערט אָפּגעלייגט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט: „עס איז שווער צו שרייבן געשיכטע אין א צייט, ווען מ'דאַרף געשיכטע מאַכן, ווען דאָס לעבן רייסט זיך אַריין מיט שטורעם אין קאַבינעט פון היסטאָריקער".

אין א פאַרצייכנונג אין דעם טאָג־בוך פון 31 יאַנואַר 1906 לייענען מיר: „נאָך א חודש איז פאַרגאַנגען... עס הנגליען די תלינים, זיי פאַרגיסן רוסלאַנד מיט בלוט נאָכן דורכגעפאַלענעם מאָסקווער אויפשטאַנד. יעדן טאָג הערן מיר פון נייע אַרעסטן, רעוויזיעס, צעשיסונגען"... און מיט א פּאָר

טעג שפּעטער: „עס איז שוין נישטאָ קיין כוח אריבערצוטראָגן די וואַקכאַ־נאַליע פון רעאַקציע. יעדער פון אונדז וואַרט אויף אַ רעוויזיע... אויפן אַרעסט. מ׳זאָגט, אַז די אַרטיקלען מאַכט פאַרמאָגט רשימות פון „פאַרדעכטי־קע״, ווו עס איז אויך דאָ מיין נאָמען און די נעמען פון אַנדערע געזעל־שאַפטלעכע טוער״.

דובנאָוו האָט אָבער באַשלאָסן גובר צו זיין די דערשלאָגנקייט. עס האָט געהאַלטן פאַר אַ נייעם צוזאַמענפאָר פון „פאַרבאַנד״, וואָס האָט באַדאַרפט אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער מלוכה־דומע. אין דער ווילנער דעלעגאַציע, וואָס האָט זיך געקליבן קיין פּעטערבורג, האָט זיך אָנגעשלאָסן אויך אחד־העם, וואָס איז געקומען צו פאָרן פון אָדעס. די פריינד האָבן זיך איצט באַגעגנט ביי אַ נייער פּאָליטישער סיטואַציע. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַ שטורמישער. אַ סך דעלעגאַטן האָבן נישט גע־גלייבט אין דער מעגלעכקייט צו שאַפן אַ פרייען פּאַרלאַמענט אין דער אַט־מאָספער פון רעאַקציע; זיי האָבן פאָרגעלייגט צו באָיקאָטירן די וואַלן. באַ־זונדערס שטאַרק זענען די דאָזיקע טענדענצן געווען ביים לינקן פליגל פון צוזאַמענפאָר. ש. דובנאָוו האָט פאַרטיידיקט די טאַקטיק פון אָנטיילנעמען אין די וואַלן. ער האָט געטענהט אַז נעמען אַן אָנטייל אין דער אָפּאָזיציאָ־נעלער דומע איז אַ בעסערער מיטל פון קאַמף קעגן רעאַקציע, ווי דאָס זעלבסט־באַזייטיקן זיך פון פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבעט.

ווען אויפן טאָג־אָרדנונג פון צוזאַמענפאָר איז אַרויפגעשוווּמען די פראַגע וועגן בלאָקן מיט אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען, האָט דובנאָוו גע־האַלטן, אַז עס איז נישט דערלאָזבאַר צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט גרופּן, וואָס שטייען רעכטער פון די קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן. ער האָט געהאַט עגמת־נפש דערפון, וואָס אין דער דאָזיקער פראַגע איז ער זיך צעגאַנגען מיט זיין אַלטן מיטקעמפער. אחד־העם האָט דערקלערט מיט זיין שטענדיקער גראַדליניקייט, אַז יידן דאַרפן זיך נישט אינטערעסירן מיט אַלגעמיין־פּאָליטישע פּראָבלעמען, זיי דאַרפן זיך רעכענען נאָר מיט זייערע נאַ־ציאָנאַלע אינטערעסן. די דאָזיקע דערקלערונג איז אַרויסגעדרינגען נישט פון אחד־העמס נייגונג צו קאָמפּראָמיסן, נאָר פון אַ מין אייגנאַרטיקער אַט־ראָפיע פון בירגערלעכע געפילן; אחד־העם האָט געלעבט אין אַ גייסטיקן געטאָ און האָט זיך געפילט ווי אַ פרעמדער אין רוסלאַנד, להיפוך צו זיין מער עמאַנציפּירטן פריינד, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרבונדן מיט זיין פאָטערלאַנד.

דער צוזאַמענפאָר האָט דובנאָוון געגעבן אַ גרויסע באַפרידיקונג: כמעט אַלע זיינע פאָרשלאָגן וועגן דער אַלגעמיין־פּאָליטישער און נאַציאָ־נאַלער פּלאַטפאָרם פון „פאַרבאַנד״ זענען געוואָרן אָנגענומען מיט אַ באַ־

דייטנדיקער מערהייט: „איך האָב אַ סך אַרבעט — דערמאָנט ער דערנאָך — ווי אַ מיטגליד פון פּרעזידיום נעם איך אָנטייל אין די זיצונגען, וואָס דויערן פון אינדערפרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך פיל זיך פאַרמאַטערט, אָבער וויפל גייסטיקע דערהויבונג שאַפט אונדזער אַרבעט און וויפל גלויבן אין אַ ליכטיקן מאָרגן!"

אומעטום האָבן געפלאַקערט פּאָליטישע לײדנשאַפטן. ווען דובנאָוו איז נאָך דעם צוזאַמענפאָר געקומען אין רעדאַקציע פון „וואָסכאָד", האָט ער גע־האַט אויסצושטיין אַ מלחמה מיטן רעדאַקטאָר צוליב דעם „מוסר־השכל". אין וויכוח האָט איצט אָנטיילגענומען אַ נייער באַקאַנטער — ש. אַנסקי (ראַפּאָפּאָרט), וואָס האָט זיך געהאַט צוריקגעקערט פון אויסלאַנד. נישט געקוקט אויף די חילוקי־דעות, האָבן דאָך אַנסקי און דובנאָוו זיך געפילט גאַנץ נאָענט: זיי האָבן ביידע געשטאַמט פון „השכלה"־בונט און פאַרמירט זייער וועלט־אָנשויאונג אונטערן איינפלוס פון דער פּראָגרעסיווער רוסישער ליטעראַטור. אַנסקי האָט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן פאַרייניקט אין זיין נשמה די צוגעבונדנקייט צו די רוסישע און יידישע פאָלקסמאַסן. אין זיין אַרטיקל אין „וואָסכאָד" האָט ער גענומען אויף זיך די פאַרטיידיקונג פון די יידישע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע דער מחבר פון דעם „מוסר־השכל" האָט באַשולדיקט אין אָפּרייסן זיך פון פאָלק. דובנאָוו האָט געענטפערט מיט אַן אַרטיקל „וועגן דער פּריאָריטעט פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק אין לעבן פון די אונטערדריקטע פעלקער". ער האָט דערקלערט, אַז ער באַשטרייט נישט דעם פּרינציפּ פון קלאַסן־קאַמף, נאָר די העגעמאָניע פון קלאַסן־פּאָלי־טיק ביי אַ פאָלק, וואָס איז אַן אָביעקט פון רדיפות. דער תוך פון אַרטיקל איז געווען פאָלגנדיקער: די איינהייטלעכע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק דאַרף ווערן אַ סוראָגאַט פון טעריטאָריאַלער איינהייט פאַר אַ פאָלק, וואָס געפינט זיך אין אַ געפאַר איינגעשלונגען צו ווערן פון די אַרומיקע טעריטאָריאַלע נאַ־ציעס. אויב די הערשנדיקע פעלקער קענען פאַרוואַנדלען זייער נאַציאָנאַלע פּאָליטיק אין אַן אינסטרומענט פון אונטערדריקונג, דאַרף די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון די מינדערהייטן ווערן אַן אינסטרומענט פון זעלבסט־פאַר־טיידיקונג.

אין פרילינג האָט זיך אָנגעהויבן די וואַל־קאַמפּאַניע. די פאַרזאַמלונ־גען פלעגן פאָרקומען אין אַ שטורמישער אַטמאָספער. די פאָרשטייער פון די לינקע פּאַרטייען, וואָס זענען געווען געצוווּנגען אַרונטערצוגיין אין דער אונטערערד, האָבן נישט איינמאָל געפּרוּווט אויסנוצן די לעגאַלע טריבונע צו אַגיטירן פאַרן באָיקאָט פון דער דומע; דאָס האָט אָפט אַרויסגערופן די אַריינמישונג פון דער פּאָליציי. דובנאָווס מיטקעמפער האָבן געפאָדערט, אַז ער זאָל אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור אין ווילנע, ער האָט זיך קאַטעגאָ־

ריש אָפּגעזאָגט. אַלס דעפּוטאַט איז אויסגעוויילט געוואָרן דער ענערגישער ציוניסטישער טוער שמריהו לעווין. דובנאָוו האָט פון גאַנצן האַרצן באַגריסט זיין פריינד צו דער דאָזיקער געלעגנהייט.

אויף דער דערעפענונג פון דער דומע רופט זיך אָפּ דובנאָוו אין זיין טאָג־בוך: „אין מיין נשמה זינגט אַ שטילע מוזיק פון דער בליענדיקער נאַטור און דער קאַמפּס־מאַרש פון נייעם רוסלאַנד... מיטאָגצייט ברענגט מען די צייטונגען, איך כאַפּ זיך צו צו זיי, איך שלינג די נייעס... די מערהייט פון דער דומע איז אָפּאָזיציאָנעל געשטימט, עס גרייט זיך דער קאַמף פאַר פרייהייט"... דערמאָנענדיק דעם דאָזיקן פּעריאָד פון זיין לעבן, פאַרצייכנט דער שרייבער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע: „נאָר די מענטשן פון מיין דור, וואָס האָבן אין משך פון אַ פערטל יאָרהונדערט געחלומט אין קייטן פון שקלאַפעריי וועגן אַ קאָנסטיטוציע, וועגן אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, נאָר זיי קענען פאַרשטיין די שטימונגען פון פרילינג 1906, ווען די אויסגעפּייניקטע נשמה האָט געגאַרט נאָך אַ גלויבן אין אַ ניי רוסלאַנד און אַ באַנייט יידנטום אין איר".

אין זיין שטיל ווינקעלע האָט ש. דובנאָוו זיך מונטער אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, וואָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיינע איבערלעבונגען: ער האָט אָנגעהויבן איבערצוקוקן דעם עסיי וועגן דער עמאַנסיפּאַציע פון די יידן אין פראַנקרייך. דער עסיי איז געווען שטאַרק אָרומגעשניטן פון דער צענזור אין די 80־ער יאָרן און דער מחבר האָט באַשלאָסן אים דערגענצן און אַרויסגעבן אין פאָרם פון אַ בראָשור. די אַרבעט האָט זיך שנעל גערוקט פאָרויס. אין מאַי פאַרצייכנט ש. דובנאָוו אין זיין טאָגבוך: „געשיכטע, נאַטור, פּאָליטיק. נאָך צוויי וואָכן אָנגעשטרענגטער אַרבעט האָב איך נעכטן פאַרענדיקט „די עמאַנציפּאַציע"*). מיין אַרבעט טראָגט איצט אַן אַנדער כאַראַקטער ווי אין 1889. עס וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן, ווי אַזוי די דערפאַרונג און דאָס דענקען האָבן אויסגעברייטערט דעם קוק פון מחבר פאַר די זיבעצן יאָר. מיין געדאַנק און מיין פּען אַרבעטן אין דער שטילקייט... פון דעם וואונדערלעכן ווינקעלע... אונטער די ווייטע קלאַנגען... פון פּאָליטיק, וואָס די צייטונגען ברענגען יעדן טאָג — וואָס פאַר אַ קאָמפּליצירטע גאַמע!... אין דער פרי רעדעס... אין דער פאַריזער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אָדער אין דער לאַמונע פון 1789-91, אין אָוונט — רעדעס אין דער רוסישער דומע, און אין דער צווישנצייט — דאָס צאַרטע

---

*) „די עמאַנציפּאַציע פון די יידן אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע 1789־1791" — פאַרלאַג „פּראַוודאַ", פּעטערבורג, 1906, 74 זייטן.

שעפּטשען פון דער סאָסנע, פון סטאַוו, פון פעלד". די בראָשור איז אינגיכן דערשינען און איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין אַ גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן.

ש. דובנאָוו האָט זיך באַלד גענומען צו דער באַאַרבעטונג פון די „בריוו" און אַנדערע פּובליציסטישע אַרטיקלען, וואָס זענען געווען געדרוקט אין פּעריאָדישע אויסגאַבן אין משך פון צען יאָר. ער האָט געטראַכט: עס איז געקומען די צייט צו סיסטעמאַטיזירן דעם צעוואָרפענעם מאַטעריאַל און פאַרעפנטלעכן אים אין בוך־פאָרם. לייענענדיק נייע ווערק וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע, האָט ש. דובנאָוו קאָנסטאַטירט, אַז זיי באַשטעטיקן די אידייען, וואָס זענען געווען דער יסוד פון זיינע „בריוו". „עס פרייט מיך, — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — וואָס מיין קוק אויף אַ נאַציע ווי אויף אַ גייסטיקן אָדער קולטורעלן קאָלעקטיוו פאַלט זיך צונויף מיט דער מאָדערנער ריכטונג אין דער וויסנשאַפט. אַפילו מיין אויטאָנאָמיזם איז אין אַ סך פּרטים ענלעך צו דער פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע פון שפּרינגערן (רענער), מיט וועמענס ווערק איך האָב זיך נאָר וואָס באַקענט. אין רעזולטאַט פון אַ זעלבסטשטענדיקן געדאַנקען־פּראָצעס בין איך געקומען צו אַ סך אויספירן, וואָס זענען איצט אָנגענומען, און אויך צו די אַנדערע, וואָס זענען נאָך דערווייל נישט אָנערקענט; פאַר מיר זענען זיי אַ פּועל־יוצא פון דער גאַנצער עוואָלוציע פון דער יידישער געשיכטע".

די ידיעה וועגן פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק און וועגן פאַנאַנדערלאָזן די ערשטע דומע האָט דעם שרייבער שטאַרק דערשלאָגן. „דעם 9־טן יולי — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — האָט זיך אין מיין חדרל אַריינגעריסן די אויפּטרייסלענדיקע ידיעה וועגן פאַנאַנדערלאָזן די דומע. די פּען איז אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. אין אַזאַ פּיין איז דאָס באַשעפעניש געבוירן געוואָרן און איצט איז דאָס פאַרלוירן; פאַרלוירן אין אַ מאָמענט, ווען דאָס איז געווען אונדזער איינציקע האָפענונג... מ'וועט דאַרפן אָנהייבן די סיזיף־אַרבעט פון דאָסניי..."

דובנאָוו האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן באַזעצן זיך אין פּעטערבורג. סיי די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט, סיי די געזעלשאַפטלעכע האָבן דאָס געפאָדערט. עס האָט זיך אים געוואָלט גלייבן, אַז אין דער נייער אַטמאָספער וועט גרינגער זיין צו פאַרווירקלעכן דעם יוגנט־חלום. דעם ענדגילטיקן שטויס דערצו האָט געגעבן דער פאָרשלאָג צו לייענען לעקציעס אין דער פרייער הויכשול פון פּראָפעסאָר לעסגאַפט. ש. דובנאָוו האָט שוין לאַנג געטרוימט וועגן אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער יוגנט; ער האָט באַלד געגעבן זיין הסכם.

אין סעפּטעמבער, צו ש. דובנאָווס געבוירנטאָג, איז אָנגעקומען די אָפיציעלע מעלדונג, אַז דער פאַקולטעט פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן האָט אים

באַשטעטיקט אַלס לעקטאָר. די פאַרצייכענונג אין זיין טאָג־בוך דריקט אויס די ספיקות, וואָס זענען ביי אים אויפגעקומען פאַרן אָפּפאָרן: „צי איז דאָס פּאַר מיינע כוחות, אָ, גאָט מיינער, די אַרבעט, וואָס איך נעם זיך אונטער? צי האָב איך דען נישט קיין רעכט, נאָך 25 יאָר אַרבעט, אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד... און דאָרט ווידמען די לעצטע יאָרן מיין באַליבטער היסטאָ־רישער אַרבעט?... אָבער אַ צווייט קול אין מיר זאָגט: פאַרבלייבט אין דיין לאַנד, פּאָר אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט, נעם אויף זיך דעם מאַקסימום אַרבעט און ברען, ביז דו וועסט נישט פאַרברענט ווערן. און איך גיי”.

אין מיטן סעפּטעמבער 1906 האָבן שמעון און אידאַ דובנאָוו פאַר־לאָזט ווילנע. אין דער דאָזיקער שטאָט, ווו זיי האָבן איבערגעלעבט אַ סך פּאָליטישע שטורעמס, האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן צו לאָזן קיין טיפע וואָרצלען. אָבער דובנאָוו האָט אויף לאַנגע יאָרן איינגעהאַלטן אין זכרון די קרומע מיטלאַלטער־לעכע געסלעך, די פּוסטע גרינע ברעגעס פון דער ווילִיע. פון אַ געזעגענונגס־באַנקעט האָט זיך דער שרייבער אָפּגעזאָגט: ווע־מען איז געלעגן אין זינען באַנקעטן אין יענער אומרואיקער צייט. צו דער עפּאָכע פון „צווייטן פּעטערבורג” איז ש. דובנאָוו געגאַנגען מיט מידע נערוון, אָבער מיט דער גרייטקייט אַריינצולייגן אין דער נייער וויסנשאַפט־לעכער אַרבעט אַלע כוחות פון זיין געדאַנק און האַרץ.

## קאַפּיטל אַכצן

# ווידער אין פּעטערבורג

ש. דובנאָווס וווינונג אין פּעטערבורג, אויף אַ שטילער זייטיקער גאַס, איז געווען אַ נישט באַקוועמע און אַ מרה־שחורהדיקע; די פֿענצטער זענען אַרויסגעגאַנגען אויף אַ קויטיקער וואַנט. דאָס איז געווען אַ ראַיאָן פֿון אַלטע הייזער, שמאָלע געסלעך, מוטנע קאַנאַלן, האָרבאַטע בריקלעך; דובנאָוון האָבן פֿאַרבונדן מיט דער דאָזיקער געגנט זכרונות פֿון דער יוגנט. אין משך פֿון די צוואַנציק יאָר האָט זיך אַ סך געענדערט; דער רעדאַקטאָר לאַנדוי איז געשטאָרבן, מיט אַ צייט צוריק האָט אויפֿגעהערט צו דערשיינען דער זשורנאַל, וועמען דובנאָוו האָט אָפּגעגעבן אַזוי פֿיל פֿייער פֿון געדאַנק און געפֿיל; זיין אַלטער פֿריינד ש. פֿרוג האָט זיך געוואַלגערט ערגעץ אויף אַ פּעטערבורגער פּאַרשטאָט, און זיינע לידער מיט זייערע לאַנגזאַמע, איינטאָניקע ריטמען האָבן אויסגעדריקט רעזיגנאַציע און האָפֿנונגסלאָזיקייט. אַמווייניקסטן האָט זיך געביטן דובנאָוו אַליין: פֿון אונטער דער גריווע גרוילעכע האָר האָבן זיינע אויגן נאָך געברענט מיט יוגנטלעכן פֿייער; מיט ליידנשאַפֿטלעכקייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן זיין ליטעראַרישער און געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, פֿלעגט באַוווּנדערן די שיינקייט פֿון דער נאַטור און דעקלאַמירן זיינע באַליבטע לידער. אָבער די אַרומיקע קאָמפּליצירטע ווירקלעכקייט האָט אַלץ אָפֿטער אַרויסגערופֿן ביי אים פֿאַרביטערטקייט.

ער איז צוגעטראָטן צו זיין אַרבעט אין דעם אוניווערזיטעט מיט גרויס באַגייסטערונג, די דאָזיקע טעטיקייט האָט אָבער געדויערט אַ קורצע צייט. די פֿרייע הויך־שול, אָנגעפֿירט פֿון פּראָפֿעסאָר לעסגאַפֿט, וואָס איז געווען באַקאַנט ווי אַ גלענצנדער געלערנטער און מוטיקער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפֿטלעכער טוער, איז געווען אַ פּראָגרעסיווער אוניווערזיטעט, אין וועלכן עס האָבן געלערנט טאַלענטירטע, ראַדיקאַל־געשטימטע פּראָפֿעסאָרן; אַ סך צוהערער זענען געווען אַקטיוו אין דער רעוואָ־

לוציאָנערער באַוועגונג. דער נייער פּראָפעסאָר וויסנדיק, אַז די סטודענטן האָבן אַ גרויסן אינטערעס פאַר סאָציאַלע פּראָבלעמען, האָט ער באַשלאָסן צו לייענען פאַר זיי אַ קורס פון דער נייער יידישער געשיכטע, אָנהייבנ־דיק פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דער ראַט פון פאַקולטעט האָט אים אָבער רעקאָמענדירט, אַז ער זאָל זיך האַלטן ביים כראָנאָלאָגישן סדר און אָנהייבן פון דער ביבלישער עפּאָכע. גרייטנדיק זיך צו די לעקציעס, האָט ש. דובנאָוו פאַרבראַכט לאַנגע שעהן אין אַזיאַטישן מוזיי ביי דער וויסנשאַפטס־אַקאַדעמיע און שטודירט מיט התמדה די מאָנאָגראַפיעס וועגן האַמוראַבים קאָדעקס, וואָס איז נישט לאַנג אַנטדעקט געוואָרן, און די ווערק פון די אָנגעזעענע דייטשישע ביבל־פאָרשער. צו זיין ערשטער לעק־ציע איז געקומען אַ גרויסער עולם. אין דער הקדמה האָט ש. דובנאָוו באַגריסט די איניציאַטיוו פון דער פרייער הויכשול, דעם ערשטן רוסישן אוניווערזיטעט, וואָס האָט געגרינדעט אַ קאַטעדרע פאַר יידישער געשיכ־טע ביים פאַקולטעט פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן. נאָך דעם האָט ער אַנט־וויקלט זיין קאָנצעפּציע פון יידישער געשיכטע און האָט פאַרענדיקט מיט פּאַטעטישע ווערטער וועגן פרייער וויסנשאַפט אין אַ פריי לאַנד. די סטו־דענטן האָבן דעם נייעם פּראָפעסאָר אויפגענומען מיט באַגייסטערונג. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן שפּעטער, אַז בלויז אַ קליינע צאָל צוהערער זענען געווען באַקאַנט מיטן תנ"ך; צווישן די קריסטלעכע סטודענטן זענען אַזעלכע געווען מער ווי צווישן די יידישע. ש. דובנאָוו איז געווען גע־רעכט: אין דער אומרואיקער אַטמאָספער פון נאָך דער רעוואָלוציע האָט בלויז אַן ענגער קרייז ספּעציאַליסטן געהאַט אינטערעס פאַר ביבל־פאָר־שונג און פאַר די נייסטע אַנטדעקונגען אויפן געביט פון דער געשיכטע פון אַלטן אָריענט. די לעקציעס האָבן דעריבער געטראָגן דעם כאַראַקטער פון סעמינאַרן; זיי האָבן אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, — די פרייע הויכשול איז אויפן באַפעל פון דער מאַכט געוואָרן געשלאָסן, נאָך דעם ווי דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט איז געוואָר געוואָרן, אַז אין אירע אווידיטאָריעס ווערן אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען פון אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס.

די הויכשול איז געווען איינער פון די צענטערן פון געזעלשאַפט־לעכן אויפברויז אין פּעטערבורג. די ריזיקע שטאָט האָט געלעבט מיט אַ פיבערדיק, אומרואיק לעבן; גלייך ווי דאָ וואָלט זיך געהאַט קאָנצענטרירט די גאַנצע ענערגיע פון דעם פאַרשלאָפענעם, דאָרפיש־קליינשטעטלדיקן לאַנד. דאָס פּאָליטישע לעבן האָט געקאָכט אויף די געהיימע און לעגאַלע פאַרזאַמ־לונגען, אין די אומצאָליקע קרייזלעך, מאָדערנע „יאַקאָבינער", וואָס האָבן געשטרעבט צו פאַרטיפן די רעוואָלוציע, האָבן געקעמפט מיט „זשיראָנ־דיסטן" פון פאַרשידענע שאַטירונגען; עס זענען אויך אָנגעגאַנגען פאַר־

ביסענע וויכוחים אַרום פּראָבלעמען פון פילאָזאָפיע, רעליגיע און קונסט. עס האָט נאָך קיינמאָל אַזוי האַסטיק נישט פּולסירט אין דער הויפּטשטאָט דאָס ליטעראַרישע און טעאַטראַלע לעבן און נאָך קיינמאָל האָט מען אַזוי דייטלעך נישט געפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ קאַטאַקליזם. ש. דובנאָוו האָט נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק צו די דאָזיקע שטימונגען. ער האָט זיך מער נישט געטרייסט מיט דער אילוזיע, אַז מען קען זיך פאַרשליסן אין די פיר ווענט פון קאַבינעט: עס איז געווען קלאָר, אַז ער קען נישט און וויל נישט אַוועקגיין פון דעם קאָכיקן לעבן. נאָר צייטנווייז, אין מאָמענטן פון איינזאַמקייט, האָט ער מיט אומרו געפרעגט זיך אַליין: אפשר גייט דאָס לעבן אַוועק פאַרביי מיר?

אין דער פּעטערבורגער תקופה איז דער שרייבער אַריינגעטרעטן מיט גרויסע האָפענונגען. די פיזישע שוואַכקייט — אַ רעזולטאַט פון אָנגע־שטרענגטער אַרבעט און שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ — האָט געהערט צו דעם עבר. ער האָט פאַרווירקלעכט זיין אַלטן פּלאַן צו וווינען אין דער הויפּט־שטאָט, אמת, נישט אויף שטענדיק. (די דערלויבעניש איז געווען נאָר אַ צייטווייליקע). די מאַטעריעלע זאָרגן האָבן אים מער נישט געמאַ־טערט — זיין לערנבוך, וואָס פלעגט יעדעס יאָר ווערן איבערגעדרוקט, איז געוואָרן דער יסוד פון דעם באַשיידענעם משפחה־בודזשעט. דאָס אַלץ אָבער איז נישט געווען גענוג פאַר זיין גייסטיקן גלייכגעוויכט.

ש. דובנאָוו האָט נישט געפילט קיין סימפּאַטיע פון דער עלטער; עס איז אים געווען פרעמד די שטימונג פון רעזיגנאַציע. דערפאַר אָבער, האָט ער שאַרף געפילט דעם דיסאָנאַנס צווישן זיין לעבן און דעם לעבן אַרום אים. אין די יוגנט־יאָרן איז אים אויסגעקומען צו פאַרווענדן אַ סך ענערגיע, כדי צו קעמפן מיט אויסערלעכע שוועריקייטן, אָבער אין זיין אי־נערלעכן לעבן זענען קיין דיסאָנאַנסן נישט געווען. דער אינהאַלט פון זיין עפּאָכע — די אידעאַליסטישע ליבע צום פאָלק, וואָס האָט זיך אין די קרייזן פון די יונגע יידישע משכילים פאַרוואַנדלט אין אַ מין יידישער „נאַראָדניטשעסטוואָ", די נעכטערע ראַציאָנאַליסטישע פילאָזאָפיע, די פּרינ־ציפּן פון רעאַליזם. — דאָס אַלץ איז געווען פאַרשטענדלעך, נאָענט, אייגן. אין משך פון דעם פערטל יאָרהונדערט האָט זיך אַ סך געענדערט: אויף דער אַרענע זענען אַרויף נייע געזעלשאַפטלעכע כוחות, דאָס פּאָליטישע לעבן איז געוואָרן מער קאָמפּליצירט; דער מאַרקסיזם, וואָס האָט פעסטגעשטעלט דעם פּרימאַט פון ז יי ן איבערן ב אַ וו ו ס ט ז יי ן, האָט באַ־הערשט די מוחות, און אין דער זעלבער צייט האָט זיך אין די קרייזן פון דער אינטעליגענץ געלאָזט מערקן אַ נייגונג צו מיסטיק, צום איראַציאָ־נעלן; אין דער ליטעראַטור האָבן די פאָרגעפילן פון אַ קאַטאַסטראָפע

אויפגעריסן די קלאַסישע טראַדיציעס. דער תלמיד פון קאַנט און מילל האָט זיך געפילט פרעמד אין דער נייער תקופה. דער אינטעלעקטועלער אומרו האָט נאָך שאַרפער געמאַכט זיין פערזענלעכן עגמת־נפש, וואָס האָט ווי אַ וואָרעם גענאָגט דאָס האַרץ: דאָס נייע פאַרפּלאָנטערטע, קאָמפּליצירטע לעבן איז געווען דאָס לעבן פון זיינע אייגענע קינדער.

צוזאַמען מיט די עלטערן האָט איצט געוווינט נאָר די עלטערע טאָכ־טער — די סטודענטקע. פאַרכאַפּט פון גרויס־שטאָטישן לעבנס־שטראָם, פלעגט זי זעלטן זיין אינדערהיים. שפּרייזנדיק איבער דער שטילער לידי־קער וווינונג, פלעגט דער שרייבער אָמאָל אַריין אין איר צימער: אויף דעם שרייב־טיש איז געלעגן דאָס תנ״ך, וואָס ער האָט איר געהאַט גע־שענקט (זיי ביידע האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ מין קמיע). און זייט ביי זייט — די נייע פילאָזאָפישע און ליטעראַרישע זאַמלביכער און די ווערק פון די מאָדערנע פּאָעטן. די דאַזיקע ביכער זענען אים געווען פרעמד; באַזונדערס אומפאַרשטענדלעך איז געווען די נייע פּאָעזיע, זי האָט אויס־געזען נישט עכט, געקינצלט. נאָכן אַריינקוקן אין אַזאַ בוך פלעגט ער מורמלען אין כעס: דאָס אַלץ איז דעקאַדענץ... און ער פלעגט דערמאָנען יענע געמיטלעכע אָוונטן ביים שיין פון נאַפט־לאָמפּ, ווען מ׳האָט גע־לייענט לערמאָנטאָוון, נעקראַסאָוון, פעטן...

אויך דובנאָווס פרוי פלעגט מיט אַ זיפץ דערמאָנען די אַמאָליקע טעג. זי האָט געבענקט נאָך אַן אוממעגלעכער זאַך — ווידער צו הערן די קלינגענדיקע קינדערשע קעלעכלעך, דאָס טאָפּטשען פון קליינע פיסעלעך, ווידער צו האָבן שווערע אויסמאַטערנדיקע טעג, אויסגעפילטע מיט אַר־בעט ביז איבער די ברעגעס... די קינדער זענען שוין לאַנג אויסגעוואַקסן; און זענען געווען ווייט פון דער היים. דער זון האָט אין אָדעס שטודירט מאַ־טעמאַטיק מיט גרויס דערפאָלג און גלייכצייטיק האָט ער אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער סטודענטישער באַוועגונג. שרייבן פלעגט ער רעגולער, אָבער קאַרג, לאַקאָניש. די טאָכטער אָלגאַ, האָט פאַרלאָזט דעם אוניווערזיטעט און זי איז אַוועקגעפאָרן קיין ווילנע צום מאַן, אַן אַרבע־טער־אויטאָ־דידאַקט, פון פּויערישער אָפּשטאַמונג. ס׳איז איצט געווען שטיל ביי די דובנאָווס אין די אָוונטן ביים טיי־טרינקען אין טונקעלן עס־צימער; עס האָט זיך געהערט נאָר דאָס זידן פון סאַמאָוואַר און דער שאָרך פון די צייטונגען. די איינזאַמע מענטשן האָבן מיט ביטערקייט געטראַכט, אַז זיי זענען שוין מער נישט יונג און זיי האָבן אויסגעמיטן צו רעדן וועגן זייער צער...

כדי צו געפינען אינערלעכן גלייכגעוויכט, פלעגט דובנאָוו זיך נעמען צו ברענגען אין אָרדענונג זיין אַרכיוו. די כתב־ידן זענען געלעגן אין גליי־

בע רייען, אין טעטשקעס מיט דייטלעכע אויפשריפטן — דאָס איז געווען דאָס פעסטע, דאָס אומפאַרענדערלעכע, אין דעם איז געווען דער זין פון לעבן. אויפן פּאַרטפעל, וואָס איז געהאָנגען איבערן טיש, איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער אויפשריפט:'Scripta Manent'(דאָס אָנגעשריבענע בלייבט) עס איז אים געווען נישט גרינג צו פאַרלאָזן דעם שטילן אַרבעטס־קאַבינעט, ווו עס האָט זיך אַזוי פריי געאָטעמט און געטראַכט, כדי אָנטייל צו נעמען אין די טומלדיקע זיצונגען. ש. דובנאָוו האָט אָבער געפילט, אַז ער זאָל נישט קיין רעכט זיך אָפּצוזאָגן פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט: ס'האָט געהאַלטן פאַר וואָלן צו דער צווייטער דומע. דאָס איז געווען די לעצטע אַקציע, געפירט פון דעם „פאַרבאַנד פאַר גלייכבאַרעכטיקונג". די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אויפגעקומען, האָט זיך שוין געפונען אין אַ צושטאַנד פון ירידה; דעם ערשטן דורכברוך האָבען געמאַכט די ציוניסטן: זיי האָבן אויפן צוזאַמענפאָר אין העלסינגפאָרס איינגעשלאָסן אין זייער פּראָגראַם די טעזן, וואָס זענען פאָרמולירט געוואָרן דורכן פאַרבאַנד, אָבער זיי האָבן באַשלאָסן דורכצופירן די דאָזיקע טעזן בלויז אין די ראַמען פון זייער אייגענער פּאַרטיי. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפע רעאַקציע מצד דער ווינאַווער גרופּע, וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ שאַרפער אַטאַקע קעגן די „פּרינציפּיעלע עמיגראַנטן". די דאָזיקע גרופּע האָט אין דער ברייטער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון „פאַרבאַנד" אָנערקענט נאָר איין פּונקט — דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונג. גלייכצייטיק האָט זיך קאָנסאָלידירט ווי אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע די „יידישע דעמאָקראַטישע גרופּע", וואָס האָט פאַרנומען אַ מער ראַדיקאַלע פּאָזיציע אין אַלגעמיין־פּאָליטישע פראַגן. לענגער פאַר אַלע זענען געבליבן געטריי דעם „פאַרבאַנד" ש. דובנאָוו און זיינע אָנהענגער; סוף־כל־סוף, האָבן אויך זיי געבילדעט אַן אייגענע גרופּירונג — די „פאָלקס־פּאַרטיי". די ברייטע נאַציאָנאַלע אויפגאַבן, וואָס די נייע אָרגאַניזאַציע האָט פאָרמולירט, זענען געשטאַנען אין אַ דיספּראָפּאָרץ מיט אירע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן פון פּאָליטישער אויסווירקונג. זי האָט אָבער געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אויפן געביט פון יידישער קולטור. פון דעם קרייז פון נאַציאָנאַליסטן־ענטוזיאַסטן, וואָס זענען געווען איבערצייגט אַז דער שווער־פּונקט פון דער יידן־פראַגע ליגט אין „גלות", זענען עס אַרויסגעקומען די איניציאַטאָרן פון די געזעלשאַפטן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט פאָרשן יידישע געשיכטע, ליטעראַטור, מוזיק און פאָלקלאָר. באַזונדערס באַדייטנדיק איז געווען די ראָל פון די דאָזיקע געזעלשאַפטן אין די גרעסערע שטעט פון תחום־המושב; דאָרט האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין אמתע צענטערן פון יידישן קולטור־רענעסאַנס. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער,

אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, האָט זיך די פאָלקס־פּאַרטיי פּאַרוואַנדלט אין א מאַסן־אָרגאַניזאַציע.

די פּראָגראַם פון דער נייער גרופּירונג, אָנגעשריבן דורך ש. דובנאָוון, איז געוואָרן פּאַרעפנטלעכט אין צוויי פּעטערבורגער אָרגאַנען — אין „ראַזס־וועט" און אין „פריינד" (יידישע טעגלעכע צייטונג). *) „דאָס דאָזיקע ארטיקל — שרייבט דובנאָוו אין „דאָס בוך פון מיין לעבן" — האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם תמצית פון דעם, וואָס איך האָב דורכגעטראַכט פאַר די לעצטע צוויי יאָר. אונזער וועג איז געוואָרן קלאָר אָנגעצייכנט: מיר דאַרפן פאָרזעצן דעם קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס מיר האָבן אָנ־געהויבן מיטן צאָרן פון דערנידעריקטע און מיט דער ליידנשאַפט פון מאַר־טירער; מיר דאַרפן קעמפן ווי אַן איינהייטלעכע יידישע נאַציע, וואָס לעבט אין פאַרשידענע לענדער... אין קעגנפאַל קענען מיר אויסקעמפן פאַר זיך בלויז בירגערלעכע רעכט, מיר וועלן אָבער נישט זיין באַוואָרנט פון א נאַציאָנאַלן טויט". צום סוף ווייזט דובנאָוו אָן, אַז די „פאָלקס־פּאַרטיי" שטרעבט צו פאַרייניקן אַלע פּראָגרעסיווע כוחות פון יידישן פאָלק.

דאָס אַרטיקל האָט אַרויסגערופן א הייסע פּאָלעמיק. ווינאַווערס אָרגאַן האָט פאָרגעוואָרפן די גרינדער פון דער נייער פּאַרטיי, אַז זיי זענען באַ־איינפלוסט פון די ציוניסטן. דובנאָוו האָט געענטפערט זיינע אָפּאָנענטן אויף די שפּאַלטן פון „פריינד". *) צום ערשטן מאָל האָט ער געשריבן אין יידיש און ער איז געווען אָנגענעם איבערראַשט, ווען ס'האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז דאָס שרייבן קומט אים אָן נישט שווער. „בעתן שרייבן — פאַר־צייכנט ער אין דעם טאָג־בוך — איז א וואַרעמער שטראָם דורכגעפלאָסן מיין האַרץ: „מאַמע־לשון"... שפּעטער, ווען ש. דובנאָוו האָט אָנגעשריבן פאַר דער זעלבער צייטונג אַן אַרטיקל וועגן עמיגראַציע, האָט ער זיך ענד־גילטיק איבערצייגט, אַז די שפּראַך פון זיין קינדהייט, פאַרפּולקאָמט אין דער ליטעראַטור פון די לעצטע יאָרן, איז געוואָרן בייגעוודיק, כדי צו קענען איבערגעבן די פאַרשידנסטע ניואַנסן פון געדאַנק.

דער פונאַנדערפאַל פון „פאַרבאַנד פאַר גלייכבאַרעכטיקונג", וואָס האָט בסך־הכל עקזיסטירט צוויי יאָר, איז געווען פאַר דובנאָוון א שווערער קלאַפּ. ער האָט געגלויבט, אַז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע וועט קענען פאַרווירקלעכן א סך פון זיינע אידייען. ער האָט פאָרמולירט די דאָזיקע אידעען אין די אַרטיקלען, וואָס זענען געווען געדרוקט אין פאַרשידענע זשורנאַלן און עס

*) „ראַזסוועט" 1907 נר. 2; „דער פריינד" נר. 35.

*) „דער פריינד" נר. 42־43.

איז ביי אים אויפגעקומען אַ באַדערפעניש זיי אויפצוזאַמלען און אַרויס־געבן אין בוך־פאָרם. האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין ווילנע — אַ סיסטעמאַטיזאַציע פון די געדאַנ־קען, וואָס פאַר אים זענען זיי געווען אַ סך־הכל פון דער לעצטער שטור־מישער תקופה. פרילינג 1907 איז די אַרבעט געוואָרן פאַרענדיקט: די זאַמ־לונג פון אַרטיקלען האָט געבילדעט אַ סאָלידן באַנד. אין דער הקדמה גיט דער מחבר אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון דער נישט לאַנג פאַרענדיקטער דיפערענצירונג פון די יידישע פּאָליטישע גרופּירונגען. זיין אייגענע אי־דעאָלאָגיע שטעלט ער אַוועק אין צענטער, צווישן די עקסטרעמע שטרע־מונגען; ער איז געווען זיכער, אַז מען וועט אים באַקעמפן אי פון רעכטס, אי פון לינקס.

אין מיטן פון די פאַרשידענע און טיילמאָל צופעליקע אַרבעטן האָט ש. דובנאָוו נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך פאַרטיפן זיך אין אַן אַרבעט פון גרויסן פאַרנעם. און אַלץ שטאַרקער האָט ער געפילט, אַז פאַר אַזאַ אַרבעט איז נויטיק אַן אָפּגעזונדערט, שטיל ווינקעלע, ווו די שטימע פון דער פאַרגאַנגענהייט וועט קלינגען דייטלעכער, ווי אין דעם רעש פון דער גרויסער שטאָט. דורך אַ צופאַל האָט דער שרייבער געפונען אַזאַ ווינקע־לע — אין נישט וויטן פינלאַנד, אַ לאַנד פון וועלדער און אָזערעס: דאָס איז געווען אַ קליין פאַרלאָזן גוט, וואָס האָט געהערט צו זיינע פאַרמעג־לעכע פעטערבורגער קרובים. שוין דעם ערשטן זומער, וואָס ש. דובנאָוו האָט פאַרבראַכט אין לינקע, האָט ער דערפילט די פּראַכט פון דער שטרענ־גער און צאַרטער צפון־לאַנדשאַפט. ס׳האָט אין אים דערוואַכט דער פּאַנ־טעאיסטישער עקסטאַז, וואָס פלעגט אַרומכאַפּן זיין נשמה אין די וועלדער פון פּאָלעסיע. די פאַרצייכענונג אין טאָג־בוך פון אויגוסט 1907 זאָגט: „איך האָב איצט געדאַוונט אין אַן אייגנאַרטיקער שול. גאַנץ פרי בין איך אַוועק אין וואַלד, וואָס האָט זוניק געשמייכלט דורך טרערן פון רעגן און ראָסע, און מיין נשמה האָט תפילה־געטאָן מיט ווערטער באַקאַנטע פון די קינדער־יאָרן... הייליקע מאַרטירער פון 1903־1906! דאָ אין דער טי־פעניש פון די פינלענדישע וועלדער, זאָג איך קדיש נאָך אייך און מיט טרערן אין די אויגן ברום איך „אל מלא רחמים"...

אין משך פון אַ רייע יאָרן פלעגט ש. דובנאָוו אַרויספאָרן אויף די זו־מער־חדשים אין זיין שטילן ווינקעלע, ווו ער האָט געלאָנט אַרבעטן אָן שטע־רונגען. שוין אין מאַי פלעגט ער אָנהייבן די צוגרייטונגען. אין קאָרידאָר האָט זיך געהערט אַ געקלאַפּעריי: דאָס האָט דער שרייבער, אונטערברומענדיק זיינעם אַ באַליבטן ניגון, צונויפגעקלאַפּט די גרויסע קאַסטנס, אין וועלכע ער האָט אַריינגעלייגט זיינע מאַנוסקריפּטן און ביכער. ווען די ערשטע געסט

פלעגן קומען אין דאָרף, האָט דער שטילער צפונדיקער פרילינג זיי באַגעגנט מיטן פאַרשיכורנדיקן ריח פון טשערעמוכע; טעג, אָנגעפולטע מיט פייגל־געטומל, פלעגן זיך אַריינגיסן אין די זילבערנע פאַרכישופטע בין־השמשותן פון די ווייסע נעכט. די זומער־טעג זענען געווען אָנגעפילט מיט אַ געדיכטער היץ; עס האָט זיך מחיהדיק געאַרבעט אין דער גרינער שטילקייט, וואונדער־לעך זענען געווען די שפּאַצירן איבער די וואַלד־שטעגעלעך, וואָס זענען געווען גליטשיק פון סאָסנע־נאָדלען. אין די אָוונטן, ביים סאַמאָוואַר, אויף דער וועראַנדע פון גרויסן פּריצישן הויז, האָבן זיך געפירט געמיטלעכע שמועסן; די גאַסטפריינדלעכע באַלעבאַטים — דעם שרייבערס אַ קוזינקע ראָזע עמנואל און איר מאַן — פלעגן אָפט דערמאָנען יענע ווייטע יאָרן, ווען ס׳איז צו זיי צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען דער שעמעוודיקער פּראָ־ווינציאַל, וואָס האָט געטרוימט וועגן אַ ליטעראַרישער קאַריערע...

זומער 1907 האָבן זיך אין דער שטילקייט פון דאָרף אַריינגעריסן אומרואיקע ידיעות: דער צאַר האָט פאַנאַנדערגעלאָזט די צווייטע דומע און האָט געענדערט דעם וואַל־געזעץ. בעת די איינזאַמע שפּאַצירן האָט ש. דוב־נאָוו מיט אומרו געטראַכט וועגן דער צוקונפט. אין מוח האָט געעגבערט אַ געדאַנק: אפשר דאַרף איך איצט, אין אַ צייט פון גרויזאַמער רעאַקציע, אַוועקגיין פון דעם טומלדיקן פּעטערבורגער לעבן, פון די אַלע נוצלאָזע זי־צונגען, זיך באַזעצן ערגעץ אין פינלאַנד און זיך אינגאַנצן אָפּגעבן צו מיין גרויסער אַרבעט? אַ סך מאָל האָבן שמעון און אידע דובנאָוו אַרומגערעדט דעם דאָזיקן פּלאַן, אָבער צו קיין באַשלוס זענען זיי נישט געקומען.

נאָכן אומקערן זיך קיין פּעטערבורג האָט דובנאָוו זיך גענומען משתדל זיין, מען זאָל אים פאַרלענגערן דאָס וווינרעכט אין דער הויפּט־שטאָט. דאָס מיניסטעריום האָט געענטפערט, אַז זי קען פאַרלענגערן זיין וווינרעכט נאָך אויף איין יאָר. דער שרייבער האָט געהאָפט ענדלעך פּטור צו ווערן פון נע־ונד־זיין, און דער ענטפער פון מיניסטעריום האָט אים זייער פאַרביטערט. האַרבסט 1907 האָט ש. דובנאָוו זיך באַזעצט אין אוניווערזיטעט־ראַיאָן. אין זיין טאָג־בוך פאַרצייכנט ער: „מ׳דאַרף סוף כל סוף זיך באַזעצן אויף אַן אָרט, זאָל זיין אַפילו אויף אָט דעם אַקאַדעמישן נעווע־אינדזל, און אָפּ־לעבן דאָרט דאָס רעשט ביסל יאָרן אין אומאויפהערלעכער אַרבעט. אויב מ׳זאָל זיך צוגעוווינען צום פּאָליטישן ווולקאַן, קען מען אויף דער דאָזיקער... שטילער און ריינער פּעטערבורגער פאַרשטאָט... זיך ווידמען דער וויסנ־שאַפטלעכער אַרבעט, און זומער־צייט היילן די מידע נשמה מיט דער לופט פון פינלאַנד".

דער מחבר פון יענע שורות האָט דעמאָלט נישט פאַרגעפילט, אַז אַלע זיינע באַמיונגען צו קענען פירן אַ רואיק, איינגעזעסן לעבן, וועלן צעשטערט ווערן דורך די בייזע שטורעמס פון דער געשיכטע.

קאַפּיטל ניינצן

# איינהייט אין פאַרשידנאַרטיקייט

אין פּעטערבורגער פּעריאָד איז ש. דובנאָוו אויסגעקומען זיך צו פאַר־נעמען מיט פאַרשידענע ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן, און ער האָט נישט געקענט זיך קאָנצענטרירן אויף זיין הויפּט־ווערק. די גלייכצייטיקע פאַרשידנאַרטיקע אַרבעט, דיקטירט פון זיינע אינערלעכע באַדערפענישן האָט געפאָדערט פון אים אַן אָנשטרענגונג פון אַלע כוחות. ווען אין יאָר 1907 איז אַנטשטאַנען דער פּראָיעקט אַרויסצוגעבן א יידישע ענציקלאָ־פּעדיע אויף רוסיש, האָט ש. דובנאָוו נישט באַלד מסכים געווען אַריינ־צוגיין אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע; דער אָנטייל אין דער גרויסער וויסנ־שאַפטלעכער אונטערנעמונג האָט געדראָט צו צעשטערן זיין אַרבעט־פּלאַן, וואָס איז געווען אויסגערעכנט אויף צענדליקער יאָרן. ער האָט אָבער אָנער־קענט, אַז די נייע קולטור־אונטערנעמונג דאַרף ווערן אונטערגעשטיצט, און האָט גענומען אויף זיך צו רעדאַגירן דעם אייראָפּעאישן פּעריאָד פון דער יידישער געשיכטע. דער אַרויסגעבער האָט אָבער געהאַלטן, אַז דאָס איז נישט גענוג: ער האָט געוואָלט, אַז ש. דובנאָוו זאָל רעדאַגירן די גאַנ־צע אויסגאַבע און האָט געדראָט, אַז דעם שרייבערס אָפּזאָג וועט צונישט מאַכן דעם גאַנצן פּראָיעקט. די כמעט אולטימאַטיווע פאָרעם פון דעם פאָרשלאָג האָט פאַרשאַפט דובנאָוו עגמת־נפש. א פאַרצייכענונג אין זיין טאָג־בוך פון פעברואַר 1908 רעדט וועגן דעם שווערן גייסטיקן געראַנגל: דער שרייבער האָט בשום אופן זיך נישט געקענט באַשליסן „זיך צו פאַר־קויפן פאַר הויכן געהאַלט פון 5000 רובל א יאָר" א סומע, וואָס האָט א סך איבערגעשטיגן זיין געוויינלעכן פאַרדינסט, און דערפאַר אָפּלייגן די אַר־בעט איבער זיין גרוים ווערק אין דער ווייטער צוקונפט. „קיינמאָל — שרייבט ער — האָב איך זיך נישט געיאָגט נאָך קיין גרויסע האָנאָראַרן; פאַר מיר איז ליבערשט געווען אָרעמקייט ביי די באַליבטע אַרבעטן, איידער רייכקייט ביי אַרבעטן, וואָס זענען מיר נישט צום האַרצן. אָבער די אַר־בעט אין דער ענציקלאָפּעדיע אינטערעסירט מיך יאָ, און אַן מיר קען דאָך

די אויסגאַבע אונטערגיין... איז וואָס זשע? זאָל איך מקריב זיין פינף יאָר פון די ווינציק פאַרבליבענע יאָרן פון מיין לעבן? און איך האָב דאָך שטענדיק מורא, אַז איך וועל נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן מיין ווערק?". סוף כל סוף, נאָך לאַנגע באַטראַכטונגען אין דער שטילקייט פון פינלענדישן הויז, האָט ש. דובנאָוו באַשלאָסן נישט אָנצונעמען דעם פאַרשלאַג, וואָס וואָלט אים מאַטעריעל פאַרזיכערט אויף אַ רייע יאָרן, ער האָט נאָר איינגעשטימט מיטצואַרבעטן אין דער ענציקלאָפּעדיע אין אַ באַגרענעצטן פאַרנעם.

די אָרגאַניזאַציע פון דער נייער וויסנשאַפטלעכער אונטערנעמונג האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער. ש. דובנאָוו, וואָס איז געווען פּעדאַנטיש שטרענג סיי צו זיך, סיי צו אַנדערע, האָט נישט געקענט שלום־מאַכן מיט אויבערפלעכלעכקייט און דילעטאַנטישקייט, און קיין סך ערנסטע וויסנשאַפטלער איז צווישן די מיטאַרבעטער פון דער ענציקלאָפּעדיע נישט געווען. אָפט פלעגט אים אויסקומען איינגאַנצן איבערצומאַכן אַרטיקלען, די קאָרעקטור־גאַלערעס זענען פול געווען מיט אויסבעסערונגען. די אָנגעשטרענגטע אַרבעט האָט נישט איבערגעלאָזט קיין צייט אַפילו אויף קיין קורצן אָפּרו. און דאָ איז, ווינטער 1907־1908, אויפגעקומען אַ נייע קולטור־אונטערנעמונג, וואָס מ'האָט געדאַרפט שטיצן: קורסן פאַר יידישער וויסנשאַפט, וואָס זענען געוואָרן געגרינדעט דורך אַ גרופּע פעטערבורגער אינטעליגענץ מיטן באַראָן גינזבורג אין דער שפּיץ. ש. דובנאָוו האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער דאָזיקער איניציאַטיוו, אָבער די אָרגאַניזיר־באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער וווינונג פון באַראָן, האָט אויף אים געמכט אַ שווערן איינדרוק. „דער ענין — שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך — איז אריינגעקוועטשט געוואָרן אין די ראַמען פון אַ פּריוואַטער באַראָנישער אונטערנעמונג, מיט אָפּגעלעבטע אַלטפרענקישע פּראָפעסאָרן, צווישן וועלכע מען האָט אויך מיר פאַרגעלייגט די קאַטעדרע פון געשיכטע". די איניציאַטאָרן פון דער נייער שול האָבן איר געגעבן אַן אַקאַדעמיש־וואָגיקן נאָמען „קורסן פון מזרח־וויסנשאַפט", כדי אָפּצושוואַכן די וואַכזאַמקייט פון דער מאַכט. צווישן די צוהערער זענען געווען נישט ווייניק סטודענטן פון הויך־שולן; דער רוב אָבער איז באַשטאַנען פון קליינשטעטלדיקע אויטאָדידאַקטן, געוועזענע ישיבה־בחורים, וואָס האָבן פאַרמאָגט ווינציק אַלגעמיינע בילדונג. דאָס איז געווען יענע אידעאַליסטישע פאָלקס־יוגנט, וואָס האָט געשטרעבט צו וויסן, און ש. דובנאָוו האָט באַלד זיך דערפילט נאָענט מיט איר. דער אופן אָבער ווי אַזוי די אַרבעט איז געפירט געוואָרן, איז דובנאָוון נישט געווען געפעלן: די פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכקייט און דילעטאַנטישקייט, מיט וועלכע ער האָט גע־

קעמפט ביים רעדאַגירן די ענציקלאָפּעדיע, האָבן אויך דאָ געשטערט אָוועק־צושטעלן די אַרבעט אויף דער געהעריקער הייך.

די מאַטעריאַלן פאַר דעם גרויסן ווערק זענען נאָך אַלץ געלעגן אין די פאַרשלאָסענע שופלאָדן פון דובנאָווס שרייב־טיש, און דאָס האָט אים פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש. פאַר פּובליציסטיק האָט ער אויך קיין צייט נישט געהאַט: די פּאָלעמישע אַרטיקלען קעגן די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" פון קלויזנערן אין „השילח" און פון ח. זשיטלאָווסקין אין זאַמל־בוך „סערפּ" זענען פאַרבליבן אָן ענטפער.

פרילינג 1908 איז קיין פּעטערבורג געקומען אחד־העם; ער האָט גע־וואָלט זיך געזעגענען מיט זיין אַלטן פריינט פאַר זיין אָפּפאָרן קיין לאָנ־דאָן.דובנאָווס טאָג־בוך דערציילט וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש: „...דער צווייטער טאָג פון התשתפכות־הנפש און טרויעריקע שמועסן וועגן דער־צעפאַלונג פון אונזער קליינער ליטעראַרישער משפחה, וועגן פּערזענלעכע צרות, און צרות פון פאָלק, וועגן אַלץ, וואָס פּייניקט די נשמה... אַ גאַנ־צער לעבנס־אָפּשניט פון 1891 ווערט אָפּגעשלאָסן מיט דער דאָזיקער באַ־געגעניש. ווען די פריינד האָבן זיך געזעגנט אויפן דעק פון דער שיף, וואָס איז געגאַנגען קיין שטאָקהאָלם, האָבן זיי נישט געטראַכט, אַז דאָס איז זייער לעצטע באַגעגעניש. פון איצט אָן, אין אַ משך פון ניינצן יאָר, איז זיי געווען באַשערט צו טרעפן זיך נאָר אין געדאַנק — אין דער לי־טעראַטור און אין פּערזענלעכער קאָרעספּאָנדענץ.

דעם זומער האָט ש. דובנאָוו פאַרבראַכט אין דאָרף, אויף אַ גוט; ער האָט געוווינט אין אַן אַלט, צווייִשטאָקיק הויז, ביים סאַמע ראַנד פון הויף. אין די איינזאַמע זומער־טעג האָט דער היסטאָריקער, דער־פילט אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך זעלבסטשטענדיקער שעפערישער אַרבעט. „אונ־טער מיין באַלקאָן — דערציילט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע — האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פעלד מיט בליענדיקן קלעווער, וויטער האָט אַרומ־געגלאַנצט דער סטאַוו און דאָס הויז איז געווען אַרומגענומען מיט גע־דיכטע רייען סאָסנעס, יאָדלעס און בערעזעס. אין מיין זיכרון זענען פאַר־בליבן די זומערדיקע אָוונטן, ווען איך פלעג פון באַלקאָן זיך צוקוקן צום פאַמעלעכדיקן זון־אונטערגאַנג. איך האָב אָפּגעפּילט דאָס אָנקומען פון דער ווייסער נאַכט לויטן פּלוצימדיקן אָפּשטאַרבן פון בלעטער־גערויש אויף די ביימער־שפּיצן און לויטן סודותפולן אָפּשיין איבער דער אָזערע". אין דער דאָזיקער אידילישער אַטמאָספער האָט דער שרייבער געמאַכט אַ סך־הכל פון דער דערפאַרונג פון דעם טומלדיקן ווינטער, און איז געקומען צום אויספיר, אַז זיין אָנטייל אין דער ענציקלאָפּעדיע, אפילו אין אַ באַגרע־נעצטן פאַרנעם, פאָרט זיך נישט מיט דער אַרבעט איבער דעם מאָנו־

מענטאַלן ווערק. „מיין קאָפּ איז פול מיט נאָטיצן און פּלענער — שרייבט ער סוף זומער — און איך פיל, אַז איך קאָן און דאַרף געבן אַ בולט בילד פון דער גייסטער עוואָלוציע פון יידנטום". יענעם זומער אין דאַרף, האָט ער אָנגעצייכנט אַ פּלאַן פון אַרבעט אויף די נאָענטסטע דרייצן יאָר.

אומקערנדיק זיך אין שטאָט אַריין האָט ער זיך צוריק אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט; ער האָט געשריבן אַ ברייטע הקדמה צו זיין געשיכטע, וואָס האָט געדאַרפט שילדערן דאָס לעבן פון יידישן וועלט־פאָלק ערב דעם 19־טן יאָר־הונדערט. עס איז דעם היסטאָריקער אָנגעקומען נישט גרינג זיך אָפּצו־זונדערן פון דעם אַרומיקן לעבן אין די פיר ווענט פון זיין קאַבינעט. דער פּולס פון קולטור־לעבן אין דער הויפּטשטאָט האָט האַסטיק געשלאָגן; די פּאָליטישע רעאַקציע האָט נישט געקענט פאַרטרייבן אין אונטערערד די אויפגעוואַכטע ענערגיע פון לאַנד, דאָס געזעץ וועגן פאַריינען און פאַר־זאַמלונגען, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן דורך דער רעוואָלוציע, האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אַ גרופּע יידישע זשורנאַליסטן צו לעגאַליזירן די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט. אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן די דערעפענונג־רעדע; ער האָט גערופן צו פאַרשטאַר־קען די אָנשטרענגונגען פאַר קולטור־אַרבעט און האָט דערמאָנט, אַז אין צייטן פון רעאַקציע איז די ליטעראַטור באַרופן צו שטיין אויף דער וואַך און צוגרייטן אַ נייעם אויפשוווּנג אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. שוין אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג איז אויפגעהויבן געוואָרן די שפּראַכן־פראַגע, וואָס איז דעמאָלט געוואָרן נאָך מער אַקטועל ווי פריער: די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט פּראָקלאַמירט, אַז יידיש איז צוגלייך מיט העברע־איש די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק. אַ רייע שפּעטערדיקע פאַר־זאַמלונגען פון דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט זענען געווען געווידמעט דעם באַהאַנדלען די רעזאָלוציעס פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. ש. דובנאָוו האָט, ווי געוויינלעך, פאַרטיידיקט זיין קאָנצעפּציע וועגן דער גלייכ־באַרעכטיקונג פון דריי שפּראַכן. „מיר איז אויסגעקומען — שרייבט ער אין זיינע זכרונות — צו פאַרטיידיקן די רעכט פון דער רוסישער שפּראַך אין אונזער ליטעראַטור קעגן די יידישיסטן און העברעאיסטן. איך האָב געטענהט, אַז מ'טאָר נישט צונעמען דעם קולטור־אינסטרומענט ביי ברייטע שיכטן פון יידישער אינטעליגענץ, וואָס רעדט און לייענט רוסיש. איך האָב מסכים געווען, אַז אין נאַציאָנאַלער הינזיכט זענען יידיש און רוסיש נישט גלייך, פונדעסטוועגן דאַרפן זיי אָנערקענט ווערן אַלס גלייכבאַרעכ־טיקט ווי קולטור־אינסטרומענטן".

די פּעטערבורגער ליטעראַרישע געזעלשאַפט איז געווען אַ פאַרשפּרייטער

פון יידישער קולטור: אין אַ גאַנצער רייע שטעט פון תחום־המושב זענען געגרינדעט געוואָרן אָפּטיילונגען פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, און אין משך פון צוויי יאָר האָט זייער צאָל דערגרייכט ביז הונדערט. אויף די פאַר־זאַמלונגען פלעגן ווערן באַהאַנדלט נישט נאָר ליטעראַרישע פראַגן, נאָר אויך געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע. ערשט אין דריי יאָר אַרום האָט די צאַרישע מאַכט דערשמעקט אָפּאָזיציאָנעלע טענדענצן אין דער טעטיקייט פון דער געזעלשאַפט; אין 1911 האָט סטאָליפּין פאַרמאַכט אַ רייע יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, צוגלייך מיט די פּוילישע און אוקראַאינישע. ש. דובנאָוו איז לכתחילה געווען אַקטיוו באַטייליקט אין דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט. שפּעטער אָבער האָט ער געדאַרפט ווידמען אַ סך צייט אַ צווייטער אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס איז אים געווען נאָך מער נאָענט לויט איר גייסט און אי־רע צילן.

אין האַרבסט 1908 האָט זיך ווינאַווערן איינגעגעבן צו באַקומען אַ דערלויבעניש איבערצואָרגאַניזירן די באַשיידענע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע קאָמיסיע אין אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט ברייטערע רעכט. ש. דובנאָוון האָט מען פאָרגעלייגט אַריינצוטרעטן אין גרינדונגס־קאָמיטעט. דאָס שאַפן פון אַ נייעם צענטער פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט איז געווען אַ פאַרשפּעטיקטער ענטפער אויף אַ רוף, מיט וועלכן דער יונגער היסטאָריקער האָט זיך אין די אַמאָליקע יאָרן געווענדעט צו ברייטע קרייזן פון דער יידישער אינ־טעליגענץ. ש. דובנאָוו איז געווען איבערגעלאָדן מיט אַרבעט; ער האָט אָבער געהאַלטן פאַר זיין חוב אָנטיילצונעמען אין אַן אַרבעט, צו וועלכער ער האָט גערופן מיט אַזאַ ברען אין די יונגע יאָרן. עס האָבן זיך אָנגע־הויבן לאַנגע באַראַטונגען אין דער וווינונג פון ווינאַווערן. דער איניציאַ־טאָר פון דער נייער אָרגאַניזאַציע האָט דערקלערט: „די רעוואָלוציע האָט אונדז אָפּגעריסן פון היסטאָרישע אַרבעטן, וואָס מיר האָבן געפירט אין די נײַנציקער יאָרן — ס'איז שוין צייט זיך צו זיי ווידער נעמען".

אויף דער ערשטער זיצונג האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן די אַריינפיר־רעדע. געוויינלעך פלעגט ער זיין איינגעהאַלטן אין עפנטלעכע אַרויסטרע־טונגען, איצט אָבער האָט ער זיך דערלויבט אַרויסצוברענגען אינטימע, פּאַ־טעטישע טענער. „אין דאָזיקן פייערלעכן מאָמענט — האָט ער געזאָגט — פיל איך אַ געמיש פון פרייד און טרויער. איך פריי זיך דערפון, וואָס ענד־לעך איז אַנטשטאַנען אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז באַרופן צו באַפרידיקן די וויכטיקע באַדערפענישן פון אונזער נאַציאָנאַלן לעבן, און גלייכצייטיק בין איך טרויעריק, ווייל די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז אויפגעקומען אַזוי שפּעט, און דער קערנדיקסטער קיבוץ פון יידישן פאָלק האָט ערשט איצט באַוויזן צו שאַפן דאָס, וואָס עס האָבן שוין פריער געשאַפן די קלענערע

יידישע קיבוצים אין מערב־אייראָפּע. אין דאָזיקן מאָמענט זאָל מיר דער־לויבט זיין צו דערמאָנען... וועגן דעם ערשטן רוף צו גרינדן א יידישע היס־טאָרישע געזעלשאַפט. 17 יאָר זענען אוועקגעגאַנגען ביז דער חלום פון אונזער יוגנט איז געוואָרן פאַרווירקלעכט". אין זיין האַרציקער ענטפער־רעדע האָט מ. ווינאַווער אָנגעוויזן, אַז דאָס דערשיינען פון דער בראָשור „וועגן פאָרשן יידישע געשיכטע" האָט דערוועקט ביי א סך יונגע יידישע אינטע־ליגענטן, וואָס זענען געוואָרן דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראַטור, דעם אינטערעס צו דער יידישער פאַרגאַנגענהייט און דאָס געפיל, אַז זיי זענען פאַרבונדן מיטן פאָלק. נאָך דער פאַרזאַמלונג פאַרצייכנט ש. דובנאָוו אין זיין טאָג־בוך: „זי האָט זיך געעפנט נעכטן, די היסטאָרישע געזעל־שאַפט, וואָס איך האָב פּראָיעקטירט נאָך אין פרילינג 1891... עס שטייט פאַר א ריזיקע אַרבעט: מיר וועלן זאַמלען און דרוקן מאַטעריאַלן, ארויסגעבן א פערטליאַר־שריפט און ביכער, אָרגאַניזירן לעקציעס און רעפעראַטן.. וואָלט דאָס געווען מיט זיבעצן יאָר צוריק, מיט וואָס פאַר א ברען וואָלט איך דאָס אַליין גענומען אויף זיך, וויפל וואָלט איך אויפגעטאָן! אָבער דער חלום פון א דרייסיק־יאָריקן ווערט פאַרווירקלעכט צו אַכט און פערציק — איז דאָס נישט צו שפּעט?"

אין דעצעמבער האָט ש. דובנאָוו אָנגעהויבן לייענען אין דער נייער געזעלשאַפט א ציקל רעפעראַטן; דער ערשטער רעפעראַט איז געווען אויף דער טעמע: „וועגן דעם פּראָצעס פון הומאַניזירונג און נאַציאָנאַליזירונג אין דער מאָדערנער יידישער געשיכטע". מיט א רייע אַרגומענטן האָט ער געפּרוווּ באַווייזן, אַז דאָס איינשטעלן האַרמאָניע צווישן הומאַניזם און נאַציאָנאַליזם איז די וויכטיקסטע אויפגאַבע, וואָס דער 19־טער י"ה גיט איבער בירושה דעם 20־טן. דער רעפעראַט האָט ארויסגערופן הייסע וויכו־חים, וואָס האָבן זיך פאַרצויגן אויף צוויי אָוונטן. פון דעמאָלט אָן פלעגט דער היסטאָריקער אָפּט ארויסטרעטן אַלס איניציאַטאָר פון דיסקוסיעס אויף היסטאָריש־פּובליציסטישע טעמעס. כמעט אַלע אַרגומענטן פון די קעגנער זענען אים געווען באַקאַנט פון דער פריערדיקער מינדלעכער און שריפט־לעכער פּאָלעמיק; אָבער איצט האָט ער געהאַט צו טאָן מיט אָפּאָנענטן, וואָס האָבן פאַרמאָגט א גרויסע אַלגעמיינע און יידישע ערודיציע. דער ניוואָ פון די פאַרזאַמלונגען איז געווען א הויכער; דאָס רוב רעפעראַטן זענען געווען א רעזולטאַט פון זעלבסטשטענדיקע פאָרשונגען. דובנאָוו האָט נישט געאַרט, וואָס די אַרבעט אין דער געזעלשאַפט, וועמעס וויצע־פאָרזיצער ער איז גע־ווען (פאָרזיצער איז געווען מ. ווינאַווער) נעמט ביי אים צו א סך צייט: ער האָט זיך געפרייט מיט יעדן געלונגענעם רעפעראַט, מיטן לעבהאַפטן

מיינונגס־אויסטויש, און פאַר דעם וויכטיקסטן אויפטו פון דער געזעלשאַפט האָט ער געהאַלטן דאָס אַרויסגעבן דעם וויסנשאַפטלעכן פערטליאָר־בוך.

דאָס יאָר 1909 האָט געעפנט אַ נייע ערע אין דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק: נאָך אַ פּעריאָד פון שטילשטאַנד האָבן כמעט גלייכצייטיק אָנגעהויבן צו דערשיינען צוויי זשורנאַלן: דער וויסנשאַפטלעכער „יעווריי־סקאיא סטאַרינאַ" (דער יידישער אַמאָל) און דער ליטעראַריש־פּובליציסטישער „יעווריייסקי מיר" (די יידישע וועלט). איןביידע זשורנאַלן האָט דובנאָוו זיך אַקטיוו באַטייליקט. נאָך דעם ווי דער „וואָסכאָד" מיט וועלכן עס זע־נען געווען פאַרבונדן לאַנגע יאָרן פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט איז פאַרמאַכט געוואָרן, האָט ער געבענקט נאָך אַ נייער פּובליציסטישער טריבונע, נאָך אַן אָרגאַן, וואָס זאָל אידייאיש זיין מער אויסגעהאַלטן ווי דער צעשוווומענער „וואָסכאָד". דער נייער זשורנאַל — האָט ער געטראַכט — דאַרף זיין דער וואָרטזאָגער פון דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט געפונען איר אויסדרוק אין דער פּראָגראַם פון דער „פאָלקס־פּאַרטיי". אין יאָר 1909 האָט אַ גרופּע געזעלשאַפטלעכע טוער באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגעבן אַ חודש־זשורנאַל; ווען זיי האָבן פאָרגעלייגט דובנאָוון אָנטיילצונעמען אין דער רעאַקציע האָט ער דעם פאָרשלאַג אָנגע־נומען אָן שום וואַקלעניש. אין דער רעדאַקציע זענען אַריינגעגאַנגען פאָר־שטייער פון עטלעכע פּאַרטייען — ציוניסטן, מיטגלידער פון דער דעמאָקראַ־טישער גרופּע און פון דער פאָלקס־גרופּע און צוויי פאָרשטייער פון דער פאָלקס־פּאַרטיי (ש. דובנאָוו און ש. אַנסקי). די פאָלקס־פּאַרטיי איז געשטאַ־נען אין צענטער, צווישן די מער עקסטרעמע שטרעמונגען, און דערפאַר איז דובנאָוון אויסגעקומען צו שפּילן אַן אָנפירנדיקע ראָל אין דער רע־דאַקציע: ער האָט געדאַרפט איינשטילן די ליידנשאַפטן ביים באַהאַנדלען די פּאָליטישע איבערזיכטן.

אין בעלעטריסטישן אָפּטייל פון דעם נייעם זשורנאַל האָבן זיך גע־דרוקט ש. אַבראַמאָוויטש (מענדעלע), י. ל. פּרץ, ש. פרוג. אין די ערשטע העפטן האָט ש. דובנאָוו אָפּגעדרוקט אַ ברייטן אַריינפיר צו דער נייער יידישער געשיכטע א. נ. „הומאַניזאַציע און נאַציאָנאַליזאַציע" און אַ פראַגמענט פונעם ציקל „מחשבות וועגן דעם אייביקן פאָלק", אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „היסטאָריקוס". אין דאָזיקן פראַגמענט קערט ער זיך אום צום געדאַנק, אַז דער היסטאָריש־באַגרינדעטער גלויבן אין דער אומשטערב־לעכקייט פון פאָלק קען פאַרן וועלטלעכן מענטש פאַרבייטן דעם גלויבן אין פערזענלעכער אומשטערבלעכקייט. דער שרייבער האָט דעם דאָזיקן טעזיס געוואָלט באַגרינדן אויספירלעך, עס האָט אָבער דערויף נישט געקלעקט קיין צייט. עס איז ביים אים אַליין מער געוואַקסן די באַדערפעניש צו פאַרצייכע־

גען פון צייט צו צייט די געדאַנקען, וואָס פלעגן אויפקומען ווי הערות אויפן ראַנד פון די גרויסע ווערק, אָבער ערשט אין זיינע לעצטע יאָרן, אין דער שטילקייט פון די באַלטישע וועלדער האָט ער באַוויזן דאָס צו פאַרווירקלעכן. אין דריטן באַנד פון זיין אויטאָביאָגראַפיע האָט ער איינגעשלאָסן עטלעכע פראַגמענטן פון זיינע באַטראַכטונגען.

נישט געקוקט דערויף, וואָס אַ פאַרשטייער פון די ציוניסטן האָט אָנטייל גענומען אין דער רעדאַקציע פון „יעווריייסקי מיר", איז דער זשורנאַל שאַרף באַקעמפט געוואָרן פון ציוניסטישן אָרגאַן „ראַזסוויעט". דער רעדאַקטאָר, א. אידעלסאָן, האָט אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען איראָניש זיך אויסגעדריקט וועגן דער טעטיקייט פון אַזעלכע „גלות"־אָרגאַניזאַציעס, ווי די ליטעראַרישע און היסטאָרישע געזעלשאַפטן און די קורסן פאַר מזרח־וויסנשאַפט. ש. דובנאָוו האָט באַלד רעאַגירט דערויף מיט אַן אַרטיקל, וואָס האָט געהייסן „ניהיליזם אָדער ווילדקייט?". אין אַרטיקל, אונטערגעשריבן מיט אַ פסעוודאָנים, איז שאַרף געטאַדלט געוואָרן די גרינגשעצנדיקע באַציאונג צו קולטור־ווערטן, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע „פאַרלייקענער פון גלות", וועלכע האָבן פון דער גרויסער טויזנטיאָריקער קולטור־ירושה נאָר איבערגענומען די בענקשאַפט נאָך ציון. ווען ס'איז אויפגעדעקט געוואָרן דער סוד פון פסעוודאָנים, האָט דער „ראַזסוויעט" אויף דער קריטיק געענטפערט מיט אַ באָיקאָט פון יענע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, ווו ש. דובנאָוו האָט געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל. דערמאָנענדיק אין זיין אויטאָביאָגראַפיע דעם דאָזיקן עפּיזאָד, וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ ביטערן בייגעשמאַק, האָט דער היסטאָריקער קעגנגעשטעלט דעם נישט דערלאָזבאַרן טאָן פון זיינע דעמאָלטיקע אָפּאָנענטן — זיין „העכסט־ריטערלעכן" עפנטלעכן וויכוח מיט אחד־העמען אויף דער זעלבער טעמע — וועגן דער באַדייטונג פון גלות.

דער דאָזיקער וויכוח איז געווען אַ המשך פון אַ לאַנגיאָריקער באַלעמיק אין דער פרעסע, אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אין פערזענלעכע שמועסן. אין „השילח" האָט אחד־העם פאַרעפנטלעכט אַן אַרבעט א. נ. „שלילת־הגלות", געשריבן מיט זיין געוויינלעכער לאָקאָנישקייט און גלאַנץ. דאָס איז געווען אַ פאַרשפּעטיקטער ענטפער אויף איינעם פון די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידטנום". דער מחבר פון די „בריוו" האָט אַמאָל פאָרגעוואָרפן די אחד־העמיסטן אומקאָנסעקווענץ: דאָס אַנערקענען פאַלעסטינע פאַר אַ גייסטיקן צענטער — האָט ער אויפגעוויזן — פאַלט זיך לאָגיש צונויף מיט דער טעאָריע פון אויטאָנאָמיזם אין גלות. אין אַרטיקל „שלילת־הגלות" ענטפערט אחד־העם, אַז ער איגנאָרירט נישט דעם גלות נישט פאַר דער קעגנוואַרט, נישט פאַר דער צוקונפט, ער זעט אָבער

אין אים אַ פאַרקריפּלטע לעבנס־פאָרעם פאַרן פאָלק. דובנאָוו האָט נישט גע־האַלטן די דיסקוסיע פאַר פאַרענדיקט. אין זיין אַרטיקל אין „יעוורייסקי מיר״ („די באַשטעטיקונג פון גלות״, העפט 5, 1909) דערקלערט ער, אַז אויב מען אַנערקענט דעם גלות אַלס היסטאָרישע נויטווענדיקייט, דאַרף מען שטרעבן צו דער נאָרמאַליזאַציע פון יידישן לעבן מיט דער הילף פון יענע מיטלען, וואָס דער מאָדערנער רעכטס־באַוווסטזיין גיט די נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן. דער טעאָרעטישער מאָניזם פון גייסטיקן ציוניזם דאַרף אָפּטרעטן זיין אָרט דעם פּראַקטישן דואַליזם. אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער אַלגע־מיינער איינשטעלונג האָט דובנאָוו אָנגעוויזן, אַז די קעגנער פון יידיש באַ־גייען אַ גרויסע זינד מיט זייער גרינגשעצונג צום מעכטיקן אינסטרומענט פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין גלות — צו דער אומגאַנגס־שפּראַך פון זיבן מיליאָן יידן. „דאָס אַרטיקל פון אחד־העם און מיין ענטפער — שרייבט דער מחבר פון „דאָס בוך פון לעבן״ — איז גיכער געווען אַ פרידלעכער דיאַלאָג, ווי אַ דיסקוסיע״.

די עקזיסטענץ פון „יעוורייסקי מיר״ האָט דובנאָוון געגעבן אַ מעג־לעכקייט פון צייט צו צייט זיך אומצוקערן צו די פּראָבלעמען וועלכע ער האָט באַהאַנדלט אין די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום״; נאָך מער נאָענט איז פאַר אים געווען דער זשורנאַל פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפי־שער געזעלשאַפט „יעוורייסקאיאַ סטאַרינאַ״, וואָס ער האָט רעדאַגירט פון דער ערשטער ביז דער לעצטער שורה. דער זשורנאַל פלעגט דערשיינען יעדע דריי חדשים.

פאָרמולירנדיק די צילן פון דער נייער אויסגאַבע, האָט ש. דוב־נאָוו אין זיין אַריינפיר־אַרטיקל דערקלערט, אַז די איניציאַטאָרן פון „יעוורייסקאיאַ סטאַרינאַ״ שטרעבן צו שאַפן אַ נייעם טיפּ זשורנאַל: פאַר־בלייבנדיק שטרענג וויסנשאַפטלעך, וועט ער דאַרפן געבן אַן אימפּולס צו אַזאַ מין „היסטאָרישן דענקען, וואָס פירט נישט אַוועק פון לעבן, נאָר דרינגט אַריין אין זיינע טיפענישן, און דורכן אַלטן יידנטום פירט עס צום נייעם״. דער זשורנאַל איז בעיקר געווען געווידמעט דער געשיכטע און עטנאָגראַ־פיע פון פּוילישן און רוסישן יידנטום — די אַמווייניקסטן־באַאַרבעטע גע־ביטן פון דער יידישער וויסנשאַפט. אַ ווערטפולן צושטייער האָבן בייגע־טראָגן מיט זייער מיטאַרבעט די פּויליש־יידישע היסטאָריקער פּראָפ. מאיר באַלאַבאַן, פּראָפ. משה שאָר און ד״ר יצחק שיפּער; וועגן דער געשיכטע פון רוסישן יידנטום האָט אַ סך געשריבן י. געסען; מאַרק ווישניצער, אַן אַק־טיווער מיטגליד פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, האָט גע־פירט די שטענדיקע ביבליאָגראַפישע אָפּטיילונג. ש. אַנסקי פלעגט שרייבן וועגן פאָלקלאָר. דער רעדאַקטאָר אַליין האָט כמעט אין יעדן נומער געדרוקט

אַרטיקלען און נאָטיצן, און חוץ דעם, אין דער אָפּטיילונג „דאָקומענטן און מיטטיילונגען", פּלעגט ער סיסטעמאַטיש פאַרעפנטלעכן מאַטעריאַלן פון זיין אַרכיוו. מיט גרויס צופרידנקייט האָט ער נאָכגעפאָלגט, ווי עס וואַקסט דער פונדאַמענט פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און מקורים, אויף וועלכן עס וועט קענען אויפגעשטעלט ווערן דער בנין פון דער געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. ער איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט פון דער דאָזיקער אַר־בעט, אַז ער פּלעגט אַפילו נישט באַוויזן צו מאַכן קיין נאָטיצן אין טאָג־בוך. די צאָל פון די דאָזיקע נאָטיצן האָט געקענט דינען ווי אַ מאָס בנוגע דער גייסטיקער רואיקייט פון היסטאָריקער: צום טאָג־בוך פּלעגט ער זיך ווענדן אין מאָמענטן פון אינערלעכן אומרו, פון פיזישער און גייסטיקער מידקייט, ווען ביי אים פּלעגט אויפקומען די מורא, אַז עס וועט אים נישט געלונ־גען דורכצופירן דעם אַרבעטס־פּלאַן, וואָס איז געווען דער זין פון זיין לעבן. דעם 20־טן אַפּריל 1909, ווען ער האָט נאָך אַן איבעררייס פון דריי חדשים אַרויסגענומען פון שופלאַד זיין העפט, פאַרשרייבט ער דאָרט: „דאָס לעבן איז פול, איך טו אַ באַליבטע אַרבעט, עס ווערט פאַרווירקלעכט דער אידעאַל פון דער יוגנט, טאָ פאַרוואָס זשע בין איך נישט בלויז פיזיש מיד, נאָר אויך די נשמה איז פאַרמאַטערט? עס נאָגט אומאויפהערלעך דער גע־דאַנק: ס'איז פאָרט נישט דאָס, נישט דאָס! איך האָב געשאַפן די היסטאָ־רישע געזעלשאַפט, דעם היסטאָרישן זשורנאַל, וואָס וועט אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט צוגרייטן גענוג מאַטעריאַל פאַרן יידישן היסטאָריקער. צי איז דאָס אַלץ אָבער נישט צו שפּעט פאַר מיר? צי דאַרף איך אָפּגעבן דעם רעשט פון מיין לעבן אויף צונויפזאַמלען דעם היסטאָרישן מאַטעריאַל און זיך אָפּזאָגן פון דער האַפנונג צו בויען? דערווייל איז אַפילו אין „סטאַ־רינאַ" פאַלט אויף מיר אַליין די גאַנצע רעדאַקציע־אַרבעט"...

די סיבה פון דעם אומרו, וואָס קומט אָפּט צום אויסדרוק אין טאָג־בוך, איז נישט געווען די מורא פאַרן טויט, נאָר דער באַוווסטזיין פון דער גרויסער אויפגאַבע, וואָס דער היסטאָריקער האָט אויף זיך גענומען. ראש־השנה 1909 איז ער מתפּלל ווענן „האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרענדיקן זיין לעבנסווערק און נאָכדעם אַוועקגיין פון דער וועלט". די דאָזיקע דאַטע — דעם 3־טן סעפּטעמבער 1909 האָט ער אויסגעקריצט אויף דער קאָרע פון אַ בערעזע און אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט פינ־לאַנד, האָט ער דאָס שטיקל קאָרע אויסגעשניטן און באַהאַלטן אין שופלאָד פון זיין שרייבטיש.

די רעדאַקציע־אַרבעט האָט נישט נאָר צוגענומען אַ סך צייט, נאָר האָט אויך פאַרשאַפט אַ סך עגמת־נפש. די צענזור האָט גוט אַכטונג גע־געבן אויף ביידע רוסיש־יידישע זשורנאַלן; די מסירות פון דער רעאַקציאָ־

נערער פּרעסע האָבן נאָך מער אָנגעשפּיצט איר אויפמערקזאַמקייט מאַמע ריעל איז „יעווריייסקי מיר" געווען נישט פאַרזיכערט, האָט די רעדאַקציע באַשלאָסן צו פאַרוואַנדלען אים אין אַ פּאָליטישן וואָכנבלאַט. ש. דובנאָוו איז געווען מסכים מיטן דאָזיקן באַשלוס, נאָר צוליב מאַנגל אין צייט האָט ער געמוזט זיך אָפּזאָגן אַריינצוגיין אין דער רעדאַקציע. איבריקנס, איז דעם זשורנאַל, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פעסטן געזעלשאַפטלעכן אָנשפּאַר, נישט געווען באַשערט קיין אריכת־ימים: ער איז אינגיכן פאַרמאַכט געוואָרן.

סוף 1909 האָט ש. דובנאָוו ענדגילטיק באַשלאָסן זיך אָפּזאָגן פון די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישע התחייבותן צוליב דעם פּיל־בענדיקן ווערק. גרייטנדיק זיך צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער פלוצלינג דערפילט אַ שאַרפע בענקשאַפט נאָך די אַלטע פריינד פון אדעס, נאָך דער שטאָט, ווו עס זענען פאַרבייגעגאַנגען זיינע רייפע יאָרן, און ער האָט באַשלאָסן אַראָפּצופאָרן אַהין אויף אַ קורצע צייט.

## קאַפּיטל צוואַנציק

# די אַרבעט איבער אַ גרויס ווערק

די נאַכט אויפֿן 1־טן יאַנואַר 1910 האָט דער שרייבער פֿאַרבראַכט ביי זיינע אָדעסער קרובים. ער האָט אויפֿגעפֿרישט אין זיכרון די יאָרן, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין אָדעס. „איצט — פֿאַרצייכנט ער אין זיין טאָגבוך — ווערט געבוירן אַ ניי יאָר אין דער אַלטער שטאָט, אין וועלכער עס איז אָפּגעלאָפֿן אַ העלפֿט פֿון מיין ליטעראַרישן לעבן. איך האָב זיך שוין געזעגנט מיט מיינע אַלטע פֿריינד און באַקאַנטע... אַנומלטן האָבן מיר צוזאַמען געשפּאַצירט אין פּאַרק. היינט אין אָוונט האָב איך אַליין אַרומגעוואַנדערט איבערן באַקאַנטן, היימישן קוואַרטאַל... עס איז געווען שטיל און פּוסט אויף די שלעכט־באַלויכטענע גאַסן, דאָך האָב איך גוט דערקענט די סילועטן פֿון די באַקאַנטע הייזער, און פֿאַר מיינע אויגן האָבן זיך דורכגעטראָגן די יאָרן 1891־1903, די שאָטנס פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט מיר, זיי האָבן דערציילט וועגן די אַמאָליקע דורכפֿאַלן, וועגן דעם לעצטן פּעריאָד פֿון מיין יוגנט מיט זיינע אינערלעכע קריזיסן און אויסערלעכן קאַמף. איצט בלאָנדזשע איך דאָ אַרום ווי אויף אַ בית־עולם... די שטאָט איז געוואָרן אָפּגעלאָזט, אַלט, און ווי אַ טיפֿער טרויער האָט זיך אויף איר אַראָפּגעלאָזט נאָך די בלוטיקע אָקטאָבער־טעג. איך גיי איבער די גאַסן און איך טראַכט אָפּטמאָל: אָט דער טראָטואַר איז באַשפּריצט מיט בלוט פֿון מיינע ברידער, אָט דאָ איז אַ הייפֿעלע העלדן פֿון דער זעלבסטשוץ געוואָרן דערשאָסן דורך סאָלדאַטן, וואָס האָבן באַשיצט די מערדער און פּאָגראָמשטשי־קעס. די שטענדיק־לעבנסלוסטיקע שטאָט איז פֿאַרשטומט געוואָרן אונטערן אָטעם פֿון די בלוטיקע געשפּענסטער".

מענדעלע מוכר ספֿרים האָט זיך זייער דערפֿרייט מיט זיין אַלטן פֿריינד. דער זיבעציק־יאָריקער שרייבער האָט נישט לאַנג געהאַט זיך אומגעקערט פֿון אַ ליטעראַרישן טורנע איבער ליטע און פּוילן, וווּ ער איז געוואָרן אויפֿגענומען מיט גרויס כבוד און באַגייסטערונג. ער איז געווען מונטער, פֿול מיט

ענערגיע און האָט מיט באַגייסטערונג דערציילט וועגן זיין רייזע און וועגן זיינע נאָענטסטע ליטעראַרישע פּלענער. ש. דובנאָוו האָט ביי אים געטראָפן ביאַליקן און ראַווניצקין. עס האָט זיך באַנייט דער שמועס, וואָס איז גע־וואָרן איבערגעריסן מיט זעקס יאָר צוריק. ביאַליק און ראַווניצקי, וואָס האָבן געגרינדעט דעם פאַרלאַג „מוריה" האָבן אַגיטירט ש. דובנאָוון ער זאָל אָנ־הייבן שרייבן אויף העברעאיש. ער האָט צוגעזאָגט צו מאַכן באַמיונגען, אַז גלייכצייטיק מיטן אָריגינאַל פון דער „געשיכטע" זאָל זיך אויך דרוקן די העברעאישע איבערזעצונג.

די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער האָט פאַר די לעצטע יאָרן זיך געענ־דערט. די פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער דערציאונג האָט ווי פריער אינטערע־סירט די אָדעסער אינטעליגענץ, אָבער דער קאַמף איז איצט אָנגעגאַנגען שוין נישט צווישן נאַציאָנאַליסטן און אַסימילאַטאָרן, נאָר צווישן העברע־איסטן און יידישיסטן. דער גאַסט האָט זיך באַמיט צו האַלטן פון דערווייטן פון די טומלדיקע פאַרזאַמלונגען. ער איז געווען געשטימט עלעגיש און האָט שעהן לאַנג שפּאַצירט אין פּאַרק, און זיך נישט צעשיידט מיטן טאָגבוך. דעם 4־טן יאַנואַר פאַרצייכנט ער: „איך שרייב אויפן בערגל לעבן דער קאָלאָניע, ווו איך פלעג זיצן אין די אַמאָליקע יאָרן, אַרומטראַכטנדיק מיינע ווערק, לייענענדיק, טרוימענדיק. עס דאַכט זיך מיר, אַז נישט מיט זעקס און אַ האַלב יאָר צוריק, נאָר אַז ערשט נעכטן בין איך דאָ געווען"... עס האָט דעם שריי־בער געצויגן צום פאַרוואָרפענעם געסל, צום צוויי־גאָרנדיקן הויז מיטן גאָרטן אַרום: אין די דאָזיקע ווענט, ווו עס וווינען איצט פרעמדע מענטשן, האָט נאָך, דאַכט זיך, געאָטעמט דאָס אַמאָליקע לעבן — די אַרבעט, די געדאַנ־קען, די פאַרבאָרגענע בענקשאַפט, וואָס האָט גענאָגט דאָס האַרץ... אַ סך דערינערונגען האָט אויך אַרויסגערופן אַן אַנדער פאַרלאָזטע נעסט, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות — דאָס הויז ווו ס'האָט אַמאָל געלעבט אחד־העם...

דעם לעצטן אָוונט אין אָדעס האָט ש. דובנאָוו פאַרבראַכט אין קרייז פון פריינד. אין מיטן יאַנואַר איז ער שוין געווען אין פּעטערבורג. „איך האָב זיך צוריקגעקערט צו זיך אַליין — שרייבט ער — אָט איז שוין אַכט טעג, אַז איך זיץ ביים שרייב־טיש... אָפּרייסנדיק זיך נאָר אויף מיטאָג, שפּאַ־צירן און שלאָפן. איך האָב זיך פאַרטיפט אין צווייטן יאָר־טויזנט פון דער פאַר־קריסטלעכער צייט־רעכענונג, און איך אַרבעט איבער די עלטסטע תקופה פון דער יידישער געשיכטע פאַר דער נייער אויסגאַבע. איך אַרבעט מיט גרויס התמדה פילנדיק, אַז איך שאַף עפּעס נייעס אויפן יסוד פון... דעם, וואָס איך האָב איבערגעטראַכט און אַרויסגעזאָגט אויף מיינע פאָרלעזונגען אין די לעצטע יאָרן". אין אַ צווייטער פאַרצייכענונג שרייבט ער: „איך בין געטריי מיין נדר. איך פיר אַ לעבן פון אַ נזיר פון היסטאָריאָגראַפיע. איך

דיים זיך אָפּ נאָר אויף עטלעכע טעג כדי צו לייענען די צוגעשיקטע מאַנוס־קריפּטן פאַר „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ", און כדי זיך צוגרייטן צו די שבת־דיקע לעקציעס איבער יידישער געשיכטע אין מיטלאַלטער". אַ באַזונדער באַפרידיקונג האָט דער היסטאָריקער געהאַט פונעם באַוווסטזיין, אַז ער האָט, ענדלעך, זיך אָנגעהויבן באַוועגן „אויף דער מאַגיסטראַלער ליניע פון זיינע לעבנס־אויפגאַבן".

אויף דער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט (אין פעברואַר 1910) האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן אַ רעפעראַט — „דער צושטאַנד פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע היינט צו טאָג". ער האָט אַרויסגעבראַכט זיין סאָציאָלאָגישע קאָנצעפּציע פון דער יידישער געשיכטע און האָט באַגרינדעט אַ נייע איינטיילונג אויף תקופות. מיט איניקע חדשים שפּעטער האָט ער די דאָזיקע געדאַנקען אַנטוויקלט אינם אַריינפיר צו דער נייער אויסגאַבע פון דער „אַלגעמיינער יידישער געשיכטע".

באַזונדערס גוט האָט זיך געאַרבעט אין דער שטילקייט פון פינלענדישן דאָרף. די באַגייסטערונג פון היסטאָריקער פלעגט צומאָל דערגריין ביז עקס־טאַז; אין איינעם אַזאַ מאָמענט שרייבט ער: „גאָט איז מיר אַזוי נאָענט: ער איז אין מיר, אין יעדן דראַנג מיינעם צו דער אייביקייט, אין מיין גאַנצער אָנגעשטרענגטער גייסטיקער שטרעבונג... אַזוי דאַרף לעבן אַ מענטש, אַ דינער פון גייסט... אַזוי האָט געלעבט מיין זיידע ר' בן־ציון, און אַזוי לעב איך פון יענעם מאָמענט אָן, ווען דער זיידע און דאָס אייניקל האָבן אויף צוויי פּאַראַלעלע גאַסן פון מסטיסלאַוו, אין דער שטילקייט פון זייערע ביבליאָטעקן, געזוכט יעדער אויף זיין שטייגער דאָס אייביקע... די נשמה פון זיידן איז מיר אַזוי נאָענט! עס קען זיין, אַז זי שוועבט איצט איבער מיר, — ניין, זי לעבט אין מיר אין צווייטן גלגול". דער היסטאָריקער האָט אין יענע מינוטן געטראַכט, אַז אין אַ געוויסן זין, אין מקוים געוואָרן די נביאות פון זיידן וועגן זיין „אומקערן זיך אַ היים". „איך האָב זיך צוריקגעקערט — שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע — כאָטש אָן דעם ריטואַל און אָנעם דאָגמאַט, צום קוואַל פון גייסט, פון וועלכן מיר ביידע האָבן געשעפּט... איך האָב נאָכגעזאָגט מיין באַליבטן סטראָף אין תהילים, וואָס איז געווען דער מהות פון מיין זיידנס לעבן און אויך פון מיין לעבן: „איינס בעט איך ביי גאָט, איינס ווינטש איך פאַר זיך, אַז איך זאָל קענען זיצן אין גאָטס הויז אַלע טעג פון מיין לעבן"... איך האָב שטענדיק פאַרשטאַנען די ווערטער אין זין פון אומאויפהערלעכן גייסטיקן שאַפן".

ש. דובנאָוו איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר. ער האָט דאַן געוווינט אין פינלאַנד און געשריבן די לעצטע קאַפּיטלען פון דער אַלטער יידישער געשיכטע. שפּאַצירנדיק ביים ברעג פון דער אָזערע, האָט ער זיך פלוצלונג דער־

מאָנט אין דעם פסוק פון חומש: „אין דאָזיקן יובל־יאָר דאַרף יעדער זיך אומקערן צו זיין נחלה”. די ווערטער האָבן אים אויסגעזען סימבאָליש: האָט ער דאָך אויך צו זיין פופציקסטן לעבנס־יאָר זיך אומגעקערט „צו זיין נחלה” — אויף דער טעריטאָריע פון געשיכטע. מיט אַ באַזונדער התמדה האָט ער איצט איבערגעאַרבעט דאָס קאַפּיטל „די אַנטשטייונג פון קריסטנטום”. אין דער פריערדיקער אויסגאַבע איז אים אויסגעקומען צו פאַרקירצן די אָפּהאַנדלונג צוליב דער צענזור. „דאָס גאַנצע קאַפּיטל — שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע — איז געבויט אויף דער סתירה צווישן קריסטלעכן אינדיווידואַליזם און יידישן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט דערגרייכט צו דער הויך פון אַ וועלט־טראַגעדיע אין דעם מאָמענט ווען יהודה האָט רעוואָלטירט קעגן רוימישן גיגאַנט”. פּאַטעטיש האָבן געקלונגען די לעצטע זייטלעך פון דאָזיקן קאַפּיטל.

נאָכן פאַרענדיקן דעם גרויסן באַנד, געווידמעט דער אַלטער יידישער געשיכטע, האָט ש. דובנאָוו זיך דערלויבט אַ קורצן אָפּרו. אויף אַ צאָלרייך באַזוכטער פאַרזאַמלונג אין דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט האָט ער געהאַלטן אַ רעפעראַט א. ד. ט. „די פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט פון דער יידישער זשורנאַליסטיק”. נישט ווילנדיק האָט דער רעפערענט זיך דערמאָנט, ווי מיט עלף יאָר צוריק האָט ער אויף אַ פאַרזאַמלונג אין אָדעס אונטערגעפירט אַ סך־הכל פון דער פערציק־יאָריקער עקזיסטענץ פון דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק. פאַר די לעצטע יאָרן האָט דאָס בילד זיך אינגאַנצן געענדערט. אַמאָל זענען זיינע טעזן שאַרף באַקעמפט געוואָרן דורך די אָנהענגער פון אַסימילאַציע, היינט האָבן מיט אים פּאָלעמיזירט אויך פאָרשטייער פון דער נאַציאָנאַל־געשטימטער יוגנט, העברעאיסטן און יידישיסטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די רוסיש־יידישע זשורנאַליסטיק איז אַן אַנאַכראָניזם. אין זיין שלוס־וואָרט האָט ש. דובנאָוו געענטפערט, אַז מ'טאָר נישט איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז פאַר אַ באַדייטנדיקער צאָל יידישער אינטעליגענץ איז די רוסישע שפּראַך דער הויפּט־אינסטרומענט פון קולטור און טיילמאָל אַפילו דער איינציקער אינסטרומענט. די פאַנאַטיקער פון איין שפּראַך דאַרפן געדענקען, אַז אויף „פרעמדע” שפּראַכן האָבן אין פאַרשידענע צייטן געשריבן דער רמב”ם, משה מענדעלסאָן, גרעץ און אַ סך אַנדערע; נישט שוין זשע דאַרפן זיי אָוועקגעשטעלט ווערן מחוץ דער יידישער ליטעראַטור?.

אין יענע טעג האָט דער היסטאָריקער געווענדעט זיין געדאַנק צו איינעם פון די דענקער, וואָס האָבן באַאיינפלוסט זיינע יוגנט־יאָרן: דער טראַגישער טויט פון ל. נ. טאָלסטאָי, וואָס האָט אין טיפן עלטער גענומען דעם וואַנדער־שטאָק און איז אָוועק פון דער היים, האָט אויפגערודערט גאַנץ רוסלאַנד. ש. דובנאָוו דערמאָנט אין זיין טאָגבוך, אַז אין די יאָרן פון זיין

נזיריש לעבן אין מסטיסלאַוו, איז ער שיר נישט געוואָרן אַן אמתער טאָלס־טאָוועץ: אַזוי נאָענט איז אים געווען דער דענקער פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, דער פּריידיקער פון „פּשטות". דער יוגנטלעכער ענטוזיאַזם איז מיט די יאָרן אָפּגעקילט געוואָרן, עס איז אָבער פאַרבליבן די פאַרהערונג פאַר דעם מענטשן, וואָס איז איבערגעגאַנגען פון העלעניסטישן קולט פאַר קערפּערלעכער שיינ־קייט און קראַפט צום יידיש־קריסטלעכן מאָראַליזם. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט ש. דובנאָוו געלייגט אין יסוד פון זיין לעקציע וועגן טאָלסטאָיען אויף די קורסן פאַר מזרח־קענטעניש און דערנאָך אים ברייטער אַנטוויקלט אין זיין אַרטיקל אין „השילח". (1911, ב. 25).

דער אָנהייב פון יאָר 1911 איז פאַרביי ביים אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון דער נייסטער יידישער געשיכטע. דעם צוגרייטונגס־פּעריאָד האָט דער היסטאָריקער שטענדיק געהאַלטן פאַר דעם אַממיינסטן שעפערישן: „דאָ — שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע — ווערט געשאַפן דער סקעלעט פון געשיכטע, עס ווערט קלאַסיפיצירט דער גאַנצער מאַטעריאַל... עס ווערן אויס־געטיילט באַזונדערע תקופות, יעדע מיט איר פיזיאָנאָמיע און מיט אירע פונקציעס אין פּראָצעס פון וואַקסן און אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן מיין פּעריאָדיזאַציע פון דער מאָדער־נער יידישער געשיכטע: די עפּאָכע פון דער ערשטער עמאַנסיפּאַציע און ערשטער רעאַקציע, די עפּאָכע פון דער צווייטער עמאַנסיפּאַציע און דער צווייטער רעאַקציע. דאָס דאָזיקע בייטן זיך פון די תקופות אין פּאָליטישן לעבן האָב איך פאַרבונדן מיט די פּראָצעסן פון אַסימילאַציע און נאַציאָנאַ־ליזאַציע אין דער קולטור־באַוועגונג, מיט זייערע פאַרשידענע שאַטירונגען אין מערב און מזרח־אייראָפּע". די דאָזיקע סכעמע איז געוואָרן אַרויסגע־בראַכט אין דער טעאָרעטישער הקדמה צו דער „נייסטער יידישער געשיכטע". דאָס ערשטע קאַפּיטל פון ווערק איז געווען געווידמעט דעם קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך אין די צייטן פון רעוואָלוציע און אימפּעריע. דאָס איז געווען דער דריטער, אויסגעברייטערטער וואַריאַנט פון דער טעמע, וואָס האָט פאַראינטערעסירט דעם היסטאָריקער נאָך אין יאָר 1889.

צוגרייטנדיק צום דרוק די קאַפּיטלען וועגן 19־טן יאָרהונדערט, האָט ש. דובנאָוו באַשלאָסן אויסצונוצן דעם מאַטעריאַל פאַר די לעקציעס אויף די אָוונט־קורסן. די לעקציעס האָבן צוגעצויגן אַ גרויסע אוידיטאָריע. דער קאָנטאַקט מיט דער יוגנט איז פאַר אים געווען אַ גרויסע באַפרידיקונג. די דאָזיקע יוגנט איז גרייט געווען צו ליידן די ביטערסטע נויט און מאַטער־נישן פון זייער אומלעגאַלער לאַגע, כדי צו האָבן אַ מעגלעכקייט זיך צו לערנען. די צאַרישע רעגירונג האָט כסדר זיך באַמיט צו פאַרצאַמען דעם וועג צו אַלגעמיינער בילדונג פאַר די דאָזיקע אויטאָדידאַקטן. מיט פאַרבי־

טערונג שרייבט וועגן דעם ש. דובנאָוו אין אַן אַרטיקל, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „מ'האָט דערהרגעט אַ יידישן עקסטערן". אין דער צייט ווען ער האָט געשריבן די דאָזיקע שורות איז פון אָדעס אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן נייע רעפּרעסיעס קעגן דער אוניווערסיטעט־יוגנט, באַזונדערס האָבן געליטן די יידישע סטודענטן. יעקב דובנאָוו איז געווען צווישן די אַרעסטירטע; מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז ער געוואָרן אַרויסגעשיקט קיין בעסאַראַביע, אונטער פּאָליציי־אויפזיכט.

פרילינג 1911 האָט י. ל. פּרץ באַזוכט פּעטערבורג. פאַר דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט פון דער הויפּטשטאָט איז דאָס געווען אַ גרויסע געשעעניש. ש. דובנאָוו האָט זיך געהאַלטן אין אַ זייט; די באַציונגען צווישן די צוויי שרייבער זענען אַלץ געווען אָנגעשטרענגטע. פּרץ האָט, אפּנים, נישט געקענט פאַרגעסן די רעצענזיע פון קריטיקוס וועגן זיין „מאָניש"; דובנאָוון האָט פּרצעס האַלטונג אויסגעזען פּרעטענציעז. מעגלעך, אַז די קעגנזייטיקע אַנטיפּאַטיע איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון דעם אַלטן קאַמף צווישן חסידות און מתנגדות. אויפן באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן לכבוד פּרצן אין דער ליטעראַרישער געזעלשאַפט, איז די דאָזיקע אַנטיפּאַטיע אַרויס אין דער עפנטלעכקייט; צווישן די צוויי שרייבער איז פאַרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס, וואָס האָט אויפגערודערט די פאַרזאַמלונג. ווען ש. דובנאָוו האָט פאַרענדיקט זיין רעדע וועגן „די שפּראַכן־פּראָבלעם ביים יידישן פאָלק" האָט י. ל. פּרץ פּראָטעסטירט, קעגן האַלטן רעדעס אין רוסיש. ש. דובנאָוו האָט זיך דערפון געפילט באַליידיקט און האָט פאַרלאָזט די פאַרזאַמלונג.

נאָך דעם שווערן, אויסמאַטערנדיקן ווינטער האָט דער שרייבער זיך געפרייט מיט זיין באַליבטן זומער־ווינקעלע, מיטן נייעם הויז, ווו די פרישגעהובליעטע ברעטער האָבן נאָך געשמעקט מיט סמאָלע. דאָס רואיקע דאָרפישע לעבן איז באַלד אָבער צעשטערט געוואָרן. אידע דובנאָוו האָט זיך געפילט שלעכט נאָך ווינטער; מיט איר געוויינלעכן סטאָיציזם האָט זי איבערגעטראָגן די ווייטיקן. אין פינלאַנד האָט זיך איר צושטאַנד פאַרערגערט; די דאָקטוירים האָבן קאָנסטאַטירט אַ ראַק אין מאָגן — אַ קראַנקהייט, וואָס האָט דערפירט צום קבר איר מוטער. עס איז פאַרבליבן די איינציקע רעטונג — אַ באַלדיקע אָפּעראַציע. צוויי טעג נאָכן קאָנסיליום זענען די דובנאָוום אַרויסגעפאָרן קיין בערלין. די כירורגישע קונסט האָט געראַטעוועט דאָס לעבן פון דער קראַנקער; דאָס פאַרהיילן אָבער איז צוגעגאַנגען זייער פּאַמעלעך.

די שווערע טעג, ווען דאָס לעבן פון זיין פרוי איז געהאַנגען אויף אַ האָר, האָט דער שרייבער פאַרבראַכט ביי אַ גאַסטפריינטלעכער, קולטורעלער משפּחה. ער איז איינגעשטאַנען ביי מאַנעפּאַ פּרעוויל־אַבראַמאָוויטש, מענ־

דעלעם אַ שנור, וואָס האָט געוווינט אין בערלין מיט אַ טאָכטער און מיטן זון, דעם לופטפליער ווסעוואָלאָד, וואָס האָט מיט זיין אַדלערישן פּראָפיל דערמאָנט דעם זיידן. מאַנעפאַ פרעוויל־אַבראַמאָוויטש, אַ טאָכטער פון אַ פּראָנצוויזישן אַריסטאָקראַט, איז געווען אַן אייגנאַרטיקע, טאַלענטירטע פרוי. זי האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו צעשטרייען איר גאַסט פון זיינע זאָרגן; שעהן־לאַנג פלעגט זי אים דערציילן וועגן אירע באַגעגענישן מיט טורגעניעוון און אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן.

די דובנאָווס זענען פאַרבליבן אין בערלין ביז סוף זומער. יעדן טאָג פלעגט דובנאָוו גלייך פון דער קליניק גיין אין דער שטאָטישער ביבליאָ־טעק. ער האָט דאָרט שטודירט די מאַטעריאַלן פאַר די נאָענטסטע קאַפּיטלען פון דער „געשיכטע" — ביכער און בראָשורן, וואָס זענען דערשינען אין 18־טן יאָרהונדערט. „עס האָבן מיר פאַרכאַפּט — שרייבט ער אין זיינע זיכרונות — אָט די גרויע זייטלעך, אין וועלכע עס איז איינגעהיט געוואָרן דאָס אַש פון די אויסגעלאָשענע ליידנשאַפטן. און ווען איך פלעג זיך אומ־קערן אַהיים דורכן „טירגאַרטן", האָבן איך לויט די באַשרייבונגען געזוכט די ווילע, ווו ס'האָט אַמאָל געלעבט די שיינע הענריעטאַ הערץ, און די אַלייען איבער וועלכע ס'זענען צו איר אין סאַלאָן געגאַנגען דאָראָטעאַ מענדעל־סאָן, די ברידער שלעגעל און די גומבאָלדס... ס'האָט זיך געוואָלט געפינען אַ באַרעכטיקונג פאַר די אַלע זינד אין דעמאָלטיקן „גרינעם פרילינגס־רויש", אין דעם פאַרשיכורנדיקן אַראָמאַט פון ראָמאַנטיזם, אין די האָפנונגען אויף דער פאַריניקונג פון אַלע פעלקער... אין געדאַנק האָב איך געלעבט אין בערלין פון 18־טן יאָרהונדערט..." די דאָזיקע מחשבותן וועגן דער פאַר־גאַנגענהייט זענען געשטערט געוואָרן דורכן רוף פון היינט: פון רוסלאַנד איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די רעגירונג האָט פאַרמאַכט די יידישע ליטע־ראַרישע געזעלשאַפט אין פּעטערבורג און אַלע אָפּטיילונגען אויף דער פּראָ־ווינץ.

סוף אויגוסט האָבן די דאָקטוירים דערלויבט דער פּאַציענטקע זיך אומצוקערן אַהיים. די קונסט פון כירורג האָט טאַקע באַוויזן אַ ווונדער, אָבער די כוחות פון דער אַרבעטסזאַמער, ענערגישער פרוי, זענען געוואָרן אויסגעשעפּט נאָך דער שרעקלעכער קראַנקהייט. אויף דער פאַרוואָרפענער באַן־סטאַנציע אין פינלאַנד איז פון וואַגאָן אַרויסגעגאַנגען אַן אויסגעמאָ־גערטע, איינגעהויקערטע אַלטע פרוי מיט גרוי געוואָרענע האָר און איינגע־פאַלענע באַקן.

פינלאַנד האָט באַגעגנט די געסט מיט געדיכטער, שמעקעדיקער אוי־גוסט־שטילקייט, מיט פריען גאָלד פון די בערעזעס און קליאָנען. דער שריי־בער האָט זיך געגרייט צו באַנייען די איבערגעריסענע אַרבעט, ווען ס'איז

אָנגעקומען אַן אָפיציעלער אָפּזאָג פון אינערן־מיניסטעריום צו פאַרלענגערן זיין וווינרעכט אין דער הויפּטשטאָט. דער באַאַמטער, צו וועלכן ער האָט זיך געווענדעט נאָך אַן אויפקלערונג, האָט בייז געענטפערט, אַז ער איז נישט מחויב אָנצוגעבן די מאָטיוון פון די רעגירונגס־באַשלוסן. אויפן טיש איז געלעגן אַ גרויסע טעקע מיט דאָקומענטן אויף וועלכער ס'איז געווען אויפגעשריבן: „ענין ש. דובנאָוו". דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די צוהערער פון די קורסן פאַר מזרח־קענטעניש איז אַריינגעדרינגען אַן אַגענט פון דער פּאָליטישער פּאָליציי, וואָס האָט נאָכגעשפּירט דעם פּאָליטיש „נישט־כשרן" לעקטאָר, וועלכער האָט זיך דערלויבט צו קריטיקירן די פּאָליטיק פון דער צארישער רעגירונג.

אַדאַנק דער אינטערווענץ פון עטלעכע איינפלוסרייכע פּערזאָנען האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרלענגערן דאָס וווינרעכט. אין פּעטערבורג האָבן אויף ש. דובנאָוון געוואַרט די טוער פון דער פאָלקס־פּאַרטיי. אין דער אָרגאַניזאַציע זענען לעצטנס אַריינגעטרעטן נייע מיטגלידער פון די קרייזן פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן און „סיימאָוועצעס", און זי האָט געביטן איר נאָמען אויף „פאַראייניקטע נאַציאָנאַלע גרופּע". מיט ש. דובנאָווס הילף איז אויך געענדערט געוואָרן די פּראָגראַם; די פּאָליטישע פּלאַטפאָרם פון דער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (קאַדעטן) האָט מער נישט פאַרפליכטעט. עס זענען אויסגעברייטערט געוואָרן די פּונקטן וועגן דער אויטאָנאָמיזאַציע פון אינערלעכן לעבן פון פאָלק. די נייע פּראָגראַם האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין דער יידישער שול, לכל־הפּחות אין דער עלעמענטאַרער, דאַרף דער אונטעררעכט געפירט ווערן אויף דער מוטער־שפּראַך פון קינד; די פּראָגראַם האָט נישט באַרירט קיין רעליגיעזע ענינים. די גרופּע האָט אָבער געהאַלטן, אַז די, וואָס האָבן זיך פאָרמעל אָפּגעזאָגט פון דער יידישער רעליגיע און אָנגענומען אַן אַנדער גלויבן, האָבן זיך דערמיט אויך אויסגעשלאָסן פון יידישן פאָלק. באַציענדיק זיך מיט סימפּאַטיע צו דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע, האָט די גרופּע דעקלאַרירט איר גרייטקייט „אונטערצושטיצן אַלע צוועקמעסיקע שריט, וואָס האָבן פאַר אַ ציל צו ריכטן אַ טייל פון דער יידישער עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע און די שכנותדיקע לענדער". ש. דובנאָוו האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אויסאַרבעטונג פון די דאָזיקע טעזן. זיין וויטערדיקע פּובליציסטישע טעטיקייט איז געווען געווידמעט זייער אַנטוויקלונג און פאַרטיידיקונג.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# ערב דער ערשטער וועלט-מלחמה

אָנהייב 1912 האָט ש. דובנאָוו באַנייט די אַרבעט איבער דעם 19־טן יאָרהונדערט און ער איז געווען אַנטשלאָסן צו דערפירן זי ביזן סוף. אין משך פון צוויי יאָר איז אים געווען באַשערט איבערצולעבן אין געדאַנק די געשיכטע פון דעם שטורמישן יאָרהונדערט, תקופה נאָך תקופה. די קאַפּיטלען וועגן פּוילישן און ליטווישן יידנטום האָבן זיך סיסטעמאַטיש געדרוקט אין „יעווריעסקאַיאַ סטאַרינאַ". פון צייט צו צייט פלעגט דער שרייבער זיך אָפּרייסן פון זיין ווערק כדי אָנצושרייבן אַ פּובליציסטיש אַרטיקל אָדער צו האַלטן אַ רעפעראַט. אין חודש־זשורנאַל „די יידישע וועלט" (נר. 1. 1912), אָרגאַן פון דער רעאָרגאַניזירטער פאָלקספּאַרטיי, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „נאָכן דרייסיק־יאָריקן קריג", אין וועלכן ער פירט אונטער אַ סך־הכל פון דעם קריג וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט געפירט קעגן יידן. דער מחבר ברענגט דאָרט אַרויס דעם געדאַנק, אַז די יאָרן פון אונטערדריקונג האָבן נישט דערשלאָגן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל, האָבן נישט דערפירט צו אַסימילאַציע. אין פאָלק איז שטאַרק געוואָרן דער כח פון ווידערשטאַנד: די רדיפות האָבן געגעבן אַן אימפּולס צום קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, צו באַפעסטיקן די קולטורעלע און עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, און אין דער זעלבער צייט האָבן זיי סטימולירט דאָס שאַפן נייע צענטערן אין פּאַלעסטינע און אַמעריקע. „מיינט איר דען — פרעגט דער מחבר — אַז נאָר העלדן ראַטעווען דאָס פאָלק? ניין, דאָס טוען אויך די מאַרטירער, וואָס ליידן פאַרן פאָלק, זייערע קינדער און אייניקלעך וועלן זיין העלדן, ווייל די פאַרבאָרגענע ענערגיע פון די ערשטע וועט זיך פאַרוואַנדלען ביי די לעצטע אין אַן אָפענער ענערגיע". דאָס אַרטיקל פאַרענדיקט זיך מיט אַ רוף צום קאַמף מיט די פחדנישע דעזערטירן, וואָס פאַרלאָזן די באַלאַגערטע פעסטונג.

די עפנטלעכע מיינונג איז אין יענער צייט געווען אויפגערודערט צו־

ליבן „ביילים־פּראָצעס”, וואָס איז אינסצעניזירט געוואָרן דורך רעאַקציאָ־נערע קרייזן. די היסטאָרישע געזעלשאַפט האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו באַלייכטן פאַר דער עפנטלעכקייט, מיט דער הילף פון פעסטגעשטעלטע פאַקטן, די פאַרברעכערישע מאַכינאַציעס פון אָמאַליקע אינסצעניזאַטאָרן פון ריטועל־לע פּראָצעסן. ש. דובנאָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרי־נאַ” עטלעכע אַרטיקלען איבער דער געשיכטע פון בלוט־בילבולים אין פּוילן און אין רוסלאַנד; אויף די פאַרזאַמלונגען פון דער געזעלשאַפט זענען גע־לייענט געוואָרן אַ רייע רעפעראַטן אויף דער דאָזיקער טעמע. אויף איינער פון די פאַרזאַמלונגען איז געקומען וולאַדימיר קאָראָלענקאָ, וועלכער האָט מיט אַ צייט צוריק געהאַט אונטערגעשריבן דעם קאָלעקטיוון פּראָטעסט פון רוסישע שרייבער קעגן בלוט־בילבולים. ענטפערנדיק אויף די באַגריסונגס־ווערטער פון פאָרזיצער, האָט ער דערקלערט, אַז דער קאַמף מיט ראַסן־פאָר־אורטיילן איז נישט קיין פאַרדינסט, נאָר אַ חוב פון אַ שרייבער. ש. דוב־נאָוו פאַרצייכנט דעם דאָזיקן עפּיזאָד אין זיין אויטאָביאָגראַפיע: אין זיין זכרון איז פאַרבליבן די ליכטיקע געשטאַלט פון איינעם פון די בעסטע פאָר־שטייער פון דער רוסישער אינטעליגענץ.

זומער, אויפן הויכן באַלקאָן איבערן ראָזע קלעווער־פעלד, האָט ש. דובנאָוו געשריבן די קאַפּיטלען וועגן דער אַסימילאַציע־באַוועגונג ביי די ייִדן אין דייטשלאַנד אין דער אַזוי גערופענער עפּאָכע פון „בערלינער סאַלאָנען”. פאַרטיפנדיק זיך אין דער היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט, זענען ביים שריי־בער אויפגעשווומען זכרונות פון זיינע יונגע יאָרן. „דער רעפאָרמאַטאָרי־שער פּאַטאָס פון מיין יוגנט — שרייבט ער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע — איז איצט געלעגן אַ צאַפּלדיקער אונטערן כירורגישן מעסער פון וויסנשאַפט־לעכער קריטיק, אין שיין פון אַ נייער וועלט־אָנשויונג, וואָס אָנערקענט אַ רעפאָרם פון יודאיזם נאָר ווי אַ רענעסאַנס פון נאַציאָנאַלער קולטור און נישט ווי איר צעשטערונג”. מיט אַ באַזונדער געפיל האָט דער היסטאָריקער געשריבן וועגן בערנע און היינע. ער האָט איצט אויף אַ נייעם אופן אויפ־גענומען דעם דראַמאַטישן גורל פון זיינע ביידע יוגנט־ליבלינגען — דעם טריבון און דעם פּאָעט. ער האָט בולט געפילט וואָס פאַר אַ גרויסער מהלך עס טיילט אים אָפּ פון יענעם באַגייסטערטן יוגנטלעכן, וועלכער האָט אין די זיבעציקער יאָרן פאָרמולירט זיינע פּאָליטישע אָנשויונגען אונטער דער וויר־קונג פון בערנעס אַרטיקלען און איז געווען טיף באַאיינפלוסט דורך היינעס ראָמאַנטישן סקעפּטיציזם. איצט האָט ער מיט אַ ווייטיק אין האַרצן געדאַרפט פאַראורטיילן ביידע שרייבער פאַר זייער אַוועקגיין פון געראָדפטן פאָלק.

דער זומער פון 1912 איז געווען דער לעצטער, וואָס דובנאָוו האָט פאַרבראַכט אין זיין שטילן ווינקעלע אין פינלאַנד. דער אייגנטימער פון לינ־

קע, אַן אַלטער פריינד פון דובנאָווס משפחה, איז געשטאָרבן, און דער גוט האָט געדאַרפט איבערגיין אין פרעמדע הענט. אויף די איינזאַמע שפּאַצירן האָט ש. דובנאָוו זיך געזעגנט מיט די באַליבטע ערטער. אַליין אָפטער האָט ער געטראַכט, אַז נאָר אין אַזאַ אומגעבונג קען מען באמת אַרבעטן. ער האָט אָבער געפילט, אַז ער איז נישט בכוח זיך צעשיידן מיט דער היסטאָרישער געזעלשאַפט, מיט דעם זשורנאַל, מיט די קורסן, מיט די פּעטערבורגער ביבליאָטעקן.

וואַנדערנדיק איבער וואַלד־סטעזשקעס מיט זיין שווערן שטעקן, האָט דער שרייבער צייטנווייז זיך געשטעלט די פראַגע: צי ס'איז נישט כדאי אָנצו־הייבן שרייבן אַ טייל אַרבעטן אויף העברעאיש, אויף דער שפּראַך פון זיין פריער יוגנט? פונדעסטוועגן, ווען זיינע אַלטע פריינד ראַווניצקי און ביאַליק האָבן אין זייערע בריוו אים געפּרוווט איבערצייגן, מיט אַ סך אַרגומענטן, ער זאָל שרייבן אין העברעאיש, האָט ש. דובנאָוו זיי אָפּגעענטפערט מיט אַ שפּאַס, אַז ס'איז גאָר נישט אַזוי גרינג זיך צו גטן מיט אַ „גוייש" ווייב נאָך דעם, ווי מ'האָט געהאַט מיט איר אַ כאָפּטע קינדער. איבערגייענדיק צו ערנסטע אַרגומענטן, האָט ער דערוויזן, אַז נישט די שפּראַך, נאָר דער אינ־האַלט, באַשטימט די קולטור־נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט פון שרייבער. אין הסכם מיטן דאָזיקן פּרינציפּ, האָט דובנאָוו זיך אָפּגעזאָגט אָנצושרייבן זיין קורצע ביאָגראַפיע פאַרן „לעקסיקאָן פון רוסישע שרייבער", רעדאַגירט פון ס. ווענגעראָוו; ער האָט זיך געהאַלטן נישט פאַר אַ רוסישן, נאָר פאַר אַ יידישן שרייבער.

אין האַרבסט האָבן די דובנאָווס זיך איבערגעצויגן אין אַ נייער גע־מיטלעכער און ליכטיקער דירה. דעם גאַנצן ווינטער און פרילינג האָט דער שרייבער געאַרבעט איבער דער „עפּאָכע פון דער צווייטער עמאַנסיפּאַציע" (די יאָרן 1881־1848). שפּאַצירנדיק איבער די שטילע פאַרשנייטע גאַסן, האָט ער אַרומגעטראַכט די נייע קאַפּיטלען. „עס האָט מיר פאַרכאַפּט — שרייבט ער — די אַבסאָלוטע נייקייט פון דער טעמע, דאָס בילד פון דער עפּאָכע, וואָס איר סוף פאַלט צונויף מיט דער יוגנט פון מיין דור". די אַר־בעט איז זיך אַזוי פאַנאַנדערגעוואַקסן, אַז ס'איז אויסגעקומען צו פאַרענדיקן דעם באַנד ביי די אַכציקער יאָרן. דעם ווייטערדיקן באַנד האָט דער מחבר גע־האָט בדעה צו ווידמען דעם פּעריאָד פון 1881 ביז 1905. מיט אומרו האָט ער געטראַכט, אַז ביי די קאַפּיטלען, וווּ עס וועט באַהאַנדלט ווערן די גע־שיכטע פון די לעצטע יאָרן, וועט ער האָבן אויסצושטיין נגישות פון דער צענזור.

נישט געקוקט אויף דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט, האָט דער היסטאָרי־קער געפונען צייט צו לייענען אַ סך צייטונגען און זשורנאַלן און אויפמערק־

זאַם נאָכצופּאָלגן די געשעענישן אין אַלגעמיינעם און יידישן געזעלשאַפט־לעבן. ער איז געווען באַזאָרגט פון דער שמד־עפּידעמיע, וואָס האָט זיך דעמאָלט פאַרשפּרייט צווישן דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט. שטענדיק פאַרן אָנהייב פון שול־יאָר האָבן אַ סך סטודענטן זיך געשמדט כדי צו קענען אָנקומען אין אוניווערזיטעט. די נאַציאָנאַלע גרופּע האָט פאָרגעלייגט דוב־נאָוון ער זאָל אָנשרייבן אַ ווענדונג צו דער יידישער געזעלשאַפט מיט אַ רוף אַנטקעגנצווווירקן דער עפּידעמיע פון שמד צוליב פּראַקטישע צוועקן. דער שרייבער האָט דעם אויפרוף אָנגעשריבן; אָבער די מערהייט פון קאָמיטעט האָט געהאַלטן, אַז די פאָרעם איז צו שאַרף. די ווענדונג איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער רוסיש־יידישער פּרעסע א. נ. „צו די, וואָס גייען אוועק" און האָט אַרויסגערופן אַ לעבהאַפטן מיינונגס־אויסטויש.

דאָס צוגרייטן צום דרוק דעם נייעם באַנד געשיכטע האָט פאַרנומען דעם גאַנצן זומער 1913, וואָס די דובנאָווס האָבן פאַרבראַכט אויף אַ באַ־שיידענער ווינונג אין פינלאַנד. אין די מינוטן פון אָפּרו האָט דער שריי־בער פאַרוויגט צום שלאָף זיין האַלב־יאָריק אייניקל, דעם זון פון זיין על־טערער טאָכטער סאָפיע, וואָס האָט אין פּעטערבורג געמאַכט באַמיונגען צו באַפרייען דעם אַרעסטירטן מאַן.*) ש. דובנאָוו האָט געמוזט איבעררייסן דאָס לייענען די קאָרעקטורן, כדי אָנצושרייבן אַן אַרטיקל איבער אַן אַקטועלער טעמע — „די קוואַלן פון ריטועלע בילבולים"; דאָס אַרטיקל האָט אַנטהאַלטן אַ היסטאָרישן און פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון עלילת־דם. די איינפלוסרייכע ליבעראַלע צייטונג „ריעטש" האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו דרוקן, מורא האָבנ־דיק פאַר רעפּרעסיעס. דער „דיען", וואָס האָט פאַרעפנטלעכט דובנאָווס אַר־טיקל, (1923, נר. 256) האָט טייער באַצאָלט פאַר זיין דרייסטקייט: דער רעדאַקטאָר איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף אַ יאָר טורמע.

הארבסט 1913 איז ענדלעך דערשינען דער באַנד געשיכטע, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון צוויי יאָר אַרבעט. האַלטנדיק אין דער האַנט דאָס בוך, וואָס האָט נאָך געשמעקט מיט פרישער דרוק־פאַרב, האָט דער מחבר צוגלייך מיט דער באַפרידיקונג, געפילט אַ גרויסע מידקייט. אין דעצעמבער זענען שמעון און אידע דובנאָוו אַרויסגעפאָרן אויף אָפּרו קיין אָדעס. דער באַשלוס אַרויסצופאָרן איז ביי זיי אַנטשטאַנען פּלוצלונג; אַן אומקלאָרער אינערלעכער אומרו האָט אַרויסגערופן אַ באַדערפעניש זיך ווידער זיך צו זען מיט די אַלטע פריינד.

אין אָדעס זענען די דובנאָווס באַלד אַריינגעפאַלן אין דעם טומלדיקן קרייז פון באַקאַנטע. די אָדעסער ליטעראַרישע געזעלשאַפט האָט איינגעאָרדנט

*) הענריק ערליך.

אַ חנוכה־אָוונט מיט דער באַטייליקונג פון מענדעלע מוכר־ספרים, ח. נ. ביאַליק און ש. פרוג; די פעטערבורגער געסט זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען געפייערט מענדעלעס געבורטסטאָג, אין זיין אַלטער וווינונג ביי דער תלמוד־תורה. דער 83־יאָריקער בעל־יובל איז געווען מונטער, האָט געשיט מיט פּאַראַדאָקסן און האָט פאַרזיכערט די פאַרזאַמלטע, אַז ער האָט נישט בדעה צו שענקען גאָט קיין איין יאָר פון די 120 יאָר, וואָס איז אים באַשערט צו לעבן. „מיט מענדעלען — שרייבט ש. דובנאָוו אין זיינע זכרונות — פלעג איך זיך טרעפן יעדן טאָג, און מיר האָבן ווייטער געשפּינט דעם פאָדעם פון אונדזערע אַמאָליקע לאַנגע שמועסן".

אין שרייבערס זכרון איז אויף אַ לאַנגער צייט פאַרבליבן דער אָוונט, וואָס ס'האָט פאַר אים איינגעאָרדנט די אָדעסער ליטעראַרישע געזעלשאַפט. דאָס מאָל האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט פון אַ „באַנקעט". גלייך ווי ער וואָלט פאָרגעפילט, אַז אַזאַ אָוונט וועט זיך נישט איבערחזרן... אין דעם קליינעם רעסטאָראַן־זאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט קרוב צו פופציק מענטשן. דער גאַסט איז געזעסן צווישן ש. פרוג — דעם פריינד פון דער יוגנט, און מענדעלען — דעם פריינד פון די רייפע יאָרן. דער ערשטער האָט אין זיין רעדע געפּרוווט אויפלעבן יענע ווייטע יאָרן, ווען די צוויי שעמעוודיקע קליינשטעטלדיקע יונגעלייט האָבן געוווינט בשכנות אין ביליקע מעבלירטע צימערן. נישט איינמאָל ווען דער פּאָעט פלעגט זיך אומקערן אַהיים שפּעט ביינאַכט פון אַ הוליאַנקע, פלעגט ער טרעפן זיין שכן זיצן פאַרטיפט אין לייענען. אין זיין ענטפער־רעדע האָט דובנאָוו אָנגעוויזן, אַז נישט צופעליק האָבן זיי ביידע, פאָרשטייער פון מיטעלן דור, פאַרנומען ביים דאָזיקן טיש אַן אָרט צווישן דעם זיידן מענדעלע און דעם אייניקל ביאַליק. „אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג — שרייבט ער — האָבן מיר, איך און פרוג, סימבאָליזירט דעם אַמאָליקן רענעסאַנס פון דער רוסיש־יידישער ליטעראַטור, צווישן העברעאיסטן און יידישיסטן, וועלכע האָבן אין זייערע רעדעס מיך גערופן אין זייער לאַגער. די שפּראַכן־פראַגע האָט אַריינגעבראַכט אַ געוויסן דיסאָנאַנס אין דעם אָוונט פון זכרונות"...

אין עטלעכע טעג אַרום איז אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען אַ שמועס אויף דער טעמע „די פּראָבלעם פון דער ליטעראַטור־שפּראַך אין דער יידישער געשיכטע". מיט אַ רייע היסטאָרישע ביישפּילן האָט ש. דובנאָוו באַוויזן, אַז כמעט אין אַלע צייטן האָט אין דער יידישער ליטעראַטור עקזיסטירט אַ שפּראַך־דואַליזם און אַפילו שפּראַך־פּלוראַליזם, און אַז דאָס זאָגט עדות וועגן דעם כוח פון דער נאַציאָנאַלער קולטור וואָס באַנוצט זיך מיט אַלערליי אינסטרומענטן. די נייע נאַציאָנאַלע באַוועגונג — האָט ער

געטענהט — האָט צייטווייליק געענדערט די כוחות־פאַרהעלטענישן צווישן די דריי שפּראַכן פון דער יידישער ליטעראַטור: אין אייניקע קרייזן האָט זיך פאַרשטאַרקט העברעאיש, אין אַנדערע יידיש, אָבער דאָס האָט נישט באַזייטיקט די באַדערפעניש פון אַ יידישער ליטעראַטור אויף רוסיש. צום סוף האָט דער פרעלעגענט געמאַכט פאָלגנדיקן אויספיר: „די דאָגמע פון קולטור־איינהייט, ביי דער באַנוצונג פון עטלעכע שפּראַכן, איז אין הסכם מיט דער דאָגמע פון פאָלקס־איינהייט אין גלות. די דאָזיקע פאָרמול איז געווען נישט אַנגעמבאַר פאַר דעם רוב צוהערער. אַלס הויפּט־אָפּאָנענט מצד די העברעאיסטן איז אַרויסגעטראָטן ביאַליק און מצד די יידישיסטן — מערעזשין.

די דריי וואָכן אָפּרו אין אָדעס זענען גיך אָפּגעלאָפן אין באַגעגענישן און שמועסן מיט פריינד. לאַנגע וויכוחים האָט דער שרייבער געפירט מיטן מיליטאַנטישן אַנטי־יידישיסט קלויזנער, דעם רעדאַקטאָר פון „השילח", און מיטן ציוניסטישן „אייזערנעם קאַנצלער" מ. אוסישקין. ס'איז כמעט נישט פאַרבליבן קיין צייט פאַר שפּאַצירן, און ערשט פאַרן אָפּפאָרן האָט ש. דובנאָוו באַזוכט דאָס בערגל, ווו ס'איז געבוירן געוואָרן דער פּלאַן פון זיין גרויסן היסטאָרישן ווערק. אין זיין טאָגבוך פאַרצייכנט ער: „...אַ לייכט פרעסטל, איבערן ים הענגט אַ נעפּל... כ'וואָלט דאָ געזעסן שעהן לאַנג און אויפגעפרישט אין זכרון די פאַרגאַנגענע דרייצן יאָר אין אָדעס..." אַוועקגייענדיק האָט ער אָפּגעריסן אַ צווייגל פון אַ קופּאַריסן־קוסט; די דאָזיקע אָדעסער רעליקוויע איז אין משך פון לאַנגע יאָרן געלעגן צווישן די בלעטער פון זיין טאָגבוך.

עס האָט זיך דערנענטערט דער 25־יעריקער יובילעי פון אחד־העמס ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. צוריקקומענדיק קיין פּעטערבורג האָט ש. דובנאָוו אָנגעשריבן פאַרן יובילעי־נומער פון „השילח" אַן אַרטיקל א. נ. „די פאַרלייקענונג און די באַשטעטיקונג פון גלות אין דער שיטה פון אחד־העם" („השילח". 1914, ב. 30, ז. 206-210.) אין וועלכן ער האָט אונטערגעפירט אַ סך־הכל פון דעם וויכוח, וואָס האָט געדויערט אַ פערטל יאָרהונדערט. נישט איינמאָל אין משך פון די דאָזיקע יאָרן איז דעם מחבר אויסגעקומען צו באַווייזן, אַז דער קאָנפליקט צווישן גייסטיקן ציוניזם און אויטאָנאָמיזם איז געבויט אויף אַ מיספאַרשטענדעניש, ווייל אין תוך גענומען זענען די דאָזיקע שיטות צוויי זייטן פון איין מטבע, אויף וועלכער עס איז אויסגעקריצט: „דער ווידערגעבורט פון דער מערהייט פון פאָלק אין גלות און פון דער מינדערהייט אין ציון".

ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן פאַר זיין נאָענטסטער אויפגאַבע דאָס צוגרייטן צום דרוק די „אַלגעמיינע יידישע געשיכטע". לויטן לכתחילהדיקן פּלאַן האָט זי געדאַרפט באַשטיין פון פינף בענדער, אָבער אין משך פון

דער אַרבעט איז קלאָר געוואָרן, אַז דעם פּלאַן מוז מען באַדייטנדיק אויס־בּרייטערן. דערווייל איז אַ סך ענערגיע אַוועקגעגאַנגען אויף זייטיקע אַר־בעטן, אויף זיצונגען און אויף אַ רייע פאַרלעזונגען: וועגן אחד־העמען, וועגן דער שפּראַכן־פראַגע, וועגן חסידות. אין אַ פאַרצייכענונג פון 4־טן מערץ באַקלאָגט זיך דער היסטאָריקער: „איך לעב נישט מיט מיין אייגן לעבן, כ׳בין נישט קאָנצענטרירט, נאָר צעוואָרפן... צו מיין הויפּט־אַרבעט האָב איך זיך נאָך נישט גענומען, מיט זיך אַליין רעד איך ווייניק און זעלטן. און דער מהות פון מיין נאַטור איז דאָך — ווייניק רעדן מיט אַנדערע און אַ סך מיט מיין אייגענער נשמה". זיין שטימונג האָט זיך געביטן ווען ער האָט זיך ווידער פאַרטיפט אין דער היסטאָרישער אַרבעט. „איך לייען דורך — שרייבט ער — הונדערטער זייטלעך פון נייע היסטאָרישע ווערק, כדי אויסצובעסערן און צו דערגאַנצן אַ צוויי־דריי צענדליק זייטלעך פון מיין טעקסט. די נייע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אויפן אָריענט גיבן דער ביב־לישער לעגענדע אַלץ אַ מער רעאַלע היסטאָרישע פיזיאָנאָמיע".

אָפּטמאָל פלעגן זיך אין דער וועלט פון אַלטע לעגענדעס אַריינרייסן שטימען פון היינט. אין די קרייזן פון דער פעטערבורגער יידישער אינטעלי־גענץ איז אויפגעקומען אַ געדאַנק צו גרינדן אין מערב־אייראָפּע אַ יידישן אוניווערזיטעט, וואָס זאָל זיין באַשטימט בעיקר פאַר די יוגנטלעכע, וואָס האָבן אין רוסלאַנד נישט געהאַט קיין צוטריט צו העכערער בילדונג. אין דער זעלבער צייט איז אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אונטער אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן אָנגענומען געוואָרן אוסישקינס פאָרשלאָג צו גרינדן אַ העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַר־ביסענע פּאָלעמיק אין דער פרעסע צווישן די אָנהענגער פון די „שלילת־הגלות" און די קעגנער פון דער טעזע „מציון תצא תורה". ש. דובנאָוו האָט פּראָטעסטירט קעגן די שאַרפע פאָרמען, וואָס די פּאָלעמיק האָט אָנגענומען; ער האָט געהאַלטן, אַז ביידע פּראָיעקטן קענען פאַרווירקלעכט ווערן גלייכ־צייטיק.

קורץ פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה איז פון שווייצאַריע געקומען קיין פעטערבורג שלום־עליכם. ער האָט געהאַט בדעה צו מאַכן אַ ליטעראַרישן טורנע איבער רוסלאַנד. די באַגעגעניש מיטן אַלטן פריינד נאָך אַ צען־יעריי־קער צעשיידונג, איז פאַר ש. דובנאָוון געווען אַ גרויסע איבערלעבונג. „אין מיין זכרון — שרייבט ער — האָט זיך איינגעקריצט דאָס בילד... פון יע־נעם זוניקן מאַי־טאָג, ווען מיר זענען געזעסן אויפן באַלקאָן פון עלעגאַנטן האָטעל... אונטן האָט זיך געוויגט אַ כוואַליע פון מענטשן... און מיר... האָבן זיך דערמאָנט דעם זומער אין באָיאַרקע אין 1890, און אין לוסט־דאָרף אין 1891. דערביי האָט מיר שלום־עליכם געזאָגט, אַז ער שרייבט זיין אויטאָ־

ביאָגראַפיע, אין וועלכער ער דערציילט אויך וועגן אונדזערע באַגעגענישן אין דער ליטעראַטור און אין לעבן. ער האָט גערעדט וועגן דער שיינקייט און רואיקייט פון לאַזאַן, און איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וואָלט געוועזן גליק־לעך צו קענען פאַרענדיקן מיין היסטאָריש ווערק אין יענער שטאָט... איך האָב זיך דעמאָלט נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז אונדזער לעצטער שמועס, און אַז מיר זענען זיך מתוודה איינער פאַרן אַנדערן פאַר אונדזער אייביקער צעשיידונג". אין דריי וואָכן אַרום האָבן די געשעענישן געצווונגען שלום־עליכמען צו פאַרלאָזן רוסלאַנד. אין צוויי יאָר אַרום איז פון ניו־יאָרק אָנגע־קומען די ידיעה וועגן זיין טויט.

זומער 1914, ווען די דובנאָווס זענען אַרויסגעפאָרן אויף אָפּרו אין דעם פינלענדישן קוראָרט נאָדענדאַל, האָבן זיך אויף דעם אייראָפּעאישן האָ־ריזאָנט אָנגעהויבן קלייבן שווערע וואָלקנס. פון פעטערבורג איז אָנגעקומען אַ ידיעה וועגן אַ שטרייק פון די טראַמוויי־אַרבעטער, וואָס איז זיך צונויפ־געפאַלן מיטן באַזוך פון פראַנצויזישן פרעזידענט פּואַנקאַרע. מיט יעדן טאָג איז דער אומרו געוואָקסן. די פאַרצייכענונגען אין טאָגבוך, זייער אָפּ־טע אין יענעם פעריאָד, שפּיגלען אָפּ די צערודערונג, וואָס האָט באַהערשט דעם שרייבער: אַ מאָל איז ער געווען באַהערשט פון דעם פאָרגעפיל פון דער אָנקומענדיקער קאַטאַסטראָפע, און אַ מאָל פון דער האָפענונג, אַז די מלחמה וועט אַרויסרופן אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. „מיר האָבן — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — אַ פּסיכאָלאָגיע פון אַרעסטאַנטן, וואָס פרייען זיך ווען די תפיסה ברענט, באַטש זיי קענען דעמאָלט אַליין פאַרברענט ווערן. תמות נפשי עם פלישתים". דעם 2־טן אויגוסט פאַרשרייבט ער: „דייטשלאַנד האָט דערקלערט מלחמה רוסלאַנד... אין פינלאַנד איז איינגעפירט געוואָרן קריגס־צושטאַנד... אין אונדזער נאָדענדאַל האָט היינט די פּאַניק דערגרייכט דעם העכסטן פּונקט. איך געהער צו די רואיקע, באַטש מיין מוח ווערט צעמישט צוליב דער פּערספּעקטיוו פון דער שוידערלעכער פעלקער־שחיטה, פון דער זעלבסט־פאַרניכטונג פון אייראָפּע"...

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# אונטערן דונער פון האַרמאַטן

אין אַ וואַגאָן פול געפּאַקט מיט צעטומלטע פּאַסאַזשירן, האָבן זיך די דובנאָווס צוריקגעקערט פון פינלאַנד קיין פּעטערבורג. פון די פאַרבייפאָרנ־דיקע מיליטערישע צוגן, האָבן די יונגע רעקרוטן געשריגן: זייט געזונט! מען האָט זיי געווונטשן זיי זאָלן בשלום צוריקקומען. אַ באַוווסטער עטנאָ־גראַף, וואָס איז געפאָרן צוזאַמען מיט די דובנאָווס, האָט זיך אָנגערופן: „עס קומען אָן גרויסע געשעענישן, מען מוז דאָס אַלץ פאַרשרייבן". ש. דובנאָוו האָט במילא ביי זיך געהאַט באַשלאָסן, אַז פון איצט אָן וועט ער זיין טאָגבוך פאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישער כראָניק און וועט רעגיסטרירן נישט אַזוי זיינע שטימונגען און מחשבותן, ווי פאַקטן. אָבער אָפּזאָגן זיך פון אָן אָפּ־שאַצונג פון דער ווירקלעכקייט האָט ער נישט געקענט, און אפשר אויך נישט געפּרוווט...

אין דער ערשטער פאַרצייכענונג, נאָכן אָנקומען קיין פּעטערבורג, זאָגט ער: „נעכטן איז פאָרגעקומען אַן אויסערגעוויינטלעכע זיצונג פון דער דומע. עס האָט געדונערט מיט פּאַטריאָטישע אויסרופן אין די דעקלאַראַציעס פון די פאָרשטייער פון די פּאַרטייען און נאַציאָנאַליטעטן. נעבעכדיק האָט גע־קלונגען די רעדע פון דעם יידישן דעפּוטאַט. זי איז געווען אַזוי הכנעהדיק, אַז אַפילו די רעכטע האָבן אַפּלאָדירט... די פּראַקטאָגיקע יידישע גאַס־מאַניפעסטאַציע מיט דעם פאָלן אויף די קני ביים דענקמאָל פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן איז געווען אַ חרפּה... כ'קען וועגן גאָרנישט טראַכטן חוץ וועגן דער וועלט־קאַטאַסטראָפע, וואָס איז עלול צו ברענגען אַן איבערקערעניש אין דער געשיכטע. אַ מפּלה פון דייטשלאַנד, פון דעם דאָזיקן מיליטאַריס־טישן שפּין, וואָס האָט אַרומגעפּלאָנטערט מיט זיין שפּינוועבס גאַנץ אייראָ־פּע, וועט ברענגען פאַר דער וועלט אַ דערלייזונג. אַ געמיינזאַמער זיג פון רוסלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד וועט נישט פאַרשטאַרקן די רעאַקציע אין רוסלאַנד, פאַרקערט, עס קען אָפּריייניקן די אַטמאָספער. אָבער דערווייל

האָבן מיר א „רויטן טויט", א שעכטהויז, אן אומקום פון דער קולטור, א פארוויסטונג פון דער נשמה".

אין איינציקע קרייזן פון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין פעטערבורג האָט די מלחמה ארויסגערופן א פּאַטריאָטישן אויפשוואונג. ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן אז פליכטן זענען אומאָפּטיילבאַר פון רעכט; אז ייִדן, וואָס ווערן צוגלייך מיט אַלע אנדערע בירגער מאָביליזירט אין דער אַרמיי, דאַרפן פאַר־דערן פאר זיך גלייכבאַרעכטיקונג אויך אויף אַלע אנדערע געביטן. עס איז געקומען די צייט — האָט ער געטענהט — ווען מען מוז דערקלערן בקול־רם, אז ייִדן קעמפן פאַר א פריי רוסלאַנד. די דאָזיקע געדאַנקען פלעגט ער ארויסברענגען אויף די זיצונגען פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז באַ־שטאַנען פון פאַרשטייער פון פאַרשידענע ייִדישע פּאַרטייען און וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַרטיידיקן די ייִדישע באַפעלקערונג קעגן דעם ווילקיר פון דער קריגסמאַכט. די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גערופן „פּאָליטישע באַראַטונג", פלעגט זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די רדיפות קעגן ייִדן אין דער פראָנט־זאָנע. די ידיעות, וואָס פלעגן אָנקומען פון די שטעט און שטעטלעך פון תחום־המושב, און די דערציילונגען פון די פליטים פון די מערב־קאַנטן האָבן געשאַפן א געדריקטע אַטמאָספער. ש. דובנאָוו פאַר־שרייבט אין זיין טאָגבוך: „עס ווילט זיך גלויבן אין דער באַנייאונג פון דער מענטשהייט נאָך דער מלחמה, אָבער דערווייל האָבן מיר ארום זיך אן אַטמאָספער פון היהשער פאַרווילדונג. אפילו ביי די קולטורעלע פעלקער. די פליטים, וואָס קומען אָן טאָג־טעגלעך דורך שוועדן און פינלאַנד, דערציילן שוידערלעכע געשיכטעס וועגן דער דייטשער אכזריות".

עס איז שווער געווען אַוועקצוגיין פון דעם אומרויקן היינט און זיך פאַרטיפן אין דער פאַרגאַנגענהייט. „ווי קען מען געפינען די רו, וואָס איז נויטיק פאַר דער אַרבעט? — פרעגט דער צערודערטער היסטאָריקער — און ווי אַזוי נעמט מען זיך צו דער אַרבעט, וואָס ברענגט רו און אינערלעכע גלייכגעוויכט? דאָס איז א פאַרכישופטער קרייז!" מיט א שווער געפיל שרייבט ער אַריין די לעצטע שורות אין דעם דיקן העפט פון זיין טאָגבוך, וואָס נעמט ארום אן אָפּשניט פון פיר יאָר: „אונטערן שווערן איינדרוק פון די מלחמה־גרוילן שליס איך דעם דאָזיקן נאָטיץ־בוך... א צערודערטער שטיי איך ביים קבר פון דעם עבר און פאַר דער רעטעניש פון דער נאָענטסטער צוקונפט. איך פיל אז א גרויסער איבערברוך גרייט זיך אין דער וועלט־גע־שיכטע און אין דער געשיכטע פון מיין פאָלק. וועל איך ווייטער פירן די כראָניק פון מיין לעבן, וואָס איז צונויפגעוועבט מיט לעבן פון פאָלק, מיט זיין נעכטן און זיין היינט".

שפּעטער, אונטערן דירעקטן איינדרוק פון די ידיעות וועגן די אומ־

אויפהערלעכע רדיפות קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אין דער פראָנט־זאָנע, שרייבט ש. דובנאָוו: „נעכטן איז פאָרגעקומען די צווייטע באַראַטונג וועגן הילף פאַר די מלחמה־קרבנות. די ריזיקע אויפגאַבע האָט זיך אין איר גאַנצער גרויס געשטעלט פאַר אונדזערע אויגן: מען דאַרף ראַטעווען פון אַ הונגער־טויט שיר נישט אַ העלפט פון דער רואינירטער יידישער באַפעלקערונג, וואָס לויפט פון דעם חרובן תחום־המושב... פּאָליטישע הילף איז צווייפלהאַפט". ווען אַ דעלעגאַציע פון יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס האָט זיך באַמיט, אַז מען זאָל די פּליטים אַריינלאָזן אין די שטעט, וואָס ליגן מחוץ דעם תחום־המושב, האָט דער פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראַט זיך פאַרוווּנדערט: „פון וואַנען נעמט זיך צו אייך, יידן, אַזאַ אָפּטימיזם?". אין דער זעלבער צייט האָט דער בילדונגס־מיניסטער דערקלערט, אַז אַלע האָפענונגען אויף דעם, אַז די באַגרענעצונגען קעגן יידן וועלן ווערן אָפּגעשאַפט, האָבן קיין גרונט נישט. „אַזוי רעדט מען מיט אונדז — שרייבט ש. דובנאָוו — אין דער צייט ווען טויזנטער פון אונדזערע ברידער פאַלן אויף די פעלדער פון פּוילן, וואָלין און פּאָדאָליע אין קאַמף פאַר רוסלאַנד".

מיט גרויס אָנשטרענגונג האָט דער היסטאָריקער זיך געצוווּנגען צו נעמען צו דער איבערגעריסענער אַרבעט. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי אין די יונגע יאָרן האָט ער, צוגלייך מיט בערנען, פאַראורטיילט געטען דערפאַר, וואָס ער האָט בעת די שלאַכטן ביי יען געקענט רואיק זיצן ביי זיינע ביכער. „איצט — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — קוק איך אַנדערש אויף דעם ענין. אויב פאַר געטען איז די וויסנשאַפט... געווען... אַ טיפע אינערלעכע באַדערפעניש, קען מען אין דאָזיקן פאַקט זען די גרויסקייט פון גייסט, וואָס שטייט איבער דעם גורל פון מענטשן. פונדעסטוועגן איז מיר שווער זיך צו פאַרפרירן אויף דער דאָזיקער הויך".

מיטן לויף פון דער צייט האָבן די רדיפות מצד די אָרגאַנען פון דער מיליטערישער מאַכט אָנגענומען נאָך מער גרויזאַמע פאָרמען. דער אָפיציר־לער מאָטיוו איז געווען אַ בילבול, פאַרשפּרייט דורך אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, אַז אַ סך יידן פון די פראָנט־געביטן האָבן אַן „עסטרייכישע אָריענטאַציע" און אַז זיי העלפן דעם שונא. בעת די פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפט האָבן אויף אומענדלעכע באַראַטונגען זיך געאַמפּערט איבערן טעקסט פון אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע, האָט די מיליטערישע מאַכט, אַ צערייצטע צוליב די בסדרדיקע מפּלות, אומברחמנותדיק זיך נוקם געווען אין די יידישע ערובניקעס. דאָס געפיל פון אומבאַהאָלפנקייט האָט געפייניקט דעם היסטאָריקער, וואָס האָט זיך געוואָרפן פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט צו דער געזעלשאַפטלעכער, פון דער פאַרגאַנגענהייט צו דער היינטיקער צייט.

אין סעפּטעמבער 1914 איז ש. דובנאָוו אַלט געוואָרן 54 יאָר. אין זיין טאָגבוך שרייבט ער אַריין יענעם טאָג: „פיר און פופציק יאָר האָב איך שוין הינטער זיך. שוין 54? נאָר 54? אַ דאָפּלטע פראַגע. אַ סך האָב איך שוין אָפּגעטאָן, אָבער נאָך מער איז נאָך פאַרבליבן צו טאָן". אין יענעם טאָג האָט ער דערפילט אַ שאַרפע באַדערפעניש אויפצולעבן די אַמאָליקע יאָרן. אונטער אַ דראָבנע רעגנדל האָט ער געשפּאַנט איבער די גרויע גאַסן פון דעם האַנדלס־קוואַרטאַל און געזוכט שפּורן פון זיין יוגנט: ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט פאַר דעם געלן הויז, וווּ ער האָט געוווינט אין די 80־ער יאָרן, און דערנאָך געשפּאַנט איבער דעם הויעקרדיקן בריקל צו דעם טונקעלן מויער, וווּ ס'האָט זיך אַמאָל געפונען די רעדאַקציע פון „וואָסכאָד". וויפיל מאָל פלעגט ער אַ פאַרסאָפּעטער אַרויפלויפן אויף די הויכע טרעפּ מיט אַ מאַנוסקריפּט אין דער קעשענע, אַ מאַנוסקריפּט, פול מיט געדאַנקען וואָס האָבן געברענט דעם מוח אין שלאָפלאָזע נעכט... פון יענער צייט זענען אַריבער גאַנצע דריי צענדליק יאָר — און וואָס פאַר אַ יאָרן!.

דער ענגליש־אַנגעהויבענער טאָג האָט זיך, ווי געוויינלעך, פאַרענדיקט מיט אַ טומלדיקער זיצונג. צומאָרגנס פאַרשרייבט ש. דובנאָוו אין זיין טאָגבוך: „זיצונגען, אומענדלעכע דיסקוסיעס, באַשלוסן, וואָס ווערן נישט פאַרווירקלעכט — אַ נייטיקע אַרבעט, אָבער אַ סך כוחות גייען פאַרלוירן פּרוכטלאָז... נישט שוין זשע דאַרף איך ווידער פיבערן מיט די אַלע איבערלעבענישן — אינדערפרי ביים לייענען די צייטונגען, אין אָוונט אויף די זיצונגען, און אין מיטן טאָג, צווישן די צוויי גהינומס, שאַפן היסטאָריאָגראַפיע?".

נישט נאָר דער אינערלעכער אומרו האָט געשטערט דעם היסטאָריקער צו פאַרטיפן זיך אין עבר. די מלחמה איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" האָט פאַרלוירן אירע מיטאַרבעטער פון פּוילן, וואָס פלעגן צושטעלן אַ רייכן און ווערטפולן מאַטעריאַל. דער רעדאַקטאָר האָט זיך באַמיט אויסצופילן דעם דאַזיקן בלויז מיט מאַטעריאַלן פון זיין אַרכיוו — בריוו און דאָקומענטן. זיינע אייגענע ברייטע פּלענער האָט געדראָאָט אַ קאַטאַסטראָפע. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס דרוקן פון דעם איבערגעאַרבעטן באַנד „אַלטע יידישע געשיכטע" אויף רוסיש, מ'האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דעם פּראָיעקט אַרויסצוגעבן די „נייעסטע יידישע געשיכטע" אויף העברעיש און דייטש. „מיר לעבן ווי אין באַלאַגערונגס־צושטאַנד... — פאַרצייכנט ש. דובנאָוו אין זיין טאָגבוך — די פאַרשפּרייטונג פון מיינע אויסגאַבעס האָט זיך אָפּגעשטעלט. די ביכערהענדלער צאָלן נישט. מען מוז לעבן פון די מאָגערע אָפּשפּאָרונגען. דער קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט איז כמעט אינגאַנצן איבערגעריסן".

די דאָקומענטן, וואָס דער הילפס־קאָמיטעט האָט צונויפגעזאַמלט, האָבן געשילדערט אַ שוידערלעך בילד; ש. דובנאָוו האָט לאַנגע שעהן פאַרבראַכט ביים לייענען די רשימות פון טרוקענע פאַקטן. ער האָט געפילט אַז מען דאַרף אינפאָרמירן די ברייטע עפנטלעכקייט, ברענגען צום אויסדרוק דעם צאָרן און ווייטיק; עס האָט אָבער געשטערט די קריגס־צענזור. „מיר דאַרפן שרייען, און דאָ טאָר מען אפילו נישט רעדן מיט האַלבע ווערטער — שרייבט דער היסטאָריקער דעם 19־טן דעצעמבער 1914 — עס לאָזט מיך נישט צורו דער פּלאַן וועגן פאַרעפנטלעכן אַ סעריע קורצע אַרטיקלען אונטער דעם נאָמען ''Inter Arma'' דאָס ערשטע אַרטיקל פון דעם ציקל — „רעכט און פליכט" האָט זיך באַוויזן אין „נאָווי וואָסכאָד" (1915, נ. 1.) דובנאָוו קריטיקירט דאָרט אַ רעדע פון אַ באַקאַנטן יידישן געזעלשאַפטלעכן טוער: „דעם סאַמע אומגליקלעכסטן פאָלק רעקאָמענדירט מען ער זאָל נישט טראַכטן אין דער צייט פון דער מלחמה... וועגן יענעם פּשוטן אַקט פון בירגערלעכער גערעכטיקייט, וואָס דאַרף, על־פּי־יושר, קומען נאָך דער איצטיקער מלחמה מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון, לכל־הפּחות, גאַנצע הונדערט יאָר... עס קען זיך שאַפן אַ פאַרשטעלונג, אַז יידן זענען פּאַריער, וואָס גייען אפילו אין שלאַכטפעלד מיטן חותם פון אייביקער קנעכטשאַפט".

נאָכן ערשטן אַרטיקל, אין וועלכן דער צענזאָר האָט געמאַכט באַדייטנדיקע שניטן, האָבן זיך באַוויזן אַ ריי אַנדערע*). מיט ווייטיק אָטעמען די שורות: „מען רעדט וועגן דער טראַגעדיע פון פּוילן, וועמענס זין עס קעמפן אין די אַרמייען פון דריי מלוכות. וואָס זאָל מען שוין זאָגן וועגן דער טראַגעדיע פון אַ פאָלק, וועמענס קינדער פאַרגיסן זייער בלוט אין די אַרמייען פון גאַנצע אַכט מלוכות, וואָס פינף פון זיי געהערן צו איין צד, און דריי — צו אַ צווייטן?"

אין דאָזיקן אַרטיקל איז צום ערשטן מאָל אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער געדאַנק, אַז אין רעזולטאַט פון דער מלחמה וועט די יידן־פראַגע אַריינטרעטן אין אַ נייער פאַזע — זי וועט ווערן אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעם. דער דאָזיקער געדאַנק גייט דורך דעם גאַנצן ציקל ''Inter Arma'' אַריינטראָגנדיק אין אים אַן אָפּטימיסטישן טאָן. מיט אַ באַזונדער קלאָרקייט איז די פּראָבלעם באַהאַנדלט געוואָרן אין אַ גרויס אַרטיקל וועגן די פּערספּעקטיוון פון דער מלחמה**). פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט האָט דער מחבר גענומען די דערקלערונג פון די אַליאירטע מלוכות וועגן „פרייהייט פאַר די קליינע פעלקער". ער זעט פאָר, אַז אין רעזולטאַט פון דער מלחמה וועלן אויפקו־

*) „נ. וואָסכאָד" נר. 2, 3, 4, 5, 6.

**) „די פּערספּעקטיוון פון דער וועלט־מלחמה און די יידן־פראַגע", „נאָווי וואָסכאָד" 1915 נר. 2.

מען נייע מלוכות און עס וועט באַשאַפן ווערן די מעגלעכקייט צו באַשיצן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן דורך אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך.

ש. דובנאָוו האָט שטענדיק געפילט, אַז געשיכטע איז ענג צונויפגעבונדן מיטן היינט. אויף איינער פון די לעקציעס אויף די קורסן פאַר מזרח־קענטעניש האָט ער די דאָזיקע שייכות כאַראַקטעריזירט אויף אַזאַ אופן: „דער תוך פון היסטאָריזם ליגט אין דעם, אַז מען זאָל דאָס פאַרגאַנגענע אויפנעמען מיט דער לעבעדיקייט פון דעם לויפנדיקן מאָמענט, און דעם היינט זאָל מען באַנעמען היסטאָריש". במשך פון זיין גאַנצער טעטיקייט האָט ש. דובנאָוו געהאַט אַ ווידערווילן צו ריין־פאָרמעלער, „טויטער וויסנשאַפט". ער האָט דאָס דערפילט באַזונדער שטאַרק, ווען אים איז אויסגעקומען צו באַזוכן, אין שליחות פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, דעם אַלטן היסטאָריקער האַרקאַווי. דער אַלטיטשקער געלערנטער, וואָס איז געווען ווי דורכגענומען מיטן שטויב פון די ספרים, האָט אויפגענומען דעם גאַסט נישט גאָר פריינדלעך, ער האָט נישט פאַרגעסן, אַז מיט יאָרן צוריק האָט דער יונגער, קאַמפּלוסטיקער קריטיקער געשריבן וועגן אים, ווי וועגן דער פאַרקערפּערונג פון טרוקענער, נשמהלאָזער געלערנטקייט... איצט, אין דרייסיק יאָר אַרום, איז דער זעלבער קריטיקער גרייט געווען צו באַשטעטיקן די אַמאָליקע כאַראַקטעריסטיק. „אַלץ איז דאָ פאַרגליווערט, — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך -- אַ מומיע פון געשיכטע איז פאַרגראָבן אין אַ קעלער צווישן ביכער און פּאַפּירן... אונדזערע וועגן גייען זיך באמת פונאַנדער. פאַר מיר איז געשיכטע אַ קוואַל פון שפּרודלדיקן לעבן, פון קאַמף, פון שאַפן, אַ קוואַל פון וועלט־באַנעמונג..."

די דאָזיקע לעבעדיקע געשיכטע האָט עס באַגייסטערט ש. דובנאָוון, בעת ער האָט פאַר אַן אַמעריקאַנער פאַרלאַג געשריבן אַ מאָנאָגראַפיע וועגן דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן און רוסלאַנד. באַאַרבעטנדיק פאַר דעם צוועק אַ גרויסן, דורך קיינעם נאָך נישט אויסגענוצטן מאַטעריאַל האָט דער היסטאָריקער באַשלאָסן צו מאַכן פאַר זיין לעבנס־אויפגאַבע דאָס מאָנומענטאַלע ווערק — די אַלגעמיינע געשיכטע פון יידישן פאָלק; די געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום, וואָס איז, לכתחילה, פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ באַזונדערע מאָנאָגראַפיע, האָט ער איצט געהאַט בדעה איינצושליסן ווי אַ באַשטאַנד־טייל אין זיין גרויס ווערק. ער האָט ביים גורל געבעטן נאָר איינס: דערלעבן צו דערפירן די אַרבעט ביז צום סוף...

די ידיעות וועגן די מפּלות אויפן פראָנט האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע צעטרודערונג איבערן גאַנצן לאַנד. אין דער דאָזיקער אַטמאָספער זענען די אַנטיסעמיטישע שטימונגען שטאַרק געוואַקסן אונטער דער ווירקונג פון ניפטיקע קלאַנגען; עס איז אָבער גלייכצייטיק געוואַקסן דער ווידערשטאַנד

קעגן אַנטיסעמיטיזם אין די קרייזן פון דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. ש. דובנאָוו דערמאָנט אין זיין טאָגבוך דעם פּאָלעמיקן פּראָטעסט פון באַקאַנטן רוסישן שרייבער לעאָניד אַנדרעיעוו קעגן די ראַסן־פאַרפאָלגונגען, וואָס זע־נען אַ חרפּה פאַר רוסלאַנד. אין 1915 איז דורך דער איניציאַטיוו פון מ. גאָרקי, ל. אַנדרעיעוו און פ. סאָלאָגוב, געשאַפן געוואָרן די „ליגע צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם". אויף דעם היסטאָריקער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם די ערשטע פאַרזאַמלונג פון דער ליגע, וואָס מ. גאָרקי האָט געעפנט מיט אַ רעדע, דורכגעדרונגען מיט צאָרן און ווייטיק. מיט גרויס באַפרידי־קונג האָט זיך ש. דובנאָוו צוגעהערט אויך צו די אַנדערע רעדעס, אין וועל־כע עס האָבן געקלונגען קאַמפס־טענער. אין דער פּרעסע, וואָס איז געווען געפּענטעט דורך דער שטרענגער צענזור, וואָלט אַזאַ דרייסטע קריטיק פון דער רעגירונג נישט מעגלעך געווען. דעם ציקל "Inter Arma" האָט דער מחבר טאַקע נישט געקענט פאַרענדיקן: די מיליטערישע צענזור האָט פאַרמאַכט דעם „נאָווי וואָסכאָד" און באַלד נאָך דעם אויך די אַנדערע רו־סיש־יידישע זשורנאַלן.

דעם שרייבערס פּובליציסטישער טעמפּעראַמענט האָט געפונען אַן אָנ־ווענדונג אויף די בלעטער פון דער נייער „אַלגעמיינער געשיכטע". האַל־טנדיק ביי די לעצטע קאַפּיטלען, האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער אַל־טער טעמע — „די דרייסיק־יעריקע מלחמה" פון דעם צאַרישן רעזשים קעגן יידן — און האָט זי גרינטלעך איבערגעאַרבעט. דאָס שרייבן האָט אים באַ־רואיקט. „אין דער שטילקייט פון מיין קאַבינעט — זאָגט אַ נאָטיץ פון 1־טן אויגוסט 1915 — שטעל איך צונויף אויפן סמך פון די פּעריאָדישע אויסגאַבן אַ כראָנאָלאָגיע, אָנהייבנדיק פון 1881. מיטן באַגינען פון דער דאָ־זיקער עפּאָכע איז צונויפגעוועבט מיין יוגנט, מיט איר ווייטערדיקן גאַנג איז פאַרבונדן מיין גאַנץ לעבן. און אָן פּערזענלעכע זכרונות וועל איך זיך אין דער דאָזיקער אַרבעט נישט קענען באַגיין".

די אויסערלעכע לעבנס־באַדינגונגען האָבן זיך, וואָס ווייטער, אַלץ מער פאַרערגערט. אין לאַנד האָט מען אָנגעהויבן צו פילן אַ מאַנגל אין פּראָדוקטן, דער יקרות איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. עס האָט דעם שריי־בער טיילמאָל אויסגעזען משונהדיק, וואָס נישט געקוקט אויף די אַלע שווע־ריקייטן, און אויף די שווערלעכע ידיעות פון פראָנט, גייט זיך דאָס לעבן זיין וועג: „...מיר זענען נאָך בכוח — שרייבט ער — אָפּצוהאַלטן זיצונ־גען פון דעם קאָמיטעט פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, מיר רעדן וועגן היסטאָרישע מאַטעריאַלן, וועגן ליטעראַרישע אונטערנעמונ־גען (אַ באַראַטונג ביי מ. גאָרקין וועגן אַ יידישן נאַציאָנאַלן זאַמל־בוך) און איך רעדאַגיר די „סטאַרינאַ".

## סאָפיע דובנאָוו־ערליך

אין נאָוועמבער 1915 איז נאָך אַ לאַנגן איבעררייס אָנגעקומען פון לאָנדאָן אַ בריוו פון אחד־העמען. כאָטש דער בריוו איז געווען געשריבן, ווי געוויינלעך, אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן, האָט מען געפילט, ווי טיף אחד־העם איז אויפגעטרייסלט צוליב דער מלחמה. „אין צענטער פון דעם וועלט־געוויסן — האָט ער געשריבן — האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער געוויסן איז אַן איינרעדעניש". דאָס איז געווען אַ ווײ־געשריי פון אַ מענטשן מיט הויכע מאָראַלישע פאָדערונגען, וואָס איז מבולבל געוואָרן פון די צעהולעטע ווילדע אינסטינקטן. אונטערן איינדרוק פון דעם דאָזיקן טראַגישן בריוו האָט ש. דובנאָוו אָנגעשריבן אַן אַרטיקל א. נ. „דע פראָפונדיס". מיט זיין שטענדיקן אָפּטימיזם האָט ער געטענהט, אַז נאָך דער שוידערלעכער שחיטה מוז אויפוואַכן דאָס געוויסן פון דער וועלט, אַנדערש וואָלט דאָס לעבן קיין זין נישט געהאַט. אָבער טאַקע דער געדאַנק וועגן דער זינלאָזיקייט פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ האָט ווי אַ וואָרעם געפרעסן אחד־העמ'ס מוח...

ש. דובנאָוו איז געווען טיף פאַרביטערט צוליב די רדיפות פון דער צענזור. ער האָט אָבער זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון פובליציסטיק. דער עסיי „די געשיכטע פון אַ יידישן סאָלדאַט" *), שטעלט מיט זיך פאָר אַ וידוי פון אַן אָנטיילנעמער אין דער וועלט־מלחמה וואָס איז שוין פריער געווען אַ קרבן פון דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. נאָר דאָס ערשטע קאַפּיטל פון דער דאָזיקער פובליציסטישער פּאָעמע האָט באַוויזן צו דערזען די ליכטיקע שיין. די וויטערדיקע קאַפּיטלען זענען דורך דער צענזור פאַרבאָטן געוואָרן. אויף גאָרקין האָט דער עסיי געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, און ער האָט אים געוואָלט אָפּדרוקן אין זיין זשורנאַל „לעטאָפּיס". די צענזור האָט עס אָבער נישט דערלאָזט. ש. דובנאָוו האָט געטראַכט וועגן אַרויסגעבן אין אַן אַנדער לאַנד דעם עסיי, וואָס איז פול געווען מיט צאָרן און ווייטיק, עס האָט זיך אים אָבער נישט איינגעגעבן איבערצושיקן דעם מאַנוסקריפּט קיין אויסלאַנד.

אין דער אַטמאָספער פון דער וועלט־שחיטה איז שטאַרק אָפּגעשטומפּט געוואָרן די פילבאַרקייט צו געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע פאַרלוסטן, פונדעסטוועגן פלעגט ש. דובנאָוו יעדעס מאָל, ווען דער טויט האָט אַרויס־געריסן פון די רייען איינעם פון זיינע בני־דור אין דער ליטעראַטור, דאָס אָפּפילן ווי אַ שווערן פערזענלעכן קלאַפּ. ער האָט זיך געפילט שטאַרק דער־שלאָגן ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן טויט פון שלום־עליכם אין ניו־יאָרק. ס'קען זיין, אַז ערשט איצט האָט ער אויף אַן אמת פאַרשטאַנען,

---

*) „יעווריעסקאַיאַ ניעדיעלאַ", נר. נר. 11, 14.

וויפל חכמה עס איז געווען פאַרבאָרגן אין יענער „מענטשלעכער פשטות", מיט וועלכער ער באַצייכנט אין טאָגבוך, ווי אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך פון זיין פאַרשטאָרבענעם פריינד. „כ'האָב זיך קיינמאָל נישט פאַרגעשטעלט — שרייבט ש. דובנאָוו אין זיינע זכרונות, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר „יעווריסקאַיאַ סטאַרינאַ" — אַז ביי דער פאַרשידנאַרטיקייט פון אונדזערע כאַראַקטערן, וועל איך מיט אַזאַ טיפער גערירטקייט טראַכטן וועגן אונדזערע באַגעגענישן".

אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען אַ בריוו פון ש. פרוג, וועלכער איז געווען מסוכן קראַנק; צום בריוו זענען געווען בייגעלייגט לידער אין וועלכע דער פּאָעט געזעגנט זיך מיטן לעבן. די יסורים האָבן געדויערט עטלעכע חדשים. ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז פרוג איז געשטאָרבן האָט ש. דובנאָוו געווידמעט זיין אָנדענק אַ קאַפּיטל זכרונות אין „סטאַרינאַ" און אַ רעפעראַט אין דער היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט. זיין האַרץ איז נאָך געווען פאַרקלעמט פון דעם פרישן פאַרלוסט, ווען עס איז אָנגעקומען אַ טרויעריקער בריוו פון אחד-העמן; דער בריוו איז געווען דורכגענומען מיט שווערע פאַרגעפילן, און איינציקע שטעלן האָבן געקלונגען ווי אַ צוואה. אחד-העם האָט זיך געווענדעט צו זיין אַלטן פריינד מיט אַן אומגעריכטער בקשה. „נאָך מיין טויט — האָט ער געשריבן — באַמיט זיך צו באַשיצן מיין אָנדענק קעגן די אַלע וווּלגאַרע הספדים, רעדעס און אַרטיקלען... איר קענט דערקלערן... אַז ווי אַן אַלטער נאָענטער פריינד, ווייסט איר, אַז דער „פאַרשטאָרבענער" איז געווען אַ קעגנער פון טומלדיקע אויסדרוקן פון געפילן..." ש. דובנאָוו האָט בעתן לייענען די דאָזיקע שורות נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן. אין טאָגבוך האָט ער דעמאָלט פאַרשריבן: „מענטשן, באַגעגענישן, געמיינזאַמע פרייד אָדער טרויער... שאַפן דאָס געוועב פון לעבן. צוערשט ווערט דאָס געוועב אַלץ געדיכטער, עס פלעכטן זיך אַריין אַלץ נייע און נייע פעדים... דערנאָך קומט דער טויט און הייבט אָן אַרויסצורייסן די פעדים פון דעם געוועב, איינציקווייז, פאָדים נאָך פאָדים, און דו פילסט, אַז דאָס געוועב ווערט ביסלעכווייז צעשטערט, עס רייסן זיך די פעדים אין דיין נשמה. עס שטאַרבט דיין קרייז, דיין דור"...

אין האַרבסט 1916 איז דעם שרייבער אויסגעקומען דורכצומאַכן נאָך אַ שווערן נסיון. עס איז קראַנק געוואָרן זיין זון יעקב, און די קראַנקהייט האָט שיר נישט אונטערגעשניטן דאָס יונגע לעבן. זיין 56-טן געבורטס-טאָג האָט ש. דובנאָוו באַגעגנט „אין טרויעריקע מחשבות וועגן נאָענטן סוף פון לעבן, וועגן דעם, ווי ווייט ער איז נאָך פון פאַרווירקלעכן זיין לעבנס-אויפגאַבע, וועגן דעם חורבן פון דער אייראָפּעישער קולטור און פון די העכסטע גייסטיקע ווערטן". אַלץ זעלטענער קלינגען אין טאָגבוך טענער

פון מונטערקייט. ש. דובנאָוו פאַרלירט נישט דעם גלויבן, אַז נאָך דער מלחמה וועט דאָס יידישע לעבן זיך בויען אויפן פרינציפּ פון „אַ פאָלק צווישן פעלקער", ער איז אָבער מסופק, צי אים אַליין וועט נאָך באַשערט זיין אָנטיילצונעמען אין דאָזיקן פּראָצעס.

דאָס יאָר 1917 האָט זיך אָנגעהויבן אין אַן אַטמאָספער פון צערודערונג און אומרו. כמעט אויפן שוועל פון דאָזיקן יאָר איז אין אַ שטורעמדיקער נאַכט דערהרגעט געוואָרן ראַספּוטין, דער בייזער גייסט פון דער צאַרישער דינאַסטיע. זיין טויט האָט מען אויפגענומען ווי אַן אָנזאָג, אַז די זעלבסטהערשאַפט וועט איינגיכן פאַלן. דאָס לעבן איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער. אין די לאַנגע פּראָסטיקע נעכט זענען פרויען געשטאַנען אין די רייען נעבן די קראָמען, וואַרטנדיק אויף ברויט. אַ פינצטערער געמורמל האָט זיך אַרומגעטראָגן צווישן דעם עולם, ווי דער בייזער קאַלטער ווינט פון דער ניעווע. אין אַ נאָטיץ אין טאָגבוך, געשריבן כמעט ערב דער מערץ־רעוואָלוציע, פאַרצייכנט ש. דובנאָוו: „היינט האָט מען אין שטאָט פאַגראָמירט עטלעכע בעקערייען: מען האָט געפאָדערט ברויט. די פאַבריקן האָבן געשטרייקט... אַמאָל איז אין דער דאָזיקער צייט פאָרגעקומען די פורים־סעודה, מ'האָט געפירט שמועסן, איצט — אַ טויטע שטילקייט... מען זעט נישט קיין מענטשן. אַלע ווערטער זענען שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן, "Morituri"ן שווייגן עקשנותדיק... מיר לעבן אין אַ קעניגרייך פון טויט: עס שטאַרבן מענטשן, עפּאָכעס, קולטורן"...

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

# דער גרויסער איבערברוך

אין די פּראַקטיקע מערץ־טעג פון 1917, טעג וואָס האָבן אויפגע־טרייסלט די וועלט, איז ש. דובנאָוו געלעגן אויף אַ שווערער אינפלוענציע. ווי אַ שטורעם האָבן זיך אין זיין מוח, אַ פאַרנעפּלטן פון היץ, אַריינגע־ריסן ידיעות פון דער גאַס, איינע אומגלויבלעכער פון דער אַנדערער. דאָס שווייגן פון דער פּרעסע האָט נאָך מער געשטאַרקט דעם אומרו — די גאַנ־צע שטאָט איז געשטאַנען אין שטרייק. ווי נאָר די היץ איז געפאַלן, האָט עס דעם קראַנקן אַ צי געטאָן צום טאָגבוך. אין יענער אומרואיקער צייט זענען די קורצע נאָטיצן אין טאָגבוך געוואָרן פאַר אים אַ שטענדיקע באַ־דערפעניש. דאָס זענען געווען נישט קיין פאַרצייכענונגען פון אַ כראָניקער, אַזוי ווי ער האָט עס אין אָנהייב געהאַט פאַרטראַכט, נאָר אַ געשריי פון אַ מענטשן, וואָס זוכט פאַר זיך אַן אָנשפּאַר־פּונקט אין מיטן כאַאָס. צוגלייך מיט דער גרעסטער טייל פון דער אָפּאָזיציאָנעלער אינטעליגענץ, איז ש. דובנאָוו, וואָס האָט אין משך פון צענדליקער יאָרן געוואַרט אויף דער רע־וואָלוציע, געוואָרן צעטומלט, געפינענדיק זיך פּנים אל פּנים מיט דער אויפגעברויזטער סטיכיע. דער טאָגבוך האָט אָפּגעשפּיגלט די דאָזיקע צערו־דערונג: דער מחבר דריקט אויס זיין פרייד צוליב דעם, וואָס דאָס לאַנד איז באַפרייט געוואָרן פון דעם פאַרהאַסטן רעזשים, ער שרעקט זיך אָבער פאַר דער אַנאַרכיע. די באַגעגעניש פון די צוויי טויט־ברענגענדיקע שטור־רעמס — מלחמה און רעוואָלוציע — וועקן אימהדיקע פאַרגעפילן.

אין אַ פאַרצייכענונג אָנהייב מערץ שרייבט ער: „עס זענען נישט אַרויס די צייטונגען, די טראַמווייען גייען נישט. דער שטרייק האָט דערגרייכט דעם פאַרנעם פון 1905... מען ווייסט נישט, וואָס עס האָט נעכטן באַ־שלאָסן די מלוכה־דומע... ס'איז נישטאָ קיין אײן מיראַבאָ צווישן די מע־סיקע, קיין איין דאַנטאָן צווישן די עקסטרעמע.״ אויף צומאָרגנס האָט ער שוין מער נישט קיין ספקות: „ניין, דאָס איז נישט קיין בונט, נאָר אַן אמתע רעוואָלוציע... פיר גוואַרדיע־פּאָלקן זענען צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציע,

זיי האָבן פאַרכאַפּט דעם אַרסענאַל, און באַוואָפנענען, זאָגט מען, די באַפעל־קערונג... דער גרויסער היסטאָרישער מאָמענט איז אָנגעקומען. צי וועט אַמאָל זיך נישט אַרויסווייזן, אַז די געזעלשאַפט איז צו קליין לגבי אים?"

ש. דובנאָוו איז נאָך דער שווערער קראַנקהייט פּאַמעלעך געקומען צוריק צו די כוחות, אָבער איינזיצן אין שטוב האָט ער נישט געקענט. אַרומ־געוויקלט דעם האַלדז מיט אַ וואַרימען שאַליק, פלעגט ער אַרויסגיין אויפן ברייטן פאַרשנייטן פּראָספּעקט. פאַרביי אים האָבן זיך געטראָגן לאַסט־אויטאָס מיט רויטע פענער און אויסגעשטרעקטע באַגנעטן: דאָס זענען איבער דער שטאָט אַרומגעפאָרן די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן און מאַטראָזן, וואָס האָבן ליקווידירט די איבערגעבליבענע רעשטלעך פון דער פּאָליציי. ערטער־וויז האָבן פון די דעכער און בוידעם־פענצטער געשאָסן די לעצטע פאַר־טיידיקער פון אַלטן רעזשים. פאַר דער שיסעריי, וואָס איז געווען אַ מאָנ־טעגלעכע דערשיינונג אין יענע טעג, האָט דער שרייבער נישט מורא גע־האַט. ער האָט אַפילו נישט פאַרגיכערט זיין טראָט, לאַנג פלעגט ער שטיין נעבן די טוירן און סלופּעס, וואָס זענען געווען באַקלעפּט מיט מעלדונגען און אויפרופן. אָפט פלעגן זיך אַרום אים צונויפקלייבן פאַרבייגייער — ווייבער אין טיכלעך, גאַסן־פאַרקויפערס, און ער האָט פאַר זיי געלייענט די באַשלוסן פון דער צייטווייליקער רעגירונג און די אויפרופן פון אַרבעטער־ראַט. אַהיימקומענדיק האָט ער זיך געאײַלט צו פאַרשרייבן אין טאָגבוך זיי־נע איינדרוקן. „דאָס האַרץ איז פול מיט דער גרויסקייט פון מאָמענט — האָט ער געשריבן — ...עס האָט אונדז אָפּגענאַרט דאָס יאָר 1905; אפשר וועט דאָס יאָר 1917 נישט אָפּנאַרן? און אויב דאָס וועט געשען, דעמאָלט איז רוסלאַנד פאַרלוירן."

אין איינער אַ נאָטיץ באַמערקט ער: „עפּעס אויסטערלישעס האָט אין זיך די דאָזיקע רעוואָלוציע: זי איז ווי דער היינטיקער וועטער: אַ פרילינג־זון און אַ שאַרפע ווינטערדיקע קעלט. ס'איז געוואָרן ליכטיק, אָבער ס'איז נישטאָ קיין וואַרימקייט. דאָס האַרץ איז אומרואיק — אפשר דערפאַר, וואָס אויף די פראָנטן גרייטן זיך גרויזאַמע געשעענישן און ביי דער מאַסע סאָל־דאַטן און פויערים קען זיך רעוואָלוציע און קאָנטררעוואָלוציע פאַרפלאָנ־טערן אין אַ בלוטיקן קנויל. אַלץ איז, דוכט זיך, גוט: די גלייכבאַרעכטיקונג איז ווי אַ שניי אַראָפּגעפאַלן אויף אונדזער קאָפּ; דאָס, פאַר וואָס מיר האָבן צענדליקער יאָרן געקעמפט, איז ענדלעך, דערגרייכט געוואָרן, און דער ני־דערטרעכטיקער פּאָליציייאישער רעזשים איז אַראָפּגעוואָרפן... נעכטן אין אָוונט אויף אַ זיצונג... האָבן מיר איינער דעם צווייטן זיך צוגעווונטשן... מיר האָבן באַשלאָסן צו שיקן אַ באַגריסונג דער צייטווייליקער רעגירונג

און דעם אַרבעטער־ראַט. מיר האָבן דאָס אָבער געטאָן אָן באַגייסטערונג... דער מלחמה־קאָשמאַר דריקט אויף דער רעוואָלוציע".

דעם ערב־פסח האָט ש. דובנאָוו פאַרבראַכט אַנדערש, ווי אַלע יאָר. געוויינלעך פלעגט ער די סדר־נאַכט פאַרברענגען אין קרייז פון זיינע פריינד. „היינט, 8 אין אָוונט — שרייבט ער — בין איך אַריין אין מיין ביבליאָטעק. דורכן פענצטער האָט מיר אין פנים אַריינגעשיינט אַ פולע פסחדיקע לבנה. דורך טרערן האָב איך געגומען אונטערזינגען אומעטיקע ניגונים פון דאַוונען. די אַמאָליקע יאָרן האָבן אויפגעוואַכט אין מיין זכרון... אַט איז מקוים געוואָרן מיין לאַנגיאָריקער טרוים, אָבער איך ווער שוין אין גיכן אַלט 57 יאָר, און אַרום מיר ווערן וועלטן חרוב אין דעם שרעקלעכן קאַטאַקליזם... נאָכן מבול וועט זיך אָנהייבן דער איבערבוי פון לעבן אויף נייע יסודות... אָבער מיינע כוחות ווערן שוואַכער, און איך דאַרף נאָך פאַרענדיקן דאָס לעבנס־ווערק, מקיים זיין דעם נדר".

ש. דובנאָוו איז געווען זייער צופרידן, ווען ס'איז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון „שוואַרצן קאַבינעט" פון דער צענזור צוויי קאָנפיסקירטע מאַנוסקריפּטן זיינע — די פּובליציסטישע פּאָעמע „די געשיכטע פון אַ יידישן סאָלדאַט"*) און די מאָנאָגראַפיע „יידן אונטער דער הערשאַפט פון ניקאָלאַי דעם צווייטן". די מאָנאָגראַפיע איז געווען באַשטימט פאַר אַן אַמעריקאַנער פאַרלאַג. נאָך אַ לאַנגן איבעררייס האָט דער היסטאָריקער באַנייט די אַרבעט איבער דער „אַלגעמיינער יידישער געשיכטע". אָנהייב מאַי פאַרצייכנט ער: „כ'האָב געשריבן וועגן קריסטנטום אין די ערשטע יאָרהונדערטער, וועגן די עוואַנגעליעס, וועגן אַפּאָקאַליפּסיס... און אַרום האָט געקאָכט דאָס לעבן: די רעוואָלוציע גייט ווייטער... דעם 1־טן מאַי זענען געווען דעמאָנסטראַציעס, מיטינגען. נעכטן האָבן אַרבעטער אַ גאַנצן טאָג דעמאָנסטרירט קעגן דער צייטווייליקער רעגירונג... די סתירה צווישן רעוואָלוציע און מלחמה ווערט אַלץ שרעקלעכער... עס קומט אויס זיך גלייכצייטיק צו פאַרטיפן איןביידע אַפּאָקאַליפּסיסן — אין דעם פון צווייטן יאָרהונדערט און פון 1917. צי איז דאָס נישט דער „סוף פון דער צייט", אַ גרענעץ צווישן דער אַלטער און נייער עפּאָכע?".

אָפט, ווען דער שרייבער פלעגט זיך אין זילבערנעם בין־השמשות פון די פּעטערבורגער ווייסע נעכט צוריקקערן אַהיים נאָך די זיצונגען, פלעגט ער זיך אָנשטויסן אויף לאַנגע רייען, וואָס זענען געשטאַנען פאַר די בעקערייען. די צערודערטע שטאָט פלעגט זיך נישט באַרואיקן אַפילו אין די

---

*) דער עסיי איז איגיכן געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין „יעווריעסקאַיאַ ניעדיעלאַ" נו. 19־23.

שפּעטע נאַכט־שעהן. נישט ווייט פון דובנאָווס וווינונג, אונטערן באַלקאָן פון דער ווייסער ווילע, וואָס האָט פריער געהערט צו אַ באַרימטער טענ־צערין, פּלעגן זיך פאַרזאַמלען אַרבעטער, זעלנער, מאַטראָסן: זיי האָבן גע־וואַרט, אַז אויפן באַלקאָן זאָל זיך באַווייזן דער נידעריקער, ברייט־פּלייצי־קער מאַן,*) און זאָל צו זיי רעדן אויף אַ פּשוטער פאָלקס־שפּראַך וועגן דעם סאַמע וויכטיקסטן פאַר זיי — וועגן ברויט, ערד און שלום... ש. דוב־נאָוו האָט זיך מיט אומרו צוגעקוקט צו די גאַסן־מיטינגען, אין דעם דורכ־זיכטיקן האַלב־טונקל פון די צפונדיקע נעכט, און האָט זיך באַמיט צו פאַרשטיין זייער באַדייטונג... און אינדערפרי פלעגט ער ווידער אַוועקגיין אויף זעקס אָדער אַכט שעה אין דער טיפעניש פון דער פאַרגאַנגענהייט...

אָנהייב זומער שרייבט ער: „דער המשך פון דער מלחמה דראָט מיט אַ ווייטערדיקן וווקס פון אַנאַרכיע, הונגער און עפּידעמיעס. אַ סעפּאַראַטער שלום מיינט איבעררייסן מיט די אַליאירטע און אַ פולשטענדיקער פונאַנ־דערפאַל פון דער מלוכה; דאָס איז אַ פאַרכישופטער קרייז, אין וועלכן רוס־לאַנד ווערט דערשטיקט". וועגן דער דאָזיקער קאָמפּליצירטער היסטאָרישער לאַגע האָט ש. דובנאָוו גערעדט אויף אַ גרויסן מיטינג, איינגעאָרדנט דורך פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפט. זיין הויפּט־געדאַנק איז געווען, אַז די היפּערטראָפיע פון פּרינציפּ פון קלאַסן־קאַמף פאַרטיפט די אַנאַרכיע אין לאַנד, — צוגלייך מיט דער מלחמה, — און דאָס איז אין קעגנזאַץ צום כאַראַקטער פון דער רעוואָלוציע, וואָס איז באַרופן צו פאַרווירקלעכן אַ פּאָליטישן איבערבוי.

די זומערדיקע חדשים האָט ש. דובנאָוו פאַרבראַכט אין אַ שטיל ווינ־קעלע אין עסטלאַנד, ווו ער האָט געהאָפט צו קומען צו זיך נאָך דעם שווערן ווינטער. ער האָט געזוכט רו אינעם רויש פון די ים־כוואַליעס און אין דעם שפּילן זיך פון זיינע קליינע אייניקלעך, עס איז אָבער נישט מעג־לעך געווען אַוועקצוגיין פון דער מלחמה און פון דער רעוואָלוציע. באַזונ־דערס איז ער געוואָרן צערודערט ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם יולי־אויפשטאַנד. „די מלחמה ברענגט אום די רעוואָלוציע, און די רע־וואָלוציע ברענגט אום די מלחמה — שרייבט ער אונטערן איינדרוק פון די דאָזיקע ידיעות — עס קען זיין, אַז מיר וועלן שלעכט ענדיקן אי די ערש־טע, אי די צווייטע".

אין דער דאָזיקער איבערברוכס־צייט איז פאַר דובנאָוון באַזונדער שאַרף געשטאַנען די פּראָבלעם פון פאַרייניקן די געזעלשאַפטלעכע און וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. אין אָנהייב אויגוסט שרייבט ער: „דער וואַלד איז

*) לעניז.

איינגעהילט אין מארגן־נעפל. איך זיץ אויפן באלקאן... און בין פארטיפט אין געדאנקען, וואס לאזן מיך אין דער לעצטער צייט נישט צורו. איך טראכט איבער דער פראבלעם: וואס זאל איך טאן מיט מיין רעשט ביסל לעבן — אפגעבן עס פאר א קרבן דער פאליטישער סטיכיע... און זיך אריינווארפן אין דער נייער געזעלשאפטלעכער כוואליע, אדער „אוועקגיין פון דער וועלט" — כדי מקיים זיין דעם נדר און פארענדיקן מיין לעבנס־ווערק. אין ערשטן פאל דארף איך צוריקפארן קיין פעטערבורג, זיך אריינווארפן אין דעם קעסל פון פאליטישער טעטיקייט, ארויסטרעטן אויף פארזאמלונגען, ארגאניזירן די פאלקס־פארטיי, אנטיילנעמען אין יידישן צוזאמענפאר, ארויסשטעלן מיין קאנדידאטור צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג, און קאכן זיך אין דעם דאזיקן אלרוסישן קעסל א סך יארן... דאס הייסט ענדערן דעם גאנצן פלאן פון מיין לעבן... איבערלאזן דעם גאנצן בנין א נישט־פארענדיקטן. אבער אויב איך זאל באשליסן זיך נישט מקריב זיין, איז נייטיק אן אנדער מין קרבן: איבעררייסן מיטן גאנצן ארום... און אפזונדערנדיק זיך פון די ארומיקע שטורעמס, שפינען די פעדים פון געשיכטע פון דעם 4־טן י"ה ביז אונדזערע טעג. אויפן דאזיקן וועג וועל איך איינהיטן די גאנצקייט פון דער נשמה"... ווי פארשעמט פון אזא פערספעקטיוו, גיט דער היסטאריקער דערנאך צו: „אוועקגייענדיק פון דירעקטער פאליטישער טעטיקייט, גיי איך נישט אוועק פון אנגעשטרענגטן פאליטישן דענקען, וואס וועט קומען צום אויסדרוק אין פובליציסטישע אפרופן אויף די וויכטיקסטע פראגן".

ווי נאר ש. דובנאוו איז צוריקגעקומען אין דער הויפטשטאט, איז ער גלייך אריינגעצויגן געווארן אין דעם ווירוואר פון די געשעענישן. נישט צום ערשטן מאל, האבן די באשלוסן, וואס ער האט געהאט אנגענומען אין מאמענטן פון התבודדות, זיך ארויסגעוויזן פאר נישט דורכפירבאר פנים־אל־פנים מיט דער ווירקלעכקייט. ס'איז שווער געווען זיך צו פארמאכן צווישן די פיר ווענט פון אייגענעם קאבינעט ווען הינטער דער שטאט זענען געשטאנען קארנילאווס חיילות — די ערשטע רעגולערע ארמיי פון דער קאנטער־רעוואלוציע. נאך דעם ווי די דאזיקע געפאר איז ליקווידירט געווארן און די שטאט האט זיך אומגעקערט צו איר נארמאלן לעבן, האט דער שרייבער באנייט דעם קאנטאקט מיט זיינע אידייאישע אנהענגער, וואס האבן מיט אומגעדולד אפגעווארט זיין אומקערן זיך צו דער ארבעט. דער קאמיטעט פון דער פאלקס־פארטיי, וואס האט איצט געהייסן „יידישע פאלקס־פארטיי", איז באשטאנען דערויף, אז דער הויפט־אידעאלאג פון דער ארגאניזאציע דארף אין דעם איבערברוך־מאמענט נעמען אויף זיך די אנפירערשאפט. אנהייב אקטאבער פארצייכנט ש. דובנאוו אין זיין טאגבוך: „פון די טיפענישן פון די פארגאנגענע דורות בין איך ווידער ארויס... אויפן

שלאַכטפעלד... די מלחמה גייט אָן אומעטום: ...אויף די פראָנטן, צווישן באַלטישן פלאָט און דער ציוויליקער רעגירונג, אין א סך ערטער זענען אויסגעבראָכן בונטן און פּאָגראָמען. אָן אמתע מלחמה קומט פאַר אויף דער „דעמאָקראַטישער" בעראַטונג, וווּ עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען די צעברעקלטע פּאַרטייען פון דער רוסישער דעמאָקראַטיע. די גאַס האָבן פאַר־כאַפּט די באָלשעוויקעס... הונגער, עקסצעסן, די דייטשן מאַרשירן אויף דווינסק, די מאַכט וואָרנט אַז צעפּעלינען גרייטן זיך צו באָמבאַרדירן פּעטערבורג. אין דער דאָזיקער אַטמאָספער האָט די פיבערדיקע טעטיקייט פון די יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס ציימנווייז אויסגעזען ווי א קינדערשפּיל ביים קראַטער פון א ווולקאַן. נעכטן האָב איך זיך ענדגילטיק אָפּגעזאָגט אַרויסצושטעלן מיין קאַנדידאַטור צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. כ'קוק זיך צו צום דאָזיקן וואַל־טאַנץ און איך טראַכט: קינדער, צי זעט איר דען נישט אַז דאָס הויז ברענט?". און אין עטלעכע טעג אַרום: „ביז וואַנען מען וועט נישט לעשן דעם פיינלעכן דורשט נאָך שלום, וועלן די גרוילן אין רוסלאַנד וואַקסן. אָבער אַלע טראַכטן עקשנותדיק וועגן שלום, נאָר קיינער האָט נישט קיין מוט צו דערקלערן עס עפנטלעך, חוץ די באָל־שעוויקעס..."

אין אָקטאָבער האָט זיך געעפנט דער ציוויליקער ראַט פון דער רוסישער רעפּובליק — א סוראָגאַט פון א פּאַרלאַמענט, וואָס האָט אין גיכן געדאַרפט איבערגעבן זיינע מאַכט־פונקציעס דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. ש. דובנאָוו האָט סקעפּטיש אָפּגעשאַצט די טעטיקייט פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע: „באַנאַלע רעדעס וועגן קאַמף מיטן שונא. די רעדנערס גלויבן אַליין נישט, אַז דאָס איז מעגלעך..."

ס'איז קלאָר געוועזן, אַז קיין שום רעגירונג איז נישט בכוח צו הייבן דעם קאַמפס־מוט פון דער אַרמיי, וואָס וויל זיך נישט שלאָגן. דערווייל איז דאָס לעבן געוואָרן שווערער פון טאָג צו טאָג. די רעוואָלוציע האָט אָפּגעשניטן פּעטערבורג פון די ברויט־שפּייכלערס פון לאַנד און דער מאַנגל אין פּראָדוקטן האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. „עס טרעפן טעג — שרייבט ש. דובנאָוו — ווען אידע, אָן אויסגעמאַטערטע פון זאָרגן און האָרעוואַניע, קומט צוריק אָן ברויט נאָך א לאַנגער צייט אָפּשטיין אין די רייען..."

פון דער גאַס, מיט אירע מיטינגען, מיט לאַנגע רייען פאַר די קאָאָפּעראַטיווע קראָמען און מיט די ברוטאַלע זעלבסט־געריכטן קעגן „שונאים פון פאָלק", פון דער גאַס, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן מער אומפאַר־שטענדלעך, האָט זיך דער שרייבער געאיילט אוועקצוגיין אין דער שטיל־קייט פון זיין קאַבינעט. ער האָט זיך פאַרטיפט אין יענער ווייטער עפּאָכע, ווען א גרופּע תלמידי־חכמים האָבן אָנגעהויבן שאַפן פאַרן פאָלק, וואָס

האָט פאַרלוירן זיין לאַנד, אַן אייזערנעם פאַנצער פון דינים און מינהגים. אין אַ פינצטערער נאָוועמבער־נאַכט, ווען ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל וועגן דער צייט פון די אמוראים, האָבן זיך דער־הערט די זאַלפן פון דעם קרייצער „אווראָרא", וואָס האָט באַשאָסן דעם ווינטער־פּאַלאַץ.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# אין קעסלגרוב

רעוואָלוציע — דאָס איז קאָנדענסירטער צער, וואָס האָט זיך
אָנגעזאַמלט במשך פון הונדערטער יאָרן.

וו. הוגאָ.

די רעוואָלוציע איז געגאַנגען אין דער טיף — דאָס איז געווען לאָגיש־אומפאַרמיידלעך. בעת די אָנגעזעענסטע יוריסטן האָבן אין זייערע קאַבינעטן מיט התמדה געשליפן די פּאַראַגראַפן פון דעם נייעם וואַל־געזעץ, האָט זיך איבער די שטויביקע, בלאָטיקע וועגן פון ריזיקן לאַנד געצויגן, פון מערב צו מזרח, אַן אומאויפהערלעכער שטראָם סאָלדאַטן אין אָפּגעריבענע שינעלן, מיט פּנימער פאַרברענטע פון ווינט — שטיקער פון צעפּאַלענעם פראָנט. זיי אַנטקעגן האָבן געפלאַקערט די אונטערגעצונדענע פּריצישע גיטער. די פּויערישע מאַסע האָט אַליין געלייזט די אַגראַר־פּראָבלעם, נישט וואַרטנדיק אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. די רעוואָלוציע האָט געשפּריזט איבערן לאַנד אונטערן צייכן פון שריפות, צעראַבעוועטע ווייןקעלערס און אומברחמנותדיקע זעלבסטגעריכטן פון מאַטראָסן און זעלנער, וואָס האָבן נקמה גענומען פאַר די לאַנגיאָריקע ביטערע עוולות. אין דאָזיקן קעסלגרוב פון געשעענישן האָבן די אוטאָפּיסטן און רעאַליסטן זיך געביטן מיט די ראָלן. די ערשטע האָבן געהאַלטן, אַז אין דעם אָרעמען און אָפּגעשטאַנענעם פּויערישן רוסלאַנד דאַרף די רעוואָלוציע זיין אַ מעסיקע און אַ בהדרגהדיקע, די צווייטע האָבן אינסטינקטיוו געפילט, אַז דווקאָ אין אַזאַ אָפּגעשטאַנענעם לאַנד איז נישטאָ קיין כוח, וואָס זאָל קענען צווינגען דעם סטיכישן בונט. און ווען די ווירקלעכקייט האָט די אוטאָפּיסטן דערלאַנגט איין קלאַפּ נאָכן צווייטן, זענען זיי געווען געוואַלדיק אַנטוישט.

ש. דובנאָוו האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע אוטאָפּיסטן — דאָס האָט געשטימט מיט זיין גאַנצער לעבנס־פילאָזאָפיע. ער איז צעטומלט געוואָרן, ווען די רעוואָלוציע, פון וועלכער ער האָט געטרוימט פון זיין פריס־

טער יוגנט אָן, דעקלאַמירנדיק די פּלאַמיקע טיראַדעס פון וויקטאָר הוגאָ, האָט אין דער ווירקלעכקייט זיך אַרויסגעוויזן אַ סך גרויזאַמער. ווי דאָס האָט אויסגעזען דורך דער פּריזמע פון געשיכטע. דאָרט האָבן די עפעקט־פולע אַרויסטרעטונגען פון די זשיראָנדיסטן געקענט פאַרדעקן ביי די שפּע־טערדיקע דורות די אַכזריותדיקע רעאַליטעט פון די סעפּטעמבער־הריגות; אָבער פון דער ווירקלעכקייט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין זעלבסט־געריכטן אויף די גאַסן און הונגעריקע ברויט־ראַציעס, איז שווערער גע־ווען צו אַנטלויפן. אין זיינע אויערן פלעגט שטענדיק קלינגען די באַפליגל־טע פראַזע פון פּאָעט, וואָס די גאַס האָט אַזוי גערן אויפגעכאַפּט —

מיר וועלן צולהכעיס אַלע בורזשויען אַ וועלט־שריפה צעבלאָזן...

דער ראַציאָנאַליסט, דער תלמיד פון קאַנטן און מיללן האָט אין דער דאָזיקער פאָרמול געזען אַן אויסדרוק פון יענער צעשטערונגס־סטיכיע, וואָס דראָט מיט די גרעסטע געפאַרן פאַר דער מענטשהייט. לייענענדיק וועגן די מלחמה־גרוילן, האָט דער שרייבער זיך געטרייסט, אַז סוף־כל־סוף וועט דער שׂכל טריומפירן; דעם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד פון פאַר דער אָקטאָ־בער־איבערקערעניש האָט ער אָפּגעשאַצט ווי אַ קאַמף צווישן אָרדענונג און כאַאָס. אָבער ווען דער פּעטערבורגער גאַרניזאָן, וואָס האָט מיט אַכט חדשים צוריק ליקווידירט די זעלבסט־הערשאַפט, האָט אומגעוואָרפן די ציטווייליקע רעגירונג, האָט זיך דער באָדן אַ וואַקל געטאָן אונטער זיינע פיס. די שורות פון זיין טאָגבוך זענען דורכגעדרינגען מיט פאַרביטערונג נישט צוליב פּערזענלעכע זאָרגן: דעם שרייבער, וואָס האָט געלעבט פון זיין אַרבעט האָט די סאָציאַלע איבערקערעניש נישט געדראָט מיט קיין מאַ־טעריעלן שאָדן. עס האָט אים געדראָט עפּעס אַנדערש — דאָס פאַרלירן דעם גלויבן אין דער רעוואָלוציע.

ווי שטענדיק אין שווערע מאָמענטן פון לעבן, האָט אים די אַרבעט געגעבן כוח און אויסדויער. „היינט... האָב איך געשריבן... — דערציילט ער איז זיין טאָגבוך דריי טעג נאָך דער איבערקערעניש — וועגן חינוך אין אַלטערטום. איך האָב אויפגעהערט זיך צו וווּנדערן אויף דער פעאיקייט צו אַרבעטן אויף אַ ווולקאַן. שלאָפט מען דאָך און מען עסט אויך אויף אַ שלאַכט־פעלד. ווען גייסטיקע שפּייז ווערט פונקט אַזאַ באַדערפעניש, ווי פיזישע, נעמט מען זי אַפילו אויף אַ ווולקאַן... און פאַר מיר איז היסטאָ־רישע אַרבעט — די שפּייז און די לופט, אָן וועלכער איך ווער דערשטיקט. דאָס איז נישט קיין פאַרדינסט, דאָס איז פּשוט אַן אַקט פון גייסטיקער זעלבסטדערהאַלטונג.” און אין אַ פּאָר טעג אַרום: „פּעטערבורג הונגערט...

מאָסקווע גייט אָפּ מיט בלוט... די קאָזאַקן מיט קאַלעדינען האָבן פאַרכאַפּט דרום־רוסלאַנד און מאַרשירן אויף מאָסקווע... יעדן טאָג ראַטעווע איך אָפּ עטלעכע שעה פאַר דער אַרבעט. איך האָב זיך פאַרטיפט אין לייענען די אגדות פון מדרש, דאָס דערוואַרעמט די נשמה."

די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, וואָס האָבן געמאַטערט דעם היסטאָריקער און אָפּט פּלעגן זיי אים אָפּרייסן פון דער אַרבעט, האָבן זיך ווי א שווערע מאַסע געלייגט אויף די פּלייצעס פון אידע דובנאָוו. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט פלעגט די שוואַכע, פאַר דער צייט געעלטערטע פרוי אָנשטרענגען אַלע אירע כוחות אין קאַמף מיטן הונגער און מיט דער קעלט. באַזונדערס שווער איז געווען דאָס שעהן־לאַנגע שטיין אין די רייען, גאַנץ אָפּט אָן שום רעזולטאַט. אין דער צייט ווען אידע דובנאָוו האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי צוצוגרייטן א מיטאָג פון די קאַרגע שפּייז־סוראָגאַטן, פאַרצייכנט דער היסטאָריקער אין טאָגבוך: „אויפן וויסנשאַפטלעכן אינדזעלע, וווּ איך באַהאַלט זיך אויס פונעם שטורעם, קאָכט די גייסטיקע אַרבעט. איך לייען און קוק דורך צענדליקער נייע ביכער, צו וועלכע איך האָב פריער קיין צוטריט נישט געהאַט, עס ווערט ברייטער דער פּלאַן פון דער „געשיכטע", עס וואַקסט די באַגייסטערונג, אָבער אויך דער אומעט פון א בויער, וועמען ס'איז באַשערט צו בויען אינמיטן פון אַלגעמיינעם חורבן."

ביי די וואַלן צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָט ש. דובנאָוו געשטימט פאַר די קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן. נישט שטענדיק האָט ער מסכים געווען מיט דער טאַקטיק פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז זי שטייט איבער די קלאַסן, און אַז אירע פירער זענען מענטשן פון אייראָפּעישן שניט. איינמאָל אין א געשפּרעך מיט ווינאַווערן האָט ער די קאַדעטן פאַרגליכן מיט די זשיראָנדיסטן. איצט האָט די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק זיך געקענט אַרויסווייזן פאַר א שלעכטער נבואה...

די ידיעה וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז געווען פאַר דובנאָוון אַן איבעראַשונג. ער האָט זיך צו איר באַצויגן סקעפּטיש. „די ציוניסטן פרייען זיך... — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — צי איז עס אָבער נישט צו פרי? זיי שרייבן שוין אין זייערע צייטונגען וועגן דער „יידישער מלוכה", מען פּראַוועט יום־טובים, ווי אין די צייטן פון שבתי־צבי. דאָס איז א נייער מין נאַרקאָז, אָבער די אַנטוישונג קען זיין א שרעקלעכע. מיך פרייט די ענגלישע דעקלאַראַציע, ווי א ווענדונג צום יידישן פאָלק, אָבער אירע מאָטיוון זענען נישט קיין געהויבענע, (ס'איז א מאַנעוור. פּונקט ווי באָנאַפּאַרטס אויפרוף אין 1799) און די רעזולטאַטן זענען פּראָבלעמאַטיש... עס וואָלט אוודאי גוט געווען צו האָבן אין אַזעלכע שרעקלעכע צייטן א

שטיל היסטאָריש ווינקעלע, אָדער כאָטש א האָפענונג... ווייל איז צו די, וואָס גלייבן!..."

נישט געקוקט אויף די באַגעגענישן מיט מענטשן פון זיין קרייז, האָט זיך ש. דובנאָוו געפילט איינזאַם. דאָס דאָזיקע געפיל איז געוואָרן נאָך פיינלעכער, ווען עס איז אָנהייב דעצעמבער אָנגעקומען די ידיעה וועגן טויט פון מענדעלע מוכר־ספרים. „עס איז אוועק פון דער וועלט דער 85־יאָריקער זקן — שרייבט ש. דובנאָוו אין זיין טאָגבוך — און פון מיין לעבן איז געוואָרן אַרויסגעריסן די סאַמע ליכטיקסטע תקופה. און איצט, אין דער קאַלטער ווינטער־נאַכט פון דער צפונדיקער הויפּטשטאָט, אינמיטן דער שריפה פון בירגער־קריג, באַוויין איך דעם טויט פון מיין פריינד און דעם אָנדענק פון יענע אָדעסער יאָרן, ווען פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט דער דאָזיקער שאַרפער אינטעלעקט. איך דערמאָן זיך אונדזער ערשטע באַגעגעניש אין נאָוועמבער 1890 און אונדזערע לאַנגע שמועסן פאַר די 13 יאָר; שמועסן, וואָס זענען געווען אַ בשותפותדיק טראַכטן." בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט, באַשטראַלט פון דער דרומדיקער זון, זענען אומאויפהערלעך נאָכגעגאַנגען דעם שרייבער, ווען ער איז אונטערן שניידיקן צפון־ווינט געשטאַנען אין דער רייע נאָך זיין „פּאַיאָק". אין יענע שווערע טעג, ווען די שטאָט איז טיף געזונקען אין שניי, האָט ש. דובנאָוו ווי אין פיבער געשריבן זכרונות וועגן דעם אַלטן פריינד; ער איז געזעסן אין מאַנטל, דאָס נאַפט־לעמפּל האָט שטאַרק געריכערט, שווער האָט זיך באַוועגט אײבערן פּאַפּיר די געפרוירענע האַנט. אָבער אַן אינערלעך פייער האָט געוואַרעמט די נשמה. אַ קיצור פון די זכרונות איז צועשרט אַרויס אויף יידיש (אַ בראָשור פון דער סעריע „פון צייט צו צייט"), שפּעטער זענען זיי דערשינען אויף רוסיש אין זאַמלבוך „סאַפרוט".

דאָס פונאַנדערטרייבן פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אין יאַנואַר 1918 איז פאַר דובנאָוון געווען אַ שווערער קלאַפּ. ער האָט געהאַלטן, אַז דער אַלרוסישער פּאַרלאַמענט איז דער איינציקער אויסוועג פון טעמפּן ווינקל, אין וועלכן דאָס לאַנד איז געבליבן שטעקן. עס איז אים באַפאַלן אַ געפיל פון האָפנונגסלאָזיקייט. ער האָט געטרוימט וועגן אַ יידישן צוזאַמענפאַר, וואָס האָט געדאַרפט זיין דער ערשטער שריט צו פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע; איצט האָט דער דאָזיקער פּראָיעקט אויסגעזען אילוזאָריש און זינלאָז. דער היסטאָריקער האָט זיין פּעסימיזם געבראַכט צום אויסדרוק אויף אַן עפנטלעכן רעפעראַט א. ד. ט. „די איצטיקע פּאָליטישע לאַגע און דער יידישער צוזאַמענפאַר". דער הויפּט־אָפּאָנענט אויף דער פאַרזאַמלונג איז געווען דער געהילף־קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים. ער האָט דערקלערט, אַז אין די יונגע יאָרן האָט ער דעם רעפערענט געהאַלטן

פאַר זיין „גייסטיקן פאָטער", אָבער נאָך צען יאָר זיצן אין טורמע איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז יידן דאַרפן זיך געפינען אין די רייען פון די סאַמע קאָמפּראָמיסלאָזע קעמפער פאַר דער רעוואָלוציע.

די געשעענישן אויפן פראָנט האָבן אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ טראַגי־שער. די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו דער הויפּטשטאָט. מיט ווייטיק האָט ש. דובנאָוו געטראַכט וועגן דעם פאַנאַנדערפאַל פון רוסלאַנד, וועגן דעם אָפּרייסן זיך פון די ראַנד־געביטן. „מיין פאָלק ווערט צעפּאַלמעסט — האָט ער געשריבן — דער זעקסמיליאָניקער יידישער קיבוץ אין רוסלאַנד ווערט צעשניטן אויף זעקס שטיקער".

אָנהייב 1918 איז דער ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע, און די פריערדיקע הויפּטשטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער „צפונדיקער קאָמונע", פאַרוואַלטעט פון זינאָוויעוון. דער אַריינפיר פון פּראָדוקטן פלעגט מיט יעדן טאָג ווערן קלענער, די ברויט־ראַציע האָט מען פאַרטיילט לויט קאַטעגאָריעס; אין אָנהייב האָט מען ש. דובנאָוון צו־געטיילט אַן אַכטל פונט ברויט אַ טאָג. דער הונגער האָט די איינוווינער פון דער צפונדיקער קאָמונע געטריבן אויף דרום און מערב, אין רייכערע ברויט־געביטן. פריינד האָבן צוגערעדט די דובנאָווס צו פאַרלאָזן די אומ־גליקלעכע שטאָט, אָבער ער האָט דערפון נישט געוואָלט הערן: ער איז געווען צוגעשמידט צום שרייבטיש. אין מערץ 1918 האָט ער פאַרענדיקט דעם דריטן באַנד פון דער „אַלגעמיינער יידישער געשיכטע", אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט אָנדערהאַלבן יאָר. „די אַרבעטס־באַדינגונגען זענען אויסערגע־וויינלעכע — קאָנסטאַטירט ער אין זיין טאָגבוך — מלחמה און רעוואָלוציע, פּלוס דיקטאַטור... די לעצטע צייט האָב איך געשריבן ווי אַ פאַרשיכורטער..." נישט איין מאָל האָט ער געטראַכט וועגן איבערזעצן זיין ווערק אויף העב־רעאיש; אָבער אַזאַ אַרבעט וואָלט געפאָדערט עטלעכע יאָר לעבן. „מאָדנע געדאַנקען! — שרייבט ער וועגן דעם — די וועלט גייט אונטער. רוסלאַנד שטייט אין פייער פון בירגער־קריג, אויפן מערב ווערט באַנייט די בלוטי־קע מלחמה... און איך טראַכט וועגן מיינע היסטאָרישע אַרבעטן! צי איז דאָס נישט אויסטערליש?, ניין, דאָס זאָגט נאָר עדות וועגן דער אייביקייט פון גייסט, וועגן זיין וויטאַליטעט... מיר זענען די אַרכימעדן ביי דער דע־ראָבערונג פון סיראַקוז: Noli tangere circulos meos! דאָס איז נישט גלייכגילטיקייט, נאָר פאַרקערט — אַ רעזולטאַט פון פאַרשאַרפטער פילבאַרקייט, וואָס באַוועגט אונדז צו זוכן אַ רעטונג אינעם גייסט, אין דעם, וואָס איז נישט צעשטערבאַר אינמיטן פון חורבן".

אין אַפּריל האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע אויף דער פאַרזאַמלונג פון נאַציאָנאַל־ראַט — אַ קערפּערשאַפט, וואָס האָט דערפילט

די פונקציעס פון דעם נישט צושטאַנד־געקומענעם, צוליבן בירגער־קריג, אַלגעמיינעם יידישן צוזאַמענפאָר. ער האָט געטאַדלט די פּאַרטייאישע רייסע־רייען, וואָס האָבן געשטערט באַצייטנס צונויפרופן דעם צוזאַמענפאָר און האָט אָנגעוויזן, אַז אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, אַפילו די פּרימיטיווע און אָפּ־געשטאַנענע, האָבן יאָ געשאַפן זייערע נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען. דער נאַציאָנאַל־ראַט האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ טויט־געבוירע־נע אָרגאַניזאַציע. קורץ נאָך זיין גרינדונג פאַרצייכנט ש. דובנאָוו: „נעכטן אויף דער זיצונג... אַלץ איז געווען אַזוי קליינלעך, אָן אימפּעט; עס זענען געווען ווייניק מענטשן, די לײדנשאַפטן האָבן זיך צעברענט נאָר בעת פאַר־טייאישע מחלוקתן. ביי אַלעמען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די הענט".

אין דער אַטמאָספער פון האָפנונגסלאָזיקייט איז די אומדערוואַרטע־טע באַנייאונג, נאָך אַ לאַנגן איבעררייס, פון „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" געווען ווי אַ ליכטיקער שטראַל אין דער פינצטערניש. די רעדאַקציע האָט אָנגעהויבן גרייטן אַ גרויסן יאָרבוך. אויף ש. דובנאָווס שרייבטיש האָט זיך ווידער באַוויזן אַ באַרג מיט כתב־ידן. ווען זיינע אויגן פלעגן מיד ווערן, איז דער היסטאָריקער אַרויסגעגאַנגען אויף אַ שפּאַציר אין נאָענטן פּאַרק, וואָס איז געוואָרן אַלץ שטילער און פּוסטער. יעדן טאָג פלעגט אין די אויסגעליידיק־טע אַלייען זיך באַוויזן אַ גרויער מאַן אין אַ מאַנטל, וואָס איז ווי אַ זאַק געהאָנגען אויף זיין אויסגעדאַרטן קערפּער. פון זיין קעשענע פלעגט אַרויס־קוקן אַ באַנד פון וויקטאָר הוגאָ. אָפט פלעגט ער קומען אין באַגלייטונג פון צוויי שוואַרצאויגיקע, בלייכע יינגלעך, מיט וועלכע ער האָט לעבהאַפט גע־שמועסט. סוף אויגוסט האָבן די שפּאַצירן מיט די אייניקלעך אויפגעהערט: דער הונגער האָט געצוווּנגען דער טאָכטערס משפּחה אויסצוואַנדערן קיין פּוילן.

דאָס לעבן איז געוואָרן נאָך שווערער, נאָך איינזאַמער. נאָכן אַטענ־טאַט אויף לענינען האָט אין לאַנד זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון טעראָר. אין ביטערע מינוטן ווערט ביי ש. דובנאָוון געבוירן דער געדאַנק וועגן פאַר־לאָזן רוסלאַנד. אָט איז אַ כאַראַקטעריסטישע נאָטיץ פון יענעם פּעריאָד: „...כ'בין אַוועק אין באָטאַנישן גאָרטן, זיך געזעצט אויף אַ באַנק און גע־קוקט אויף די פאַלנדיקע בלעטער... איך האָב געטראַכט: אין הונגער, קעלט... און טעראָר וועל איך שוין ווי נישט איז דערלעבן דאָס ביסל יאָרן. זאָל נאָר נישט צעשטערט ווערן דער בונד מיט דער פאַרגאַנגענהייט, די גאַנצ־קייט פון דער נשמה. אויב מען וועט אָבער זיך אַריינרייסן אין מיין גבול און צונעמען די פּרוכט פון מיין לאַנגיאָריקער אַרבעט... — דעם מאָנום־קריפּט פון דער „געשיכטע", און מען וועט קאָנפיסקירן מיינע טאָג־ביכער פאַר 33 יאָר — וועלן זיי צונעמען אַ טייל פון מיין נשמה און פאַרניכטן

די גאַנצקייט און דעם זין פון מיין לעבן. כ׳האָב זיך אומגעקערט מיט דער אַלייע ביים ברעג פון דער נעווע און זיך געשלאָגן מיט דער דעה: אַוועקפאָרן אָדער בלייבן...״

דעם היסטאָריקער האָט פאַרשאַפן עגמת־נפש דער געדאַנק, אַז ס׳איז נישטאָ וועמען איבערצולאָזן די גייסטיקע צוואה. „עס האָט קיין זין נישט — שרייבט ער — צו הייסן אַנדערע פאַרענדיקן דעם בנין, וואָס איך האָב אָנגעהויבן צו בויען, לויטן פּלאַן, וואָס איך וועל מיטנעמען מיט זיך אין קבר״. בויען ווייטער דעם דאָזיקן בנין — דאָס איז געווען זיין איינציקער לעבנס־סימבול. ש. דובנאָוו האָט געאַרבעט אָן אָפּרו. ער האָט איבערגעריסן די אַרבעט פון רעדאַגירן די „סטאַרינאַ״, כדי אָנצושרייבן אַן אַרטיקל „וואָס דאַרפן מיר טאָן אויפן שלום־קאָנגרעס?״. דער אַרטיקל איז דערשינען אין פאָרעם פון אַ בראָשור אין דער סעריע „פון צייט צו צייט״; זיין מהות איז געווען די אידייע פון קאַמף פאַר די רעכט פון דער יידישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט אויף דעם קומענדיקן אַלוועלטלעכן שלום־קאָנגרעס.

נישט געקוקט אויף די איבעררייסן האָט זיך די אַרבעט איבערן גרויסן ווערק סיסטעמאַטיש גערוקט פאָרויס. אין האַרבסט 1918 האָט זיך די באַשפּייזונג אַביסל פאַרבעסערט: ש. דובנאָוו איז אַריבערגעפירט געוואָרן פון דער דריטער קאַטעגאָריע אין דער ערשטער און האָט אָנגעהויבן צו קריגן דריי אַכטל פונט ברויט אַ טאָג. אָבער דער דוחק אין באַהייצונג האָט אים נאָך אַלץ געמאַטערט; עס איז כסדר אויסגעקומען צו וואַרפן די אַרבעט און זיך נעמען צום צעהאַקן דאָס מעבל כדי אויסצוהייצן די הרובעס.

ווי אַ ידיעה פון אַן אַנדער פּלאַנעט האָט אויסגעזען די מעלדונג אין דער פּאַלעסטינער פּרעסע, אַז אין ירושלים איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון אַ העברעאישן אוניווערסיטעט. דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער פייערונג איז געווען ש. דובנאָווס אַלטער פריינד מאַרקוס קאַגאַן (מרדכי בן הלל הכהן), דער גאַסטפריינדלעכער בעל־הבית פון יענער פּאַליעסער זומער־וווינונג, וואָס איר אָנדענק האָט זיך אויף אייביק איינגעקריצט אין זיין זכרון. אַ געריירטער האָט דער שרייבער זיך איינגעהערט אין די אָפּקלאַנגען פון ווייטן אַמאָל, וואָס האָבן געמאַכט פאַרגעסן די שווערע טאָג־טעגלעכקייט. „אין מיין זכרון זענען אויפגעשטאַנען די אַלטע צייטן... — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — איך האָב אָנגעהויבן טרוימען וועגן אַ נסיעה קיין פּאַלעסטינע אין אַ דריי־פיר יאָר אַרום, נאָכדעם ווי איך וועל אין הסכם מיט מיין אַלטן נדר האָבן פאַרענדיקט מיין לעבנס־ווערק. און ווער ווייסט, צי עס וועט מיך נישט פאַרכישופן דאָס היסטאָרישע פאָטערלאַנד, נישט צושמידן צו זיך דער נייער אוניווערסיטעט, צי וועט דאָס ליד פון יהודה נישט פאַרוויגן דעם מידן זון פון גלות?...״

די דאָזיקע שטימונג איז גיך אַריבער. דער היסטאָריקער האָט זיך פאַרטיפט אין דער עפּאָכע פון די קרייץ־צוגן. זיין אַרבעטס־טאָג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די גרויע פרימאָרגנס ביים קאַרגן שיין פונעם נאַפט־לעמפל, פלעגט זיך פאַרענדיקן שפּעט אין אָוונט. דער עבר האָט אים אָפּגע־צוימט פון דעם היינט; און נאָר איין ידיעה האָט אים צוריקגעבראַכט צו דער ווירקלעכקייט — די מעלדונג, אַז די פיר־יאָריקע וועלט־מלחמה איז געוואָרן פאַרענדיקט. זיין האַרץ האָט האַסטיקער אָנגעהויבן צו קלאַפּן, עס האָבן דערוואַכט האָפנונגען...

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

# אַן אינדזל אין מיטן פון צעשטו־רעמטן ים

1919. איבער גאַנץ רוסלאַנד פלאַקערט אַן אכזריותדיקער בירגער־קריג. קאַלטשאַק פון מזרח און דעניקין פון דרום באַמיען זיך אַרומצורינג־לען די רויטע אַרמיי מיט אַן אייזערנעם רינג; ביי דער הויפּטשטאָט איז געשטאַנען יודעניטש און אין אוקראַינע האָבן געבושעוועט הײדאַמאַקישע באַנדעס. די באַפעלקערונג פון פּעטראָגראַד האָט אַלץ מער געליטן פון מאַנגל אין שפּייז־פּראָדוקטן און באַהייצונג. פאַרן היסטאָריקער איז זיין אַרבעטס־קאַבינעט געווען ווי אַן אינדזעלע אין מיטן פון אַ צעשטורעמטער סטיכיע, אָבער מיט יעדן טאָג איז אַלץ שווערער געוואָרן צו אַרבעטן.

אָט איז אַ כאַראַקטעריסטישע פאַרצייכענונג אין טאָגבוך: „איך בין אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, זיך אָנגעטאָן, אַרויפגעצויגן אויף זיך דעם ווינ־טער־מאַנטל, די קאַלאָשן און דאָס היטל (אין צימער איז די טעמפּעראַטור 7 גראַד וואַרעם) און זיך געזעצט אַרבעטן. מיט געפרוירענע פינגער האָב איך געשריבן וועגן די דאָמיניקאַנער און וועגן דער פראַנצויזישער אינקוויזיציע פון 13־טן י״ה. 10 אַזייגער האָב איך עפּעס איבערגעביסן, דורכגע־קוקט די צייטונג און בין אַוועק אין באַהייצונגס־אָפּטייל פון ראַיאָן־סאָ־וויעט נאָך אַן אָרדער אויף האָלץ. כ׳האָב זיך געשטעלט אין דער רייע צווישן הונדערטער מענטשן, די רייע האָט זיך געצויגן איבער די טרעפּ פון אונ־טערשטן אַריינגאַנג פון ריזיקן הויז... צוויי שעה בין איך אָפּגעשטאַנען אין דער געדיכטעניש פון אומגליקלעכע און אויפגערעגטע מענטשן און צוגלייך מיט הונדערטער פון זיי בין איך אַוועקגעגאַנגען מיט גאָרנישט: ס׳איז צו אונדז נישט דערגאַנגען... אַהיים בין איך צוריקגעקומען אַ צעבראָכענער, אויפן וועג האָב איך געקויפט אָנדערהאַלבן פונט ברויט... אויפן הויף פון אונדזער הויז איז אַ גליק, אַ צרה. אונדזערס אַ באַקאַנטער האָט אונדז געטאָן אַ טובה און צוגעשיקט אָנדערהאַלבן קלאַפטער האָלץ... עס האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט. אַ מידער האָב איך זיך גענומען

צו דער איבערגעריסענער אַרבעט, כ'האָב פאַרענדיקט דעם סוף פון אַ פּאַראַגראַף, און איצט זיץ איך און טראַכט. מיר זענען „גליקלעך": ס'וועט זיין מיט וואָס צו הייצן אין קיך (איך האָב אַליין אַרויפגעטראָגן עטלעכע שווערע בינטלעך האָלץ), און די אָרעמע אידע וועט נישט דאַרפן פרירן אָדער לויפן צו די שכנים עפּעס אָפּצוקאָכן... מיר ליידן מער פון קעלט ווי פון הונגער". די שטאַרק־אויסגעוואַקסענע הוצאות — די פרייזן אויפן פרייען מאַרק זענען געשטיגן פון טאָג צו טאָג — האָבן אויסגעשעפּט די קליינע אַתּשפּאָרונגען פון שרייבער. ש. דובנאָוו האָט געמוזט אָפּגעבן אַ טייל פון דער צייט, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר זיין הויפּטווערק, פאַר זייטיקע אַרבעטן. ער האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון בילדונגס־קאָמי־סאַריאַט צו רעדאַגירן דעם ביבליאָגראַפישן אינדעקס פון דער רוסיש־יידי־שער ליטעראַטור. גרינבערג, דער ענערגישער געהילף פון לונאַטשאַרסקין, האָט אויסגעפועלט אַ גרויסע סובסידיע פאַר דער היסטאָרישער געזעל־שאַפט. לויט זיין איניציאַטיוו איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער יידישער פאָלקס־אוניווערזיטעט. די לעקציעס דאָרט זענען געפירט געוואָרן אין רוסיש און אין יידיש. ש. דובנאָוו איז אַריין אין דער פּראָפעסאָרן־קאָלעגיע צוזאַ־מען מיט מ. קולישער, י. צינבערג, י. קולישער, א. שטיינבערג און י. ברוצ־קוס. ווען ביים בילדונגס־קאָמיסאַריאַט זענען געשאַפן געוואָרן עטלעכע פאָר־שונגס־קאָמיסיעס, האָט ער אָנטיילגענומען אין דער רעדאַקציע פון דעם זאַמלבוך „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון אַנטי־יידישע פּאָגראָמען". ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין דער קאָמיסיע צו פאָרשן די ריטועלע פּראָצעסן.

די אַלע באַשעפטיקונגען האָבן פאַרלאַנגזאַמט דעם טעמפּ פון דער אַרבעט איבער דער „געשיכטע", אָבער בעיקר האָבן געשטערט די אויסערלע־כע, שווערע לעבנס־באַדינגונגען. אָפּטמאָל איז אויסגעקומען איבערצולאָזן די אַרבעט אינמיטן פון אַ נישט פאַרענדיקט קאַפּיטל כדי צו גיין העלפן פונאַנדערנעמען אַ הילצערנע געביידע בשכנות, וואָס די שטאָטישע מאַכט האָט באַשטימט אָפּצוּוואַרפן. אויף דעם אופן האָבן די איינוווינער פון דער צפונדיקער הויפּטשטאָט זיך איינגעשאַפן באַהייצונג. קוים אַ לעבעדי־קער פלעגט ש. דובנאָוו זיך אומקערן אַהיים, מיט גרוים מי שלעפּנדיק עט־לעכע פאַרבלאָטיקטע און דורכגעפוילטע ברעטער. די שווערע לעבנס־באַ־דינגונגען האָבן פאַרשטאַרקט די גייסטיקע אומרואיקייט. „פּאַריקע וואָך — שרייבט ש. דובנאָוו — האָב איך געהאַלטן די דערעפענונגס־רעדע אויפן יידישן פאָלקס־אוניווערזיטעט... אַן אומעטיקע רעדע. כ'האָב גערעדט וועגן דעם איצטיקן קריזיס, אין וועלכן ס'איז שווער צו דערקענען צי גייען מיר צו אַ נייער קולטור־ערע, אָדער צו אַ בין־השמשות; וועגן דעם נייעם צי־ווילן מיליטאַריזם אין אַ מאָמענט, ווען עס טריאומפירט דער אינטערנאַ־

ציאָנאַלער פּאַציפיזם און די אידייע פון אַ „פעלקער־ליגע"; איך האָב געּרופן זיך צו לערנען ביי דער יידישער געשיכטע. עס שטייען נאָך פאַר וועלטער־דיקע לעקציעס, אָבער פאַר וועמען לייענען, וואָס, און ווי אַזוי צו לייענען — איז נאָך פאַר מיר נישט קלאָר..."

אין מינוטן פון איינזאַמקייט האָט דער היסטאָריקער פונדאָסניי איר־בערגעטראַכט פּראָבלעמען, וואָס האָבן אים געמאַטערט פון לאַנג און ער האָט געפּרוווט אונטערציען סך־הכלען. „אַפּט טראַכט איך — האָט ער געשריבן זומער 1919 — וועגן מיין באַציונג צום ציוניזם במשך פון די צענדליקער יאָרן. דאָ נישט לאַנג האָב איך דערקלערט אין דער ציוניסטישער „כראָניק", אַז איך האַלט עס פאַרן חוב פון יעדן נאַציאָנאַלן יידן אויסצוקויפן דעם „שקל־הגאולה", אָבער בתנאי, אַז דאָס זאָל באַרעכטיקן צו דער באַטייליקונג אין אַן אַלײדישן און נישט אין אַ ציוניסטישן קאָנגרעס וועגן דער אויפלעבונג פון פּאַלעסטינע. דווקא איצט וועט קלאָר ווערן אַז ארץ־ישראל קען זיין אַ מקום־מקלט, פּונקט ווי אין די צייטן פון דער אַמאָליקער יהודה, נאָר פאַר אַ טייל פון פאָלק, און דאָס נאָך אומגעהויערער מי און אַרבעט אין משך פון יאָרצענדליקער, דער גלות וועט אָבער פאַרבלייבן מיט אַלע זיינע גרויסע פּראָבלעמען". אין אַ צושריפט אויף העברעאיש דריקט דער מחבר פון טאָגבוך אוים זיין שטרעבונג צו באַזוכן פּאַלעסטינע נאָכן פאַרענדיקן דאָס גרויסע ווערק, ער גיט אָבער טרויעריק צו, אַז אַמוואַרשיינלעכסטן וועט אים באַשערט זיין צו פאַרענדיקן די טעג פון זיין לעבן אין דער מדבר און פאַרן טויט דערהערן: „דו וועסט נישט אַריינקומען אין צוגעזאָגטן לאַנד".

הארבסט 1919 איז פּעטראָגראַד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטעריישן לאַגער: יודעניטשעס חילות האָבן זיך דערנענטערט צו קראָנשטאַט. אומעטום זענען אָנגעגאַנגען פיבערהאַפטע צוגרייטונגען צו דער פאַרטיידיקונג. די בירגערלעכע קרייזן, וואָס זענען געווען פיינטלעך געשטימט צו דער נייער מאַכט האָבן אין געהיים זיך געפרייט מיט די נצחונות פון די „ווייסע"; אַ סך אָבער זענען געווען באַזאָרגט דערפון, וואָס די נצחוונת פון די „פרייוויליקע" זענען געווען באַגלייט פון אַנטי־יידישע פּאָגראָמען. ווען קיין פּעטראָגראַד זענען דערגאַנגען ידיעות וועגן די אכזריותן פון מאַמאָנטוואָס קאָזאַקישע באַנדעס, האָט ש. דובנאָוו איראָניש באַמערקט: די „באַפרייער" האָבן געוויזן, ווער זיי זענען.

יודעניטשעס אָנגריף איז געוואָרן אָפּגעשלאָגן; אָבער די צפונדיקע הויפּטשטאָט איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אָפּגעריסן פון לאַנד. ש. דובנאָוו האָט זיך באַמיט צו באַשאַפן פאַר זיך דערטרעגלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען: ער האָט פאַראייניקט דעם קאַבינעט מיט דער קיך, כדי צו זיין נאָענט צום קוואַל פון וואַרימקייט — צום אייזערנעם אייוועלע, צו דער „בורזשויקע", ווי

מ׳האָט עס גערופן; צוליבן מאַנגל אין האָלץ פלעגט מען דאָס אייוועלע הייצן מיט שטיקער מעבל און טיילמאָל מיט ווייניקער נוצלעכע ביכער. אין דער עקשנותדיקער מלחמה אויף צוויי פראָנטן — מיט דער קעלט און מיטן הונגער — איז דער אָרגאַניזם נישט שטענדיק אַרויס דער זיגער; עס פלעגט אים אָנהייבן שווינדלען אין קאָפּ, די פיס זענען געוואָרן געשוואָלן, אומגעריכט האָט מען אין א שאַפע געפונען א צענפונטיק זעקעלע קאַרנמעל, וואָס האָט זיך דאָרט פאַרוואַלגערט פון אַמאָל; דאָס איז געווען ווי א נס מן השמים; מ׳האָט געקענט אין משך פון צוויי וואָכן עסן ברויט צו דער זעט.

נישט געקוקט אויף די אַלע זאָרגן, וואָס האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן, זענען ש. דובנאָווס גייסטיקע כוחות נישט געמינערט געוואָרן. אין א פאַרצייכענונג פון 18־טן נאָוועמבער 1919 זאָגט זיך: „איך שרייב מיט א ציטערדיקער האַנט, וואָס האָט זיך נאָך נישט אָפּגערוט פון האַקן האָלץ מיט דער שווערער טעמפּער האַק. די תפילה־שטימונג האָט מיך נישט פאַרלאָזט אויך היינט און אַדאַנק דעם איז די נשמה נישט געוואָרן פאַרפרוירן. ווי אומגליקלעך זענען די מענטשן, וואָס קענען נישט תפילה־טאָן אין שווערע לעבנס־מאָמענטן, מענטשן וואָכעדיקע, אָן אַן אינערלעכן גאָט. צוגעשמידטע צו דער ערד, פאַרמאָגן זיי נישט קיין פליגלען, כדי זיך אויפצוהייבן איבער אירע גרויזן...”

אָנהייב 1920 האָט דער בירגער־קריג זיך אָנגעהויבן איינצושטילן: עס זענען צעקלאַפּט געוואָרן די אַרמייען פון קאָלטשאַק, דעניקין, יודעניטש, פּעטלורע. אין פייער פון קאַמף האָבן די אוקראַאינישע „סאַמאָסטיניקעס” (סעפּאַראַטיסטן) און די פירער פון דער „ווייסער באַוועגונג”, וואָס האָבן זיך געדעקט מיט רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע לאָזונגען, אַנטפּלעקט זייער אמתן פּרצוף. פון אַלע עקן לאַנד זענען אָנגעקומען ידיעות וועגן שוידערלעכע פּאָגראָמען אויף יידן דורכגעפירט דורך די „ווייסע”. דאָס סאַמע שוידערלעכסטע בילד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אוקראַאינע. די מעשים פון דער נייער „היידאַמאַטשינע” האָבן דעם היסטאָריקער דערשיטערט מיט זייער ענלעכקייט צו דער היידאַמאַטשינע פון 17־טן און 18־טן י״ה. מיט פאַרביטערונג האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז די מענטשן ווערן מיט דער צייט נישט מענטשלעכער...

די אויסערלעכע לעבנס־באַדינגונגען זענען אין 1920 געוואָרן אַביסל גרינגער. א דאַנק דער איניציאַטיוו פון מאַקסים גאָרקי איז געשאַפן געוואָרן א קאָמיסיע צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די וויסנשאַפטלער. דאָס איז געווען ממש, א רעטונג פאַר א גאַנצער רייע געלערנטע. ש. דובנאָוו איז פאַררעכנט געוואָרן צו דער קאַטעגאָריע, וואָס האָבן געהאַט דאָס רעכט צו באַקומען אַן „אַקאַדעמישן פּאַיאָק” — א צוגאָב־פּאָרציע פון מעל, פעטס, צוקער. דאָס

אָרט ווו כ׳פלעגט אַרויסגעבן די דאָזיקע פּראָדוקטן האָט זיך געפונען אין א וויטן ראַיאָן. האָט מען שיר נישט דורך דער גאַנצער שטאָט געמוזט שלעפּן דאָס זעקל מיט שפּייז אויף די פּלייצעס אָדער פירן אויף אַ קינדער־וועגעלע. דעם 18־טן פעברואַר 1920 געפינען מיר אַזאַ פאַרצייכענונג אין טאָגבוך: „מיר האָבן היינט געגעסן ברויט צו דער זעט... איך פאַרצייכן אין טאָגבוך די דאָזיקע געשעעניש נאָך העכער צוויי וואָכן נישט דערעסן". זו־מער 1920 האָט ש. דובנאָוו באַקומען די מעגלעכקייט אָפּצורוען אין משך פון צוויי וואָכן אין דעם „אָפּרו־הויז פאַר שרייבער און וויסנשאַפטלער", אויף אַ גרויסער זומער־וווינונג הינטער דער שטאָט. דאָס אָפּרו־הויז איז פול געווען מיט אויסגעמאָגערטע, דענערווירטע מענטשן און וועגן התבודדות האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט זיין קיין רייד; דאָך האָט ש. דובנאָוו זיך דאָרט אָפּגערוט פון די דאגות און פון פיזישער האָרעוואַניע. אַהיימקומענ־דיק האָט ער מיט אַ פאַרטאָפּלטער ענערגיע זיך אַ נעם געטאָן צו דער איבער־געריסענער אַרבעט.

דעם טאָגבוך האָט ער איצט געפירט סיסטעמאַטיש, טאָג־נאָך־טאָג. דאָרט האָט ער געבראַכט צום אויסדרוק די פאַרביטערונג, וואָס האָט נישט געהאַט קיין אַנדער אויסגאַנג. פון צייט צו צייט פלעגן אין די נאָטיצן קלינגען אויך לירישע טענער, אָנגערעגטע דורך אַ צופעליקער באַגעגעניש אָדער צוליב אַ פאַרלוסט פון אַ נאָענטן מענטשן. יעדע באַרירונג מיט דער פאַרגאַנגענהייט האָט פאַרשאַפן אַ פיינלעכן, נאָגנדיקן אומעט; דער טויט פון ש. אַנסקי — זיין לאַנגיאָריקער מיטקעמפער — האָט דערוועקט אַ סך זכרונות; נאָך טיפערע שיכטן פון עבר האָט אויפגעהויבן דער אומגעריכ־טער באַזוך פון זיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן פון מסטיסלאַוו, אַ געוועזענער משכיל, מיט וועלכן ער פלעגט אין די אַכציקער יאָרן צוזאַמען לייענען לי־ליענבלומס „חטאת־נעורים". דער גאַסט האָט נאָך געדענקט אידע דובנאָוו ווי אַ בליענדיק, לעבנסלוסטיק מיידל; איצט האָט ער דערזען אַריינגיין אַן איינגעהויקערטע, דורכגעפרווירענע פרוי. אַ פאַרוויינטע איז זי צוריקגעקומען פון קלייטל מיט אַ ליידיקער כלי; דריי שעה איז זי אומזיסט און אומנישט אָפּגעשטאַנען אין דער רייע נאָך נאַפט. און ביים היסטאָריקער אין זכרון האָט אויפגעוואַכט יענער ווינטערדיקער אָוונט, ווען ער און אידע האָבן געשפּאַנט איבער די הורבעס שניי אין מסטיסלאַווער בולוואַר, און אין דער פראָסטיקער נאַכט האָבן הילכיק געקלונגען זייערע יונגע שטימען...

די אַרבעט איבער דער פילבענדיקער „געשיכטע" האָט זיך דערנענ־טערט צום סוף. דעם היסטאָריקער האָט איצט געמאַטערט די פראַגע, ווי אַזוי אַרויסצוגעבן דאָס גרויסע ווערק. עס איז קלאָר געווען, אַז אין דער אַטמאָספער פון אַלגעמיינעם כאַאָס איז גאָר אוממעגלעך צו טראַכטן וועגן

דרוקן דאָס מאָנומענטאַלע ווערק. מיט אַ באַזונדערער לײדנשאַפטלעכקייט האָט ער געאַרבעט איבער די לעצטע קאַפּיטלען; גאַנצע טעג האָט ער פאַרבראַכט ביים שרייבטיש און מיט דער אויסערלעכער וועלט האָט ער זיך קאָמוניקירט נאָר זונטיק, אין אוניווערזיטעט. דאָרט האָט ער זיך געטראָפן מיט פריינט און אינטערעסאַנטן. איינמאָל האָט אַ צופעליקער באַזוכער אים געבראַכט אַ בריוול פון אַחד־העמען. דאָס איז געווען די ערשטע ידיעה פון אים זינט העכער דריי יאָר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער אַלטער פריינד איז זייט 15 חדשים קראַנק אויף נעוראַסטעניע און פילט זיך שטאַרק דערשלאָגן, ווייל ער האַלט זיך פאַר אַן אינוואַליד. אין בריוו שרייבט אַחד־העם, אַז ער האָט בדעה איננגיכן זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל.

אין די צייטונגען, וואָס פלעגן אָנקומען פון אויסלאַנד האָט מען געשריבן וועגן דער אויפלעבונג פון יידישער פאַרלאַג־טעטיקייט אין בערלין. אייניקע פאַרלאַגן פון דאָרט האָבן געפּרוווט אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט ש. דובנאָוון, ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז עס איז אוממעגלעך צו דרוקן אַ גרויס ווערק אין דער אָפּוועזנהייט פון מחבר. וואָס ווייטער איז פאַר אים אַלץ קלאָרער געוואָרן, אַז כדי צו קענען פאַרווירקלעכן זיין לעבנס־אויפגאַבע וועט ער דאַרפן זיך באַזעצן אין מערב־אייראָפּע. שפּאַנענדיק איבער די אומעטיקע פּוסטע גאַסן פון פעטערבורג האָט דער היסטאָריקער געמאַכט פּלענער: ער וועט פאַרענדיקן די „געשיכטע", אַרויסגעבן זי אין בערלין, און דערנאָך אַוועקפאָרן אויף עטלעכע חדשים קיין ארץ־ישראל. די דאָזיקע חלומות האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אין אַ שטאַרקער מניעה: ווי אַזוי באַקומט מען אַן אַרויספאָר־וויזע? איננגיכן אָבער האָבן די עמיגראַציע־פּלענער אָנגענומען רעאַלע פאָרמען: דער קאָוונער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט האָט דורכן ליטווישן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע זיך אָנגעהויבן משתדל צו זיין, אַז מ'זאָל דובנאָוון דערלויבן אַרויסצופאָרן קיין ליטע — אַלס פּראָפעסאָר פון קאָוונער אוניווערסיטעט.

די לעצטע קאַפּיטלען פון דער „געשיכטע" זענען געשריבן געוואָרן אונטערן אַקאָמפּאַנימענט פון האַרמאַטן־דונערן פון קראָנשטאַטער אויפשטאַנד. די אַרומיקע פּאָליטישע לאַגע האָט אויף ש. דובנאָוון געווירקט פּיינלעך. דער פאַרלאַנג אַוועקצופאָרן איז ביי אים געוואָרן אַלץ עקשנותדיקער. די באַמיונגען פון דער ליטווישער אַמבאַסאַדע האָבן נאָך, דערווייל, נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן; איז ביי אים אויפגעקומען אַ געדאַנק צו שיקן, דורך גאָרקין, אַ בריוו צו לענינען, וואָס זאָל אַנטהאַלטן אַזאַ אַרגומענטאַציע: אַזוי ווי אין סאָוועט־רוסלאַנד איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם אַ מלוכה־דאָגמע, דאַרף מען יענע געלערנטע, וואָס אַנערקענען נישט די דאָזיקע דאָגמע, געבן אַ מעגלעכקייט צו עמיגרירן. דער בריוו איז אָבער

נישט געוואָרן ארויסגעשיקט: פריינד האָבן אים געעצהט צו האָבן געדולד אוןווארטן אויפן אָפיציעלן ענטפער.

עס האָט זיך דערנענטערט דער 40־יאָריקער יובל פון ש. דובנאָווס ליטעראַרישער טעטיקייט. געוויינלעך פלעגט ער זיך באַמיען אויסצומיידן פייערלעכקייטן פאַר זיין כבוד וועגן. דאָס מאָל האָט ער גערן מסכים גע־ווען אויף אַ צוזאַמענטרעף מיט פריינד און תלמידים: ער האָט געפילט, אַז דער דאָזיקער צוזאַמענטרעף קען ווערן די לעצטע געזעגענונג. דעם יובל־טאָג האָט ער פארבראַכט אין אַ געהויבענער שטימונג. צום ערשטן מאָל פאַר די לעצטע פיר יאָר באַווייזן זיך אין טאָגבוך שורות דורכגעדרונגענע מיט פרייד. „דער נעכטיקער טאָג — שרייבט ער דעם 29 אַפּריל 1921 — איז געווען עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכער. אַ זוניקער פרימאָרגן. אויף אידעס באַגריסונג האָב איך איר אויסגעדריקט מיין דאַנקבאַרקייט פאַר דעם, וואָס זי האָט אין משך פון כמעט פערציק יאָר מיר געהאָלפן אין מיין שווערן לעבנס-וועג. די טרערן האָבן מיך געשטיקט בעת איך האָב איר געזאָגט, אַז ווען נישט זי, וואָס האָט גענומען אויף זיך דעם יאָך פון נויט און דחקות, וואָלט איך נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו ברענגען אַזוי פיל קרבנות כדי מקיים צו זיין מיין נדר... איך האָב אַרויסגענומען פון דער שאַפע צוויי ביכער, צו וועלכע איך האָב זיך שוין לאַנג נישט געהאַט צוגע־רירט: די „פילאָסאָפיע פון פּאָזיטיוויזם" פון אָגיוסט קאָנט און מיללס „וועגן פרייהייט"; אין 1881 זענען די דאָזיקע ביכער געווען פאַר מיר אַ הייליג־קייט. איך האָב געלייענט מיינע הערות אויף די ראַנדן, די אונטערגעשטראָ־כענע ערטער; אַ סך זכרונות זענען דערביי אויפגעשוואומען. מיטאָג־צייט איז דער יובל־קאָמיטעט געקומען מיך באַגריסן. כ'האָב זיך אויף זיי נישט געריכט, אין מיין ענגן קאַבינעט איז קוים געווען גענוג פּלאַץ פאַר די געסט. זעקס אַ זייגער פאַרנאַכט האָט מען געשיקט נאָך מיר און אידען... און מיר זענען אָנגעקומען צו דער גרויסער פייערלעכער פאַרזאַמלונג אין יידישן פאָלקס-אוניווערסיטעט. פון מאָסקווע איז געקומען מ. ק. און געבראַכט אַ פּאַק בריוו און באַגריסונגען. באַזונדערס האָב איך זיך דערפרייט מיט די צוויי בענד פון דער דייטשישער איבערזעצונג פון מיין „נייסטער יידישער געשיכטע", וואָס איז דערשינען אין בערלין אין 1920.

אויף די אומצאָליקע באַגריסונגען האָט דער היסטאָריקער געענטפערט מיט אַ גרויסער רעדע. „איך האָב גערעדט — שרייבט ער — וועגן מיין גרויסער פרייד, וואָס איך זע ווידער פאַרזאַמלט די אַלע, וואָס פלעגן זיך אַזוי אָפט צוזאַמענקומען אויף רעפעראַטן, דיסקוסיעס און אויף זיצונגען, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אין די לעצטע יאָרן זענען זיי אָפּגעזונדערט, צעוואָרפן... איך האָב דערמאָנט וועגן דעם

טאָג פון 15 אַפּריל 1881, ווענן מיין ערשטן בונטאַרישן אַרטיקל, ווו איך האָב זיך באַמיט פאַרצושטעלן די יידישע געשיכטע פון אַלישע אחרם שטאַנדפּונקט. איך האָב גערעדט ווענן דעם, ווי אַזוי איך האָב פון יענעם מאָמענט אָן גענומען אַריינדרינגען אין דעם קאָמפּליצירטן פּראָצעס פון דער יידישער געשיכטע, פריער דורך פרעמדע ברילן, און דערנאָך מיט אייגענע אויגן... און ערשט איצט האָב איך פאַרענדיקט מיין גרויס ווערק, אָבער שוין אין אַ צייט ווען די דרוקערייען זענען צעשטערט געוואָרן... כ׳האָב גערעדט ווענן דעם דור פון דעם 40־יאָריקן פּעריאָד, דעם „דור המדבר", וואָס פאַרמאָגט אָבער זיין באַרג סיני און זיינע גרויסע נאַציאָנאַל־קולטור־רעלע דערגרייכונגען, און ווענן דעם עלטסטן אינטערנאַציאָנאַל — דעם יידישן — וואָס וועט אונדז ראַטעווען נאָך דעם וועלט־מבול. איך האָב גערעדט מיט פייער, אָבער דייטלעך און קלאָר; אין זאַל האָט געהערשט אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט, פון צייט צו צייט האָבן זיך געהערט טיפע זיפצן... מיר זענען זיך צעגאַנגען אַרום האַלבער נאַכט, אויפגערעגטע, אָבער ווי באַנייטע פון דעם צוזאַמענטרעף, פון דעם שמועס ווענן דורכגעלעבטן, פון דעם שטאָלצן אַרויסרוף... וואָס אַלע האָבן פאַרשטאַנען..."

דער יובל איז געווען אַ סך־הכל פון 40־יאָריקער טעטיקייט. אַ גרויסן נחת־רוח האָט דער שרייבער געהאַט פון די באַגריסונגס־בריוו, וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשידענע ערטער: אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן געשריבן ווענן דעם, ווי אַזוי זיי פלעגן סיסטעמאַטיש לייענען זיינע אַרטיקלען אין „וואָסכאָד", ווי אַזוי זיי האָבן זיך געלערנט אויף דובנאָווס ווערק; אַ סך האָבן געשריבן, אַז זיי האַלטן זיך היינט נאָך פאַר זיינע תלמידים. די זעלביקע טענער האָבן אויך געקלונגען אין די רעדעס אויפן גרויסן באַנקעט, וואָס איז פאָרגעקומען אָנהייב מאַי. די רעדנערס האָבן באַזונדערס אָנגעוויזן אויף דער השפּעה, וואָס די „בריוו ווענן אַלטן און נייעם יידנטום" האָבן געהאַט אויף זייער וועלט־אָנשויונג. איינער פון זיינע צוהערער, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן, אַז ער האַלט זיך פאַר אַן איבערצייגטן קאָמוניסט, האָט דערקלערט, אַז ער און אַ סך פון זיינע חברים אָנערקענען די אידייע פון קולטורעלער אויטאָנאָמיע. טיף גערירט האָט דער בעל־יובל געענטפערט אויף די אַלע רעדעס: „איך האָב גערעדט — שרייבט ער — ווענן דעם ריס אין דער יידישער וועלט, וואָס גייט דורך דורכן האַרץ פון אונדזער דור, ווענן דעם פּיינלעכן פּראָצעס, ווען עס טראָגן זיך איבער היסטאָרישע צענטערן אין גלות... די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט צער פון צעשיידונג, מיט טרויער צוליבן פאַנאַנדערפאַל פון פּעטערבורגער צענטער. מיין נשמה האָט געוויינט, ס׳האָט זיך געוואָלט אַוועקגיין אין אַ זייט און וויינען אויפן קבר פון דער פאַרגאַנגענהייט."

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיין אָפּפאָר איז נאָך אַלץ געווען פּראָבלעמאַטיש, האָט ער אָנגעהויבן זיך גרייטן אין וועג אַריין. ער איז גע־ווען פאַרנומען מיט ברענגען אין אָרדענונג זיין גרויסן אַרכיוו, ווען עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פון ביאַליקן, אַז ער און נאָך אַ גרופּע אָדעסער שרייבער פאָרן קיין ארץ־ישראל. דער בריוו איז געווען אַ האַרציקער, פול מיט בענקשאַפט. „נאָך איין וואָרט — און אַ טרער וועט זיך אַראָפּקייקלען" — האָט געשריבן דער פּאָעט. ער האָט אָבער פאַרענדיקט דעם בריוו מיט דער־מוטיקנדיקע ווערטער, אַז מ׳וועט זיך איינגיכן ווידער טרעפן.

ש. דובנאָוו איז געווען זייער באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון זיינע ביכער און אַרכיוו. אים איז שווער געווען מסכים צו זיין אַפילו אויף אַ טיילווייזער ליקווידאַציע פון זיין ביבליאָטעק, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט צונויפגעזאַמלט במשך פון אַזוי פיל יאָרן. די שאַטנס פון פיר יאָרצענדליקער זענען פאַר אים אויפגעשטאַנען, ווען ער האָט צוזאַמענגע־שטעלט דעם קאַטאַלאָג. עס איז אים אויך נישט גרינג געווען זיך צו שיידן מיט די בריוו. „...עס הייבט זיך נישט די האַנט — שרייבט ער אין זיין טאָגבוך — כ׳האָב נישט געקענט פועלן ביי זיך צו צעשטערן די קברים, ווו עס זענען באַגראָבן אומרו, צער און פרייד פון צוויי דורות"... און נאָך אַ זאַך האָט אים באַאומרואיקט: די מעגלעכקייט פון אַ רעוויזיע פון די מאַנוסקריפּטן בעתן אַריבערפאָרן קיין אויסלאַנד. דעמאָלט וואָלטן אין די הענט פון צענזאָר אַריינגעפאַלן די טאָג־ביכער פאַר די לעצטע יאָרן. אַ טייל פון זיין אַרכיוו און ביכער האָט ער איבערגעגעבן אין רשות פון יידישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע, ווו אַז התחלה פאַר דער צוקונפטיקער ביבליאָטעק און ער האָט עס איבערגעשיקט אין דער ליטווישער אַמבאַסאַדע. מיט זיך האָט ער באַשלאָסן צו נעמען נאָר דאָס, וואָס איז געווען נייטיק פאַר דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, אָדער דאָס, וואָס איז געווען באַזונדערס טייער צוליב פערזענלעכע טעמים.

אין שייכות מיט דער השתדלות פון ליטווישן אַמבאַסאַדאָר האָט די מאַכט אָנגעפרעגט די מיינונג פון דעם געהילפס־קאָמיסאַר פאַר בילדונגס־ענינים, פּראָפעסאָר פּאָקראָווסקי. אַז ש. דובנאָוו האָט זיך וועגן דעם דער־וווסט, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו צו פּאָקראָווסקין, ווי צו זיינס אַ פאַך־קאָלעגע. ער האָט נישט דערוואַרט, אַז דער אָרטאָדאָקסאַלער מאַרקסיסטי־שער היסטאָריקער זאָל געבן אַ גינסטיקן ענטפער. ס׳האָט זיך אָבער אַרויס־געוויזן, אַז פּאָקראָווסקיס ענטפער איז געווען אַ פּאָזיטיווער. דער ענין איז אַריבער אין דער לעצטער אינסטאַנץ — דעם ענדגילטיקן באַשלוס האָט געדאַרפט אַרויסטראָגן די „טשעקאַ". דאָרט האָט מען גוט געקענט ש. דובנאָווס איבערצייגונגען: ער האָט דאָך נישט איינמאָל אויף עפנטלעכע

פאַרזאַמלונגען און אין דער פרעסע קריטיקירט דעם באָלשעוויזם. צוליבן דאָזיקן אומשטאַנד איז דער שרייבער געווען שטאַרק באַזאָרגט; עס האָט אים אויך באַאומרואיקט דער פאַקט, וואָס ער איז געווען אַ געבוירענער, נישט פון ליטע, נאָר פון ווייסרוסלאַנד.

די צעשיידונג מיט רוסלאַנד האָט זיך פאַרצויגן אויף לאַנגע חדשים. אין אויגוסט 1921 האָט זיך ש. דובנאָוו געזעגנט מיט דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט; ער האָט געלייגט זיין אַמט אַלס פאָרזיצער און האָט איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט די רעדאַקציע־מאַטעריאַלן פון „סטאַרינאַ". דאָס וואַרטן אויף דער וויזע און דאָס געצווונגענע ליידיק־גיין האָט דעם שרייבער שטאַרק דענערווירט און ער איז שיר נישט אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער מעלאַנכאָליע. געראַטעוועט האָט אים דער געדאַנק, אַז איצט, נאָכן פאַרענדיקן די „געשיכטע", איז געקומען די צייט צו שרייבן מעמואַרן. ער האָט זיך פאַרטיפט אין דער פאַרגאַנגענהייט. „אין דעם שרייבן די זכרונות פון מיין קינדהייט, פאַרגעס איך זיך — שרייבט ער דעם 18־טן אויגוסט — ...איך צווינג זיך צו אַרבעטן, אַנדערש וועט די נשמה נישט אויסהאַלטן דעם פיין פון וואַרטן, דעם כסדרדיקן אומרו". און אין עטלעכע וואָכן אַרום: „איך קלייב זיך צו שרייבן דאָס קאַפּיטל... וועגן די יאָרן 1884־1882, און באַלד נעם איך זיך צום לייענען די מאַטעריאַלן — פאַרבליבענע בריוו. דאָס לייענען צערודערט מיר, אָבער דאָס שרייבן גופא נישט אַזוי שטאַרק. איך שרייב וועגן זיך ווי וועגן אַ זייטיקן... אויפן ערשטן אָרט שטעל איך דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון מיינע אידייען אין דעם פּעריאָד פון דער אַנטי־טעזע". דערמאָנענדיק שפּעטער די דאָזיקע צייט, האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן, אַז ער איז דאַן געראַטעוועט געוואָרן אַדאַנק אָט דער „פּסיכאָטעראַפּיע".

איינמאָל, לייענענדיק די פאַרגעלטע זייטלעך פון אַן אַלטן העפט האָט זיך דערהערט אַ קלונג ביי דער טיר. אויפן שוועל איז געשטאַנען זיין טאָכטער אָלגאַ, וואָס איז אומגעריכט צוריקגעקומען פון סיביר מיט אירע צוויי יינגלעך. פאָטער און טאָכטער, וואָס האָבן זיך נישט געזען פון 1907 אָן, האָבן זיך באַגעגנט, ווי זיי וואָלטן זיך געהאַט צעשיידט דאָ נישט לאַנג. אָלגאַ און די קינדער האָבן זיך באַזעצט ביי די עלטערן אין הויז, און די יינגלעך האָבן זיך גיך באַפריינדעט מיטן זיידן.

הארבסט 1921 האָט דער קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קדימה" פאַרגעלייגט דעם שרייבער אַרויסצוגעבן עטלעכע קאַפּיטלען „געשיכטע" אין דער פאָרעם פון אַ בראָשור. די דאָזיקע קאַפּיטלען זענען בשלום אַדורך די ציווילע און מיליטערישע צענזור, און זענען געוואָרן אָפּגעדרוקט אָן ענדערונגען. די בראָשור, וואָס האָט געהייסן „די יידן אונטער דער הערשאַפט פון ניקאָלאַי דעם צווייטן", איז געוואָרן אַרויסגעגעבן זייער אָרעם, אָבער

נישט אַזוי דאָס שלעכטע, גרויע פּאַפּיר האָט געאַרט דעם היסטאָריקער ווי די נייע אָרטאָגראַפיע.

סוף פעברואַר 1922 האָט דער קאָוונער אוניווערסיטעט אָפיציעל באַשטעטיקט ש. דובנאָוון ווי אַ פּראָפעסאָר פון יידישער געשיכטע. די דאָזיקע ידיעה האָט אים געמאַכט נאָך אומגעדולדיקער. ערשט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אָנגעקומען די לאַנג־דערוואַרטעטע אַרויספאָר־וויזע. איצט האָט דעם שרייבער געמאַטערט בלויז די פראַגע וועגן דער גאַנצייט פון זיין אַרכיוו. אָבער אויך דאָ איז אַלץ געגאַנגען כשורה. דעם באַגאַזש האָט מען רעווידירט ביי ש. דובנאָוון אין דער היים. דער באַאַמטער, וואָס די מאַכט האָט צוגעשיקט, אַ סטודענט פון היסטאָריש־פילאָלאָגישן פאַקולטעט, איז געוואָרן דורכגענומען מיט דרך־ארץ פאַר דעם באַלעבאָס פון דער דירה, ווען ער האָט דערזען די צען דיקע פּאַפּקעס — דעם אָריגינאַל פון דער „געשיכטע". אונטער די דאָזיקע פּאַפּקעס איז געלעגן אַ שיכט פון אַלטע דאָקומענטן און אויפן סאַמע דעק פון דער וואַליזע זענען געווען באַהאַלטן די „טריפהנע" טאָגביכער. דער יונגער צענזאָר האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן מאָנומענטאַלן ווערק און האָט מיטן מחבר פאַרפירט אַ שמועס אויף היסטאָרישע טעמעס. דערנאָך האָט ער צוגערופן דעם צאָל־באַאַמטן און אים געהייסן פאַרחתמענען די וואַליזע מיט די מאַנוסקריפּטן. דער היסטאָריקער האָט פריי אָפּגעאָטעמט.

ס'איז אים נאָר פאַרבליבן צו געזעגענען זיך מיט דעם ביסל נאָענטע פריינד און מיט דער שטאָט, אין וועלכער ער האָט אַזוי פיל איבערגעלעבט. רירנדיק איז געווען די לעצטע באַגעגעניש מיט די סטודענטן. במשך פון דעם גאַנצן ווינטער 1922 האָט ש. דובנאָוו געלייענט זיינע לעקציעס ביי זיך אין דער היים. פון פאַרשידענע עקן שטאָט פלעגן זיינע געטרייע תלמידים זיך צונויפקומען אין דער וווינונג פון היסטאָריקער, צו וועלכער מ'האָט מיט גרויס מי געמוזט זיך מאַכן אַ וועג דורך הורבעס שניי וואָס זענען געלעגן אויף די נישט־געררייניקטע גאַסן. דער קאַבינעט. וואָס האָט אין דער לעצטער צייט געדינט אויך פאַר אַ קיך איז אין די דאָזיקע שעהן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אודיטאָריע, ווו ש. דובנאָוו האָט געלייענט אַ קורס נייסטע יידישע געשיכטע. אויף דער געזעגענונגס־לעקציע האָט ער גערעדט וועגן די פּערספּעקטיוון פון די נייע יידישע צענטערן, וואָס זענען אויפגעקומען אין פוילן און אין די באַלטישע לענדער.

די נאָטיצן אין טאָגבוך פאַרן אָוועקפאָרן זענען געווען אייליקע און לאַקאָנישע. זייער מחבר האָט שוין געהאַט „רייזע־פיבער". אין אַ נאָטיץ פון 22 אַפּריל שרייבט ער: „אַ לויטערער טאָג, מיין קאַבינעט איז פאַרגאָסן מיט זון, און דער פריערדיקער מילדער טרויער פון צעשיידונג איז אין דער

נשמה נישטאָ... נעכטן... האָב איך געזען... די געביידע, וווּ ס'איז אַמאָל געווען די רעדאַקציע פון „וואָסכאָד"... דאָס אַלטע הויז לעבן דער טראָיצקער צערקווע, וווּ איך האָב געוווינט אין 1884... איך בין אָבער גיך פאַרבייגע־פאָרן, דערדריקט פון די זאָרגן פון אַן ארעסטאַנט. אונטערן אייזיקן אָטעם פון די דאָזיקע זאָרגן איז פאַרטונקלט געוואָרן דער צאַרטער טרויער פון צע־שיידונג... און דאָך, אויב דאָס איז מיין לעצטע נאָטיץ אין פעטערבורג, וואָלט איך געוואָלט זיך הארציק געזעגענען מיט אָט דער „שטאָט פון קעלט, נעפּלען און בענקשאַפט", וווּ איך בין געקומען מיט קנאַפּע 42 יאָר צוריק. דעמאָלט זענען געווען „אַ סך מחשבות אין קאָפּ און אַ סך פייער אין הארצן", אויך איצט זענען אויך דאָ אַ סך מחשבות און פייער, אָבער פון אַן אַנדערן מין. די מחשבות פון דעם זון־אויפגאַנג האָבן אָפּגעטראָטן זייער אָרט פאַר די מחשבות פון דעם זון־אונטערגאַנג. דאָס פייער פון דער יוגנט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פייער פון זקנה, מיט אַן אָפּגלאַנץ פון דער קאַלטער אייביקייט. די שקיעה איז אָפּט שענער פאַר דעם מאָרגנשיין. איז מיר באַשערט צו האָבן אַזאַ שקיעה נאָכן שטורעמדיקן טאָג? צי וועל איך נאָך קומען צו זיך נאָך די קלעפּ פון די לעצטע יאָרן, אויף אַזוי פיל, אַז איך זאָל אין מיינע לעצטע יאָרן קענען דערפירן ביזן סוף די אַרבעט, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אין דער יוגנט?"

אויפן צווייטן טאָג, דעם 23־טן אַפּריל 1922 האָבן שמעון און אידע דובנאָוו פאַרלאָזט רוסלאַנד.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

# אויף מערב

מיט אַ שווער געבראַזגעריי האָט די באַן טרייסלענדיק זיך געשלעפּט אויף מערב. דער וואַגאָן איז געווען שמוציק, די געבעטעטע געזעסן אָפּגעריבן, אָבער די צוויי עלטערע, מידע פּאַסאַזשירן האָבן דאָס נישט באַמערקט. זיי האָבן זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון פענצטער: פאַרביי האָבן זיך געטראָגן זומפּיקע לאָנקעס, קוים־קוים פאַרפּראָשעט מיט יונגן פרילינגס־גראָז, און דאָס איינטאָניקע קלאַפּן פון די רעדער האָט כסדר דערמאָנט, אַז צום לעצטן מאָל זעען זיי דאָס דאָזיקע אָרעמע רוסישע פלאַכלאַנד אונטערן נידעריקן גרויען הימל...

דער אומעט פון צעשיידונג איז געווען אויסגעמישט מיט דער פרייד פון באַפרייאונג. די באַן האָט זיי אַוועקגעפירט פון יענעם לאַנד, וואָס איז לויט פּושקינס טרעפלעכן אויסדרוק, געשטעלט געוואָרן „דיבאב" דורכן אייזערנעם ציימל פון דער געשיכטע. אַזאַ רוסלאַנד האָט זיי געשראָקן; זיי האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט מיטצוגיין מיט דער האַרבער יונגער עפּאָכע, וואָס האָט צעשמעטערט די איינגעפונדעוועטע געמיטלעכקייט פון לעבן און האָט צעשטערט יענעם לעבנס־שטייגער, וואָס האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן און רוען. איצט, בייטנדיק דאָס לאַנד האָבן זיי געביטן די עפּאָכע: זיי האָבן זיך צוריקגעקערט פון דעם 20־טן יאָרהונדערט צום 19־טן.

שוין פון דער ערשטער באַגעגעניש מיטן מערב האָט אויף זיי אַ ווייעגעטאָן מיט פריערדיקן לעבן. אויפן וואָקזאַל אין ריגע, וואָס איז איצט געווען די הויפּטשטאָט פון קליינעם לעטלאַנד, זענען די דובנאָווס באַגעגנט געוואָרן מיט בלומען און באַגריסונגען דורך אַ דעלעגאַציע פון דער יידישער קהלה. זיי זענען באַלד אַריינגעפאַלן אין דער געדיכטעניש פון דער טומלדיקער פּראָווינצער גאַסטפריינדלעכקייט; עס האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען צו די שמועסן ביי די העל־באַלויכטענע געדעקטע טישן, ביים זידיקן סאַמאָוואַר, און ווען די קינדער האָבן אויפן שול־יום־טוב אָנגעהויבן

צו דעקלאַמירן לידער פון פרוגן און ביאַליקן, האָט דער גאַסט בגנבה גע־זאָגט א טרער. ער האָט געהאַט דאָס געפיל פון א מענטש, וואָס האָט זיך נאָך א לאַנגער פיינלעכער צעשיידונג אומגעקערט א היים.

פון ריגע זענען די עמיגראַנטן אָפּגעפאָרן קיין קאָוונע. די קליינע שטאָט פון געוועזענעם מערב־קאַנט מיט אירע שלעכט־ברוקירטע גאַסן און נידעריקע פּראָווינצער הייזער האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צוגעוווינען צו דער ראָל פון א הויפּטשטאָט. די ענגשאַפט, די קולטורלאָזיקייט, און דאָס פעלן פון די עלעמענטאַרסטע באַקוועמלעכקייטן האָבן א ביסל אַנטוישט די ניי־געקומענע, וואָס האָבן פון לאַנג שוין געטרוימט וועגן אייראָפּעישן קאָמפאָרט. אויך די פּאָליטישע אַטמאָספער אין דעם קליינעם לאַנד איז גע־ווען נישט איבעריק צוציענדיק. פאַרשיכורטע פון דער מלוכהשקייט, וואָס איז ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן, איז דאָס קליינע לאַנד באַהערשט געוואָרן פון אַן אומגעצוימטן שאָוויניזם; א סך פּראָפעסאָרן פון דעם נייעם ליטווישן אוניווערסיטעט האָבן נישט באַהאַלטן זייער אומצופרידנקייט מיטן איינ־פירן די קאַטעדרע פון יידישער געשיכטע. ש. דובנאָוו איז געשטאַנען פאַר א שווערער דילעמע: פון איין זייט האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב מיט עפּעס אָפּצודאַנקען דעם לאַנד, וואָס האָט אים געגעבן נייע בירגערשאַפט; פון דער אַנדערער זייט אָבער, האָבן אים די לעבנס־באַדינגונגען אין דער ליטווישער הויפּטשטאָט אויסגעזען צו זיין וויניק צוגעפּאַסט כדי צו קענען פאַרווירקלעכן ברייטע וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישע פּלענער. די בריוו פון יענער צייט דערציילן וועגן די ספיקות, וואָס האָבן דעמאָלט באַהערשט דעם שרייבער. „...איך האָב געטראַכט — שרייבט ער צו זיין פריינד, דעם היסטאָריקער א. מ. טשעריקאָווער, אין מיטן מאַי 1922 — וועגן באַזעצן זיך אין בערלין און דאָרט אַרויסגעבן מיינע ביכער — דאָס איז דאָך געוועזן די וויכטיקסטע סיבה פון מיין „עקזאָדוס". אָבער דערווייל פאַר־האַלט מיך אין קאָוונע די יידישע קאַטעדרע אויפן ליטווישן אוניווערסיטעט".

סוף מאַי זענען די דובנאָווס אַרויסגעפאָרן אין דעם קליינעם קוראָרט ברעזען, נישט ווייט פון דאַנציק. דאָרט האָבן זיי צוזאַמען מיט דער על־טערער טאָכטערס משפחה זיך באַזעצט אין א געמיטלעכער ווילע ביים ים. ווי א קינד האָט ש. דובנאָוו זיך געפרייט מיט דער שטילקייט, מיט דער שיינער נאַטור. ער פלעגט אָפט שפּאַצירן מיט די אייניקלעך — דעם ניין־יאָריקן אליאַ און זיבן־יאָריקן וויטיאַ — נאָך וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט אין זיין פעטערבורגער איינזאַמקייט. פאַמעלעך זענען געפלאָסן די זוניקע רו־טעג. אין די אָפענע פענצטער פון דער וועראַנדע האָט זיך אַריינגעגאָסן דער גערויש פון ים; ווי א שטערנדל האָט אין די נעכט גע־פינקלט דער ווייטער לייכט־טורעם, דער פייכטער געזאַלצענער ים־ווינט האָט

ליבלעך געגלעט דאָס פּנים, אָפּווישנדיק פון דער נשמה אומרו און ביטער־ניש. אויפן קיילעכדיקן טישל נעבן דער סאָפע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַלץ נייע ביכער און זשורנאַלן, וואָס פלעגן אָנקומען פון אַלע עקן וועלט. דער היסטאָריקער, וואָס האָט שוין לאַנג נישט געהאַט געזען קיין ביכער פון אויסלאַנד, האָט זיך איצט פאַרשיכורט מיטן לייענען. באַזונדערס איז ער געווען פאַרכאַפּט פון י. אָפּאַטאָשוס היסטאָרישן ראָמאַן „אין די פּויליש וועלדער". „עס איז מיר אַזוי נאָענט דאָס טיפע געפיל פאַר געשיכטע, מיט וועלכן ס'איז דורכגעדרונגען אייער בוך — שרייבט ער צום מחבר קיין אַמעריקע — די פיגורן פון די דאָרפישע יידן אָטעמען מיט קראַפט, די פּעדים, וואָס פאַרבינדן צענדליקער דורות, די אַטמאָספער און דער לעבנס־שטייגער פון די קאָצקער חסידים, וואָס האָבן מיך שוין לאַנג אינטערע־סירט, די פּויליש־יידישע ראָמאַנטיק פון יענער עפּאָכע — אַלץ איז דאָ אַזוי פול מיט לעבן און — אַזוי נישט ענלעך אויף אונדזער ווירקלעכקייט..."

דער דאָזיקער בריוו איז געווען דער אָנהייב פון אַ פריינדשאַפטלע־כער קאָרעספּאָנדענץ צווישןביידע שרייבער, וואָס האָבן באַלד דערפילט אַ גייסטיקע קרובהשאַפט צווישן זיך. אין די ווייטערדיקע בריוו האָט ש דובנאָוו נישט איינמאָל אונטערגעשטראָכן אָפּאַטאָשוס געזונטן רעאַליזם און אים קעגנגעשטעלט יענע דערשיינונגען אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס ער האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל מיט אויפרעגונג באַצייכנט ווי „דע־קאַדענטישקייט".

יענער זומער, אויפן שוים פון דער נאַטור, צווישן נאָענטע מענטשן און ביכער, האָט פאַרן היסטאָריקער געקענט ווערן אַן אמתער יום־טוב, ווען עס וואָלט אים נישט געמאַטערט די אומבאַשטימטקייט בנוגע זיינע ליטע־ראַרישע פּלענער. די פאַרלעגער האָבן אים כסדר פאַרוואָרפן מיט פּאָר־שלאָגן וועגן דרוקן די „געשיכטע" אויף רוסיש, יידיש, העברעאיש און דייטש. שעהן־לאַנג פלעגט ש. דובנאָוו פאַרברענגען ביים שרייב־טיש, שרייבנדיק בריוו צו פריינד און פאַרלעגער. ער האָט זיך געפרייט מיט דעם, וואָס עס איז צוריק באַנייט געוואָרן דער קאָנטאַקט מיט פּערזענלעכע פריינד און אידעאישע חברים, וואָס דער היסטאָרישער קאַטאַקליזם האָט געהאַט איבערגעריסן. דעם 15־טן מאַי שרייבט ער צו מ. ווישניצער, אַ לאַנג־יאָריקער מיטאַרבעטער אין דער „היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט" און אין „יעווריסקאַיאַ סטאַרינאַ": „איך זוך אויף פאַרלוירענע פריינד און איך פריי זיך, ווען איך דערוויס זיך, אַז זיי לעבן און שפּינען ווייטער דעם איבערגעריסענעם פאָדעם".

*) באַזונדערס אינהאַלטסרייך זענען די בריוו פון דאָזיקן פּעריאָד, געשריבן צו מ. ווינאַווער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז. נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג האָט ש. דובנאָוו געוואָלט זיך דורכשמועסן מיט זיין פּעטערבורגער פריינד וועמענס מיינונג ער האָט שטאַרק געשעצט, וועגן דער קאָמפּליצירטער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן נאָך דער מלחמה. די פרייד צוליב דער באַנייאונג פון די אינטעלעקטועלע קאָנטאַקטן איז געווען אויסגעמישט מיט צער צוליב דער בענקשאַפט נאָכן פאַרלאָזטן היימלאַנד. „איך און איר — שרייבט דער היסטאָריקער דעם 30־טן יולי 1922 — זענען מיר דאָך אין דער לאַגע פון עמיגראַנטן. אמת, מיר זענען בירגער פון וועלט־גלות, מיטגלידער פון היסטאָרישן אינטערנאַציאָנאַל, געגרינדעט נאָך אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער מוקדון; פונדעסטוועגן פילט זיך דער צער צוליב דער צעשטערטער נעסט". טראַכטנדיק וועגן דער נאָענטסטער צוקונפט פון יידישן פאָלק קומט דער מחבר פון בריוו צום אויספיר, אַז ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַ נאַציאָנאַלן רענעסאַנס אין פאַראָרעמטן ווייסרוסלאַנד און נאָך ווייניקער אין אוקראַינע, וווּ יידן האָבן דורכגעלעבט אַזעלכע בלוטיקע פּאָגראָמען. „אַ פאָלק — שרייבט ער — קען נאָך לעבן אויף אַ באָדן, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט זיין בלוט, אָבער נישט זייט ביי זייט מיט זיינע מערדער... דאָס באַשטימט אונזער גורל אין היידאַמאַקישן אוקראַינע אויף אַ משך פון אַ לאַנגן פּעריאָד (האָבן דאָך אויך נאָכן שרעקלעכן יאָרצענדליק 1648־1658 די יידישע ישובים אין אוקראַינע געפּוסטעוועט במשך פון 50 יאָר"... און מיט אַ פּאָר שורות ווייטער: „אין רעזולטאַט פון וועלט־מבול האָבן מיר באַקומען צוויי נייע אָנשפּאַר־פונקטן — דאָס אָנערקענען אונדזער אויטאָנאָמיע אין גלות און אונדזער רעכט אויף אַ ווינקעלע אין פּאַלעסטינע. כדי צו פאַרווירקלעכן דיביידע אַקטן שטייט פאָר אַ שווערער קאַמף מיט דער אויסערלעכער וועלט, אָבער דער אינערלעכער קאַמף צווישן ציוניזם און אויטאָנאָמיזם דאַרף איצט ווערן אָפּגעשטעלט, ווייל ביידע באַוועגונגען, וואָס זענען געוואָרן רעאַליטעטן, זענען זיך נישט סותר, נאָר דערגאַנצן זיך קעגנזייטיק... דער ציוניזם וועט זיין יענע טיילווייזע לייזונג פון דער יידנפראַגע, וואָס אַ סך פון אונדז האָבן אויך פריער אַזוי געהאַלטן. דער אויטאָנאָמיזם ווידער... איז אַ נייע פאָרעם פון עמאַנציפּאַציע, ווו דער נאַציאָנאַלער מאָמענט איז אומאָפּטיילבאַר פון בירגערלעכן. סיי דער ציוניזם, סיי דער אויטאָנאָמיזם דאַרפן פאַר

---

*) דער אָפּזאַץ און דער אָנהייב פון צווייטן אָפּזאַץ ביז די ווערטער „די הויפּט־אויפגאַבע", איז צוגעגעבן געוואָרן פון מחבר נאָכן דערשיינען פון דער רוסישער אויסגאַבע. — דער איבערזעצער.

זיך נאָך אויסקעמפן אַן אָרט אין לעבן, קיינער פון זיי דאַרף נישט פּרע־טענדירן אויפן מאָנאָפּאָל צו לייזן די יידנפראַגע"... אין אַ בריוו, געשריבן מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער (דעם 3־טן אָקטאָבער 1922) געפינען מיר אַ אָפּטימיסטישע אָפּשאַצונג וועגן די פּערספּעקטיוון פון די יידישע ישובים אין פּוילן און אין די באַלטישע לענדער: „אונדזער גייסטיק־נאַציאָנאַלע העגעמאָניע... קערט זיך אום אין מאָדערנעם ספרד — פּוילן... ליטע און די אַנדערע קליינע לענדער זענען אין אונדזער געשיכטע ווי עקספּערימענ־טיר־פעלדער אויף צו פאַרפלאַנצן נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע פון דער יידי־שער מינדערהייט"...

חוץ בריוו צו פריינד, וואָס נישט זעלטן זענען זיי געווען דער קער־ן פון די שפּעטערדיקע פּובליציסטישע אַרטיקלען, האָט ש. דובנאָוו געפירט אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיינע פאַרלעגער. די הויפּט־אויפגאַבע איז איצט געווען אַרויסצוגעבן די צענבענדיקע „געשיכטע". ווען דער דאָזיקער פּראָיעקט האָט אָנגענומען קאָנקרעטע פאָרמען, זענען בלאָס געוואָרן די פּערספּעקטיוון פון זיין פּראָפעסאָרישער טעטיקייט אין קאָוונער אוניווער־זיטעט. דער היסטאָריקער האָט פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ ריזיקע אויפגאַבע עס שטייט אים פאָר. פּעדאַנטיש אין די פאָדערונגען לגבי זיך אַליין, איז ער געווויינט געווען געטרײַ דורכצוקוקן יעדע אָנגעשריבענע שורה. דאָס אי־בערדרוקן די שוין אַרויסגעגעבענע ווערק האָט אַלע מאָל געפירט צו אַ גרינטלעכער איבעראַרבעטונג, דערגאַנצונג, סטיליזירונג. אַזש ביז דער לעצ־טער קאָרעקטור איז דער מחבר נישט מיד געוואָרן איבערצואַרבעטן און צו פאַרריכטן דעם טעקסט און ער האָט צוליב דעם געמוזט פירן אַ ב־־טערע מלחמה מיט די דרוקערס. איצט האָט די פּערספּעקטיוו פון דער ענד־גילטיקער באַאַרבעטונג פון באַליבטן ווערק באַזיגט אַלע ספקות. ש. דוב־נאָוו האָט פעסט באַשלאָסן צו רעזיגנירן פון דער קאַטעדרע. ער האָט אָנגעשריבן קיין קאָוונע אַ לאַנגן בריוו, אין וועלכן ער האָט מאָטיווירט זיין באַשלוס. נאָכן איבערהאַקן דעם גאָרדישן קנופּ האָט ער לייכטער אָפּ־געאָטעמט. איצט, אַרומוואַנדערנדיק איבער דער פּלאַזשע, האָט ער פריי געקענט טרוימען וועגן רואיקער אַרבעט איבער בערג מיט כתב־ידן און קאָרעקטן, און אין דעם פייכטן ים־ווינט האָט ער געפילט דעם אָנגענעמען ריח פון פרישער דרוק־פאַרב... און אידע דובנאָוו, זיצנדיק אויף דער ווע־ראַנדע אין דעם טיפן פאָטעל נעבן טיש באַלייגט מיט ביכער און צייטונ־גען, האָט געטרוימט פון אַ שטיל געמיטלעך לעבן אין אַ גרויסער קולטו־רעלער שטאָט...

דעם 5־טן סעפּטעמבער זענען די דובנאָווס אָפּגעפאָרן קיין בערלין. דאָרט האָבן זיי זיך באַזעצט אין מעבלירטע צימערן, אין אַ הויז מיט אַ

קליינעם גאָרטן. אָבער פאַרווירקלעכן דעם טרוים וועגן געמיטלעכקייט איז נישט געווען גרינג. דער אויסערלעכער קאָמפאָרט, וואָס האָט זיך באַזונדערס געוואָרפן אין די אויגן צוליב דעם קאָנטראַסט מיט דער רוסישער אָרעמקייט, איז נישט גענוג געווען כדי צו באַשאַפן יענע שטילע נעסט, וועגן וועלכער די מידע וואַנדערער האָבן געחלומט. די דובנאָווס זענען געקומען קיין בערלין אין דער צייט פון ווינונגס־קריזיס און זענען געצוווּנגען זיך צו באַזעצן אין מעבלירטע צימערן, זייט ביי זייט מיט מענטשן, וואָס זענען זיי געווען פרעמד, מענטשן פעדאַנטיש־קליינלעכע, וואָס האָבן זיך באַצויגן אומפריינדלעך צו אויסלענדער. די דאָזיקע קליינבירגערלעכע סביבה האָט פּיינלעך געווירקט אויף ש. דובנאָוון. אין זיינע בריוו און אין פּריוואַטע שמועסן האָט ער זיך כסדר געקלאָגט אויף דעם „טעראָר פון די דייטשישע באַלעבאָסטעס". ער האָט אָנגעהויבן טרוימען וועגן אַן אייגן הייזל אין אַ שטילער גרינער פאָרשטאָט, אָבער דערצו האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסע סומע געלט. די פינאַנסיעלע פראַגע איז דעריבער געוואָרן גאַנץ וויכטיק פאַרן היסטאָריקער; פון איר באַשייד איז געווען אָפּהענגיק דאָס באַשאַפן די געהעריקע באַדינגונגען, כדי צו קענען דערפילן די לעבנס־אויפגאַבע.

ש. דובנאָוו האָט איצט געאַרבעט מיט גרויס אָנשטרענגונג: די „נייסטע ייִדישע געשיכטע" האָט זיך געדרוקט אין אַ פאַרשנעלערטן טעמפּ. איצט האָט זי געזאָלט דערשיינען אין אַ דערגאַנצטער פאָרעם. אין דער הקדמה, וואָס איז געווען אָנגעשריבן נאָך אין 1914, האָט דער מחבר אונטערגעשטראָכן, אַז ער ווענדט אָן דעם מעטאָד „פון באַטראַכטן די פאַרשידענע עלעמענטן אין לעבן פון פאָלק — די פּאָליטישע, סאָציאַל־עקאָנאָמישע און קולטור־גייסטיקע — אויפן פאָן פון דער אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט, איר וווּקס און איר ירידה". ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן פאַר נייטיק נאָך אַמאָל צו דערמאָנען דעם לייענער וועגן דעם חילוק צווישן דער דאָזיקער קאָנצעפּציע און די טעאָריעס פון אַזעלכע היסטאָריקער ווי גרעץ, יאָסט און פיליפסאָן, פאַר וועלכע ייִדישע געשיכטע איז געווען נישט מער ווי געשיכטע פון יודאַיזם.

ווי אין די אַמאָליקע יאָרן פלעגט אים אויך איצט אינמיטן פון דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט באַפאַלן אַ בענקשאַפט צו פּובליציסטיק. נישט איינמאָל האָט ש. דובנאָוו געפילט אַ באַדערפעניש זיך אַרויסצוזאָגן וועגן אַקטועלע פּראָבלעמען. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעגט ביי אים אויפקומען דער פאַרלאַנג צו פאַרעפנטלעכן איינציקע פראַגמענטן פון זיינע טאָגביכער; דאָס פאַרעפנטלעכן די מעמואַרן אינגאַנצן האָט ער געהאַלטן פאַר פּריצייטיק. אָפּשיקנדיק צו א. מ. טשעריקאָווערן די נאָטיצן, וואָס האָבן געהאַט

א שייכות צו די יאָרן 1917-18, האָט דער מחבר דערקלערט, אז ער האָט אויסגעקליבן פון דעם ריזיקן מאַטעריאַל נאָר דאָס, וואָס איז כאַראַקטעריס־טיש פאַר די דעמאָלטיקע שטימונגען פון דעם אַקטיוון טייל פון דער יידי־שער אינטעליגענץ. אין דער זעלבער צייט האָט ער געפירט אונטערהאַנד־לונגען וועגן דרוקן אויסצוגן פון זיינע טאָגביכער אין „פאָרווערטס".

דאָס יאָר 1923, וואָס ש. דובנאָוו האָט פאַרבראַכט אין דער שטילער פאַרשטאָט ליכטענראַד, האָט אים געבראַכט א גרויסע באַפרידיקונג. אין מאָסקווע האָט א פּריוואַטער פאַרלאַג אָפּגעדרוקט זיין בוך „יידן אין רוס־לאַנד און אין מערב־אייראָפּע אין דער עפּאָכע פון דער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע". אין בערלין האָט דער ביכער־פאַרלאַג „גראַני" אַרויסגעגעבן די „נייסטע יידישע געשיכטע" אין דריי בענדער. דאָרט איז אויך דערשינען דער ערשטער באַנד אויף יידיש; גלייכצייטיק איז דער דאָזיקער באַנד אַרויס אויף העברעאיש אין ארץ־ישראל אין פאַרלאַג „מוריה". דער היסטאָריקער האָט איבערגעריסן דאָס איבערקוקן די קאָרעקטן כדי אָנצושרייבן אַן אַרטיקל „די דריטע הײדאַמאַטשינע" פאַרן זאַמלבוך „אַנטיסעמיטיזם און פּאָגראָ־מען אין אוקראַינע", רעדאַגירט פון א. מ. טשעריקאָווער.

אין דעם געפּרויוּרענעם און הונגעריקן פּעטערבורג פון אָנהייב פון די 20־ער יאָרן פלעגט ש. דובנאָוו זיך ראַטעווען פון מרה־שחורה מיט דער האָפענונג, אַז די וועלט, וואָס איז אַראָפּ פון די רעלסן צוליב דער פיר־יאָ־ריקער בלוטיקער שחיטה, וועט נאָך דער מלחמה צוריקגעווינען איר גלייכ־געוויכט, און אַז די רעוואָלוציע, וואָס ברענגט מיט זיך כאַאָס און צע־שטערונג, וועט בלייבן באַגרענעצט צו איין לאַנד. אָבער דער בילבול־המוחות, דער עקאָנאָמישער קריזיס און די פאַרשאַרפטע נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, וואָס ער האָט געטראָפן אין מערב־אייראָפּע, האָבן נישט געקענט אונטער־האַלטן די דאָזיקע אילוזיעס; אָבער מיט זיין שטענדיקן אָפּטימיזם האָט דער היסטאָריקער געגלויבט אין דער פעסטקייט פון די איבערגאַנגס־פּאָר־מען, וואָס די נאָך־מלחמהדיקע ווירקלעכקייט האָט געשאַפן און אין דער מאַגישער קראַפט פון די פּאַראַגראַפן אין די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטו־ציעס. אָבער דווקא אין דייטשלאַנד איז שווער געווען צו האָבן אַזעלכע אי־לוזיעס: דאָס לאַנד איז געווען אָפּגעשוואַכט פון דער לאַנגער מלחמה־אָנ־שטרענגונג און דערשלאָגן צוליב דעם ווערסאַלער שלום־טראַקטאַט. די רעוואָלוציע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף העלפט וועג, די אומצופרידנקייט פון די מאַסן איז אַוועק אין דער טיף און נאָר פון צייט צו צייט פלעגט זי געפינען אַן אויסוועג אין דראָענדיקע אויסברוכן. שוין אין אָנהייב פון די 20־ער יאָרן איז אין לאַנד אויסגעבראָכן א שווערער עקאָנאָמישער קרי־זיס, און די אינפלאַציע האָט אָנגענומען א מוראדיקן פאַרנעם; פאַר די

שפּייז־קראָמען זענען אויסגעוואַקסן לאַנגע רייען פון אַנגעכמורעטע מענטשן, וואָס האָבן געשטיקט אין זיך די אומצופרידנקייט און פאַרביטערונג. ש. דובנאָוו איז געוואָרן אומרואיק. אין פעברואַר 1923 שרייבט ער צו ווי־נאַווערן:*) „ווען איך בין פאַריקן פרילינג געקומען קיין בערלין, האָב איך נאָך געטראָפן רעשטלעך פון אידעאַלן, וואָס האָבן אונדז באַגייסטערט אין די צייטן פון „מבול”: נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, גאַראַנטיעס פאַר די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן... און איצט... ווערן מיר פאַרזונקען אין פינצטערניש, אין אַ חושך־מצרים... איך האָב אָנגעצונדן מיין קליין ליכטל און דערוואַרעמט די נשמה. איך בין אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין וויסנ־שאַפטלעכער ליקווידיר־אַרבעט”. אומגעריכט, אין אַ בריוו צו אַפּאַטאָשו פון 7־טן יאַנואַר 1923 דריקט זיך דער אומרו אויס דורך אַ ביטערן פאַר־געפיל: „מיר לײַדן איצטער צוזאַמען מיט דייטשלאַנד, און עס קען זיין, אַז אונדז וועט נאָך אויסקומען צו ליידן פון איר גופא”. „די אויסערלעכע באַדינגונגען — שרייבט וויטער דער מחבר פון בריוו — זענען זייער שווערע; די שטימונג איז זייער אַ געדריקטע, ספּעציעל אין די לעצטע טעג, נאָכן דורכפאַל פון דער פאַריזער קאָנפערענץ... ווען נישט די אַלע זאָרגן, וואָלט איך געווען צופרידן מיט מיין איצטיקער אַרבעט, זי גייט גוט און רוקט זיך פאָרויס אָן איבעררייסן”.

די אינפלאַציע אין דייטשלאַנד האָט אַרויסגערופן אַן עפּידעמיע פון באַנקראָטן. עס האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן אויך עטלעכע פאַרלאַג־פירמעס און עס זענען געווען באַדראָט די פּלענער פון אַרויסגעבן די „געשיכטע” אין דריי שפּראַכן. די אַרומיקע לאַגע האָט דערוועקט ספקות אין דער סטאַ־בילקייט פון די פּאָליטישע פאָרמען, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין דייטשלאַנד נאָכן פאַלן פון אַלטן רעזשים. די דאָזיקע אומזיכערקייט איז געווען די סיבה, וואָס די דובנאָוס האָבן נישט געקענט האָבן דאָס געפיל, אַז נאָך אַ רייע שווערע יאָרן האָבן זיי ענדלעך זיך דערשלאָגן צו אַ מקום־מקלט, צו אַ שטיל ווינקעלע, און דאָס האָט פאַרשאַטנט זייער לעבן. וואָס איז געווען געבויט לויט אַ שטרענגן פּלאַן. בערלין האָט אין אַ סך הינ־זיכטן באַרעכטיקט זייערע האָפנונגען: דער הויכער ניוואָ פון דעם גרויס־שטאָטישן לעבן און די שטילקייט פון די מאָלערישע פאָרשטעט האָבן גע־שאַפן אידעאַלע באַדינגונגען פאַר סיסטעמאַטישער אַרבעט. דער היסטאָ־ריקער האָט געקענט געניסן פון די מלוכהשע און אוניווערסיטעט־ביבליאָ־טעקן, ווי אויך פון דער רייכער ביכער־זאַמלונג פון דער בערלינער יידישער

---

*) פון די ווערטער „ווען איך... ביז די ווערטער „ליקווידיר־אַרבעט”... הוספה פון מחבר צו דער יידישער אויסגאַבע. — ה. פּ.

קהלה. אויך אידע דובנאָוו האָט גענאָסן פון די באַקוועמלעכקייטן פון דעם מערב־אייראָפּעאישן לעבן, וואָס האָבן פאַרגרינגערט די הויז־אַרבעט און איר געגעבן די מעגלעכקייט צוווידמען עטלעכע שעה אין טאָג אויף אײַבערצושרייבן די פונדאַמענטאַלע איבערגעאַרבעטע קאַפּיטלען פון דער „געשיכטע", אָדער צו לייענען נייע ביכער און פּעריאָדישע אויסגאַבן.

נאָך אַ גרעסערע מתנה פון גורל, ווי דער אויסערלעכער קאָמפאָרט, איז געווען די מעגלעכקייט פון שטענדיקן קאָנטאַקט מיט נאָענטע מענטשן. אין דער דײַטשישער הויפּטשטאָט, וואָס איז אין די צוואַנציקער יאָרן געווען דער צענטער פון דער רוסיש־ייִדישער עמיגראַציע, האָט ש. דובנאָוו געפונען דאָס, וואָס ער האָט געהאַט נאָר אין די ווייטע אָדעסער צײַטן — אַ קרייז פון נאָענטע פרײַנד, אַן אַטמאָספער פון אינטימקייט און די פרייד פון אַ פרוכטבאַרן אויסטויש פון געדאַנקען. די נײַע פרײַנד — א. און ר. טשעריקאָווער, י. און ל. לעשטשינסקי, די ברידער א. און י. נ. שטיינבערג, ד. און א. טשאַרני — זענען געווען יונגער פון אים, ער האָט אָבער דעם אונטערשייד אין די יאָרן קיינמאָל נישט געפילט. די אַלע מענטשן מיט וועלכע ער האָט איצט צוזאַמען געאַרבעט, געטראַכט און פאַרבראַכט די פרייע שעהן, האָבן מער אָדער ווייניקער געהאַט אײַנגעזאַפּט אין זיך די רוסישע קולטור און האָבן דאָס פאַראייניקט מיט אַ היים נאַציאָנאַל געפיל, מיט גרויסער ייִדישער ערודיציע און מיט אַקטיווקייט אין ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און ייִדישער וויסנשאַפט. דאָס אַלץ האָט זיי געמאַכט נאָענט, אייגן. מען פלעגט זיך אָפט טרעפן, מ'פלעגט אַרומרעדן אַקטועלע פּראָבלעמען, פּערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע פּערספּעקטיוון. נישט זעלטן פלעגט ש. דובנאָוו זיך ווענדן צו זײַנע יונגערע פרײַנד נאָך אַ פּראַקטישער עצה. הגם ביים דורכפירן זײַנע ליטעראַרישע פּלענער פלעגט ער אַרויסווייזן עקשנות און ענערגיע, איז ער אָבער געווען קינדיש־אומבאַהאָלפן אין טאָג־טעגלעכע ענינים, באַזונדערס אין דער פרעמד. ווי אַלע קאַבינעט־מענטשן פלעגט ער לייכט איבערגיין פון אַבסאָלוטן צוטרוי צו עקסטרעמען פּעסימיזם, און עס איז נייטיק געווען די הילף פון אַ דערפאַרענעם פרײַנד, כדי צוריקצוגעווינען דעם צעשטערטן גלײַכגעוויכט.

דער שטענדיקער קאָנטאַקט מיט נאָענטע מענטשן איז פאַר ש. דובנאָוו געוואָרן אַ טייל פון זײַן אַרבעטסזאַמען און אַקטיוון בערלינער לעבן. די באַגעגענישן מיט די פרײַנד פלעגן פאָרקומען סיי באַזונדער, סיי אין אַן ענגן קרייז, ביי אַ גלעזל טיי; פון צייט צו צייט פלעגן די דובנאָווס אויך פאַרברענגען אין אַ ברייטערן קרייז פון באַקאַנטע. זומער, ווען דער היטאָריקער פלעגט אַרויספאָרן צום ים אָדער אין די בערג, האָט ער געזאָרגט דערפאַר, אַז די פאַרבינדונג מיט די פרײַנד זאָל נישט ווערן איבער־

נעריסן. אויב ס'איז אים נישט געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמען אָפּרו, פּלעגט ער מיט די, וואָס האָבן געפעלט, פירן אַ לעבהאַפטע קאָרעספּאָנדענץ. די בריוו, אַפילו די, וואָס זענען געווען געשריבן אין אַ לייכטן הומאָריסטישן טאָן, האָבן כמעט אַלעמאָל אָפּגעשפּיגלט דעם מחברס געזעלשאַפטלעכע שטימונגען און זאָרגן. און דאָס לעבן איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ מער אומרואיק. שאַרפע דיסאָנאַנסן פלעגן זיך עקשנותדיק אַריינרייסן אין דער האַרמאָניע פון דער שטילער לעבנס־שקיעה, וואָס דער היסטאָריקער האָט געווידמעט זיין באַליבט ווערק.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

# דער שרייבער איז מקיים זיינע נדרים

פון דער יוגנט אָן איז ש. דובנאָוו געווינט געווען צו דערשטיקן אין זיך דעם אינערלעכן אומרו מיט אָנגעשטרענגטער אַרבעט. אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען אויך בעתן קריזיס אין דייטשלאַנד. די געשעענישן פון יענע שווערע יאָרן האָבן נאָר אויף אַ ווײַלע געשטערט זיין גלייכגעוויכט. צו דער שטילער גרינער פאָרשטאָט האָט זיך נישט דערטראָגן דער פאַר־שטיקטער געמורמל פון די אַרבעטער־קוואַרטאַלן; אויף די ברייטע בול־וואַרן, ווו ש. דובנאָוו פלעגט שפּאַצירן יעדן טאָג, אָן אויסגעגלייכטער ווי שטענדיק אין זיין אַלטמאָדישן הוט, האָט מען נישט געזען די מרה־שחורה־דיקע געשטאַלטן פון די אַרבעטסלאָזע. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען האָבן די דובנאָוווס זיך באַזעצט אויף עטלעכע יאָר אין אַ געראַומער זוניקער דירה אויף אַ שטילער זייטיקער גאַס. הינטער די הויכע פענצטער פון קאַבינעט האָבן געגרינט די בוימער־שפּיצן; דער היסטאָריקער האָט מונטער געשפּרייזט הין און צוריק איבער דעם אויסגעריבענעם טאַפּעט, לענגז אויס די לאַנגע ביכער־פּאָליצעס. די דאָזיקע ביכער, געטרייע באַגלייטער אויף זיינע וואַנ־דער־וועגן, זענען פאַר אים געווען ווי אַ רינג אין דער קייט, וואָס פאַרייניקט דעם היינט מיטן עבר. זעלטן פלעגט ער פאַרלאָזן זיין שטיל ווינקעלע, כדי צו פאָרן אין טומלדיקן שטאָט־צענטער. דאָס גרייטן צום דרוק זיין מאָנו־מענטאַל ווערק האָט אים אין גאַנצן פאַרשלונגען און ער האָט זיך קאַטעגאָ־ריש אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אין אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַ־ציעס. ער איז אָבער אין 1924 געווען אַריינגעטראָטן אין דער „יידישער וויסנ־שאַפטלעכער געזעלשאַפט”, ווו עס האָבן זיך פאַראייניקט געלערנטע פון מזרח און מערב־אייראָפּע. פון די אַקטיוועסטע מיטגלידער זענען געווען: אַ. שטיינ־בערג, ד. קאָיגען, מ. און ר. ווישניצער, י. עלבאָגען און ג. וויל. מיט עט־לעכע פון די נייע באַקאַנטע, צווישן זיי מיט דעם פילאָזאָף ד. קאָיגען, האָט זיך ש. דובנאָוו זייער באַפריינדעט.

דאָס לעבן, וואָס איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם שטרענגן ריטעם פון

אַרבעט, איז אַריין אין פעסטע פאָרמען. זיין אינהאַלט איז געווען דאָס מקיים זיין דעם נדר: אין 1925 האָט דער „יידישער פאַרלאַג" אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן די „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק" אין דייטש. די רוסישע אויסגאַבע האָט מען צוליבן קריזיס אָפּגעשטעלט ביים פינפטן באַנד. דער היסטאָריקער האָט זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז די דייטשע שפּראַך — די קלאַסישע שפּראַך פון דער היסטאָרישער וויסנשאַפט — וועט לייכטער מאַכן דאָס פאַרשפּרייטן זיין ווערק אין פאַרשיידענע לענדער. דעם מחבר פון דער „געשיכטע" האָט אָפּגעגליקט: דער איבערזעצער, דער יונגער גע־לערנטער א. שטיינבערג, וואָס איז נישט לאַנג געהאַט געקומען פון רוס־לאַנד, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ בקי אין געשיכטע און פאַר אַן אויס־געצייכנטן סטיליסט.

די „וועלט־געשיכטע" האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. די באַ־שטעלונגען אויף אַלע צען בענדער האָבן שוין אין די ערשטע חדשים איבער־געשטיגן די סאַמע דרייסטע דערוואַרטונגען פון דעם מחבר און זיין פאַר־לעגער. די בריוו, אין וועלכע ש. דובנאָוו איז מודיע, אַז זיין ווערק דרוקט זיך שוין, אָטעמען מיט מונטערקייט. אָנהייב ווינטער 1926 שרייבט ער צו י. אָפּאַטאָשו, אַז ער איז איצט אויף לאַנג צוגעשמידט צום שרייבטיש, וויל דער פאַרלעגער רעכנט אַרויסצוגעבן אַלע 4 חדשים אַ גרויסן באַנד. אפילו דער זומער ברענגט נישט דעם שרייבער קיין אָפּרו: אין דעם קוראָרט אַלבעק, ביים ים, וווּ די דובנאָווס האָבן זיך באַזעצט אויף עטלעכע וואָכן, איז אים אויסגעקומען צו זיצן ביז שפּעט ביינאַכט איבער די קאָרעקטן. פּאַראַלעל מיט דער דייטשער אויסגאַבע האָט זיך אין וואַרשעווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע" געדרוקט די „נייעסטע געשיכטע" אויף יידיש. ווען ש. דובנאָוו פלעגט אייך אַ ווײַלע זיך אָפּרייסן פון די קאָרעקטן, וואָס זענען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט אויסבעסערונגען, האָט ער זיך אין די געדאַנקען אַריבערגעטראָגן אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט ווען עס האָט זיך באַוויזן דער באַשיידענער עמבריאָן פון דעם מאָנומענטאַלן ווערק.

אידאַ דובנאָוו האָט נישט געפּרוווט קוקן אַזוי ווייט. פאַר איר זענען בסדר געשטאַנען די לעצטע פעטערבורגער טעג, ווען אירע שוואַכע געפּרוּ־רענע פינגער האָבן אויסגעקלאַפּט אויף דער שרייבמאַשין הונדערטער זייטן, און אַ געפיל פון האָפנונגסלאָזיקייט פלעגט באַהערשן די נשמה. דער טרוים, וואָס האָט דעמאָלט אויסגעזען פאַנטאַסטיש איז איצט געוואָרן ווירקלעכקייט...

דער ערשטער באַנד האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קורצער הקדמה; ווייּ־טער האָט דער מחבר אין אַ מער ברייטן אַריינפיר פאָרמולירט זיין היסטאָ־רישן „קרעדאָ". אין דער הקדמה האָט ער אָנגעוויזן, אַז דאָס דאָזיקע ווערק איז אַ רעזולטאַט פון פאָרשונגען, וואָס האָבן געדויערט צענדליקער יאָרן.

די ערשטע ציגל, וואָס האָבן געשאַפֿן דעם פֿונדאַמענט פֿון דעם מאָנומענ־טאַלן בנין, זענען געווען די אַרטיקלען און היסטאָרישע נאָטיצן, געדרוקטע אין פּעריאָדישע אויסגאַבעס פֿון די 80־ער און 90־ער יאָרן. דער בנין גופא האָט זיך געבויט אין משך פֿון 7 יאָר, פֿון 1914 ביז 1921, אין אַ פּעריאָד פֿון גרויסע פּאָליטישע שטורעמס. ערשט אין מיטן פֿון די 20־ער יאָרן האָט מען געקענט צוטרעטן צום דרוקן דאָס ווערק. אין משך פֿון דער דאָזיקער צייט האָט זיך אָנגעקליבן אַ סך נייער מאַטעריאַל; די לעצטע רעדאַקציע פֿון אַ רייע קאַפּיטלען איז דעריבער געווען באַדייטנדיק ברייטער פֿון דער ערשטער.

אין דעם אַריינפֿיר צו דער דייטשישער אויסגאַבע פֿאָרמולירט דער מחבר זיין צוגאַנג צו יידישער געשיכטע אין אַ קאָנדענסירטער פֿאָרעם. די אויפֿגאַבע פֿון דעם היסטאָריקער — שרייבט ער — באַשטייט אין איינשטעלן די אָרגאַנישע פֿאַרבינדונג צווישן די באַזונדערע רינגעלעך אין דער קייט פֿון דעם היסטאָרישן פּראָצעס. ביז איצט האָט די טעאָלאָגישע טראַדיציע געשטערט דורכצופֿירן די דאָזיקע אויפֿגאַבע, בעיקר אין דעם ביבלישן פּער־ריאָד. אַפֿילו די שפּעטער פֿון דער ביבל־קריטיק האָבן נישט געקענט אינגאַנצן זיך באַפֿרייען פֿון איר. אויך דעם שפּעטערדיקן פּעריאָד — דעם מיטלאַל־טער — האָבן ש. דובנאָווס פֿאָרגייער באַלויכטן אין גייסט פֿון איינזייטיקן ספּיריטואַליזם. אַלע זענען זיי געווען איניק אין דעם, אַז אַ פֿאָלק אָן טער־ריטאָריע קען זיין אַקטיוו נאָר אין דער ספֿערע פֿון קולטור און אַז אין אַנ־דערע געביטן מוז אַזאַ פֿאָלק פֿאַרבלייבן אַ פּאַסיווער אָביעקט פֿון דער גע־שיכטע. אין הסכם מיטן דאָזיקן פּרינציפּ איז ביי צונצן און גרעצן די גע־שיכטע פֿון יידישן פֿאָלק אין גלות פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין איבער־זיכט פֿון ליטעראַטור. דערויף זאָגט עדות זייער פּעריאָדיזאַציע פֿון יידי־שער געשיכטע — די תלמוד־עפּאָכע, די גאונים־עפּאָכע, רבניזם און השכלה. ש. דובנאָוו האָט דער דאָזיקער טענדענץ קעגנגעשטעלט די ביאָ־סאָציאָלאָ־גישע קאָנצעפּציע. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס יידישע פֿאָלק, געפֿירט פֿון זיין נאַציאָנאַלן זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט, איז געווען אַן אַקטיווער שעפֿער פֿון זיין אייגענעם גורל נישט בלויז אין דעם מלוכהשן פּעריאָד, נאָר במשך פֿון זיין גאַנצן היסטאָרישן וועג. במשך פֿון די לאַנגע יאָרהונדערטער אין דער צעשפּרייטונג טרעט דאָס יידישע פֿאָלק כסדר אויף ווי אַ נאַציע און נישט ווי אַ רעליגיעזע גרופּע. דער דאָזיקער שטאַרק־צונויפֿגעשמאָל־צענער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם קעמפֿט פֿאַר אויטאָנאָמע פֿאָרמען פֿון עקזיס־טענץ און שאַפֿט אין די לענדער פֿון דער גרעסטער קאָנצענטראַציע אייגנ־אַרטיקע פֿאָרמען פֿון זעלבסט־פֿאַרוואַלטונג (די אינסטיטוציעס פֿון נשיאים, גאונים און ריש־גלותאָס; די גרעסגעבערישע ישיבות אין בבל, קהלה־צוזאַ־

מענפאָרן אין שפּאַניע, די קהלות און דער ועד־ארבע הארצות אין פּוילן און ליטע) די אידייע פון אויטאָנאָמיזם, וואָס באַגייסטערט איצט די יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג האָט אין די לעצטע יאָרן געפונען אַן אָנשפּאַר אין דעם פּרינציפּ פון גלייכבארעכטיקונג, וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון מאָדערנעם רעכטס־באַוווסטזיין.

דער פאַקט, וואָס די יידישע היסטאָריאָגראַפיע איז געבוירן געוואָרן אין סאַמע ברען פון אַסימילאַציע־פּעריאָד, האָט, לויט ש. דובנאָווס מיינונג, באַשטימט איר כאַראַקטער אויף לאַנגע יאָרן. די איבערציַיגונג, אַז יידן זענען נישט קיין נאַציע, נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע, האָט געפירט דערצו, אַז די געשיכטע פון יידישן פאָלק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געשיכטע פון יודאיזם. אפילו אַזאַ זעלבסטשטענדיקער און אָריגינעלער היסטאָריקער ווי גרעץ האָט זיך נישט דעצידירט איבערצורייסן מיט דער דאָזיקער טראַדיציע. ש. דובנאָוו האָט דערקלערט, אַז ס'איז געקומען די צייט איבערצושאַצן די ווערטן. די פאַרוועלטלעכונג פון יידישן לעבן האָט געפאָדערט די סעקולאַריזאַציע פון דער היסטאָרישער וויסנשאַפט און איר באַפרייאונג פון ספּיריטואַליסטישן דאָגמאַטיזם. אין הסכם מיט דער נייער קאָנצעפּציע דאַרף די אַקס פון דער געשיכטע ווערן די נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט, איר אויפקום, איר וווּקס און איר קאַמף פאַר עקזיסטענץ. דאָס יידנטום האָט זיך אויסגעפורעמט ווי אַ נאַציע אין דער עפּאָכע פון ערשטן פּאָליטישן קריזיס (גלות בבל); די צווייטע פּאָליטישע קאַטאַסטראָפע האָט געשאַפן נייע פאָרמען צו באַשיצן די נאַציאָנאַלע איינִיקייט — די אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג. ש. דובנאָוו שטעלט אויף דעם פּרינציפּ, אַז יודאיזם פאָרמירט זיך אין הסכם מיט די סאָציאַלע באַדינגונגען, אין וועלכע דאָס פאָלק לעבט, און נישט פאַרקערט. די דאָזיקע איינשטעלונג האָט געפאָדערט אַ רעוויזיע פון די פאַרעלטערטע בליקן אויף אַזעלכע דערשיינונגען אין יידישן לעבן, ווי נביאות, פּרושים־באַוועגונג, קריסטנטום, תּלמוד. דער מחבר פון דער „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק" ווייזט אָן אויף דעם, אַז אין די ווערק פון די היסטאָריקער־ספּיריטואַליסטן ווערן לחלוטין איגנאָרירט די עקאָנאָמישע פאַקטאָרן; זיי נעמען נישט אין אַכט, אַז דאָס לעבן פון פאָלק ווערט באַשטימט דורך אַ צוזאַמענווירקונג פון פאַרשיידענע פאַקטאָרן.

ש. דובנאָוו איז זיך מודה, אַז ער אַליין האָט אין זיינע ערשטע אַרבעטן זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון דער טעאָלאָגישער טראַדיציע, און אַז ערשט מיט דער צייט האָט ער זיך באַפרייט פון דער השפּעה פון גרעצן און צונצן. קעמפנדיק אין זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען פאַר דער אידייע פון אויטאָנאָמיזם, איז ער ביסלעכווייז געקומען צו דער איבערציַיגונג, אַז די דאָזיקע אידייע ווערט באַשטעטיקט דורך דער דורותדיקער

דערפאַרונג פון דער יידישער געשיכטע. פון דער נייער קאָנצעפּציע איז אַרויסגעפלאָסן אַ נייע פּעריאָדיזאַציע: די געשיכטע פון דעם מלוכהשן פּע־ריאָד טיילט דער מחבר איין לויטן פּאָליטישן פּרינציפּ, די געשיכטע פון גלות לויטן געאָגראַפישן. די גאַנצע געשיכטע אין אַלגעמיין טיילט ער אויף צוויי תקופות — די מזרחדיקע און די מערבדיקע. אין דער מערבדיקער תקופה גייט די העגעמאָניע בהדרגהדיק איבער פון איין צענטער צום צווייטן (שפּאַניע, צפון־פראַנקרייך, דייטשלאַנד, פּוילן, רוסלאַנד). אין די לעצטע יאָרצענדליקער קומען אויף צוויי נייע צענטערן אין אַמעריקע און אין פּאַ־לעסטינע.

דער פאַקט, וואָס עס איז באַשערט געווען, אַז זיין הויפּט־ווערק זאָל דערשיינען אין דעם לאַנד, וווּ עס איז געבוירן געוואָרן די יידישע היסטאָ־ריאָגראַפיע און די ביבל־קריטיק, האָט ש. דובנאָוו אויסגעזען סימבאָליש. קריטיקירנדיק זיינע פאָרגייער, האָט ער הויך געשעצט זייערע פאַרדינסטן, און האָט זיי געהאַלטן פאַר זיינע לערער.

דער לעצטער באַנד „געשיכטע" איז דערשינען אין האַרבסט 1929. די דאָזיקע געשעעניש איז געפייערט געוואָרן אין אַן ענגן קרייז פון נאָ־ענטע פריינד. די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. אויף פאַרשידענע אופנים איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער געדאַנק, אַז איצט, נאָך דעם ווי דער היסטאָריקער האָט פאַרווירקלעכט זיין וויכטיקסטע לעבנס־אויפגאַבע, האָט ער אַ רעכט אויף אַ לענגערן אָפּרו. — „אָפּרו? — האָט זיך ש. דוב־נאָוו געוווּנדערט — ווי קען מען גאָר טראַכטן וועגן דעם, ווען דאָס קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט 40 יאָר צוריק, האָט זיך נאָך ביז איצט נישט דערוואַרט אויף זיין רייע?" ער האָט דערמאָנט זיינע פריינד, אַז נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער אָנגעהויבן צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן חסידות. אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אין „וואָסכאָד", וואָס האָבן פאַרן רוסיש־יידישן לייענער אַנט־פּלעקט יענע גרויסע רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וואָס איז גע־קומען פון די טיפענישן פון פאָלקס־לעבן פאַר דער צייט זינט די אַרטיק־לען האָבן זיך געדרוקט (1888-1893) האָט זיך אין אַרכיוו פון היסטאָרי־קער אָנגעזאַמלט אַ סך נייע מאַטעריאַלן, און אין זיין געדאַנק האָבן זיך שוין אָנגעצייכנט די קאָנטורן פון אַ גרויסער מאָנאָגראַפיע. דאָס פאַר־ווירקלעכן אָבער פון דאָזיקן יוגנט־טרוים האָט געמוזט אָפּגעלייגט ווערן פון יאָר צו יאָר: אין דער ערשטער רייע זענען געשטאַנען אַרבעטן פון נאָך אַ ברייטערן פאַרנעם. אין הסכם מיטן פּלאַן האָט די „געשיכטע פון חסידות" געזאָלט געדרוקט ווערן נאָך דער „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק". דאָס נייע ווערק האָט ש. דובנאָוו באַשלאָסן צו שרייבן אויף העברעאיש. דעם

באַטעריאַל, אויף וועלכן ער האָט זיך געדאַרפט פאַררופן, איז געווען באַקוועמער צו ציטירן אין אָריגינאַל. אָבער נישט נאָר די טעכניש־ליטעראַרישע טעמים האָבן דיקטירט דעם דאָזיקן באַשלוס. וואָס איז פאַר אַ סך פון זיינע לייענערס געווען אַן איבערראַשונג. שוין לאַנג, ווי ער האָט געטראַכט וועגן שרייבן איינס פון זיינע גרויסע ווערק אין דער אַלטער נאַציאָנאַלער שפּראַך; אחד־העמען האָט ער צוגעזאָגט, אַז דאָס וועט זיין „די געשיכטע פון חסידות".

במעט איינציימיק מיטן לעצטן באַנד „געשיכטע" איז דערשינען אַ קליין ביכל אויף יידיש — „פון זשאַרגאָן צו יידיש", (ווילנע, 1929); אין דעם בוך זענען אריין ליטעראַרישע זכרונות, וואָס ש. דובנאָוו האָט געשריבן פּאַראַלעל מיטן גרויסן ווערק, אין די יאָרן 1916־1928, בעיקר אונטערן איינפלוס פון עמאָציאָנעלע אימפּולסן. די דאָזיקע ליטעראַרישע עסייען, צעוואָרפענע איבער פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, האָט פּאַרייניקט דער געדאַנק וועגן דער וואַקסנדיקער באַדייטונג פון דער יידישער שפּראַך און די טיפע פּיעטעט פאַרן אָנדענק פון די פּיאָנערן פון דער פאָלקס־ליטעראַטור. נאָכדעם ווי דער היסטאָריקער האָט פאַרענדיקט זיין גרויס ווערק האָט ער דערפילט, אַז עס איז געקומען די צייט אָפּצוצאָלן נאָך אַ חוב און מקיים זיין נאָך אַ נדר. אין 1886 האָט קריטיקוס אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען מודה געווען, אַז ער האָט מיט אַ געוויסן סקעפּטיציזם גענומען לייענען די „זשאַרגאָנישע" לידער פון י. ל. גאָרדאָן. ער האָט נישט געגלייבט, אַז אויף אַ שפּראַך, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין פעסטגעשטעלטע גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען און איז אָרעם אין ניואַנסן, זאָל מען קענען שאַפן אמתע פּאָעזיע. מיט צוויי יאָר שפּעטער, ווען ער האָט זיך באַקענט מיט שלום־עליכמען און ספּעקטאָרן האָט ער זיך באַפרייט פון זיינע ספקות. פון דעמאָלט אָן וויזט ער אָן אין אַלע זיינע קריטישע אָפּהאַנדלונגען אויף אַ נייער דערשיינונג אין יידישן לעבן: אויפן אויפקום פון אַן עכטער פאָלקס־ליטעראַטור, וואָס באַפרידיקט די באַדערפעניש פון די ברייטע מאַסן אין אַ גרעסערער מאָס, ווי די ליטעראַטור אויף רוסיש אָדער העברעאיש. די קעגנער פון „זשאַרגאָן", וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף זיין אָרעמקייט, האָט ש. דובנאָוו געענטפערט, אַז אמתע שטייגער־ליטעראַטור איז מעגלעך נאָר אויף דער אומגאַנג־שפּראַך פון פאָלק, מיט איר לעבעדיקן קאָלאָריט און אינטאָנאַציעס. די ווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט דעם פּראָגנאָז, וואָס איז באַקעמפט געוואָרן מצד דעם רוב פון די רוסיש־יידישע זשורנאַליסטן אין די 80־ער יאָרן. און ווען ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן אין אונטערפירן די סך־הכלען פון לעבן, האָט ער דערפילט אַ באַדערפעניש אָנצייכענען דעם וועג, וואָס האָט געפירט „פון זשאַרגאָן צו יידיש".

אין דער הקדמה צום זאַמלבוך ווייזט ער אָן אויף די טיפּע שנוים אין מאָדערנעם יידישן לעבן: די אַלטע תפילה און ספרים־שפּראַך איז אין פּאַלעסטינע געוואָרן אַן אומגאַנגס־לשון, און דער „זשאַרגאָן", וואָס מ'האָט געהאַלטן פאַר אַ שטיף־קינד פון קולטור, איז אין מזרח־אייראָפּע און אין אַמעריקע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּראַך פון ליטעראַטור, פּרעסע און וויסנשאַפט. „דער נייער דור — זאָגט ש. דובנאָוו — דאַרף וויסן אַז מיט פערציק־פופציק יאָר צוריק האָט זיך מענדעלען, שלום־עליכמען און אַנדערע „זשאַרגאָנישע" שרייבער אפילו נישט געחלומט, אַז ס'וועט קומען אַ צייט, ווען יידיש וועט קענען קאָנקורירן מיט העברעאיש און אפילו מיט מער פיי־נערע שפּראַכן אין דער שול, אין דער ליטעראַטור, אין דער פּרעסע און אין דער וויסנשאַפט און אַז דאָס לשון פון „פּראָסטן המון" וועט אַזוי גיך פאַרוואַנדלט ווערן אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך פון יידישן פאָלק. אַ יידי־שער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט... מיט אַ רייע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונ־גען וועגן געשיכטע, עקאָנאָמיק, פילאָלאָגיע, עטנאָגראַפיע, פאָלקלאָר — אַזאַ פּערספּעקטיוו וואָלט אונדז אין די אַמאָליקע יאָרן אויסגעזען ווי אַן אומ־גלויבלעכע פאַנטאַזיע! און דאָס געשעעט דאָך פאַר אונדזערע אויגן, און דאָס איז דאָך ערשט דער אָנהייב!... מען דאַרף אָבער נישט אַריינפאַלן אין שפּראַך־שאָוויניזם... מען דאַרף נישט פאַרלייקענען די דויערנדיקע באַדיי־טונג סיי פון דער אַלטער... נאַציאָנאַלער שפּראַך און סיי פון די שפּראַכן פון אייראָפּע און אַמעריקע, וואָס זענען פאַקטיש שוין געוואָרן קולטור־אינסטרומענטן פאַר פאַרשיידענע טיילן פון אונדזער פאָלק. אָבער אונדזער חוב איז — אָנצוווייזן... אויף דעם אויפבלי פון דער פאָלקס־שפּראַך אויפן באָדן פון גרעסטן יידישן קיבוץ".

ווי לעבעדיקע גייען אין דעם זאַמלבוך פאַרביי די מענטשן, וואָס זע־נען געווען פאַרבונדן מיטן יידישן ליטעראַרישן רענעסאַנס: דער פּאַרלעגער צעדערבוים, אַ טיפּישער משכיל־ראַציאָנאַליסט פון די 80־ער יאָרן — דער איניציאַטאָר פון אַ פּאָפּולערער „זשאַרגאָנישער" צייטונג פאַר די „גייסטיק אָרעמע", וואָס האָבן נישט קיין צוטריט צו דער „ערנסטער" רוסישער און העברעאישער פּרעסע; מ. ספּעקטאָר, דער שרייבער־פּיאָנער, וואָס האָט באַ־קעמפט די איינגעוואָרצלטע גרינגשאַצונג צו דער שפּראַך פון „פּראָסטן פאָלק", וואָס האָט געהערשט אין די אינטעליגענטישע קרייזן. דער משכיל־ראָמאַנטיקער י. דינעזאָן — דער מחבר פון די נאַיווע סענטימענטאַלע ראָ־מאַנען. אַ צענטראַל אָרט פאַרנעמען אין דעם בוך מענדעלע, שלום־עליכם און פּרוג. די דערנענטערונג מיט שלום־עליכמען, ווי מיר זעען פון די זכרונות איז פאָרגעקומען אויפן באָדן פון זייער געמיינזאַמען קאַמף פאַר דער פאָלקס־שפּראַך. די בריוו פון דעם יונגן יידישן בעלעטריסט וואָס זע־

נען פאַרעפנטלעכט אין זאַמלבוך, שטרייכן אונטער נישט איינמאָל, אַז אין דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק האָט נאָר איין קריטיקוס זיך איינגע־שטעלט פאַר די רעכט פון דעם אָרעמען „זשאַרגאָן" און האָט אים פאַר־טיידיקט קעגן די אָנפאַלן. פון דער אידעישער נאָענטקייט איז אויסגעוואָקסן אַ פריינדשאַפט, וואָס איז במשך פון אַ רייע יאָרן אונטערגעהאַלטן געוואָרן דורך קאָרעספּאָנדענץ און קורצע באַגעגענישן. מיט נאָך אַ גרעסערן עמאָ־ציאָנעלן אינהאַלט האָבן זיך אויסגעצייכנט די לאַנגיאָריקע באַציונגען צווישן דעם מחבר פון בוך מיט מענדעלע מוכר־ספרים. די זכרונות, וואָס זענען אָנגעשריבן געוואָרן באַלד נאָך מענדעלעס טויט, גיבן איבער די אַטמאָס־פער פון אינטימער פאַרבינדונג, וואָס האָט באַרייכערט די נשמה. ש. דוב־נאָוו האָט נישט געקענט פאַרגעסן ווי מייסטערהאַפט מענדעלע פלעגט לייע־נען די לירישע פראַגמענטן פון זיינע ווערק, און ווי ער האָט איינמאָל גע־זאָגט: „איך בין אויך אַ היסטאָריקער, נאָר פון אַן אַנדער מין. ווען איר וועט קומען צו דער געשיכטע פונעם 19־טן יאָרהונדערט, וועט איר מוזן זיך באַנוצן מיט מיינע ווערק".

מענדעלעס בריוו צו זיין יונגערן קאָלעגע זענען דורכגעדרונגען מיט וואַרעמקייט, וואָס מען האָט נישט געקענט דערוואַרטן פון דעם שטרענגן און דעספּאָטישן „זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור". שרייבנדיק וועגן זיי־נע פריינד, האָט ש. דובנאָוו באַוויזן אויסצוגעפינען אין זייערע כאַראַקטערן צאַרטע מענטשלעכע שטריכן; דאָס האָט באַשאַפן אַן אַטמאָספער פון אינ־טימקייט. מיט טיפן צער זענען דורכגעדרונגען די שורות געווידמעט פרוגן, דעם מחברס יוגנט־פריינד, וואָס האָט אָפּגעלעבט אַ שווער און נישט גע־ראָטן לעבן.

נאָך דעם ווי ס'איז דערשינען דאָס בוך פון זכרונות, האָט דער היס־טאָריקער זיך פאַרטיפט אין דער אַרבעט איבער דער געשיכטע פון חסידות. ער האָט אַרויסגענומען פון די שופלאָדן פון זיין שרייבטיש פאַרשטויבטע, פאַרגעלטע מאַנוסקריפּטן און מיט נשמה־ציטער האָט ער באַטראַכט די כתבים, פון וועלכע עס האָט זיך אַרויסגעהערט דאָס קול פון דורות. דער מתנגד בן־מתנגד, דער געטרייער אָנהענגער פון ספּענסער און מילל, איז נישט געווען בכוח בייצושטיין דעם אויסטערלישן כישוף פון דער מיסטי־שער באַוועגונג, וואָס איז אין שווערע צייטן געבוירן געוואָרן אין די טי־פענישן פון די פאָלקס־מאַסן. דעם היסטאָריקער פון חסידות איז אויסגע־קומען צו באַאַרבעטן אַ נייעם, נאָך נישט אויסגעפאָרשטן מאַטעריאַל. אין דער הקדמה פון דער יידישער אויסגאַבע, וואָס האָט זיך געדרוקט אין ווילנע איינצייטיק מיטן אָריגינאַל, שרייבט ער: „איך האָב געמוזט אַליין זאַמלען דעם בוי־מאַטעריאַל, גראָבן זאַמד, קנעטן ליים, מאַכן ציגל און דערנאָך

בויען לויט א געוויסן ארכיטעקטאָנישן פּלאַן. איך האָב אויסגענוצט די גאַנצע חסידישע ליטעראַטור, סיי די דאָגמאַטישע סיי די לעגענדאַרישע, און זיך באַמיט אויסצוגעפינען א סיסטעם אין דעם פּלאָנטער פון די פאַרשיידענע חסידישע שיטות און האָב געוואָלט אנטפּלעקן א קערנדל אמת אין די נאַיווע פאָלקס־לעגענדעס. א באַשטעטיקונג אויף מיינע מסקנות האָב איך געזוכט אין דער מתנגדישער ליטעראַטור... אזוי אַרום האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו דערפירן די סטאַטיק פון חסידיזם צו א פאַרבינדונג מיט דער דינאַמיק..."

נאָך דעם ווי דער יונגער ענטוזיאַסט האָט מיט זיינע ערשטע אַרטיקלען געגעבן אַן אימפּולס צו פאַרשן חסידות, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן מאָנאָגראַפיעס, וואָס האָבן סיסטעמאַטיזירט דעם גרויסן לעגענדאַרישן און היסטאָרישן מאַטעריאַל. ש. דובנאָוו האָט באַזונדערס הויך געשאַצט די אַרבעטן פון מ. בובער, וואָס האָט סובטעל סטיליזירט די חסידישע לעגענדעס און די אַפאָריזמען פון די צדיקים. די נייע פאַרשער האָבן אָבער באַאַרבעט בלויז א טייל פון דעם מאַטעריאַל. זיי איז געלונגען צו באַקעמפן די פלאַכע משכילישע איינשטעלונג, אַז חסידות איז א סינאָנים פון עם־הארצות און רעאַקציע; זיי האָבן אָבער נישט געפּרוווט זיך פאַרטיפן אין דעם היסטאָרישן פּראָצעס גופא. ש. דובנאָוו איז דער ערשטער צוגעגאַנגען צום חסידות, ווי צו א דינאַמישער פאָלקס־באַוועגונג, און האָט אָנגעוויזן אויף זיינע סאָציאַלע וואָרצלען. „די הויפּט־אויפגאַבע פון מיין בוך — האָט ער געשריבן — איז איינשליסן די חסידישע באַוועגונג אין דער קייט פון די געשעענישן פון דער יידישער געשיכטע, באַלייכטן אירע סאָציאַלע קוואַלן און רעזולטאַטן, געפינען פאַרן חסידיזם זיין אָרט אין דער אנטוויקלונג פון אונדזער קולטור: איך האָב דערפירט די געשיכטע פון חסידיזם ביזן יאָר 1815, ביז יענעם מאָמענט, ווען ס'האָט זיך פאַרענדיקט דער קאַמף צווישן חסידיזם און רביניזם און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף מיט דער השכלה. אין יענער צייט ענדיקט זיך די שאַפערישע תקופה פון חסידות און די באַוועגונג דעגענערירט אין א פּראַקטישן צדיקיזם... דאָס איז דער אָנהייב פון דער ירידה־עפּאָכע..."

דער מחבר האָט געהאַט פאַר זיך א קאָמפּליצירטע אויפגאַבע: ער האָט געדאַרפט פעסטשטעלן דעם אידעאָלאָגישן שורש פון חסידות און די באַדייטונג פון דער דאָזיקער באַוועגונג אין דעם גייסטיקן אנטוויקלונגס־פּראָצעס פון יידנטום און האָט געדאַרפט אַנאַליזירן די סאָציאַלע באַדינגונגען פון יענער עפּאָכע אין וועלכער עס איז אַנטשטאַנען און זיך אַנטוויקלט די חסידישע באַוועגונג. אין הסכם מיט אזא צוגאַנג האָט דער קאַמף צווישן חסידות און רבניזם אויסגעזען ווי א שפּעטערע פאָרעם פון דעם אַלטן

שטרייט צווישן אינדיווידועלן און דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, אַ שטרייט, וואָס גייט אָן אין דער גאַנצער געשיכטע פון יידישן פאָלק, אַמאָל שטאַר־קער, אַמאָל שוואַכער. דער קולמינאַציע־פּונקט פון דעם דאָזיקן קאַמף איז לויט ש. דובנאָוון געווען דער אויפקום פון קריסטנטום, וואָס איז אַרויס־געוואַקסן פון דער אסיים־באַוועגונג, וועלכע האָט דעם יחיד געשטעלט העכער פון דער געזעלשאַפט, דעם איינצעלנעם מענטש העכער פון דער נאַ־ציע. אין דער איבערברוך־עפּאָכע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אמתע פּי־רער פון פאָלק זענען געווען די פּרושים און זייערע נאָכפאָלגער — די שאַ־פער פון תלמוד. דער לאַנג איינגעהאַלטענער וויכוח האָט זיך ווידער צעפלאַ־קערט אין מיטן פון 18־טן יאָרהונדערט, ווען די משיחישע שטרעבונגען האָבן געליטן אַ דורכפאַל, ווען היידאַמאַקישע פּאַגראָמען, עלילת־דם, אָרעמ־קייט און רעכטלאָזיקייט האָבן געשאַפן אַ שטימונג פון פאַרצווייפלונג אין די מאַסן פון מזרחדיקן יידנטום. פון דעם טעמפּן ווינקל האָבן נישט גע־קענט אַרויספירן דעם פאָלקס־מענטש נישט דער תלמודיסטישער פּילפּול, נישט דאָס טרוקענע אָפּהיטן די דינים און נישט די מיסטישע צרופים פון דער קבלה, וואָס זענען געווען צוטריטלעך נאָר פאַר יחידי־סגולה. דעמאָלט איז אין די טיפענישן פון פאָלק אויפגעקומען אַ מעכטיקע און אייגנאַרטיקע רעליגיעזע באַוועגונג. „חסידות איז נישט געווען קיין רעפאָרמאַציע — שרייבט ש. דובנאָוו, — וואָס רירט אָן די יסודות פון דער רעליגיע און אירע אָפּצווייגונגען; נישט די אמונה האָט זי געוואָלט רעפאָרמירן, נאָר דעם מהות פון רעליגיעזן „קרעדאָ". חסידות שטעלט העכער דאָס געפיל איבערן שכל, די באַהעפטונג מיט גאָט — איבער דער דערקענטעניש פון גאָט, דעם אמת פון האַרץ איבער דעם בוך־אמת". די דאָזיקע באַוועגונג האָט אין זיך איינגעזאַפּט עלעמענטן פון קבלה־מיסטיק און זי דערנענטערט צום ניוואָ פון דורכשניטלעכן מענטשן. אין דער פינצטערער עפּאָכע פון איבער־ברוך האָט זי אויפגעהויבן דאָס זעלבסטגעפיל ביים געדרודפטן יידן, און האָט געשאַפן דעם באַוווסטזיין פון אינערלעכער פרייהייט אין אַן אַטמאָס־פער פון אויסערלעכער עבדות.

די געשיכטע פון חסידיזם טיילט ש. דובנאָוו פונאַנדער אין פּיר תקופות: 1) דער אויפקום פון דער באַוועגונג, אָנגעפירט דורכן בעש"ט און די ערשטע צוזאַמענשטויסן מיט די רבנים (1740-1781). 2) דער וווּקס פון חסידיזם אין מזרח־אייראָפּע, דער אויפקום פון די צדיקישע דינאַסטיעס און די ענדגילטיקע שפּאַלטונג (1782-1815), 3) די באַפעסטיקונג פון צדיקיזם און דער קאַמף מיט דער השכלה (1815-1870), 4) דער באַרג־אַראָפּ פון דער באַוועגונג. מיט אַ באַזונדערער באַגייסטערונג האָט ש. דוב־נאָוו געשריבן די קאַפּיטלען אין וועלכע עס ווערט אויך די ראָמאַנטישע

געשטאַלט פון בעש׳ט און די דראַמאַטישע פיגור פון ווילנער גאון. די דאָזיקע באַגייסטערונג פאַרוואַנדלט דאָס וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס איז פול מיט הערות און ציטאַטן, אין אַ פיל אַקטיקער היסטאָרישער דראַמע, וואָס דער לייענער פאָלגט נאָך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

# גאָלדענער האַרבסט

סיאיז דאָ אין פרילינג האַרבסט
אַ קורצע, אָבער וואונדערלעכע צייט...

פ. טיוטשעוו

דער לעבנס־האַרבסט איז נישט ביי אַלעמען אַ פּעריאָד פון אָפּגע־שוואַכטע לעבנס־כוחות: ביי מענטשן פון גרויסן גייסט איז אָפט דער גע־דאַנק אין די שפּעטע יאָרן באַזונדערס ברייט און קלאָר. נישט אומזיסט האָט ש. דובנאָוו ליב געהאַט צו דעקלאַמירן טיוטשעווס ליד וועגן קרישטאָלענעם, קלאָרן האַרבסט: ער האָט געהערט צו די אויסדערוויילטע, וועמען דער גורל האָט געשענקט אויף זייער לעבנס־שקיעה „אַ קורצע, אָבער וואונדערלעכע צייט", פול שטילער, זעלבסטזיכערער רייפקייט. אין יענער תקופה האָט זיך ענדגילטיק אויסגעפורעמט און איינגעשטעלט דאָס, וואָס האָט יאָרנלאַנג פער־מערמענטירט אין שרייבערס באַוווסטזיין; ס'האָבן זיך איינגעשטילט די גייס־טיקע שטורעמס, עס זענען פאַרשוונדן די ספקות און די מורא, אַז ער וועט נישט קענען פאַרווירקלעכן די אָנגעצייכנטע פּלענער; עס האָבן מער נישט געמאַטערט די מאַטעריעלע זאָרגן. דער היסטאָריקער האָט איצט באַטראַכט די פאַרגאַנגענע יאָרן, ווי דורך אַ לייכטן נעפּל: אַ לירישע בענקשאַפט האָט איינגעהילט די בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט און ס'האָט אים שטאַרק געצויגן צו זכרונות.

מיט אַ באַזונדער געפיל פלעגט ש. דובנאָוו דערמאָנען דעם אָדעסער פּעריאָד פון זיין לעבן. ער האָט געפירט אַ סיסטעמאַטישע קאָרעספּאָנדענץ מיט זיינע אַלטע פריינד, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע. די בריוו, וואָס פלעגן פון דאָרט אָנקומען האָבן לעצטנס געבראַכט באַאומרו־איקנדיקע ידיעות וועגן אחד־העמס געזונט־צושטאַנד. אחד־העם אַליין האָט זעלטן געשריבן; אין 1927 איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן זיין טויט. ש. דובנאָוו האָט אויף אַ צייט איבערגעריסן די אַרבעט: ער האָט געפילט אַ

באַדערפעניש אַריינצובליקן אין דער פאַרגאַנגענהייט, אויפלעבן אין גע־דאַנק דעם וועג פון דער לאַנגיאָריקער פריינדשאַפט מיטן פאַרשטאָרבענעם שרייבער. אונטערן איינדרוק פון דעם פאַרלוסט האָט ער מיט אַ באַזונדער־ער קלאָרקייט דערזען די גאַנצע טיפקייט און פרוכטבאַרקייט פון דעם גייסטיקן קאָנטאַקט מיט זיין אידעישן מיטקעמפער און קעגנער, און די גאַנצע אייגנ־אַרטיקייט פון זייער פריינדשאַפט; די פּרינציפּיעלע חלוקי־דעות — האָט ער־געפילט — האָבן נאָר צוגעגעבן עמאָציאָנעלע געשפּאַנטקייט זייערע באַ־ציונגען.

טרויערנדיק נאָך זיין פריינד האָט דער היסטאָריקער דורכגעקוקט די פאַרבליבענע בריוו, געבלעטערט אַלטע זשורנאַלן. ער האָט איבערגעלייענט דאָס וואָס אחד־העם האָט געשריבן אין אָנהייב פון זייער באַקאַנטשאַפט, אין שייכות מיט דער פּאָלעמיק וועגן מערב־אייראָפּעיִשן יידנטום. „איך וועל נישט לייקענען — האָט געשריבן דער רעדאַקטאָר פון „השילח" — אַז מיר זענען טייער די גייסטיקע נאַציאָנאַליסטן — אַזוי ווי זיי זענען. וויכטיק איז נישט די איינשטימיקייט אין דער פּראַקטישער טעטיקייט, נאָר די גע־מיינזאַמקייט פון די גייסטיקע וואָרצלען... ווייל דאָס שאַפט די אינטימסטע און שטאַרקסטע פאַרבינדונג". ש. דובנאָוו האָט אין אַ רייע אַרטיקלען אויפ־געוויזן, אַז די סתירה צווישן גייסטיקן נאַציאָנאַליזם און גייסטיקן ציוניזם איז נאָר אַ שיינבאַרע; אחד־העם איז דערמיט נישט געווען מסכים. אָבער אין די פּערזענלעכע שמועסן, און אין זיינע בריוו האָט ער אַלעמאָל אונ־טער געשטראָכן נישט דאָס, וואָס פלעגט צעטיילן די פריינד, נאָר דאָס, וואָס האָט זיי פאַראייניקט. איינער פון די הויפּט־פּונקטן אין זייערע חילוקי־דעות איז געווען די שפּראַכן־פּראָבלעם: ש. דובנאָווס פאָרמולע וועגן דער „גלייכ־באַרעכטיקונג פאַר אַלע דריי שפּראַכן" איז געווען נישט אָננעמבאַר פאַרן אַבסטראַקט דענקענדיקן, גראַדליניקן טעאָרעטיקער פון ציוניזם. עס איז כאַ־ראַקטעריסטיש, אַז צו רוסיש האָט אחד־העם זיך באַצויגן מער טאָלעראַנט, ווי צו „זשאַרגאָן". באַזונדערס שאַרף האָט דער וויכוח זיך צעפלאַקערט נאָך דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ. זומער 1909 שרייבט אחד־העם מיט ביטערניש: „מיך האָט נישט געוווּנדערט דאָס, וואָס איר שרייבט... וועגן „זשאַרגאָן". דאָס איז דאָך אַ לאָגישער אויספיר פון דער אויטאָנאָמיסטי־שער טעאָריע. אָן „זשאַרגאָן" איז דאָך ביי אונדז נישטאָ קיין נאַציאָנאַלע אומגאַנגס־שפּראַך, און וואָס פאַר אַן אויטאָנאָמיע קען עס זיין אָן שולן אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך? זייט מוחל פאַר דער אויפריכטיקייט: איך בין זיכער, אַז אין די טיפענישן פון דער נשמה באַציט איר זיך צו „זשאַרגאָן" נישט בעסער ווי איך... נאָר דער אויטאָנאָמיזם איז מחייב". נאָך דעם ווי ס'האָט זיך באַוויזן אין „יעווריסקי מיר" מעדעמס אַרטיקל, וואָס האָט

אַרויסגעבראַכט דעם מהות פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, האָט אחד־העם געוואָרנט דובנאָוון, וואָס האָט רעדאַגירט דעם זשורנאַל: „איך דאַרף פאַרשטיין, וווהין דאָס קען אונדז פאַרפירן. לאָגיש איז ער דאָך גערעכט: אויב „זשאַרגאָן" איז דער יסוד פון אונדזער נאַציאָנאַל לעבן, דאַן איז נישטאָ קיין איינציק יידיש פאָלק, נאָר אַ סך פעלקער... איך וויל דערמאָנען, אַז שוין מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך פאָרויסגעזען די געפאַר פון פונאַנדערפאַל פון דער נאַציע, אָבער... איך בין געקומען צו אַנדערע אויספירן. אָט אין וואָס עס איז דער חילוק צווישן אַ „העברעאיש" אָדער אַ „זשאַרגאָניש" יידנטום..."

אין די בריוו, וואָס ש. דובנאָוו האָט איצט איבערגעלייענט, פלעגט אחד־העם אָפט אַרויסזאָגן זיין באַדויערונג צוליב דעם, וואָס דאָס אַרויסגעבן די „געשיכטע פון חסידות" ווערט אָפּגעלייגט פון יאָר צו יאָר. אין 1908 שרייבט ער: „איר וועט געוויס פאַרשטיין, ווי עס האָט מיך דערפרייט די ידיעה, אַז אייער נייע ווערק וועט זיך גלייכצייטיק דרוקן אויף רוסיש און אויף העברעאיש. איך האָב עס פאַרשטאַנען אַזוי, אַז דעם העברעאישן טעקסט וועט איר שרייבן אַליין, נישט פאַרלאָזנדיק זיך אויף קיין איבערזעצונג, ווייל איך בין מסופק צי דער איבערזעצער וועט קענען איבערגעבן אייער סטיל. שרייבט מיר אָן, צי וועט טאַקע אַזוי זיין: איר ווייסט דאָך, אַז דער טאָג אין וועלכן עס וועט דערשיינען אייער... בוך, וועט זיין אַ יום־טוב פאַר אונדזער אומגליקלעכער ליטעראַטור". מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, אין 1917, קערט זיך אחד־העם אום צו דער זעלבער טעמע: „...איך חזר איבער: טראָגט אַריין כאָטש דאָס דאָזיקע איינציקע בוך אין דעם אוצר פון אונדזער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, און איר וועט זיך איבערצייגן, אַז עס וועט איבערלעבן אַלע אייערע ווערק, געשריבן אויף אַ פרעמדער שפּראַך. צי זעט איר דען נישט אַליין דעם גורל פון אונדזער ליטעראַטור אויף פרעמדע שפּראַכן? וועט איר זאָגן, אַז אַ בוך קען מען איבערזעצן, אָבער קענענדיק אייער סטיל בין איך נישט מסופק אַז דווקא אַ ווערק, וואָס איר וועט שרייבן אויף העברעיש, וועט פאַראייביקן אייער נאָמען... אַן איבערזעצונג, אַפילו די סאַמע פּינקטלעכסטע, גיט געוויינלעך איבער נאָר דעם אינהאַלט פון ליטעראַרישן ווערק, אָבער נישט דעם גייסט...".

ש. דובנאָוו האָט זיך שטאַרק געקימערט דערפון, וואָס אחד־העמען איז נישט באַשערט געווען צו דערלעבן דעם דערשיינען פון דער „געשיכטע פון חסידות". דאָס אַרטיקל אין פאַלעסטינער „העולם", געווידמעט דעם אָנדענק פון פאַרשטאָרבענעם פריינד, איז אָנגעזאַפּט מיט טיפן צער. „ער וואָלט געקענט ווערן דער רמב"ם פון אונדזער דור — שרייבט דער מחבר — עס איז אַ גרויסער שאָד, וואָס ער האָט נישט געקענט פאַרווירקלעכן זיי

פלאַן און אונדז מזכה זײַן מיט אַ מאָדערנעם „מורה־נבוכים"! נאָר ווײַני־קע האָבן געוווּסט, אַז אחד־העם האָט אַ גאַנץ לעבן געטרוימט וועגן אַזאַ סינטעטיש ווערק... די טאָג־טעגלעכע זאָרגן האָבן אים געשטערט זיך צו ווידמען דער דאָזיקער אַרבעט, און דערנאָך איז געקומען די מלחמה, וואָס האָט ביז די טיפֿעניש צעטרייסלט די נשמה פֿון דעם דאָזיקן קעמפֿער פֿאַר אמת און גערעכטיקייט. איצט זענען מיר געוואָרן פֿאַריתומט... עס איז געפֿאַלן דער גײַסטיקער ריז... עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער קוואַל פֿון ליכט, עס איז פֿון אונדז אַוועק דער לערער..."

גרייטנדיק צום דרוק זײַנע גרויסע ווערק, האָט דער היסטאָריקער פֿונדעסטוועגן געפֿונען צייט אויך פֿאַר פּובליציסטישע און וויסנשאַפֿטלע־כע אַרטיקלען, וואָס זענען געווען באַשטימט פֿאַר פּעריאָדישע אויסגאַבן. צום ערשטן מאָל אין משך פֿון לאַנגע יאָרן האָט די קאָנקורענץ צווישן פּובלי־ציסטיק און געשיכטע אָפּגעטרעטן דאָס אָרט פֿאַר אַ פֿרידלעכן צוזאַמענ־לעבן. אין די דאָזיקע יאָרן האָט ש. דובנאָוו אַ סך געשריבן אויף ייִדיש. ער האָט מיטגעאַרבעט אין ניו־יאָרקער „טאָג" (פּובליציסטישע אַרטיקלען, פֿראַגמענטן פֿון זײַנע טאָג־ביכער, קאַפּיטלען פֿון די מעמואַרן), אין „פֿאָר־ווערטס" (אַ צאָל אַרטיקלען וועגן פּאָגראָמען), אין די ריגער צײַטונגען „פֿרימאָרגן" און „דאָס פֿאָלק", אין קאָוונער „פֿאָלקסבלאַט". אין די וואַר־שעווער „ליטעראַרישע בלעטער". אויף העברעאיש האָט ער געשריבן אַרטיק־לען פֿאַר די זשורנאַלן „השלח", „האָרץ", „התקופה". ריין־וויסנשאַפֿטלע־כע אַרבעטן האָט ער פֿון צייט צו צייט פֿאַרעפֿנטלעכט אין די אויסגאַבן פֿון „ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט" און אין „ייִדישן לעקסיקאָן". וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין דייטש.

די פֿאַרגאַנגענהייט און די קעגנוואַרט פֿלעגט דער היסטאָריקער אי־בערלעבן מיט דער זעלבער אינטענסיווקייט. דער אַטאַנטאַט פֿון שוואַרצ־באַרדן אין 1926 אויף פּעטלורען, דעם געוועזענעם הויפּט פֿון דער אוקראַי־נישער רעגירונג, האָבן אויפֿגעלעבט אין זײַן זכרון די בלוטיקע געשעענישן ־טער פֿון די לעצטע פּאָגראָמען און פֿון דער אַמאָליקער הײַדאַמאַטשינע. ש. דובנאָוו שרייבט אָן אַן אויפֿרוף געווענדעט צו דער אוקראַינישער דעמאָקראַ־טישער אינטעליגענץ אין וועלכן ער רופֿט צו פֿאַרשטיין די מאָטיוון פֿון דעם טעראָריסטישן אַקט און ווײַזט אָן דערויף, אַז ס'איז איר חוב אויסצוראָטן פֿון דעם באַוווּסטזײַן פֿון אוקראַינישן פֿאָלק די טיף־פֿאַרוואָקסענע וואָרצ־לען פֿון ראַסן־האַס.

אין אויגוסט 1927 איז ש. דובנאָוו אָפּגעפֿאָרן קיין צוריך אויף דער קאָנפֿערענץ צו באַשיצן די רעכט פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער מינדערהייט. אין דער קאָנפֿערענץ האָבן זיך באַטייליקט פֿאָרשטייער פֿון צוויי פּאַרטייען

— ציוניסטן און פאָלקיסטן — און דעלעגאַטן פון אַ רייע גרעסערע געזעל־שאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס. ש. דובנאָוו, וואָס איז געווען אויסגעוויילט אין פּרעזידיום פון דער קאָנפערענץ, האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „דער קאַמף פאַר די רעכט פון יידישן פאָלק אַמאָל און היינט" די הויפּט־טעזן פון רעפעראַט, וואָס איז דערנאָך פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער יידישער פּרעסע (אין „טאָג", אויגוסט 1927), זענען געווען פאָלגנדי־קע: דער קאַמף פאַר יידישע רעכט איז אומעטום פאַרבונדן מיט רעוואָלי־ציאָנערע איבערקערענישן. אין דאָזיקן קאַמף האָבן זיך אַנטפּלעקט צוויי וועגן — דער מערבדיקער און דער מזרחדיקער. צום ערשטן מאָל זענען די פּאָסטולאַטן פון גלייכבאַרעכטיקונג פּראָקלאַמירט געוואָרן אין די טעג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אין יענער עפּאָכע, אין וועלכער־עס איז נאָך געווען אומבאַקאַנט דער באַגריף „קולטור־נאַציע", האָבן די קעמפער פאַר עמאַנציפּאַציע דערקלערט, אַז יידן זענען אַ טייל פון דער מלוכהשער נאַציע, ד. ה. פון פראַנצויזישן פאָלק. די זעלבע קאָנצעפּציע האָט אַרויסגערוקט בנוגע די דייטשישע יידן גבריאל ריסער אין דער רעוואָ־לוציאָנערער עפּאָכע פון 1848. מיט אַן אַנדער וועג איז געגאַנגען דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום, וואָס האָט אין רעוואָלוציאָנערן יאָר 1905 פּראָקלאַ־מירט די נויטווענדיקייט צו קעמפן נישט נאָר פאַר בירגערלעכע, נאָר אויך פאַר נאַציאָנאַלע רעכט פון יידישן פאָלק. אין 1917 זענען קלאָר פאָרמולירט געוואָרן די פּרינציפּן פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע; דער אָלרוסישער יידישער צוזאַמענפאָר האָט געזאָלט זיין דער ערשטער שריט צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן פּראָגראַם. די אָקטאָבער־איבערקערעניש מיט אירע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע רעזולטאַטן האָט אָבער אַ סוף געמאַכט צו אַלע פּלענער וועגן אויטאָנאָמיזירן דאָס יידישע לעבן אין רוסלאַנד. די טרעגער פון פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיע זענען געוואָרן אין די לעצטע יאָרן די יידישע מינדערהייטן אין אַ רייע לענדער אין מזרח־אייראָפּע — אין פּוילן, אין די באַלטישע לענדער, אויפן באַלקאַן; פירנדיק אַ קאַמף פאַר זיי־ערע נאַציאָנאַלע רעכט אין מלוכה־מאַסשטאַב, האָבן זיי אַ מעגלעכקייט צו אַפּעלירן אין יעדן באַזונדערן פאַל צום אויטאָריטעט פון דער פעלקער־ליגע די קראַפט פון דעם העכסטן אינטערנאַציאָנאַלן אָרגאַן איז אין איצטיקן מאָמענט די איינציקע גאַראַנטיע פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די נאַציאָ־נאַלע פאָדערונגען פון יידישן פאָלק.

דער רעפעראַט האָט אויך אַנטהאַלטן אַ פּעסימיסטישע אָפּשאַצונג וועגן די פּערספּעקטיוון פון סאָוועטישן יידנטום. דאָס האָט אַרויסגערופן אַן ענטפער מצד דעם פאָרזיצער פון ווייסרוסישן סאָוונאַרקאָם (מיניסטאָרן־ראַט) טשערניאַקאָוו; אין זיין רעדע אויפן צוזאַמענפאָר פון יידישע ערד־

ארבעטער האָט ער אָנגעוויזן, אז אין ראטנפארבאנד האָבן יידן מער רעכט ווי אין אַנדערע לענדער, און זיי ליידן נישט פון אַנטיסעמיטיזם, ווי אין פּוילן און ליטע. ש. דובנאָוו האָט זיך אומגעקערט צו דער דאָזיקער פּראָבלעם אין אַן אַנדער אַרטיקל (אין „טאָג", אַפּריל 1928). דאָס אויסגלייכן יידן אין די רעכט מיט אַנדערע בירגער — האָט ער אָנגעוויזן — קען נישט פאַרגיטיקן דעם שאָדן, וואָס די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד האָבן געליטן דורך דער ליקווידאַציע פון דער האַנדלס־פאַרמיטלונג, וואָס האָט געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָל אין עקאָנאָמישן לעבן פון פאָלק. עס איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן די אַנטוויקלונג פון דער פאָלקס־קולטור אין אַן אַטמאָספער פון אַלגעמיינער פאַופּעריזאַציע.

אינגיכן האָט דער היסטאָריקער ווידער געהאַט די געלעגנהייט צו קומען אין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט זיין היימלאַנד. אין 1928 האָט גע־דאַרפט פאָרקומען די דערעפענונג פון דער יידישער קאַטעדרע ביים קיעווער אוניווערסיטעט. צו דער פייערונג זענען איינגעלאַדן געוואָרן פאָרשטייער פון דער יידישער וויסנשאַפט, צווישן זיי אויך איייניקע געלערנטע פון אויס־לאַנד. ש. דובנאָוו איז געווען פאַרוואונדערט, ווען ער האָט דערהאַלטן אַן אָפיציעלע איינלאַדונג. ער האָט געענטפערט מיט אַ בריוו, אין וועלכן ער דאַנקט פאַר דער אויפמערקזאַמקייט און באַגריסט דאָס גרינדן אין אוקראַינע אַ צענטער פון יידישער וויסנשאַפט, דערביי זאָגט ער ארויס זיין ווונטש, אַז די לעקטאָרן און די צוהערער זאָלן האָבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין אַן אַטמאָספער פון פּאָליטישער פרייהייט, ווייל אָן פרייהייט איז יעדע וויסנ־שאַפטלעכע טעטיקייט אוממעגלעך...

אין די פּובליציסטישע אַרטיקלען פון בערלינער פּעריאָד, וואָס האָבן מיט זייער סטיל דערמאָנט די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום", פלעגן זיך פון צייט צו צייט באַווייזן נייע טענער. די באַלפור־דעקלאַראַציע, צו וועלכער ש. דובנאָוו האָט זיך בשעתו באַצויגן סקעפּטיש, האָט ער איצט אָפּ־געשאַצט ווי אַ גרויסע געשעעניש אין לעבן פון יידישן פאָלק. אין אַרטיקל „אַ פּאַרטייאישער און אַ פאָלקס־ענין", פאַרעפנטלעכט אין זאַמלבוך „סוועד־שעניע" (בערלין, 1925) באַהאַנדלט ער דעם דאָזיקן פּראָבלעם. דער הויפּט־געדאַנק פון אַרטיקל איז פאָלגנדיקער: פון דעם מאָמענט ווען ס'איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע, איז דאָס שאַפן די „נאַציאָ־נאַלע היים" אין פּאַלעסטינע געוואָרן אַ פאָלקס־ענין; עס דאַרפן זיך אין דעם באַטייליקן צוגלייך מיט די פּאַרטייאישע ציוניסטן, אויך די אַלע פאַר וועלכע דער פּאַלעסטינישער צענטער איז — איינער פון די פּונקטן פון דער אַלגעמיינער אויטאָנאָמיזירונג פון יידנטום. דער טראַגיזם פון דער לאַגע באַשטייט אין דעם, וואָס די „נאַציאָנאַלע היים" אין פּאַלעסטינע ווערט

רערווייל אַנערקענט נאָר פון איין זעקסטל פון דער באַפעלקערונג. די אויפ־גאַבע פון דער נאָענטסטער צוקונפט איז — צו פאַרגרעסערן די יידישע מינ־דערהייט אין לאַנד און פאַרפעסטיקן אירע קולטורעלע און עקאָנאָמישע פאָ־זיציעס. דערביי מוז מען פעסט אײַנזינען האָבן, אַז ציון איז וויכטיקער פון ציוניזם, אַז אַ באַשיידענע רעאַלע „היים", וואָס נעמט אַריין אַ קליינעם טייל פון פאָלק, האָט אַ גרעסערע באַדייטונג, ווי די פאַנטאַסטישע פּאַלאַצן פון אַ צוקונפטיקער מלוכה. זשאַבאָטינסקיס „מיליטאַריזם" איז ש. דובנאָוון נישט געווען צום האַרצן: עס עקזיסטירן — האָט ער געהאַלטן — מער ווירקזאַמע מיטלען פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט, ווי געווער.

די באַגייסטערונג, וואָס די נייע פּערספּעקטיוון האָבן אַרויסגערופן, האָבן נישט געשטערט דעם היסטאָריקער צו פאַרטיידיקן מיט דער פריער־דיקער ענערגיע די פּאָזיציעס פון אויטאָנאָמיזם. אין דעם אַרטיקל, וואָס איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דעם יובילײ־זאַמלבוך לכבוד ד"ר ח. זשיטלאָווסקי (1929) שטרייכט ש. דובנאָוו אונטער, אַז דער יובילאַר איז געווען דער ערשטער יידישער סאָציאַליסט, וואָס האָט אויפגעהויבן די פראַ־גע וועגן יידישע נאַציאָנאַלע רעכט; ער באַדויערט אָבער, וואָס זשיטלאָווסקי האָט נישט גענוג קלאָר פאָרמולירט אין זיין נאַציאָנאַלער פּראָגראַם דעם פּרינציפּ פון אויטאָנאָמיע.

אין אַלע אַרטיקלען פון בערלינער פּעריאָד קלינגען עמאָציאָנעלע טענער. צי ער שרייבט וועגן דער נויטווענדיקייט אויסצופאָרשן די נייע דערשיי־נונגען אויפן געביט פון יידישער עקאָנאָמיק, אָדער וועגן די צייטן פון היי־דאַמאַטשינע, אומעטום הערט זיך די אומרואיקע שטים פון פּובליציסט. מיט גרויס באַגייסטערונג אָטעמט דאָס אַרטיקל וועגן דער באַדייטונג פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, געשריבן צו דער געלעגנהייט פון דער ערשטער קאָנפערענץ פון ייוואָ („ליטעראַרישע בלעטער", 1929). זינט ס'איז אין 1925 אויפגעקומען דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט איז ש. דובנאָוו זיין געטרייער פריינד און מיטאַרבעטער. מיט פרייד קאָנסטאַטירט ער, אַז די אַרבעט פון ייוואָ ווערט אויסגעברייטערט מיט יעדן יאָר. פאַר איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן האַלט ער דאָס אַנטוויק־לען און באַרייכערן די יידישע שפּראַך. ווייל יידיש איז דער רינג, וואָס פאַרבינדט די פאַרשידענע טיילן פון פאָלק, „ביי די היינטיקע אומשטענדן — שרייבט ש. דובנאָוו — איז יידיש, וואָס איז די שפּראַך פון וויסנשאַפט־לעכן רענעסאַנס, געוואָרן אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט. מיר האָבן געהאַט פאַרשידענע שפּראַכן פון קולטור־רענעסאַנס, צוגלייך מיט דער אַלטער נאַ־ציאָנאַלער שפּראַך, — מיר האָבן געהאַט גריכיש, אַראַביש, דייטש... איצט

איז געקומען די רייע פון דער שפּראַך אויף וועלכער עס רעדט די מערהייט פון פאָלק.״

אָנהייב 1930 איז ש. דובנאָוו אויסגעקומען אויף אַ צייט איבערצורייסן די אַרבעט און זיך פאַרנעמען מיט פאַרפּאַקן דעם אַרכיוו, כדי זיך איבערציען אויף אַ נייער דירה, דאָס מאָל אין אַן אייגענער. די דירה איז שוין געווען אָנגעמערקט פון לאַנג: בעת די שפּאַצירן האָט דער היסטאָריקער אָפט פאַרקערעוועט אויף אַ שטילער זייטיקער גיים, וווּ צווישן פּריוואַטע ווילעס אַרומגעוואָקסן מיט בלושטש, האָט זיך געבויט אַ מאָדערן הויז, מיט אַ פלאַכן דאַך, מיט ברייטע פענצטער. דער בנין האָט געגלאַנצט אויף דער זון מיט לאַקיר, גלאָז און מעטאַל. ווען אין באַקוועמען ליכטיקן קאַבינעט זענען אויסגעשטעלט געוואָרן די ביכער און ס׳זענען געוואָרן צעהאַנגען די אַלטע פּאָרטרעטן, האָט אין מיטן פון בערלינער „מאָדערן״ זיך געשאַפן די זעלבע אַטמאָספער ווי אין אָדעס, ווילנע, פּעטערבורג, אַן אַטמאָספער, וואָס האָט באַגלייט דעם באַלעבאָס פון קאַבינעט אויף אַלע זיינע וואַנדערונגען.

אין די שעהן, ווען די זון האָט נישט צו שטאַרק געברענט, פלעגט ש. דובנאָוו אַרבעטן אויפן פלאַכן דאַך, אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעשטעלט פּשוטע אָבער באַקוועמע גאָרטן־מעבל. דער ווינט פלעגט ברענגען צוטראָגן פון שכנותדיקן גאָרטן דעם ריח פון רויזן, אָפּקלאַנגען פון קינדערשע שפּילן — שטילע קלאַנגען פון אַ רואיק, געלאַסן לעבן. אונטער אַזאַ אַקאָמפּאַנימענט איז באַזונדערס גוט געווען צו שרייבן מעמואַרן. אָבער פון צייט צו צייט פלעגט דער היסטאָריקער איבעררייסן דאָס שרייבן: איבערן גלאַנציקן אַספאַלט האָבן געיאָגט אויף זייערע וועליסאָפּעדן ברייט־פּלייציקע, העל־קעפּיקע יונגען — מיט פּעקלעך צייטונגען פאַרן נאָענטן קיאָסק. ס׳פלעגט טרעפן, אַז דער היסטאָריקער האָט זיך באַגעגנט מיט די דאָזיקע יונגעלייט פּנים אל פּנים ביים קויפן די אָוונט־צייטונג. אָנגעכמורעט האָבן זיי געקוקט אויף זיין גרויער באָרד, אויף זיין ברייט־ראַנדיקן הוט און אויף זיין סעמיטישער נאָז. פון די פריש־געדרוקטע בלעטער האָבן ווילד אַרויסגעשריגן קעפּ אָנגעפילטע מיט שנאה, און פון די דאָזיקע באַרבאַרישע לאָזונגען, פון די ברוינע בלוזעס און פון די אָקסישע האַרטע קאַרקעס פון די נאַצי־יונגען פלעגט זיך צעלייגן אַ בייזער פינצטערער שאָטן אויפן גאָלדענעם האַרבסט־פּייזאַזש...

## קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

# ש. דובנאָוו אַ בן־שבעים

אויף אַ הויכער פּאָליצע צווישן ענג־צונויפגעפּרעסטע רייען ביכער האָבן זיך אויסגעטיילט צען גרויסע בענדער אין טונקעלע איינבינדן מיט גאָלד־געליישטע אויפשריפטן אויף די רוקנס: דאָס מאָנומענטאַלע ווערק, וואָס האָט געפאָדערט די גרעסטע כוחות־אָנשטרענגונג. די „געשיכטע" איז געוואָרן אָפּגעשאַצט ווי געהעריק — וועגן דעם האָבן עדות געזאָגט די בריוו פון די פריינד, צעוואָרפענע איבער דער גאָרער וועלט, די אָפּרופן פון די נאָכענלאָזע לעזער, און די רעצענזיעס פון ספּעציאַליסטן. גרויסע אייראָפּעאישע געלערנטע, ווי הוגאָ גרעסמאַן און פריץ בער, האָבן אין זייערע אָפּרופן אָנגעוויזן אויף דער פענאָמענאַלער ארבעטס־פעאיקייט און ערודיציע פון רוסיש־יידישן היסטאָריקער, אויף דער זעלבסטשטענדיקייט אין דער באַאַרבעטונג פון די מקורים. פּראָפעסאָר י. עלבאָגען האָט מיט דער גרעסטער ליוב זיך אָפּגערופן וועגן דער אַרכיטעקטאָניק פון דער „געשיכטע". די אָפּרופן פון די דורכשניטלעכע לייענער האָבן דעם מחבר געפרייט נישט ווייניקער ווי די אָפּשאַצונגען פון ספּעציאַליסטן. די דאָזיקע לייענער האָבן זיך פאַרטיפט אין דעם עבר פון זייער פאָלק, זוכנדיק דאָרט דעם וועג צו דער צוקונפט: פאַר זיי טאַקע איז געווען באַשטימט דאָס פילבענדיקע ווערק.

אין סעפּטעמבער 1930 האָט ש. דובנאָוו געדאַרפט ווערן אַ בן־שבעים: די דאָזיקע דאַטע איז אויסגעפאַלן צוזאַמען מיט דעם יובל פון זיין פופציקיאָריקער ליטעראַרישער טעטיקייט. כראָנאָלאָגישע צייט־אָפּשניטן גיבן, געווייינלעך, אַן אימפּולס אונטערצוציען לעבנס־סך־הכלען; ש. דובנאָוו האָט זיך נישט גענויטיקט אין אַזעלכע אימפּולסן — פון אַ לאַנגער צייט שוין האָט ער געאַרבעט איבער זיינע מעמואַרן, אונטערציענדיק אַ סך־הכל אי פון זיין לעבן, אי פון אַ גאַנצער עפּאָכע. עטלעכע פראַגמענטן, וואָס ער האָט איבערגעלייענט פאַר זיינע פריינד, האָבן אַרויסגערופן אַ לעבהאַפטן מיינונגס־אויסטויש, און דער מחבר האָט באַשלאָסן צו לייענען פאַר זיי די מעמואַרן, קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל. זיינע צוהערער זענען אַלע געווען יינגער

פון אים; די עלצטע צווישן זיי איז געווען מאַריאַ ריינוס, אַ טאַלאַנטפולער דאָקטאָר־מעדיצין, אַ מענטש מיט אַ שאַרפן אינטעלעקט און טיפער קול־טור. אין אירע יונגע יאָרן איז זי פון השכלה גלייך איבערגעגאַנגען צום סאָציאַליזם. זי פלעגט אַריינטראָגן אין די פריינדלעכע שמועסן אַן אייגנ־אַרטיקן טאָן; מיט סובטעל־באַמערקטע שטריכן פלעגט זי דערגאַנצן די כאַ־ראַקטעריסטיק פון דער עפּאָכע, וואָס זי האָט גוט געקענט.

אין דער צייט ווען ש. דובנאָוו האָט זיך פאַרטיפט אין זכרונות פון דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט, האָבן זיינע פריינד, זיינע אָנהענגער און קאָלעגן זיך געגרייט ווי געהעריק צו פייערן זיין 70־יאָריקן יובילעום. עס איז געוואָרן באַשלאָסן צו שאַפן אַ ספּעציעלן פאָנד אויפן נאָמען פון ש. דובנאָוו, כדי אַרויסצוגעבן די יידישע ענציקלאָפּעדיע. אַ גרופּע היסטאָ־ריקער האָט געגרייט אַ גרויסן זאַמלבוך. דאָס יובל־בוך „פעסטשריפט צו שמעון דובנאָווס זיבעציקסטן געבורטסטאָג" (אין דייטש), וואָס איז דער־שינען אונטער דער רעדאַקציע פון י. עלבאָגען, מאַרק ווישניצער און י. מייזעל, איז געווען אַ היפּשער באַנד, וואָס האָט אַריינגענומען אַ רייע אַר־בעטן איבער דער געשיכטע פון מערבדיקן און מזרחדיקן יידנטום. צום אָנהייב איז געווען געדרוקט אַ קורצע הארציקע באַגריסונג; די ווייטערדיקע אַרטיקלען פון י. עלבאָגען און אַ. שטיינבערג האָבן כאַראַקטעריזירט די טעטיקייט פון יובילאַר. דער דייטשישער געלערנטער ווייזט אָן אין זיין אַר־בעט, אַז ש. דובנאָוו, וואָס האָט אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע פאַר־נומען גרעסטן אָרט, האָט באַדייטנדיק אויסגעברייטערט די פאָרשונגס־געביטן מיט דער הילף פון נייע מעטאָדן און מאַטעריאַלן. אַ. שטיינבערג, אַנאַליזירנ־דיק די היסטאָריש־פילאָסאָפישע אָנשויונגען פון ש. דובנאָוו, האָט אַנט־וויקלט דעם געדאַנק, אַז דער ווינקלשטיין פון דער יידישער היסטאָריאָסאָפיע איז דער באַוווסטזיין פון דער אייגנאַרטיקייט פון יידישן געשיכטלעכן וועג; ער פאַררופט זיך דערביי אויף נ. בערדיייעוון, וואָס האָט געהאַלטן, אַז דער פאַקט פון דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק, וואָס איז אומדערקלערבאַר פון שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, איז אַן אויסנאַם אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אויך ש. דובנאָוו זאָגט זיך אין אַרטיקל — האָט געהאַלטן פון דער דאָזיקער קאָנצעפּציע; נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען אַן אָנהענגער פון פּאָזיטיוויזם און האָט איבערגעריסן מיט דער מעטאַפיזישער טראַדיציע, האָט ער זיין היסטאָריאָזאָפיע געבויט אויף דער איבערצייגונג, אַז דער לעבנס־יסוד פון יידישן פאָלק איז דער גייסטי־קער פּרינציפּ — דער ווילן צום נאַציאָנאַלן קיום.

אַ גאָר ווערטפולע יובילײ־מתנה איז געווען י. מייזעלס כראָנאָלאָגישע רשימה פון ש. דובנאָווס אַרבעטן פאַר פופציק יאָר. (צום סוף פון דערמאָנטן

זאַמלבוך). דער לאַנגער וועג, וואָס האָט געפירט פון דער יוגנטלעכער קאָ־רעספּאָנדענץ אין זשורנאַל „רוסקי יעווריי" ביז צו דעם אַרטיקל אין „יידישן לעקסיקאָן" (דייטש, בערלין 1930), — איז צום ערשטן מאָל אַנגע־פלעקט געוואָרן אין דער דאָזיקער רשימה, וואָס האָט אַריינגענומען קרוב צו זיבן הונדערט נעמען (אין דער רשימה זענען אויך אַריין די איבערזע־צונגען). די אַרבעט פון י. מייזעל, וואָס האָט געקאָסט נישט ווייניק מי, איז געוואָרן אַ וויכטיקער צושטייער ביים פאָרשן די ליטעראַרישע ירושה פון ש. דובנאָוו, ווייל אַ באַדייטנדיקער טייל פון זיינע אַרטיקלען זענען געווען צעוואָרפן איבער פאַרשידענע פעריאָדישע אויסגאַבן.

פאָרשטייער פון דער יידישער וויסנשאַפט און פון דער יידישער גע־זעלשאַפטלעכקייט האָבן באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ פייערלעכע יובל־פאַר־זאַמלונג לכבוד ש. דובנאָוון. ווען דער היסטאָריקער האָט זיך דערפון דער־וווּסט האָט ער באַשלאָסן אויסצומיידן אָפיציעלע פייערלעכקייטן. ווען די דעלעגאַטן פון דער בערלינער יידישער קהלה, זענען אין טאָג פון יובילעאום געקומען אין דער וווינונג פון ש. דובנאָוו אָנגעטאָן אין גאַלאַ־אַנצוגן און גלאַנציקע צילינדערס, זענען זיי געווען איבערראַשט צו הערן פון דער קליי־ן־ווּקסיקער, אַלטער פרוי, וואָס האָט זיי געעפנט די טיר, אַז דער יובילאַר איז אויף עטלעכע טעג אַרויסגעפאָרן פון בערלין. נאָך מער זענען זיי געווען פאַרוואונדערט ווען אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס האָבן זיי דערזען ווי אויפן פלאַכן דאַך פון ש. דובנאָווס הויז יאָגן זיך אַרום מיט פריילעכע געשרייען צוויי פאַרטנערן — אַ פינפיאָריק יינגל און אַ דירעוודיקער אַלטיטשקער מיט אַ כוואַליעדיקער זילבערנער שעוועליורע, דער זעלבער, וועמען דער אומ־געדולדיקער עולם האָט אָפּגעוואַרט אויף דער יובילײ־פייערונג...

דער פינפיאָריקער חבר איז געווען דער ערשטער גאַסט פאַר וועמען עס האָט זיך אין דאָזיקן טאָג געעפנט די טיר פון דובנאָווס וווינונג אין אוונט האָבן אַ גרופּע נאָענטע פריינד זיך פאַרזאַמלט ביי די דובנאָווס. די באַלעבאָסטע האָבן זיי אַוועקגעזעצט אויף אַ בכבודיק אָרט און אַליין סער־ווירט צום טיש. די שטימונג איז געווען אַ יומטובדיקע, אַ געהויבענע. פון דעם ליכטן ווין, פון די באַליבטע לידער, פון די רעדעס, אַמאָל ערנסטע און אַמאָל שפּאַסיקע, האָט דער יובילאַר זיך געפילט אַביסל בגילופנדיק.

די גאַנצע יידישע פרעסע האָט געשריבן וועגן דובנאָווס 70־יאָריקן יובל, עס איז אַנאַליזירט געוואָרן זיין טעטיקייט אויף פאַרשידענע געביטן. אַלע מחברים האָבן איינשטימיק פעסטגעשטעלט, אַז דער בעל־היובל האָט דורכגעבראַכן ציע וועגן אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע און פּובליציס־טיק. י. טשעריקאָווער האָט אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (וואַרשע) אונ־טערגעפירט אַ סך־הכל פון ש. דובנאָווס 50־יאָריקער ליטעראַרישער טעטי־

קייט. אין דער דאָזיקער אַרבעט באַמיט זיך דער מחבר אויסצוגעפינען די טיפע עמאָציאָנעלע קוואַלן, וואָס האָבן געשאַפן די האַרמאָניע צווישן דעם היסטאָריקער און פובליציסט. פון דער יוגנט אָן — ווייזט י. טשעריקאָווער אָן — האָט אין דער נשמה פון דעם בונטאַר־פּאָזיטיוויסט געלעבט אַ הייס נאַציאָנאַל געפיל; דערפאַר איז דער איבערגאַנג פון קאָסמאָפּאָליטיזם צו נאַציאָנאַליזם נישט געווען צו ווייטיקדיק. דער דראַנג צו היסטאָרישע טעמעס איז אויסגעוואַקסן פון דער זאָרג פאַרן גורל פון יידישן פאָלק: דער היס־טאָריקער האָט געזוכט אינעם עבר דעם כוח, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל קענען אויסהאַלטן אַלע געשיכטלעכע שטורעמס און נישט אונטערגיין. ש. דובנאָוו האָט געזען די טרייב־קראַפט פון דעם היסטאָרישן פּראָצעס נישט אין אַבסטראַקטן יודאַיזם, נאָר אין דער קאָנ־קרעטער, לעבעדיקער נאַציע. אין דעם איז באַשטאַנען דאָס נייע, וואָס ער האָט אַריינגעבראַכט, ווי אַ היסטאָריקער; די גאַנצע מאָדערנע יידישע היסטאָריאָגראַפיע איז אויסגעוואַקסן אויף דעם דורך אים צעאַקערטן באָדן פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, וואָס ער האָט באַפרייט פון די נעצן פון דער מעטאַפיזישער טראַדיציע.

אין „די צוקונפט" (ניו־יאָרק) האָט י. לעשטשינסקי אָנגעוויזן אויף די נייע וועגן, וואָס ש. דובנאָוו האָט אויסגעטראָטן אויפן געביט פון געז־זעלשאַפטלעכן געדאַנק. די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום", וואָס האָבן זיך באַוויזן כמעט איינצייטיק מיטן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס און מיט דער גרינדונג פון „בונד", האַלט ער פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע געשעענישן אין לעבן פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. דער מחבר פון די „בריוו" — ווייזט ער אָן — איז געוואָרן דער באַגרינדער פון אַ נייעם „גלות"־נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט קעגנגעשטעלט דעם אַריסטאָקראַטישן סקעפּטיציזם פון די אחד־העמיסטן אַ גלויבן אין די נישט־אויסשעפּבאַרע כוחות פון פאָלק. דאָס איז געווען אַן אַקטיווער, דעמאָקראַטישער נאַציאָ־נאַליזם, וואָס איז אויפגעקומען אויפן פאָן פון דער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־באַוועגונג אין רוסלאַנד: ער האָט נישט גערופן די יידן אין אַ גייס־טיקן געטאָ, נאָר האָט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן קעמפן פאַר זייערע רעכט האַנט ביי האַנט מיט אַנדערע פעלקער. די „בריוו" — דערקלערט י. לעש־טשינסקי — האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדייטונג פאַר דער גאַנצער פּראָגרעסיווער יידיש־רוסישער אינטעליגענץ; אונטער זייער איינפלוס האָט זיך פאָרמירט די וועלט־אָנשויונג נישט בלויז פון די אָנהענגער פון „דוב־נאָוויזם" נאָר אויך פון זיינע קעגנער.

דער יונגער מאַרקסיסטישער היסטאָריקער רפאל מאַלער, אונטערצי־

ענדיק דעם סך־הכל פון דער טעטיקייט פון זיין עלטערן קאָלעגע, האָט אויפֿן ערשטן אָרט ארויסגערוקט היסטאָריאָסאָפישע פּראָבלעמען. ער האָט אָנגעוויזן, אַז די טעאָלאָגישע טראַדיציע איז געשאַפן געוואָרן דורך דער אַסימילירטער יידיש־דייטשישער אינטעליגענץ, און אַז די סעקולאַריזירטע היסטאָריאָגראַפיע פון ש. דובנאָוו איז אַ פּראָדוקט פון דער עפּאָכע פון רעוואָלוציאָנערן אויפברויז און פון קולטור־רענעסאַנס פון די ברייטע מאַסן פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. דער מחבר פון דער „געשיכטע פון יידישן פאָלק", וואָס איז געוואָרן דער ערשטער אמתער כראָניקער פון זיין פאָלק, האָט אָבער, לויט מאַלערס מיינונג, נישט געקענט איינגאַנצן זיך באַפרייען פון אונטערן איינפלוס פון דאָגמאַטישן דענקען: ער האָט געפּרוּווט איינצושליסן די פילאַרטיקע היסטאָרישע דערשיינונגען אין די ראַמען פון אַן אַבסטראַקטער סכעמע, לויט וועלכער די געשיכטע פון דער מענטשהייט איז אַן ארענע אויף וועלכער עס שפּילט זיך אָפּ די צוזאַמענווירקונג פון צוויי פאַקטאָרן — דער פּרינציפּ פון הומאַניזאַציע און דער פּרינציפּ פון נאַציאָנאַליזאַציע. די דאָזיקע סכעמע איז, לויט דער מיינונג פון ר. מאַלער, אַ קינסטלעכע; פונדעסטוועגן איז ש. דובנאָוו, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן די ווירקונג פון דער היסטאָרישער סביבה אויף דער פאָרמירונג פון אידייען, געווען אַן עמפּיריקער אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס ווי אחד־העם, דער שטרענגער העגעליאַנער און אָנהענגער פון קראָכמאַלן, וואָס האָט געהאַלטן, אַז די עטישע אידעאַלן פון יודאיזם זענען אומפאַרענדערלעכע, און אַז זיי באַשטימען איינמאָל פאַר אַלעמאָל דעם אינהאַלט פון פאָלקס גייסטיקן לעבן.

צווישן די אַרטיקלען, וואָס זענען געווען געווידמעט דער אָפּשאַצונג פון ש. דובנאָוואָס טעטיקייט, פאַרנעמט ש. ניגערס עסיי אין דער „צוקונפט" אַ גאַנץ באַזונדער אָרט. פאַר ניגערן, דעם ליטעראַטור־קריטיקער, איז ש. דובנאָוו פריער פאַר אַלעמען „אַ מענטש מיט אַ מיסיע": אין זיין אויסזען, אין דעם פעסטן קאָנצענטרירטן בליק, אַפילו אין זיין קלאָרער האַנטשריפט איז צו זען דעם הויפּט־שטריך פון זיין נאַטור — ציל־באַוווסטקייט. „אָט איז אַ לעבן, — שרייבט ש. ניגער — וואָס ווייסט ווהין און צוליב וואָס עס גייט. אַ קלאָר, קיילעכדיק לעבן. אַ מענטש, וואָס האָט אויפגענומען זיין שליחות פון דער פריסטער יוגנט אָן, איז איר געבליבן געטריי און, זעט אויס, וועט איר בלייבן געטריי ביזן סוף פון זיינע טעג". די אייגנאַרטיקייט פון ש. דובנאָוון, ווי אַ היסטאָריקער, זעט ניגער אין דעם, וואָס זיין קוק איז כסדר געווענדעט צו דער צוקונפט. נישט בחינם האָבן דעם יונגן מיטאַרבעטער פון „וואָסכאָד" בעיקר אינטערעסירט דינאַמישע איבערגאַנגס־עפּאָכעס, חסידות, די שבתי־צבי־באַוועגונג, דער אויפבלי פון אויטאָנאָמיזם — דאָס זענען געווען טעמעס, אין וועלכע ער האָט זיך פאַרטיפט מיט אַ

ליידנשאפט פון א מיטצייטלער. ש. דובנאָווס צוגאַנג צו די פריערדיקע דורות — שרייבט ניגער — איז געווען נישט פון א מענטשן, וואָס גייט אויף קבר־אָבות — פון פיעטעט ווענן. ער איז צו זיי געגאַנגען „קברים רייסן" ווי אמאָל פרומע יידישע פרויען; ער איז געגאַנגען צו די פריערדיקע דורות צו זוכן ביי זיי א טרייסט, בעטן הילף, פרעגן אן עצה. דער ציל פון זיינע זוכענישן איז געווען נישט דאָס, וואָס איז אָפּגעשטאָרבן, נאָר דאָס, וואָס איז לעבן געבליבן..., ווייל אינעם עבר האָט ער געזוכט דעם שליסל צו דער צוקונפט".

צוגלייך מיט די יובל־אַרטיקלען האָבן די זשורנאַלן געדרוקט באַגריסונגען פון פאַרשידענע קולטור־אָרגאַניזאַציעס. א באַזונדערן נחת־רוח האָט דעם שרייבער פאַרשאַפט דער אָפענער בריוו פון די מיטאַרבעטער פון „ייוואָ". נישט איינמאָל האָט ער אין די פריערדיקע יאָרן אויסגעדריקט זיין זאָרג צוליב דעם, וואָס די אָנגעהויבענע פאָרשונגס־אַרבעט קען אָפּגעשטעלט ווערן, ווייל ס'וועט נישט זיין ווער עס זאָל זי ממשיך זיין. איצט האָבן די יונגע יידישע וויסנשאַפטלער עפנטלעך דערקלערט דעם 70־יאָריקן היסטאָריקער: „ מיר זען אין אייך דעם באַגרינדער פון דער מזרח־אייראָפּעאישער שטרעמונג אין דער יידישער וויסנשאַפט, ...וואָס דער „ייוואָ" איז באַרופן פאָרצוזעצן און צו אַנטוויקלען. פון אייך האָבן מיר געלערנט צו שעפן וויסנשאַפט און באַגייסטערונג אין די טיפענישן פון פאָלק גופא, ...צו זוכן אין דער פאַרגאַנגענהייט בוי־מאַטעריאַלן פאַר דער צוקונפט".

אין דער דאָזיקער באַגריסונג איז באַזונדערס אונטערגעשטראָכן געוואָרן די ראָל פון יובילאַר אינעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער פאָלקס־שפּראַך. אויף דעם זעלבן שטריך האָט אויך אָנגעוויזן די רעדאַקציע פון די „ליטעראַרישע בלעטער" אין איר באַגריסונגס־בריוו.

די יובל־טעג האָבן דעם היסטאָריקער פאַרשאַפט א גרויסע באַפרידיקונג: צום ערשטן מאָל איז זיין לאַנגיאָריקע אַרבעט געוואָרן אן אָביעקט פון א גרינטלעכן און אָלזייטיקן אַנאַליז. ער האָט אַלעמאָל געשטרעבט פאַרשטאַנען צו ווערן, סיי ווען ער האָט געשריבן זיינע יוגנט־אַרטיקלען וועגן רעפאָרמירן דעם חדר, סיי ווען ער האָט באַגרינדעט דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און האָט געפּרוּווט פעסטשטעלן די געזעצמעסיקייט אינעם גאַנג פון היסטאָרישע געשעענישן, — אַלעמאָל פלעגט ער זיך ווענדן צום אומגעזעענעם לייענער מיט הייסע ווערטער פון איבערצייגונג. און איצט ווען דער לייענער האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן, ווי יענער העלד ביי גאָגאָלן, מיט א הויכן „כ'הער", האָט ש. דובנאָוו דערפילט, אז ס'האָט זיך געלוינט צו לעבן און צו שאַפן...

נאָך קיינמאָל, אפשר, האָט דער בערלינער האַרבסט אים נישט אויס־

געזען אזוי פּראַקטיק, ווי אין יענע זוניקע טעג ווען ער פלעגט וואַנדערן איבער די מיט בלעטער־פאַרשאָטענע סטעזשקעס פון פּאַרק און טראַכטן: אַז די יאָרן פון אומרו, זוכענישן און גייסטיקער אָנשטרענגונג זענען נישט געגאַנגען לאיבוד. אין אַזעלכע מינוטן פלעגט ער זיך אומקוקן אויף צוריק און פילן, אַז זיין לעבן, וואָס איז פול געווען מיט מי און מיט נויט, איז געווען הארמאָניש, צילבאַוווסט און דערפאר גליקלעך. — אָבער דעם האַרפּאַשניק, וואָס האָט דערקענט דעם אמת פון זיין לעבנס־וועג איז נישט באַשערט געווען צו געניסן פון דער פרידלעכער הנאה פון דעם שניטער, וואָס האָט פאַרענדיקט דעם שניט. דער ווולקאַן פון דער געשיכטע האָט דראָענדיק געוויכערט; דאָס יאָר 1930 איז געווען אַן איבערברוך־יאָר: דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן צו זינקען אין תהום פון רעאַקציע.

מיט צען יאָר צוריק האָט ש. דובנאָוו, זוכנדיק רו פאַר זיין אַרבעט, באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון רעוואָלוציאָנערן כאָאָס. איצט האָט אים דער־יאָגט אַ שטורעם פון אַן אַכזריותדיקער קאָנטר־רעוואָלוציע, אין וועלכער די פאַרביטערטקייט פון די העכערע שיכטן, וואָס האָבן געטרוימט וועגן רעוואַנש, האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער פאַרצווייפלונג פון די פאַראָרעמ־טע פאָלקס־מאַסן. מיט אומרו האָט דער איבערצייגטער דעמאָקראַט געזען, ווי דער שוואַכער בנין פון דער ווייִמאַרער רעפּובליק הייבט אָן פּלאַצן אונ־טערן דרוק פון דער צעיושעטער סטיכיע. פון די וווּלגאַרע פּאַמפלעטן, גע־דרוקטע אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן, פון די שפּאַלטן פון דער בלוטדורשטיקער צייטונג, וואָס האָט געטראָגן דעם אַרויסרופנדיקן נאָמען „דער אָנגריף", האָט געאָטעמט מיט היהשער שנאה; און דער הויפּט־אָביעקט פון דער דאָזיקער פיינדשאַפט איז געווען דאָס וועלט־יידנטום.

האַרבסט 1931, ערב יום־כיפור, שרייבט ש. דובנאָוו צו י. טשערי־קאָווער: „איך האָב צוריקגעקערט צו מיין אַרבעט, אָבער די שטימונג איז ווי פאַרן יום־הדין: איך פיל — אויף דער וועלט רוקט זיך אָן אַ שוואַרצע כמאַרע..."

ש. דובנאָוו האָט ווייטער געאַרבעט איבער זיינע מעמואַרן, ער האָט פאַרענדיקט אַ קורצן פּאָפּולערן טעקסט־בוך פון יידישער געשיכטע און גע־שריבן אַרטיקלען פאַר די צייטונגען פון ליטע און לעטלאַנד. אין סעפּטעמ־בער 1932 האָט „די צוקונפט" אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן קאַפּיטלען פון דובנאָווס מעמואַרן. דורך אַ ברייטער קאָרעספּאָנדענץ איז דער היסטאָ־ריקער געווען פאַרבונדן מיט די פאַרשידנסטע יידישע ישובים אויף דער וועלט. זומער 1932 איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון ווייטן עקזאָטישן ריאָ־דע־זשאַניירא, אַז די דאָרטיקע יידישע יוגנט האָט געגרינדעט אַ ביבליאָטעק אויף ש. דובנאָווס נאָמען. ער איז דערפון געווען טיף גערירט; אין זיין

ענטפער־בריוו דריקט ער אויס זיין ווונטש, אַז בראַזיל זאָל ווערן איינער פון די צענטערן פון יידישער קולטור אין דרום־אַמעריקע.

אומזיסט האָט ער געפּרוווט זיך אָפּגרענעצן פון די צייט־שטורעמס דורך פאַרטיפן זיך אין דער אַרבעט. אַלץ אָפטער פלעגט זיך אין זיין אַר־בעטס־קאַבינעט אַריינרייסן דורכן ראַדיאָ־אַפּאַראַט דאָס הייזעריקע קול, וואָס האָט זיך פאַרכלינעט פון האַס. מיט טיפן אומרו האָבן די דובנאָווס און זייער אייניקל, אַלעקסאַנדער, וואָס איז געקומען צו זיי פון וואַרשע, זיך צוגעהערט צו די היסטערישע אויסגעשרייען. די אַנוועזנהייט פון דעם יונגן סטודענט פון בערלינער אוניווערזיטעט האָט אַריינגעבראַכט אַ פרייד־דיקע אויפלעבונג אין שטוב, באַלד אָבער איז עס געוואָרן אַ קוואַל פון שטענ־דיקע זאָרגן. באַזונדערס אומרואיק איז געווען אידע דובנאָוו, ווען איר אייניקל פלעגט פאַרן אַרויסגיין פון שטוב אַריינשטעקן אין לאַץ פון זיין קורטקע דריי פיילן — די סאָציאַליסטישע עמבלעם, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ ווילדן צאָרן ביי דער היטלעריסטישער יוגנט. די יונגע היטלעריסטן פלעגן איצט אָפט אָרגאַניזירן אָנפאַלן אויף זייערע אידייאישע קעגנער; די יונגעלייט, וואָס האָבן דאָ נישט לאַנג פאַרשפּרייט אַנטיסעמיטישע בלעט־לעך, האָבן שוין באַוויזן אויסצוטווישן זייערע ברוינע בלוזעס אויף מונ־דירן פון שטורמיסטן; ביסלעכווייז האָבן זיי אָנגעהויבן צו שפּילן די ראָל פון באַלעבאַטים פון דייטשלאַנד.

דער היסטאָריקער האָט פיבערהאַפט געזוכט אַנאַלאָגיעס אין דער געשיכטע: עס האָבן אויפגעלעבט אין זכרון עפּאָכעס פון מאַסן־פּסיכאָז, פון ווילדן פאַנאַטיזם, פון וועלכן עס האָבן געליטן די רעכטלאָזע יידישע באַפעלקערונג. אָבער די מעלאַנכאָלישע פאָרמולע „אין חדש תחת השמש" האָט נישט געבראַכט קיין טרייסט: אינסטינקטיוו האָט ער געפילט, אַז דאָס אומגליק, וואָס רוקט זיך אָן, האָט נישט צו זיך קיין גליכן אין דער גע־שיכטע...

אין די שמועסן מיט פריינד האָט מען איצט אַלץ עקשונותדיקער איבער־געחזרט די פראַגע: וואָס ווייטער? עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין בערלין, און האָבן מיט דער שטאָט פאַרבונדן זייערע לעבנס־פּלענער. האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן אַנטלויפן פון דייטשלאַנד. ש. דובנאָוו האָט באַ־שלאָסן דערווייל נישט רירן זיך פון אָרט: אים האָט געשראָקן די פּערספּעק־טיוו פון נייע וואַנדערונגען, דאָס איבערפירן די ביבליאָטעק און דעם אַר־כיוו, דער לאַנגער איבעררייס אין דער אַרבעט. נאָך פיינלעכער איז געווען דער געדאַנק וועגן אַרויספאָרן פאַר אידע דובנאָוו: זי האָט זיך געהאַט צוגע־וווינט צו איר שטילער געמיטלעכער נעסט, און האָט ליב געקריגן אירע בער־לינער פריינד. איצט האָט זי מורא געהאַט, אַז ס'וועט שוין מער נישט קלעקן

קיין פיזישע און קיין גייסטיקע כוחות. כדי זיך ווידער נעמען צופּאַסן צו אַן אַנדער סביבה. זי האָט געפילט, אַז מיט יעדן טאָג ווערט זי אַלץ שוואַכער; עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַרפע ווייטיקן אין די גלידער, — די ערישטע סימפּטאָמען פון דער שרעקלעכער קרענק, וואָס נישט זי און נישט די אַרומיקע האָבן דעמאָלט פאַרשטאַנען.

פאַרזאָרגטע, מיט אַ ביטער געפיל פון הילפסלאָזיקייט האָבן צוויי מידע מענטשן באַגעגנט דאָס נייע יאָר 1933. עס איז זיי געווען באַשערט איבערצולעבן אַ סך היסטאָרישע שטורעמס. זייער פאָרגעפיל האָט זיי נישט אָפּגענאַרט: אינגיכן האָט די מערהייט פון דייטשישן פאָלק איבערגעגעבן היטלערן דעם גורל פון דייטשלאַנד.

## קאַפּיטל דרייסיק

# אין אַ נייער היים

דאָס נייע קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון צענטראַל־אייראָפּע האָט זיך געעפנט מיט אַ טראַגישן פּאַראַדאָקס: די דיקטאַטור האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער דער דעמאָקראַטיע מיט דער הילף פון דעמאָקראַטישע מע־טאָדן. נאָך די מערץ־וואַלן האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף פון דייטשלאַנד. די ערשטע האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד די וואַנדער־פייגל, די עמיגראַנטן. אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט אין עסטרייך, טשעכאָ־סלאָוואַקיע, אין ארץ־ישראל, אָבער דער הויפּט־שטראָם איז געגאַנגען קיין פּאַריז. אַ טרויעריקער האָט ש. דובנאָוו זיך געזעגנט מיט זיינע פריינד. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויך זיינע טעג אין בערלין זענען געציילטע, אָבער ער האָט זיך נאָך געישובט וווהין ער זאָל פאָרן. א. און ר. טשעריקאָווער האָבן אים שטענדיק גערופן קיין פּאַריז, וואָס איז געוואָרן אַ צענטער פון אַקטיוון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין חשק צו באַזעצן זיך אין דער רוישיקער און קאָכיקער וועלט־שטאָט. ער האָט גע־טראַכט וועגן שווייצאַריע. אין זיכרון זענען אויפגעשוווממען די האַלב־פאַר־געסענע בילדער פון גרינעם אידילישן ציריך. אַמאָל האָט ער, אַ גאַסט פון מזרח, באַצויבערט פון דער פּראַכט פון די אַלפּן, פון דער בלויקייט פון די אָזערעס, מיט קנאה געטראַכט וועגן יענע גליקלעכע מענטשן, וועמען ס'איז באַשערט צו פאַרנעמען זיך מיט וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין אַזאַ אידי־לישער סביבה. איצט אָבער, אין אַ צייט פון פּאָליטישע שטורעמס האָט אים דער פּלאַן פון באַזעצן זיך אין דער שווייץ אויסגעזען ווייניקער צוציענדיק: עס האָט אים געשראָקן די פּערספּעקטיוו פון אָפּרייסן זיך פון די קינדער און פון אַ יידישער סביבה.

די אַרבעט איבער די מעמואַרן האָט פאַריאָגט די שווערע רעיונות. פון ארץ־ישראל פלעגן רעגולער אָנקומען די קאָרעקטורן פון דער „געשיכ־טע", וואָס האָט זיך דאָרט געדרוקט. „דער מאַי שיינט אין זיין פולער פּראַכט — שרייבט ש. דובנאָוו צו א. טשעריקאָווערן — נאָר עפּעס אַן אומעט

פילט אָן די לופט, אָן אומעט פון צעשיידונג... מיינע פריינד אין ארץ־ישראל זענען גרייט מיך אַריינצוציִען אין חרם, ווייל איך פאָר נישט אַהין. מיט יאָרן צוריק וואָלט איך געפאָרן, איצט איז שוין צו שפּעט צו ברעכן דאָס לעבן". מיט רעזיגנאַציע זענען דורכגעדרונגען די ווערטער פון דעם קורצן צושריפט פון אידע דובנאָוו: „ס'איז אַזוי שווער צו טראַכטן וועגן דעם, אַז ס'וועט אויסקומען צו פאַרלאָזן אונדזער ווינקל"...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער שרייבער מודיע געווען זיינע פריינד: „מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן נישט קיין ציריך, נאָר קיין ריגע... פאַראַן אַ סך אַרגומענטן לטובת ריגע... די סביבה איז נישט אַזאַ פרעמדע, ס'איז נאָענט צו די קינדער — אין סאָוועט־רוסלאַנד און אין וואַרשע. מיר פירן דאָ איצט אַן אומעטיק לעבן, אויסערלעך רואיק, אָבער פול מיט אינערלעכן אומרו. שווער איז דער איבערגאַנג, די עמיגראַנטישע שטימונג. די פריינד אין ארץ־ישראל וואונדערן זיך, וואָס איך וויל זיך נישט באַזעצן דאָרט, זיי פאַרשטייען נישט, אַז דאָס בייטן אין מיינע יאָרן דעם קלימאַט, די שפּראַך און דעם גאַנצן לעבנס־שטייגער וואָלט געהייסן פשוט פטרן דאָס רעשט ביסל כוחות, וואָס קענען נאָך צו עפּעס דינען... איך שרייב פון צייט צו צייט (טאַקע פון צייט צו צייט, אָבער נישט סיסטעמאַטיש) מיינע זכרונות. איך האַלט שוין ביי 1908... כ'וועל שרייבן ווייטער. אַנדערש קען מען פון זינען אַראָפּ; פון די צייטונגען, פון די שרעקלעכע אַטמאָספערישע ווירקונגען". די דאָזיקע בריוו, געשריבן אין רוסיש (געוויינלעך האָט ש. דובנאָוו צו די טשעריקאָווערס געשריבן אין יידיש), צייכענען זיך אויס מיט אַ פרעמדער פאַר זייער מחבר פאַרזיכטיקייט; דאָס איז געווען צוליב דער צענזור.

עס זענען געשטאַנען קלאָרע זומערדיקע טעג, אָנגעגאָסענע ביז איבער די ברעגעס מיטן האָניק־אַראָמאַט פון די בליענדיקע ליפּעס. און ווידער, ווי אין די 20־ער יאָרן, האָט דער שרייבער געמאַכט זיינע איינזאַמע געזעגענונגס־שפּאַצירן איבער די שטילע גרינע אַלייען. אַ סך האָט ער דאָ דורכגעלעבט און דורכגעטראַכט. אַ סך אינטימע שמועסן געפירט אויף דער באַנק אין פּאַרק נעבן דער פאַרבנרייכער בלומען־בייט. איצט איז דאָס שוין פאַרגאַנגענהייט. אַרום האָט געראַוישט אַ פרעמדע, אַ פיינטלעכע שטאָט, פאַרפלייצט פון ברוינע באַטאַליאָנען.

אין אויגוסט האָבן די דובנאָווס פאַרלאָזט בערלין. די גרינע ריגער פאַרשטאָט, ווו די עמיגראַנטן האָבן זיך צייטווייליק באַזעצט, האָט דערמאָנט די נאָר וואָס פאַרלאָזטע בערלינער היים. די נייע וווינונג, אין אַ ווייסער צוויי־שטאָקיקער ווילע, איז דעם שרייבער געווען געפעלן צוליב דער ענלעכקייט מיט דער בערלינער דירה. דאָס וואָס די וווינונג האָט געהאַט אַ ביסל ווייניקער קאָמפאָרט איז מיט אַן עודף קאָמפּענסירט געוואָרן דורך דער

אמתער נאָענטקייט צו דער נאַטור: גלייך אין די פענצטער פון דובנאָווס אַרבעטס־קאַבינעט האָט אַריינגעקוקט די גרינע וואַנט פון סאָסנע־וואַלד. אויף דובנאָוון האָט ווידער אַ ווייע־געטאָן דער אָטעם פון היימישן צפון מיט זיין שטרענגקייט און צאַרטקייט, מיט ליכטע פרימאָרגן־פרעסטלעך און דערמונטערנדיקע ווינטן פון באַלטישן ים.

היימיש זענען אויך געווען די אָרטיקע מענטשן, וואָס האָבן אַרומ־גערינגלט די געסט מיט זאָרגעוודיקער אויפמערקזאַמקייט. ש. דובנאָוו האָט געפונען אין ריגע אַ סך אידעישע אָנהענגער. דאָס אָרטיקע יידישע לעבן האָט אויף זיך געטראָגן דעם שטעמפּל פון פּראָווינציאַליזם, עס האָט זיך אָבער געפילט אין דעם צילבאַוווסטקייט, איניציאַטיוו און נאַציאָנאַלער פּאַטאָס. דער פריידיקער פון אויטאָנאָמיזם האָט איצט געקענט מיט די אייגענע אויגן זען די רעזולטאַטן פון דער אויטאָנאָמיע, וואָס איז געווען גאַראַנטירט דורכן געזעץ. אין משך פון אַ קורצער צייט איז, אַ דאַנק די אָנשטרענגונגען פון ענטוזיאַסטישע געזעלשאַפטלעכע טוער, אין קליינעם לאַנד אויסגעוואַקסן אַ פּאַרשידנאַרטיקע יידישע שול־נעץ, אַ שטענדיקער יידישער טעאַטער, אַ יידישע פּרעסע. איצט האָט די אַלע דערגרייכונגען גע־דראָט אַ גרויסע געפאַר: אונטער דער השפעה פון די מערב־ווינטן האָט זיך אין לעטלאַנד פאַרשטאַרקט שאָוויניזם און אַנטיסעמיטיזם. דער היס־טאָריקער, וואָס איז אַנטלאָפן פון היטלעריזם איז געווען באַאומרואיקט וועגן גורל פון דעם קליינעם לאַנד, ווו ער האָט געהאָפט צו געפינען אַ מקום־מקלט. ער פלעגט וועגן דעם אָפט רעדן מיט זיין פרוי, אָבער די שווער־קראַנקע אידע דובנאָוו האָט שוין קוים רעאַגירט אויף דער אַרומיקער ווירקלעכקייט. עס האָט איר נישט געפרייט די פּראַכט פון דער צפונדיקער לאַנדשאַפט, און נישט אויפגערעגט די ידיעות, וואָס די באַזוכער פלעגן איבערגעבן. זי איז וואָס ווייטער אַלץ האָפנונגסלאָזער פאַרזונקען געוואָרן אין אירע ליידן. נאָכן איבערפאָרן אין דער נייער דירה האָט זי כמעט אויפ־געהערט זיך צו באַוועגן; גאַנצע טעג האָט זי פאַרבראַכט אין דעם טיפן פאָטעל, גלייכגילטיק מישנדיק מיט אירע וואַקס־געלע פינגער די בלעטער פון אַ בוך, וואָס איז געלעגן אויף אירע קני.

נאָך דעם ווי ש. דובנאָוו האָט געבראַכט אין אָרדענונג זיין אַרכיוו, האָט ער נאָך אַ לאַנגן איבעררייס זיך צוריקגענומען צו זיינע מאַנוסקריפּטן און קאָרעקטורן. „...איך בין שוין צוגעטראָטן צו מיין געוויינלעכער אַרבעט — שרייבט ער סוף סעפּטעמבער צו די טשעריקאָווערס — איך קלאָג זיך נישט אויף די אָפטע באַזוכער פון שטאָט... וואָס מ'זאָל נישט זאָגן — דאָך אַן אייגענער קרייז, אייגענע מענטשן, וואָס שפּינען ווייטער דעם פאָדעם פון אונדזער רוסיש־יידישער טראַדיציע. אויף יעדן טריט פיל איך די דאָזיקע

לעבעדיקע פאַרבינדונג מיטן געוועזענעם לעזער. און איצט, אין דער אַטמאָס־פער פון זכרונות, איז דאָס מיר באַזונדער טייער... איך האָב באַנייט די אַרבעט איבער די מעמואַרן, אָבער אָפט רייסן מיך אַנדערע אַרבעטן אָפּ דערפון (רעדאַגירן די איבערזעצונגען וכדומה)".

דער שרייבער איז געווען פאַרבונדן מיט דער וועלט און מיט נאָענטע מענטשן דורך אַ פריינדשאַפטלעכער און געשעפטלעכער קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז איצט געווען נאָך מער לעבהאַפט ווי פריער. ער פלעגט סיסטעמאַ־טיש אַרבעטן איבער די קאָרעקטורן פון זיינע ביכער, וואָס האָבן זיך גע־דרוקט אין אויסלאַנד. אַ גרויסער פראַנצויזישער פאַרלאַג האָט אַרויסגע־געבן די „נייסטע יידישע געשיכטע". די ערשטע בענדער פון דער „וועלט־געשיכטע" האָבן זיך געדרוקט אין ארץ־ישראל. ש. דובנאָוו אַליין האָט אונטערגענומען אַרויסצוגעבן אַ נייע אויפלאַגע פון דעם לערנבוך, וואָס איז דערשינען אין בערלין אין 1932. צו דעם פריערדיקן טעקסט האָט ער צוגע־געבן אַן איבערבליק איבער די לעצטע געשעענישן. „איך אַרבעט זייער אַ סך — שרייבט ער צו א. טשעריקאָווערן, וועמען ער פלעגט דערציילן אַלע פּרטים פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט — ...אין מוח שווימען פון פּוב־ליציסטישע פּלענער... איך וואָלט אַריינגעפאַלן... אין מעלאַנכאָליע ווען נישט די באַליבטע אַרבעט און יענע פּאָעזיע פון געדאַנק, וואָס אַנטפּלעקט זיך צו מיר אין מאָמענטן פון התבודדות, וואָס האָט געראַטעוועט מיין גייסט אין די שווערסטע מינוטן פון מיין לעבן. אַפילו אויף דעם היינטיקן וועלט־שגעון קוק איך מיט פילאָזאָפישער רואיקייט. איך טראַכט נאָר וועגן דעם, צי וועט אונדזער דור דערלעבן דעם סוף פון דער דאָזיקער עפּידעמיע..."

דער שטרענגער ווינטער האָט אָפּגעשניטן די שטילע פּאַרשטאָט פון ריגע. דער וואַלד איז געזונקען אין שניי. ש. דובנאָוו האָט אינטענסיוו גע־אַרבעט איבער די מעמואַרן. אין זיין זכרון זענען אויפגעשווומען די זאַווע־רוכעדיקע ווינטערס פון אַמאָל, און דער איצטיקער האָט אויסגעזען ווי זייער המשך. אין דער אָפּגעזונדערטער ווילע האָט געהערשט אַ שטילקייט, וואָס איז נאָר פון צייט צו צייט געשטערט געוואָרן דורכן וואָיען פון ווינט אין קוימען. צייטנווייז פלעגט ער אַוועקלייגן אין אַ זייט דעם מאַנוסקריפּט און אויף די שפּיץ פינגער אַריינגיין אין שלאָף־צימער, און יעדעס מאָל פלעגט אים פאַרקלעמען דאָס האַרץ. פון דער קראַנקערס טויט־איינגעגראָבע־נע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אומענדלעכע רעזיגנאַציע. דער קערפּער, וואָס האָט אַזוי ווייניק געוווגן, האָט פאַרלוירן דעם ווילן צום לעבן. עס האָט זיך געדוכט, אַז די מידקייט, וואָס אידע דובנאָוו האָט מוטיק באַזיגט במשך פון יאָרצענדליקער, האָט זיך איצט מיט דער גאַנצער שווערקייט געלייגט אויף אירע שוואַכע פּלייצעס. דער הויז־דאָקטאָר האָט באַשלאָסן, אַז ס'האָט

מער נישט קיין זין צו באַהאַלטן דעם אמת, און ער האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָס די אַרומיקע האָבן שוין פון לאַנג חושד געווען: אַן אָפּעראַציע איז אויסגעשלאָסן, דער מצב פון דער קראַנקער פּרוי איז אַ האָפענונגסלאָזער, און אירע טעג זענען געציילטע. מען האָט באַשלאָסן זי איבערצופירן אין שפּיטאָל.

און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ציען וואָכן פון פּאַמעלעכדיקער גסיסה אין דעם ווייסן שפּיטאָל־צימער. די קראַנקע, באַטויבט פון נאַרקאָטישע מיטלען, פלעגט אָפּט פאַרלירן דעם באַוווסטזיין. אין דעם גוססדיקן מוח האָט געלעבט נאָר איין פאַרלאַנג — זען די קינדער. אָבער עס האָט געקענט קומען נאָר די עלטערע טאָכטער; דער זון יעקב און די טאָכטער אָלגאַ, וואָס האָבן געוווינט אין רוסלאַנד, האָבן נישט געקענט באַקומען קיין דערלויבעניש אַרויסצופאָרן. די לעצטע וואָך פון איר לעבן האָט אידע דובנאָוו פאַרבראַכט ווי אין דרימל. פון צייט צו צייט פלעגן אירע שטריכן, פאַרשאַרפטע פון ליידן, ווערן ווייכער, די פאַרברענטע ליפן האָבן זיך באַוועגט און עפּעס געשעפּטשעט. קיין ווערטער האָט מען נישט געקענט אויפכאַפּן, נאָר ס'איז געווען קלאָר — די קראַנקע האָט גערעדט מיט אירע קינדער. דער טויט, וואָס איז געקומען אין שלאָף, האָט זי אינגאַנצן פאַרענדערט, עס האָבן זיך אויסגעגלייכט די טיפע קנייטשן, וואָס האָבן צעאַקערט איר שטערן און באַקן, און דאָס שטילע, דאָס צניעותדיק־מיידלשע, וואָס איז געווען דער תוך פון איר נאַטור, האָט זיך אַנטפּלעקט אין דעם רואיקן געזיכט. אין דעם קליינעם ביישטיבל פון דער ריגער שול איז זי געלעגן אַ שטרענגע, אַ וואַקס־בלייכע, מיט אַ פיין־געשניצטן פּראָפיל, וווּנדערלעך ענלעך צו איר פאָטאָגראַפיע פון די יונגע יאָרן.

די לוויה איז פאָרגעקומען דעם 23־טן יאַנואַר — אין אַ פּראָסטיק־זוניקן טאָג. אויפן בית־עולם האָבן זיך פאַרזאַמלט פרעמדע מענטשן: אין דער דאָזיקער שטאָט, ווו אידע דובנאָוו איז געקומען שטאַרבן, האָט זי כמעט קיין פריינד נישט געהאַט. אַ קורצן הספד האָט געהאַלטן דער־רב, טרויעריק האָט געקלונגען דער קדיש, און אין דער פרעמדער קאַלטער ערד האָט מען אַראָפּגעלאָזט אַ קליינעם, לייכטן אָרון...

נאָך דער לוויה האָט ש. דובנאָוו געמוזט זיך לייגן אין בעט אַריין. דער אָרגאַניזם האָט נישט אויסגעהאַלטן די אָנשטרענגונג פון די לעצטע טעג. פון צייט צו צייט פלעגט אַ פאָרזיכטיקער קלונג איבעררייסן די שטילקייט פון דער ליידיק־געוואָרענער דירה: עס פלעגן אַריינקומען שכנים, באַקאַנטע פון שטאָט, וואָס האָבן געוואָלט אויסדריקן זייער מיטגעפיל. כמעט יעדן טאָג פלעגט צום קראַנקן קומען דניאל טשאַרני וואָס איז דאָ נישט לאַנג געקומען פון דייטשלאַנד. מיט אַ שטיל קול פלעגט ער דערציילן די לעצ־

טע פּאָליטישע און ליטעראַרישע נייעס, אָדער פּשוט שווייגנדיק געזעסן ביים בעט פון קראַנקן. לאַנגע שעהן האָבן איצט דער פֿאָטער און די טאָכטער פֿאַרבראַכט צוזאַמען. זיי האָבן געשמועסט וועגן אַמאָליקע צייטן, וועגן מענטשן, שטעט, און אָפט האָבן זיי דערמאָנט אַלטע לידער... נאָך קיינמאָל אפשר איז זייער נאָענטקייט נישט געווען אַזאַ קאָמפּלעטע ווי אין יענע ווינ־טערדיקע טעג אין דעם וואַלדיקן ווינקל. פֿאַר דער טאָכטערס אָפּפֿאָרן האָט ש. דובנאָוו אַרויסגענומען פֿון אַ גרויסער קאַרטאָנענער טעקע אַ קאָנווערט מיט אַן אויפֿשריפֿט „נאָר פֿאַר דער משפּחה". ער האָט פֿאַר איר פֿאָרגע־לייענט פֿראַגמענטן פֿון זיין טאָגבוך, וואָס האָבן געטראָגן אַ פֿערזענלעכן כאַראַקטער און אַ קאַפּיטל מעמואַרן, וואָס איז נישט געווען באַשטימט צום פֿאַרעפֿנטלעכן.

אויף צומאָרגנס האָט די טאָכטער אים נישט געטראָפֿן אויפֿן גע־ווינלעכן אָרט — אין פֿאָטעל נעבן טישל מיט די צייטונגען. ער איז גע־זעסן ביים שרייבטיש איינגעבויגן איבער אַ מאַנוסקריפּט, וואָס איז געווען פֿול מיט אויסבעסערונגען און הערות. אַ פֿאַרטראַכטער האָט ער אונטער־געברומט זיין באַליבטן חסידישן ניגון. זיין בליק איז געווען האַרט און קאָנצענטרירט ווי שטענדיק. ער האָט זיך צוריק גענומען צו דער אַרבעט.

יעדן פֿרימאָרגן פֿלעגט דער פֿאַרשנייטער בריוו־טרעגער אַרויסוואַרפֿן פֿון זיין טאָרבע אַ פּאַק בריוו און צייטונגען. בריוו זענען אָנגעקומען פֿון פֿאַרשידענע ערטער, פֿון אַלטע און נייע פֿריינד און באַקאַנטע, וואָס זענען געוואָר געוואָרן וועגן טויט פֿון אידע דובנאָוו. דער היסטאָריקער איז געווען גערירט פֿון דעם אויפֿריכטיקן צער פֿון עטלעכע געציילטע פֿריינד, וואָס זענען געווען נאָענט צו דער צוריקגעהאַלטענער, פֿאַרשלאָסענער פֿרוי און האָבן געקענט אָפּשאַצן די גאַנצקייט פֿון איר נאַטור, איר שווייגעוודיקן מוט, איר שעמעוודיקע נשמה־וואַרעמקייט. מיט שווערער זאָרג האָבן זיי איצט געטראַכט וועגן איר לאַנגיאָריקן לעבנס־באַגלייטער, וואָס איז צום סוף פֿון די יאָרן פֿאַרבליבן איינער אַליין אין אַ פֿרעמד לאַנד.

ש. דובנאָוו האָט נישט באַהאַלטן פֿאַר זיינע פֿריינד, אַז עס איז אים נישט גרינג איבערצוטראָגן די איינזאַמקייט. „איך בין געוואָרן נאָך אַ גרע־סערער מתמיד ווי אַמאָל — שרייבט ער אין מערץ 1934 — דאָס איז איצט פֿאַר מיר די איינציקע ישועה". אין די בריוו פֿון יענעם פּעריאָד דערמאָנט ער אָפט זיין לעבן אין בערלין.

אין פֿרילינג 1934 איז דער ערשטער באַנד מעמואַרן געוואָרן פֿאַר־ענדיקט און אָפּגעגעבן צום דרוק. גלייכצייטיק האָט זיך דאָס בוך געדרוקט אין ארץ־ישראל. דער שרייבער האָט מיט אַ באַזונדער געפֿיל געוואַרט אויפֿן דערשיינען פֿון זיין אויטאָביאָגראַפֿיע. דאָס דאָזיקע בוך, אין וועלכן די

טיף־באַהאַלטענע יוגנט־אויפבּרויזן האָבן געפונען זייער תיקון, האָט פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט אין דער לאַנגער רשימה פון זיינע ווערק. געווען אַ צייט, ווען דער אויטאָדידאַקט, אויפגעטרייסלט נאָכן באַקענען זיך מיט דער וועלט־ליטעראַטור, האָט אָנגעהויבן טרוימען וועגן קינסטלערישער שאַפונג. די דאָזיקע טרוימען זענען נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. דער ראָמאַן, וואָס ער האָט געשריבן מיט גרויס באַגייסטערונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט געראָטן, און די שעמעוודיקע פּרוון צו שרייבן לידער זענען געבליבן באַגראָבן אין זיינע נאָטיץ־העפטן. אָבער די בענקשאַפט פון די יונגע יאָרן איז נישט געוואָרן אויסגעלאָשן. דורך דעם פּובליציסטישן געוועב פלעגט זיך נישט איינמאָל דורכרייסן אַ לירישער אומרו, וואָס האָט צוגעגעבן דעם זאַץ אַ באַזונדערן ריטם; אין באַזונדערע פראַגמענטן פון זיין היסטאָרישן דערציילן האָט זיך געפילט אַ נייגונג צום ראָמאַן. זאָרגנדיק וועגן דער אויסגעהאַלטנקייט פון וויסנשאַפטלעכן סטיל, פלעגט ש. דובנאָוו אין דער לעצטער רעדאַקציע באַזייטיקן די פרעמדע עלעמענטן. אָבער אין די אינטימע פראַגמענטן פון זיין אויטאָביאָגראַפיע האָט ער זיך געלאָזט ווילגיין, און בילדער טיף־פאַרבאָרגענע האָבן אַ פלייץ־געטאָן ווי אַ שטאַרקער שטראָם...

די ערשטע קאַפּיטלען פון „דאָס בוך פון לעבן" זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין אָנהייב פון די 20־ער יאָרן, ווען דער מחבר האָט זיך באַמיט צו געפינען אין דער פאַרגאַנגענהייט אַ מקום־מקלט פאַר די שטורעמס פונעם היינט. די דאָזיקע באַדערפעניש איז מיט אַ נייער קראַפט אויפגעקומען כמעט מיט פופצן יאָר שפּעטער, ווען ער האָט געשריבן די לעצטע זייטן פון ערשטן באַנד. דאָס פאַרטיפן זיך אין דער פאַרגאַנגענהייט האָט געהאָלפן בייצוקומען סיי דעם פּערזענלעכן צער פון איינזאַמקייט, סיי די דעפּרעסיע צוליב דער פּאָליטישער סיטואַציע. דאָס אָפּגעשטאַנענע, אָרעמע לעטלאַנד האָט איבערגעלעבט אַ שווערן פּאָליטישן קריזיס. נישט די מלוכהשע אומאָפּהענגיקייט, און נישט דער דעמאָקראַטישער רעזשים האָבן דאָ נאָך קיין טיפע וואָרצלען נישט געהאַט. דער זיג פון היטלעריזם אין שכנותדיקן דייטשלאַנד האָט פון פאָרויס באַשטימט דעם גורל פון דעם קליינעם לאַנד. און ווען אין מאַי 1934 האָט דער באַגרענעצטער און אַמביציעזער פאָרשטייער פון די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטן פון דאָרף אָפּגעשאַפט די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע, איז דאָס לאַנד פאַרבליבן גלייכגילטיק. דער היימישער קולאַקישער פאַשיזם פון דער קליינער מדינה האָט נישט פאַרמאָגט דעם דינאַמיזם און דעם בלוטדורשטיקן אימפּעט פון דעם נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם; דער אָרטיקער אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז אויסגעוואָקסן אויפן באָדן פון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ, האָט נישט געטראָגן, לכל־הפחות  אין די ערשטע צייטן, קיין פּאָגראָם־כאַראַקטער. אָבער דער לאָזונג „לעטלאַנד פאַר לעטן" איז געווען

אַ גענוג דייטלעכער. די פּראָגרעסיווע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט פון דער דיקטאַטור געקריגן די שווערסטע קלעפּ.

מיט אַ ווייטיק אין האַרצן האָט דער שרייבער־דענקער גטראַכט וועגן דעם נייעם זיג פון דער רעאַקציע. זיינע באַזוכער האָבן זיך ביטער באַקלאָגט אויף די רדיפות קעגן די יידישע פאָלקסשולן. די אומאָפּהענגיקע פרעסע האָט געלעבט אירע לעצטע טעג. אָנהייב זומער האָט מען פאַרמאַכט דעם „פרימאָרגן", אַ צייטונג, וווּ ש. דובנאָוו האָט פון צייט צו צייט געדרוקט זיינע אַרטיקלען. דער קרייז פון באַקאַנטע איז שיטערער געוואָרן. איינער פון די ערשטע איז אַוועק דניאל טשארני. איינמאָל ווען ער האָט געשמועסט מיט ש. דובנאָוון אין דעם מיט זון־באַלויכטענעם קאַבינעט, האָט זיך דער־הערט אַ האַסטיקער טעלעפאָנישער קלונג. מען האָט ד. טשארנין גערופן אהיים; אומדערוואַרטעטע געסט, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַגענטן פון דער געהיים־פּאָליציי, האָבן אים איבערגעגעבן אַ פאַראָרדענונג תּיכּף צו פאַרלאָזן לעטלאַנד. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ש. דובנאָוו געשריבן צו ד. טשארנין קיין פּאַריז: „נישט באַשערט געווען אפילו זיך צו געזעגענען מיט אייך... איך בין דאָ אין דעם גן־עדן פון וואַלד־פּאַרק איינגאַנצן אַ פאַר־יתומטער... דער מאַי בליט. איך גיי אַרום אַליין אין וואַלד, פאַרטיפט אין רעיונות. נאָך גוט, וואָס די רוסישע קאָרעקטורן נעמען ביי מיר צו אַ סך צייט".

אין אַ צווייטן בריוו, דאַטירט דעם 9־טן יוני, באַרירט ש. דובנאָוו ווידער זיין באַליבטע טעמע: די איינציקע רפואה קעגן מעלאַנכאָליע איז אָנגעשטרענגטע אַרבעט. „איך אַליין נעם איין פּשוט פערדישע דאָזעס פון דער דאָזיקער רפואה, — שרייבט ער — עס קומט אויס צו לייענען צו דריי קאָרעקטורן פון אַ בוך, וואָס האָט זעקס און צוואַנציק דרוק־בויגן".

פון דער ווייטנס האָבן די פריינד מיט אומרו נאָכגעפאָלגט די געשעע־נישן אין די באַלטישע לענדער. דער נייער מקום־מקלט האָט נישט דערפילט די דערוואַרטונגען. אין דער קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך ווידער אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט די פראַגע פון עמיגראַציע. די טשעכאָסלאָוואַקישע, די טשעריקאָווערס זענען באַ־שטאַנען אויף זייער פריערדיקן פאַרייזער פּלאַן. די טאָכטער און דער איידעם האָבן צוגערעדט ש. דובנאָוון אַריבערצופאָרן קיין פּוילן און זיך צו באַזעצן אין אַ זומער־רעזידענץ הינטער וואַרשע. די מיטאַרבעטער פון ייוואָ האָבן געהאַלטן, אַז דעם היסטאָריקערס אָרט איז — אין דעם עלצטן צענטער פון יידישער קולטור, אין ווילנע. ער אַליין האָט זיך געוואַקלט. „איך וואַנדער ליבערשט אין צייט, איידער אין רוים", פלעגט ער ענטפערן זיינע קאָרעס־פּאָנדענטן.

דער ערשטער באַנד „דאָס בוך פון לעבן" איז דערשינען אין יוני. דער אויפשריפט אויפן פאָרערבלאַט איז געווען: „אידען, מיין לעבנס־באַ־

גלייטערין במשך פון א האלבן יאָרהונדערט — לזכרון". דער שרייבער האָט געפילט, אַז די אמתע מצבה פאַר זיין חברטע איז נישט דער גראָער שטיין אויפן וויסטן בית־עולם, נאָר דאָס בוך ווו זי לעבט שטענדיק, כאָטש איר נאָמען ווערט דערמאָנט נאָר אויף עטלעכע זייטלעך...

אין יולי איז ש. דובנאָוו אַרויסגעפאָרן קיין דרוסקעניק, אַ קוראָרט אויף דער גרענעץ צווישן פוילן און ליטע. דאָרט האָט אויך פאַרבראַכט דעם זומער דער טאָכטערס משפּחה. שטיל זענען געפלאָסן דורכזיכטיקע טעג, אָנגעזאַפּטע מיטן אַראָמאַט פון אָנגעהיצטע נאָדל־בלעטער; ס'איז געווען גוט צו קוקן פון דעם משופּעדיקן ברעג אויפן האַסטיקן שטראָם פון ניעמאַן, אויף די גרינע לאַנקעס פון יענער זייט טייך, און צו הערן די טרעלן פון די פּאַסטוך־פּייפלעך, וואָס האָבן זיך ווי אַ קליין ריטשקעלע אַריינגע־גאָסן אין דעם בין־השמשות. דער היסטאָריקער האָט זיך געפרייט מיט זיין משפּחה. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט די אייניקלעך, וואָס האָבן פאַרבראַכט זייערע קינדער־יאָרן אין זיין הויז, מיט זיין איידעם, הענריק ערליך, איז ער געווען שטאַרק באַפריינדעט. נישט געקוקט אויף דער פאַרשידנקייט פון זייערע איבערצייגונגען, האָבן זיי געהאַט אַ סך געמיינזאַמעס צווישן זיך — סטאַישן אידעאַליזם, גראָדליניקייט און רואיקן מוט. אין וויכוחים פלעגן זיי זעלטן איבערטרעטן יענע גרענעץ, ווו עס הייבט זיך אָן פערזענלעכע צערייצטקייט.

דער וועג צוריק האָט געפירט דורך ווילנע. מיט אַ ציטער אין האַרצן האָט ש. דובנאָוו געשפּאַנט איבער די שמאָלע טראָטואַרן פון די באַקאַנטע, אויסטערליש־פאַרדרייטע געסלעך: דער גורל האָט אים ווידער געבראַכט אין דער אַלטער שטאָט, וואָס נישט די אָרעמקייט און נישט דער גראָשענדיקער גאַסן־האַנדל האָבן געקענט צעשטערן איר חן. ווי אין די אַלטע צייטן האָט זיך דאָ געפילט אַ געשפּאַנט אינערלעך לעבן, אָבער דער אינהאַלט איז גע־וואָרן אַן אַנדערער. דאָס אָרט פון די אַבסטראַקטע וויכוחים איבער נאַציאָ־נאַלער קולטור האָט פאַרנומען די לעבעדיקע קולטור־אַרבעט. די וואָך, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ירושלים דליטאָ, איז געווען אויסגעפילט מיט באַ־זוכן די שולן, מיט באַראַטונגען אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און שמועסן מיט אַלטע און נייע באַקאַנטע. מיט גרויס אינטערעס האָט דער היסטאָריקער זיך צוגעקוקט צו די נייע מענטשן — לערער, דאָקטוירים, זשורנאַליסטן, אַספּיראַנטן פון ייוואָ, געזעלשאַפטלעכע טוער; אַלע האָבן זיי פאַרמאָגט איין געמיינזאַמען שטריך — אָרגאַנישע פאַרבינדונג מיט די פאָלקסמאַסן. די וויכוחים מיט די אַסימילאַטאָרן, אין וועלכע דער מחבר פון די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" האָט אַזוי פיל פייער אַריינגע־לייגט, האָבן כמעט אינגאַנצן אויפגעהערט. דאָס וואָרט „זשאַרגאָן" איז גע־

וואָרן אַ פאַרדריסלעכער אַנאַכראָניזם. אומעטום האָט געקלונגען דער קלאַ־רער זינגעוודיקער ווילנער יידיש, די שפּראַך פון שטוב, פון דער שול, פון וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן און פון קינדער־שפּיל.

ווען דער שרייבער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געפּרוווט אונטערפירן אַ סך־הכל פון זיינע איינדרוקן. „פון מיין נסיעה קיין פּוילן בין איך בכלל צופרידן — שרייבט ער צו י. לעשטשינסקין — ...צוגעקוקט זיך צו אַ וועלט, מיט וועלכער איך האָב זיך צעשיידט מיט 28 יאָר צוריק... צרות און זאָרגן גענוג, אָבער אויך אַקטיוויטעט, גרייטקייט צום קאַמף, אַפילו מסירת־נפש (ווי אין דעם שול־בוי). אין ווילנע האָב איך באַזוכט כמעט אַלע שולן פון אַלע ריכטונגען און האָב געזען, ווי ביי דער שרעקלעכער אָרעמקייט שלעפּט מען אַרויס פון בלאָטע קינדערלעך און מען מאַכט זיי פאַר מענטשן. דער ייוואָ איז אויך אַ קולטור־אינדזל אין אַ ים פון צרות".

ביי דער אוממיטלבאַרער באַרירונג מיטן קאָלעקטיוו פון וויסנשאַפט־לעכע טוער־ענטוזיאַסטן האָט דער היסטאָריקער נאָך שטאַרקער דערפילט, ווי ענג ער איז מיט זיי פאַרבונדן. די צוקונפט פון ייוואָ ווערט איצט איינע פון זיינע שטענדיקע זאָרגן. ער טרוימט וועגן דעם, אַז די דאָזיקע יידישע אַקאַדעמיע זאָל ווערן דער וויכטיקסטער קולטור־צענטער אין גלות. אין די בריוו צו זיינע פריינד בויט ש. דובנאָוו פּלענער וועגן גרינדן אַ רייע נייע פאָרשונגס־סעמינאַרן. ער דריקט אויס זיין גרייטקייט צו פאָרן יעדעס יאָר אויף צוויי חדשים קיין ווילנע, כדי אָנצופירן מיטן היסטאָרישן קרייז. ער קען אָבער נישט באַשליסן ענדגילטיק זיך צו באַזעצן אין פּוילן: עס שרעקט אים די אַטמאָספער פון די פאַרשאַרפטע פּאַרטייאישע קאַמפן. „דאָס וואָלט געענדערט — שרייבט ער דעם 26־טן סעפּטעמבער — דעם גאַנצן פּלאַן פון מיינע לעצטע לעבנסיאָרן, וואָס איך וויל אָפּגעבן פאַר אַ רואיקן חשבון־הנפש". ער איז איבערצייגט, אַז לעבנדיק אָפּגעזונדערט אין וואַלד, וועט ער אַמבעסטן קענען פאַרענדיקן זיין לעבנס־אויפגאַבע.

לעבן אינגאַנצן אָפּגעזונדערט האָט אָבער ש. דובנאָוו נישט געקענט. צו שטאַרק האָט עס אים געצויגן צו מענטשן, צו דער געזעלשאַפטלעכקייט. די בית־עולם־שטילקייט פון פאַשיסטישן לעטלאַנד, וואָס איז געווען אַזאַ בולטער קאָנטראַסט צו דער קאָכיקער ווילנע, האָט אים געשטיקט. אין משך פון די פּאָר חדשים זענען פאַרניכטעט געוואָרן די לעצטע רעשטלעך פון דעמאָקראַטיע. די אָפּאָזיציע איז אַוועק אין אונטערערד אָדער אויף עמי־גראַציע. די יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס זענען געווען ליקווידירט; מען האָט בלויז טאָלערירט די קאָנסערוואַטיווע אגודה. אין די בריוו פון יענער צייט האָט ש. דובנאָוו זיך ביטער באַקלאָגט אויף דער פאַרניכטונג פון דער פרייע:

פרעסע און ער האָט געבעטן זיינע פריינד אין אַנדערע לענדער צו פּראָטעסטירן קעגן די פאַרברעכנס פון דעם פאַשיסטישן רעזשים אין לעטלאַנד.

שפּאַצירנדיק איבער די וואַלד־סטעזשקעס, באַדעקטע מיט שורשענדיקע בלעטער, האָט דער היסטאָריקער זיך באַמיט צו טרייסטן מיטן געדאַנק, אַז דיקטאַטורן זענען נישט אייביק... וואַנדערנדיקע פייגל־מחנות האָבן זיך אַריינגעשניטן אין צפונדיקן הימל ווי שוואַרצע קלינעס. זיי האָבן דערמאָנט ש. דובנאָוון וועגן זיין ביטערער היימלאָזיקייט. מיט אַ פּיינלעך געפיל האָט ער געטראַכט וועגן די געפאַרן, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג גרייט פאַר זיינע נאָענטע מענשטן, פאַרן פאָלק, פאַר דער וועלט. דייטשלאַנד איז געוואָרן אַרומגעכאַפּט מיט אַ ראַסיסטישן שגעון, איבער די באַלטישע לענדער האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ שוואַרצער שאָטן... פאַרזונקען אין שווערע רעיונות פלעגט ער זיך אומקערן אַהיים מיט דער ברייטער וואַלד־אַלייע, וואָס די שכנים האָבן גערופן „דובנאָווס אַלייע”. אין די גרויסע צימערן האָט געהערשט אַ געדיכטע שטילקייט, ממש אַנצוטאַפּן מיט דער האַנט. ש. דובנאָוו פלעגט זיך זעצן צום שרייבטיש און אַרויסנעמען פון שופלאָד דעם טאָגבוך און די פאַרגעלטע בלעטלעך פון אַלטע בריוו — מאַטעריאַלן פאַרן צווייטן באַנד מעמואַרן. עס האָבן אויפגעלעבט ווייט־פאַרגאַנגענע יאָרן, באַראַטונגען, וויכוחים, אויפרעגונגען... דער געוויכער פון די געשעענישן האָט אַוועקגעבלאָזן אַ סך האָפנונגען, אָבער דער גרייזגרויער מאַן מיט די יונגע פינקלדיקע אויגן האָט זיך נישט אונטערגעגעבן — ער האָט פעסט געגלויבט אין ענדגילטיקן זיג פון מענטשלעכקייט. ער האָט זיך עקשנותדיק אָפּגעזאָגט צו קאַפּיטולירן אויך אויפן פּערזענלעכן פראָנט, — אין דעם שווערן קאַמף מיט די צוויי שונאים — עלטער און איינזאַמקייט. זיין מעכטיקער פאַרבינדעטער איז געווען די געשיכטע.

## קאַפּיטל איינאונדרייסיק

# דער זיג איבער דער איינזאַמקייט

אין איינעם פון די בריוו, וואָס זענען געווען געשריבן אינמיטן פון די דרייסיקער יאָרן, האָט ש. דובנאָוו אַזוי כאַראַקטעריזירט זיין דעמאָלדיקן צושטאַנד: „דאָ ביי אונדז איז אומעטיק: אַרום און אַרום טויט, פאַרשלאָפן. איך פיל דעם אומעט גראָד, ווען איך בין צופעליק צווישן אָט די טויטע מענטשן. אין מיין איינזאַמקייט, פאַרקערט, בין איך נישט אַליין: איך לעב מיט דער גאַנצער וועלט."

ווען די פריינד אין בערלין פלעגן אַמאָל פאַרבעטן ש. דובנאָוון אין קינאָ, פלעגט ער זיך שטענדיק אָפּזאָגן. „צו וואָס דאַרף איך די פאַרשטעלונגען — פלעגט ער זאָגן — אַז פאַר מיינע אויגן גייט טאָג־טעגלעך פאַרביי אויף אַ ריזיקן עקראַן דער פילם פון דער יידישער געשיכטע?". דער אַרבעטס־קאַבינעט פון היסטאָריקער איז פול געווען מיט לעבעדיקע בילדער. זיין קאָנטאַקט מיטן עבר האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט. ער האָט נאָר מורא געהאַט, אַז אויסערלעכע פיינטלעכע כוחות זאָלן נישט צעשטערן דעם דאָזיקן בונד. אַרבעטנדיק איבער דעם צווייטן באַנד פון זיינע מעמואַרן, שרייבט ער צו די טשעריקאָווערס: „איך קען נישט זאָגן, אַז ביי דער געשעפעניש לאַגע וועל איך אַפילו דאָ אין וואַלד, קענען רואיק אַרבעטן. איר ווייסט דאָך, אַז מיך אינטערעסירט שטענדיק אַלץ וואָס אַרום מיר טוט זיך. און אַז אָפּט נאָגט מיך דער פובליציסטישער וואָרעם".

די געדאַנקען, אויפגעקומענע פון די ביטערע איבערלעבונגען פאַר די לעצטע יאָרן, האָבן זיך עקשנותדיק געבעטן אויפן פאַפּיר. האָט ש. דובנאָוו אינמיטן דער אַרבעט איבער די מעמואַרן אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן דער טראַגעדיע פון דעם מאָדערנעם יידנטום. דאָס אַרטיקל האָט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַן אויפרוף, און דער מחבר האָט פאָרגעלייגט זיינע פריינד אין פאַריז, זיי זאָלן עס איבערזעצן אויף פראַנצויזיש און ענגליש און

פאַרשפּרייטן צווישן ברייטע קרייזן.*) דער הויפּט־געדאַנק פון אַרטיקל איז געווען, אַז ס'איז נויטיק צונויפצורופן אַן אַלוועלטלעכן יידישן קאָנגרעס, וואָס זאָל ווערן אויסגעוויילט אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן. „פאַר די לעצטע 150 יאָר — שרייבט דער היסטאָריקער — האָבן מיר נאָך נישט געהאַט אַזאַ מאָמענט, ווען דאָס „הויז פון ישראל" זאָל ברענען פון אַלע זייטן... פון היטלעריסטישן דייטשלאַנד גייט אַ נייע סאָציאַלע עפּידעמיע... אָפּ אָדער באַהאַלטן אין די רעאַקציאָנערע קרייזן פון פּוילן, אין די באַלטישע לענדער, אין רומעניע און אונגאַרן, אין עסטרייך... עס וואַקסט אַ דור מיט פאַרווילדעוועטע אידייען און זיטן, וואָס וועט באַזאָרגן מיט צרות גאַנצע דורות פון יידישן פאָלק". די היטלעריסטישע פּרעסע האָט באַמערקט דאָס אַרטיקל. דער „פעלקישער באָאָבאַכטער" ציטירנדיק די ווערטער „דאָס הויז פון ישראל ברענט", באַמערקט מיט טריומף: „דאָס האָבן מיר טאַקע געוואָלט".

צוויי שווערע טרויעריקע ידיעות האָבן ש. דובנאָוון געהאַט אָפּגעריסן פון זיין אַרבעט אין יענער צייט. זומער 1934 איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן טויט פון ח. נ. ביאַליק אין תּל־אביב און אין אַ האַלב יאָר אַרום איז אין ווילנע געשטאָרבן ד"ר צמח שאַבאַד. ביאַליקס טויט האָט ביים היסטאָריקער אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון זכרונות פון דעם אָדעסער פּעריאָד. וועגן דאָרטיקן ליטעראַרישן קרייז; ער האָט זיך דערמאָנט ווי ער און ביאַליק פלעגן אָפּט שפּאַצירן ביים ים־ברעג. אין מוח זענען אויפגעשוווּמען אָפּגעריסענע פּערזן, וואָס אַמאָל זענען זיי געווען ווי אַן אַקאָמפּאַנימענט צו דער אַרבעט; אָפט, שפּאַנענדיק איבערן קאַבינעט און טראַכטנדיק וועגן נאָענטסטן קאַפּיטל פון זיין ווערק, פלעגט ער דעקלאַמירן אויסצוגן פון „די גריל", אָדער פון זיין באַליבט ליד „ס'האָט אַ שמעק געטאָן אַ נייער ווינט, און די ווייטן האָבן זיך צעעפנט — די הימלישע הויכן זענען געוואָרן טיפער און דורכזיכטיקער — פון די בערג האָט אַריינגעשיינט דער פרילינג אין טאָל..." פאַר דער לעצטער צייט האָט זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט ביאַליקן — דעם דירעקטאָר פון פאַרלאַג „דביר" — מער געטראָגן אַ געשעפטלעכן כאַראַקטער. אין זיכרון איז אָבער פאַרבליבן די געשטאַלט פון יונגן לירישן פּאָעט.

שאַבאַדס טויט האָט ש. דובנאָוו אָפּגעפילט ווי אַ פּאַרלוסט פון אַ מיטקעמפער, וואָס איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק האָבן זיי ביידע פאַרבראַכט אין לאַנגע שמועסן אין בנין פון

*) צוגאָב פון מחבר צו דער יידישער איבערזעצונג: פון די ווערטער „דער הויפּט־געדאַנק" ביז „פון יידישן פאָלק".

ייוואָ אין ווילנע, אין דער געמיטלעכער צווישטאָקיקער געביידע אויף דער שטילער, מיט גרינס־באַוואַקסענער גאַס. ד"ר שאבאד האָט געפירט דעם פאָרזיץ אויף יענער זיצונג, אויף וועלכער ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן זיין רעפעראַט וועגן די אויפגאַבן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. ס'איז שווער געווען זיך פאָרצושטעלן ווילנע אָן אָט דעם אומדערמידלעכן, פלאַמיקן אידעאַליסטישן טוער.

*) די יידישע ריגע איז דערווייל געוואָרן אַלץ לייִדיקער. עס זענען זיך צעפאָרן אין פאַרשידענע מקומות געזעלשאַפטלעכע טוער, לערער, זשורנאַליסטן. ווען ב. וו. לאַצקי־בערטאָלדי האָט באַשלאָסן אַרויסצופאָרן קיין ישראל האָט ער זיך געוועגדעט מיט אַ בריוו צו ש. דובנאָוון, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר זיין לערער, וועגן אַ מיינונג בנוגע דעם באַשלוס. דער היסטאָריקער האָט אים געענטפערט אין אַן אויספירלעכן בריוו, דאַטירט אין נאָוועמבער 1934. „אַז איר פרעגט מיר — שרייבט ער — ווי ביי אַן אַלטן חבר פון דער „פאָלקספאַרטיי", צי איז דאָס נישט „שלילת־הגלות", ווען אין אונדזערע אייגענע רייען וואַקסט אַ באַוועגונג צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, מוז איך אייך ענטפערן: יאָ, ס'איז טאַקע אַ מין יאוש פון גלות, אַ ווילן צו פאַרלאָזן אונדזער אומגליקלעכע גרויסע משפחה אין גלות כדי צו ראַטעווען זיך ביי איר קליינינקן טייל אין ארץ־ישראל. מיינע פריינד אין א"י לאָזן מיך נישט צורו און פאָדערן איך זאָל קומען... אָבער איך ענטפער זיי: אַלס „מחייב הגלות" קען איך נישט מיטהעלפן דער „התרוקנות־הגלות" — אויסליידיקן דעם גלות פון זיינע גייסטיקע כוחות. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן אין די 15 מיליאָן יידן צוליב דעם איינציקן מיליאָן... אינטעליגענץ האָבן מיר דאָרט איבערגענוג... אמת, דאָ וועלן זיי זיין אויף צרות,... אָבער זייער גייסטיקע ענערגיע וועט דאָך ווירקן אין פאָלק. אַרויסציען פון גלות די דאָזיקע ענערגיע איז אַ גרויסע עבירה. נישט לאַנג האָב איך געשריבן צו אַן אַלטן פריינד אין ירושלים, אַז איך ווינטש אַלדאָס גוטס אונדזער שבט יהודה אין א"י, אָבער איך וויל נישט, אַז די עשרת־השבטים אין גלות זאָלן פאַרפאַלן ווערן, אַז דאָס יידישע וועלט־פאָלק זאָל אויפהערן צו עקזיסטירן... דאָס איז דער עיקר־העיקרים פון אונדזער „פאָלקס־פאַרטיי", און מיר טאָרן זיך נישט פאַרזינדיקן קעגן אָט דעם גרונט־דאָגמאַט. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער יחיד קען און אָפטמאָל מוז זיך עם דערלויבן, אָבער אַלס באַוועגונג איז דאָס אין אונדזערע רייען נישט דערלאָזבאַר".

*) צוגאָב פון מחבר צו דער יידישער איבערזעצונג — פון די ווערטער „די יידישע ריגע" ביז „נישט דערלאָזבאַר".

אין נאָוועמבער 1934 איז אין זשורנאַל „דאָס פרייע וואָרט" (לאָנ־דאָן) פאַרעפנטלעכט געוואָרן דאָס ערשטע אַרטיקל פון דעם שווין פון לאַנג־פאַרטראַכטן ציקל „וווהין גייען מיר?". עס האָט געהייסן „וועט דאָס 20־טע יאָרהונדערט זיין אַ קעגנזאַץ צום 19־טן?". מיט פאַרביטערונג קאָנס־טאַטירט דאָרט דער מחבר, אַז דאָס נייע יאָרהונדערט פּרוווט צו צעשטערן אַלץ, וואָס דער אוואַנגאַרד פון דער מענטשהייט האָט דערגרייכט במשך פון 125 יאָר. אין 19־טן יאָרהונדערט האָבן אפילו רעאַקציאָנערע רעגירונגען נישט געוואָגט צו ליקווידירן אַלע בירגערלעכע פרייהייטן. אין צוואַנציקסטן י"ה זענען אין אַ רייע לענדער אויפגעקומען דיקטאַטאָרישע רעזשימען, וואָס אַטראַפירן אפילו די באַדערפעניש פאַר פרייהייט. די שאַרפסטע פאָרעם פון דיקטאַטור איז דער היטלעריזם, וואָס האָט אָפן פראָקלאַמירט, אַז די „דייטשע רעוואָלוציע" איז באַרופן צו ליקווידירן די ירושה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אַ גרויסער טייל פון אייראָפּע לעבט היינט אונטערן צייכן פון אַנטי־דעמאָקראַטיזם און אַנטי־הומאַניזם. דער בעסטער באַראָמעטער פון דער עטישער קולטור פון דער וועלט — די געשיכטע פון יידישן פאָלק — זאָגט עדות וועגן דעם, אַז דער מאָראַלישער ניוואָ פון 20־טן י"ה איז נידעריקער ווי אין דער צייט פון דער אינקוויזיציע. דער שרייבער פרעגט מיט אומרו: „זענען דאָס נישט אַלץ סימנים פון אַ פּסיכישער און עטישער ירידה, פון אַ פאַרווילדערונג נאָך דער שרעקלעכער וועלט־מלחמה? איז דאָס נאָר אַן איבערגאַנגס־דערשיינונג אָדער אַן אָנהייב פון אַ נייער תקופה, פון אַ נייעם מיטלאַלטער, וואָס רוקט זיך אָן אויף אונדז? וווהין גייען מיר?".

אין עטלעכע חדשים אַרום האָט די ניו־יאָרקער „צוקונפט" איבערגע־דרוקט דאָס אַרטיקל און צוגעגעבן נאָך צוויי קאַפּיטלען פון דעם זעלבן ציקל: „בעסטיאַליטעט קעגן הומאַניזם" און „די עטישע קריטעריע". דער טראַגיזם פון דער היינטיקער צייט — האַלט ש. דובנאָוו — באַשטייט אין דעם, וואָס מיר לעבן איבער אַ קריזיס פון דער סאָציאַלער עטיק. דעם שווערסטן קלאַפּ האָט די מענטשלעכע מאָראַל געקריגן פון דעם ראַסיזם, וואָס האָט אַראָפּגענידערט דעם מענטש צו דער מדרגה פון אַ חיה (בלוט ראַסע). ראַסיזם דאָס איז אַ דעגענערירטער נאַציאָנאַליזם, וואָס איז טיפּיש פאַרן 20־טן יאָרהונדערט. אַ סך אונטערדריקטע פעלקער, וואָס האָבן אין פריקן יאָרהונדערט געקעמפט פאַר אומאָפּהענגיקייט, זענען איצט אַליין געוואָרן אונטערדריקער פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין זייערע לענדער. אַ סימפּטאָם פון דעם עטישן קריזיס איז אויך די ירידה פון פאַציפיזם. דער איטאַליענישער פאַשיזם און דער היטלעריזם האָבן געשאַפן אַ קולט פאַר מיליטערישער קראַפט; די סאָוויעטישע פּראָפּאַגאַנדע רופט נישט איבער־

צושמידן די שווערדן אויף אַקער־אייזנס, נאָר הייסט אויסדרייען די ביקסן קעגן קלאַסן־שונא. דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם וואַרפט אָפּ יעדער מאָראַל אין דער טעאָריע און אין דער פּראַקטיק; לענינס יורשים זענען איבערצייגט, אַז מען קען פאַרווירקלעכן אידעאַלע צילן מיט אַמאָראַלישע מעטאָדן. אָבער דער מענטש איז גיכער אַן עטישע באַשעפעניש, איידער אַ פּאָליטישע. די אַמאָראַלישקייט דראָט אומצוקערן די מענטשהייט צו די צייטן פון באַר־באַריזם. קעגן דעם מוז מען קעמפן; עס איז אומבאַדינגט נייטיק צו שאַפן אַ גאַנצע נעץ פון „געזעלשאַפטן פאַר עטישער קולטור". די איניציאַטיוו דאַרפן נעמען אויף זיך די, וואָס האָבן דערויף אַ היסטאָרישע פּריאָריטעט — די יורשים פון די נביאים, וואָס האָבן מיט 25 יאָרהונדערטער צוריק פּראָקלאַמירט אידעען פון הומאַניזם און פּאַציפיזם. דער אָרגאַניזירטער בעסטיאַליטעט מוז אַנטקעגן געשטעלט ווערן אַן אָרגאַניזירטער הומאַניזם.

די דאָזיקע שורות, אָנגעפּילטע מיט ביטערניש און אומרו, האָט ש. דובנאָוו געשריבן אין דער אַטמאָספער פון דער ווינטערדיקער אידיליע. „מיין וואַלד־פּאַרק האָט זיך שוין אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער און איז שיין ביז גאָר — שרייבט ער צו ד. טשאַרני, — אין מיין גלעזערנער ווילע איז שטיל, רואיק, און נאָר אין געוויסע טעג קומט מען אַ קוק טאָן, ווי לעבט דאָס אַ מענטש, אַ נזיר, צווישן סאָסנעס און פאַרשלאָפענע הייזער". דער שרייבער האָט דאַן געהאַלטן אין פאַרענדיקן דעם צווייטן באַנד זכרונות און האָט שוין אויסגעקוקט אויף די פרישע קאָרעקטורן. ער האָט ליב געהאַט צו פילן די המשכדיקייט פון דער אַרבעט און צו זען, ווי עס פאַרשמעלצן זיך די רינגען פון גרויסן פּלאַן. אין די קורצע פּעריאָדן פון געצוווּנגענעם אָדער פרייוויליקן אָפּרו פּלעגט ער אָפט דערפילן אַ פיזישע מידקייט און שוואַכקייט. „אָן אַרבעט בין איך שטענדיק קראַנק" — האָט ער אין אַזעלכע מינוטן זיך געקלאָגט פאַרן פריינד. דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז דאָס בעסטע מיטל אויפצוהיטן דאָס גייסטיקע און פיזישע געזונט איז — פאַרייניקן די אַרבעט מיט לאַנגע שפּאַצירן.

פרילינג 1935 האָט ש. דובנאָוו גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון אַ גרופּע אינטעליגענץ צו האַלטן אין יידישן קלוב אַ רעפעראַט וועגן רמב"ם צו זיין 800־טן יאָרצייט. ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש אַרויס־זאָגן די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן במשך חדשים פון שווייגן. דער רעפעראַט האָט געטראָגן אַ היסטאָרישן כאַראַקטער; די מסכנות האָבן אָבער געהאַט אַ שייכות צו דער היינטיקער צייט. דער רעפערענט האָט מיט באַגייסטערונג געשילדערט די געשטאַלט פון דעם יידישן ענציקלאָפּעדיסט, וואָס האָט געלעבט אין דער אַטמאָספער פון דריי קולטורן — יידישער, קריסטלעכער און מוסולמענישער. דער באַרימטער קאָדיפיקאַטאָר, וואָס האָט

סיסטעמאַטיזירט די רעליגיעזע שריפטן, האָט פּליסיק שטודירט עקזאַקטע וויסנשאַפטן און האָט זיך געהאַלטן פאַר אַריסטאָטעלעס' אַ תלמיד. פון אים האָבן זיך געצויגן פעדים צו שפּינאָזאַן, מענדעלסאָנען און צו די ראַציאָ־נאַליסטן פון 19־טן יאָרהונדערט. ש. דובנאָוו האָט געהאַלטן, אַז עס איז וויכטיק צו דערמאָנען דעם דאָזיקן פּראָגרעסיוון דענקער פון מיטלאַלטער. „גראָד אין אונדזער צייט, ווען אַ נייער פינצטערער מיטלאַלטער רוקט זיך אָן אויף דער אייראָפּעאישער וועלט, גראָד איצט, ווען אין אַ גרויס אייראָ־פּעאיש לאַנד הערשט אַ ראַסיסטישע טעאָריע, וואָס טיילט די מענטשן, אַזוי ווי פערד, אויף בלוט־ראַסעס, און שטעלט אַוועק דאָס עלצטע קולטור־פאָלק אויף דער מדרגה פון אַ נידעריקער ראַסע, איז כּדאַי צו דערמאָנען, אַז נאָך מיט 800 יאָר צוריק האָט געלעבט אַ מענטש פון אָט דעם פאָלק, וואָס האָט געטיילט... מענטשן... נאָר לויט גייסטיקע קאַטעגאָריעס". ש. דובנאָוו האָט זיין רעפעראַט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „קעגן דעם דאָ־זיקן בעסטיאַליזם אָדער אַנטיהומאַניזם, וואָס פאַרשפּרייט זיך איצטער אויף דער וועלט ווי אַ מגפה, זענען מיר גענוג אימוניזירט. מיר, אייניקלעך פון די נביאי האמת והצדק, וואָס האָבן כמעט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק גע־שאַפן די אידעאַלן פון הומאַניזם און גערעכטיקייט; אייניקלעך פון אַזעלכע דענקער, ווי דער רמב"ם, וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז מיר זענען דורכ־געגאַנגען דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט ווי אַ פאָלק פון גייסט, מיט דער קראַפט פון גייסט. און ווען די נייע געצנדינער פון וואָטאַן, די פאַרערער פון ווילדער פויסט־קראַפט, ווילן אונדז פאַרטיליקן, וועלן מיר זיי דערמאָנען, אַז מיר זענען אַמאָל בייגעשטאַנען אַ פּיל פיינערע געצנ־דינעריי פון זעאוס און אַפּאָלאָן און די אייזערנע פויסט פון אַלטן רוים — און האָבן זיי אַלעמען איבערגעלעבט".

דעם גאַנצן פרילינג האָט דער שרייבער פאַרבראַכט איבער די קאָרעקט־טורן פון צווייטן באַנד „דאָס בוך פון לעבן". *) ער האָט געאַרבעט מיט גרויס באַגייסטערונג. דער ערשטער באַנד מעמואַרן האָט אַרויסגערופן אַ ברייטן אָפּקלאַנג: ש. דובנאָוו שרייבט וועגן דעם צו די טשעריקאָווערס: „איך באַקום בריוו פון וועלכע עס שטעלן זיך טרערן אין די אויגן... אַפילו אין רוסלאַנד, ווו עס זענען אַריינגעקומען נאָר 3־4 עקזעמפּלאַרן פון 1־טן באַנד, ווערן געבילדעט, ווי מען שרייבט מיר, „אָטשערעדן" אויף לייענען יעדן עקזעמפּלאַר"...

נאָך דעם ווי ס'איז דערשינען דער צווייטער באַנד, האָט ער זיך פאַר־

*) הוספה פון מחבר צו דער יידישער איבערזעצונג: פון די ווערטער „ער האָט געאַרבעט", ביז „יעדן עקזעמפּלאַר".

טיפט אין דעם טעקסט פון דער פאַרקירצטער „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק", וואָס עס האָט צוזאַמענגעשטעלט א. שטיינבערג. מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דער איבערזעצער פון דעם צענבענדיקן ווערק האָט באַוויזן ביים פאַרקירצן די „געשיכטע" אָפּצוהיטן איר סטיל און איינצוהאַלטן אַלץ, וואָס איז געווען ממשותדיק. אין אויגוסט איז ש. דובנאָוו אַרויסגעפאָרן קיין ווילנע אויפן צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין שייכות מיטן צען־יאָריקן יובל פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

אין ווילנע איז ער באַלד אַריין אין דער געהויבענער אַטמאָספער פון דעם גרויסן קולטור־יום־טוב. דער צוזאַמענפאָר איז געווען אַן אמתע מאָביליזאַציע פון די וויסנשאַפטלעכע, ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע כוחות פון יידנטום. ער איז פאָרגעקומען ביי אייגנאַרטיקע באַדינגונגען. אויפן אייראָפּעישן האָריזאָנט האָט זיך אַלץ מער אויסגעשפּרייט דער בייזער שאָטן פון היטלעריזם, אָבער גלייכצייטיק מיט דער זאָרג פון די באַדראָטע קולטור־ווערטן איז געוואַקסן די אַנטשלאָסנקייט זיי צו פאַרטיידיקן מיט אַלע כוחות. ש. דובנאָווס רעדע אויף דער דערעפענונג פון צוזאַמענפאָר איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער דאָזיקער אַנטשלאָסנקייט. ער האָט דערפילט, אַז דורך אים רעדט די אָנדערטהאַלבן־טויזנט־יעריקע אוידיטאָריע. באַלד אין אָנהייב האָט ער געשטעלט די פראַגע: צי איז עס נישט אויסטערליש צו אָרגאַניזירן אַ יידישע וויסנשאַפטלעכע קאָנפערענץ אין אַ צייט, ווען אין איינעם פון די גרעסטע אייראָפּעישע לענדער דראָט יידן אַ טויט־געפאַר און דער נאַצי־גיפט פאַרסמט די לופט פון אייראָפּע? צי קען מען שאַפן קולטור־ווערטן בעת אַ מאָראַלישער ערדציטערניש? נישט נאָר מען קען נאָר מען מוז — האָט דערקלערט דער רעפערענט מיט אַ פעסטער איבערצייגונג. פונקט ווי אַ פיזישע ערדציטערניש שאַפט נישט אָפּ די געזעצן פון דער נאַטור, אַזוי צעשטערט אויך נישט דער מאָראַלישער קריזיס די געזעצן פון דער געשיכטע. מיט אַ באַזונדער עקשנות דאַרף מען קולטיווירן אמתע וויסנשאַפט אין אַ צייט, ווען די וויסנשאַפט ווערט געפּלעשט אויפן באַפעל פון דער דיקטאַטור. דאָס יידישע פאָלק איז געוווינט צו שאַפן זיין קולטור נישט געקוקט אויף אויסערלעכע מניעות. איצט בוים זיך די דאָזיקע קולטור אויף צוויי וועגן: עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס גלייכצייטיק ווערן געפייערט צוויי קולטור־ימים־טובים — 10 יאָר ייוואָ און 10 יאָר ירושלימער אוניווערסיטעט. עס איז דער געבאָט פון דער עפּאָכע, אַז די דאָזיקע צוויי אַקאַדעמיעס זאָלן אַרבעטן צוזאַמען; דער קולטורעלער און שפּראַכלעכער דואַליזם איז נישט קיין נייע דערשיינונג אין דער יידישער געשיכטע; ער איז אויפגעקומען נאָך אין די צייטן פון מלכות יהודה און־

טערן רוימישן פּראָטעקטאָראַט, ווען צוגלייך מיט ירושלים זענען אויך בבל און אַלעקסאַנדריע געווען וויכטיקע קולטור־צענטערן. פון דעם תּלמוד־בבלי האָבן די שפּעטערדיקע דורות געהאַלטן נישט ווייניקער ווי פון תּלמוד־ירושלמי; די אַראַמעישע שפּראַך איז געווען אַ ליטעראַטור־אינסטרומענט צוגלייך מיט דער העברעישער. אין אונדזער צייט דערגאַנצן די ביידע אַקאַדעמיעס איינע די אַנדערע: דער פּאַלעסטינער אוניווערסיטעט קאָנצענטרירט זיין אויפמערקזאַמקייט קודם־כל אויף אויספאָרשן דעם ווייטן עבר; דער ווילנער אינסטיטוט פאַרנעמט זיך מיט פּראָבלעמען פון דער היינטיקער צייט און מיט צוגרייטן קאַדרען פון קולטור־טוער.

אויפן ערשטן וויסנשאַפטלעכן פּלענום פון צוזאַמענפאָר האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן אַ רעפעראַט א. ד. ט. „דער איצטיקער מצב פון דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע". אין אַ קאָנדענסירטער פאָרם האָט ער אויפגעוויזן, ווי אַזוי מיטן לויף פון דער צייט האָט זיך געביטן נישט נאָר די פאָרם פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, נאָר אויך דער אינהאַלט. אין דער ערשטער פאַזע, דער טעאָלאָגישער, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ ריי יאָרהונדערטער, איז וויסנשאַפטלעכע אַרבעט באַשטאַנען בלויז אין קאָמענטירן, און דאָס האָט אויסגעשלאָסן יעדן קריטישן צוגאַנג. די צווייטע פאַזע — די ספּיריטואַליסטישע — האָט געפאָרשט דעם יודאיזם, ווי דעם יסוד פון היסטאָרישן פּראָצעס; די דאָזיקע שיטה האָט געפירט די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אין גייסט פון געמעסיקטן טראַדיציאָנאַליזם. אין דער דריטער פאַזע — דער סאָציאָלאָגישער — ווערט דער אָביעקט פון פאָרשן דאָס לעבן פון פאָלק אין אַלע זיינע אַספּעקטן — אין פּאָליטישן, ווירטשאַפטלעכן, קולטורעלן און עטנאָגראַפישן; דאָ ווערט צום ערשטן מאָל פאַרווירקלעכט דער קריטישער צוגאַנג צו די אַלטע טראַדיציאָנעלע מעטאָדן. די עפּאָכע פון גרעצן (1860-1890), וואָס איז געקומען נאָך דער עפּאָכע פון צונצן (1820-1860), איז דער איבערגאַנג צום סאָציאָלאָגישן מעטאָד, אָבער איר שעפער אַליין האָט אין צענטער פון זיין „געשיכטע פון די יידן" אַוועקגעשטעלט דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער רעליגיעזער ליטעראַטור און האָט נישט געוואַגט זיך אָפּצוזאָגן פון דעם טראַדיציאָנעלן צוגאַנג צום ביבלישן פּעריאָד. מיט דעם דאָזיקן צוגאַנג האָט אָנגעהויבן אַ וויכוח די ביבל־קריטיק. די דערגרייכונגען פון דער ביבל־פאָרשונג צוזאַמען מיט די אַנטדעקונגען פון די אָנגעזעענסטע אָריענטאַליסטן האָבן געעפנט פאַר דער היסטאָרישער וויסנשאַפט אַ וועג צו דער סאַמע פאַרנעפּלטער, לעגענדאַרער תּקופה פון דער יידישער געשיכטע. צוגלייך מיט די וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען פון מערב (סוף 19־טער און אָנהייב 20־טער י"ה) בליט זיך פאַנאַנדער אין מזרח־אייראָפּע דער סאָציאָלאָגישער מעטאָד. דער דאָזיקער מעטאָד באַ־

טראַכט דעם יודאַיזם פאַר א פּראָדוקט פון פאָלק, און נישט ווי דעם קוואַל. זיינע שעפער פאַרשן די יידישע געשיכטע ווי א טייל פון דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אין דער לעצטער צייט האָט זיך צווישן די יונגע היסטאָריקער באַוויזן א טענדענץ צו פאַרוואַנדלען דעם סאָציאָלאָגישן מעטאָד אין א סאָציאַל-עקאָנאָמישן; ביי א טייל פון זיי (שיפּער, קאַראַ) איז דאָס א רעאַקציע קעגן דער טראַדיציאָנאַלער ביטול-באַציונג צו דער עקאָנאָמיק, ביי אַנדערע דרינגט עס אַרויס פון זייער מאַרקסיסטישן צוגאַנג צו געשיכטע. הגם דער רעפערענט האָט דעם מעטאָד פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם געהאַלטן פאַר אַן איינזייטיקן, האָט ער באַצייכנט די מאָנאָגראַפיעס פון די יונגע היסטאָריקער־מאַרקסיסטן (רינגלבלום, פרידמאַן) ווי א גרויסן צושטייער צו דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע.

צום סוף פון זיין רעפעראַט האָט ש. דובנאָוו זיך צוריקגעקערט צו דער טעמע, וואָס ער האָט באַרירט אין דער אריינפיר־רעדע — צום אַנאַליז פון די וויסנטשאַפטלעכע מעטאָדן פון די צוויי יידישע אַקאַדעמיעס — דער ירושלימער און דער ווילנער. פאַרגלייכנדיק דעם אינהאַלט פון די איינציטיק-דערשינענע זשורנאַלן אין ירושלים און ווילנע האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם כאַראַקטעריסטישן אונטערשייד אין דער טעמאַטיק. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די ביידע אויסגאַבעס דערגאַנצן זיך קעגנזייטיק, שאַפנדיק צוזאַמען יידישע וויסנשאַפט. ש. דובנאָוו האָט פאַרענדיקט זיין רעפעראַט מיט די ווערטער: „אמתע געשיכטע-שרייבונג איז אַן אַקט פון „תחית-המתים"; דער היסטאָריקער דאַרף אויפן גרונט פון מאַטעריאַלן מאַכן אויפלעבן די בילדער פון אַלטע צייטן, ווי זיי זענען ווירקלעך געווען, אָבער... נישט שאַפן מאַריאָנעטקעס פאַר דער אָדער יענער אידעאָלאָגיע... די אידעאָלאָגיע דאַרף זיין דער פועל-יוצא... פון דער היסטאָרישער פאָרשונג, אָבער נישט א טעאָריע, וואָס מען מוז דווקא באַווייזן דורך קינסטלעכע היסטאָריאָגראַפישע קאָמבינאַציעס... „וועלט-געשיכטע איז וועלט-געריכט" — זאָגן די אַלטע חכמים... די יידישע וועלט-געשיכטע וועט אויך זיין א וועלט-געריכט איבער אַלע עוולות און רדיפות, וואָס מען טוט אַן דעם געפּלאָגטן פאָלק. אין דעם באַשטאַנד פון דעם דאָזיקן געריכט האָפן מיר צו זען די בעסטע און די הומאַנסטע פאַרטרעטער פון אַלע פעלקער".

נאָך די פּלענאַרע זיצונגען האָבן זיך אָנגעהויבן די זיצונגען פון די פאַרשידענע סעקציעס. ש. דובנאָוו האָט זיך ספּעציעל אינטערעסירט מיט דער אַרבעט פון דער היסטאָרישער סעקציע, וווּ ער איז געווען פאָרזיצער. די רעפעראַטן פון די מיטאַרבעטער האָבן באַשטעטיקט זיין איינדרוק, אַז די יידישע היסטאָריאָגראַפיע האָט אין משך פון די לעצטע יאָרן א שפּרייזגעטאָן ווייט פאָרויס. דער היסטאָריקער איז געווען אין א געהויבענער

שטימונג; ער האָט זיך געפֿרייט מיט דער מעגלעכקייט צו באַגעגענען אויף די זיצונגען און אין די פרייע שעהן מיט אַלטע פריינד פון בערלין, וואָס זענען געקומען צום צוזאַמענפאָר, און מיט די אָרטיקע טוער — ז. קאַלמאַנאָוויטש, מאַקס וויינרייך, זלמן רייזען. ווען ש. דובנאָוו איז מיט זיין טאָכטער און איניקל אַרויסגעפֿאָרן אויף זומער־וווינונג הינטער דער שטאָט, פלעגן זיך די פריינד דאָרט טרעפן און פאַרזעצן די שמועסן בשעת די שפּאַצירן אין וואַלד, אויף די גרינע ברעגעס פון דער ווייליע. שטענדיקע אָנטיילנעמער אין די „וואַלד־אסיפות" זענען אויך געווען די זומער־שכנים מאַרק שאַגאַל און זיין פרוי. דער היסטאָריקער האָט געהערט צו אַ דור, וואָס האָט זיך ווייניק אינטערעסירט מיט פּלאַסטישער קונסט און האָט אין דער מאָלעריי אָנערקענט נאָר דעם פּרימיטיוון דידאַקטישן רעאַליזם. שאַגאַלס וויזיאָנערישע שאַפונג איז פאַר אים געווען אומפאַרשטענדלעך, ער האָט אָבער הויך אָפּגעשאַצט דעם מאַלערס אָרגאַנישע פאָלקסטימלעכקייט.

אין דער לעצטער צייט איז ש. דובנאָוו שוין געווען גענייגט צו באַזעצן זיך אין פּוילן. די ווילנער פריינד האָבן אים דערצו שטאַרק צוגערעדט. אָבער האַרט פאַר זיין אָפּפאָרן פון ווילנע האָט אַ געוויסער עפּיזאָד אַ וואַקל געטאָן זיין באַשלוס צו פאַרלאָזן לעטלאַנד. איין מאָל, ווען ער, זיין טאָכטער און איניקל זענען נאָך אַ שפּאַציר געפאָרן אהיים מיט אַ טייך־דאַמפער, האָבן זיי דאָרט אָנגעטראָפן אַ גרופּע פּויזנער סטודענטן־פּילגרימען צו די ווילנער קאַטוילישע הייליקטימער. די צעיושעטע אַנטיסעמיטן זענען געוואָרן אויפגעבראַכט צוליב דער אָנוועזנהייט פון יידישע פּאַסאַזשירן און האָבן געפאָדערט מען זאָל די יידן באַזייטיקן פון דער שיף. איניקע פון זיי האָבן זיך געוואָרפן צום יונגן ערליך, דראָענדיק אים אַריינצוּוואַרפן אין וואַסער. דער דאַמפער האָט זיך שנעל דערנענטערט צום ברעג, און דער איבערגעשראָקענער קאַפּיטאַן האָט געבעטן די יידן צו פאַרלאָזן דעם דאַמפער. בעת דער ווילדער סצענע האָט ש. דובנאָוו זיך באַמיט צו פאַרבלייבן רואיק, אָבער דאָס האָט אים געקאָסט אַ סך אָנשטרענגונג. דער דאָזיקער עפּיזאָד, וואָס איז געווען ווי אַ לעבעדיקע אילוסטראַציע צו די צייטונגס־ידיעות וועגן וווקס פון אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן, איז אויף לאַנג פאַרבליבן אין זיין זכרון. עס איז שווער געווען צו פאַרגעסן די מיט רציחה־אָנגעגאָסענע אויגן און די ווילדע פּאָגראָם־געשרייען...

איבערגעלאָדן מיט פאַרשידענע איינדרוקן האָט ש. דובנאָוו פאַרלאָזט ירושלים דליטא.

## קאַפּיטל צוויאונדרייסיק

# די אַרבעט גייט ווייטער

איך לעב מיטן אימפּעט פון אַרבעט
(פון אַ בריוו צו אַ פריינד)

עס זענען געשטאַנען קלאָרע האַרבסטיקע טעג, ווען ש. דובנאָוו האָט זיך אומגעקערט אַ היים צו די וואַלד־שטעגעלעך, באַהעלטע מיטן גאָלד פון דער בלייכער זון. ער האָט זיך געפילט גאַנץ מונטער. אין אַ בריוו פון יע־נעם פעריאָד שרייבט ער: „איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז איך בין געבויט פון אַ פעסטן מאַטעריאַל, וואָס ווערט נישט אַלט". אַפילו די גרויסע דאָזעס פון שווידערלעכע צייטונגס־ידיעות, וואָס ער פלעגט יעדן טאָג אַראָפּשלינגען, האָבן נישט צעשטערט זיין גייסטיקע גלייכגעוויכט; ער האָט עס דערקלערט מיט דער היילנדיקער ווירקונג פון דער נאַטור און פון דעם שטרענג־דיסציפּלינירטן אַרט לעבן. אין אַ בריוו צו א. שטיינבערג שרייבט ער: „איך בין געזונט און לצים זאָגן אַפילו, אַז איך ווער אַלץ יונגער. יעדנפאַלס פיל איך נישט די ווירקונג פון דער עלטער אין דער גייסטיקער אַרבעט, אָפטמאָל שרייבט זיך אַפילו לייכטער, ווי אין די אַמאָ־ליקע יאָרן... „דאָס בוך פון לעבן" האָט געהאַט אַ גרויסן מאָראַלישן דער־פאָלג... פון מיליוקאָוון האָב איך דערהאַלטן אַ וואַרעמען בריוו מיט אַ באַ־מערקונג, אַז אַ סך פון מיין בוך וואָלט געקענט אַריין אויך אין זיין „בוך פון לעבן", אויב ער וואָלט עס געקענט אָנשרייבן".

דער 75־יאָריקער געבורטסטאָג האָט אויך נישט געבראַכט דעם יובי־לאַר קיין געפיל פון זקנה. אָבער אַ נישט קלאָרער ביטערער פאָרגעפיל האָט זיך אומדערוואַרטעט דורכגעריסן אין אַ בריוו צו א. שטיינבערגן, געשריבן קורץ נאָכן יובל. „מיין לעבן — האָט ש. דובנאָוו געשריבן — מעסט מען שוין אין פערטל יאָרהונדערטער... פאַר אַ היסטאָריקער איז דאָס לעבן אין דריי דימענסיעס — אין דריי דורות — אַ גרויס גליק, ווייל ער קען טיפער אַריינדרינגען אין סוד פון דעם בייטן זיך פון תקופות. דאָס איז אָבער אויך

אַ גרויס אומגליק, אויב דער בייט גייט צום ערגערן, ווייל דאַן אַנטשטייט די געפאַר, אַז דער פאָדעם פון לעבן זאָל זיך איבעררייסן אין דעם פינצטערן פּעריאָד. מיר לעבן איבער אַ שרעקלעכע צייט, און נאָר דער טאָפּלטער בטחון פון אַ ייד און אַ היסטאָריקער גיט כוח דאָס איבערצוטראָגן".

אין 1935 איז דער יובל געפּראַוועט געוואָרן באַשיידענער ווי מיט פינף יאָר צוריק: אין משך פון די פינף יאָר האָט זיך די אַטמאָספער אין אייראָפּע שאַרף געביטן צום ערגערן. דאָך האָט ש. דובנאָוו געקריגן אַ גרויסע צאָל באַגריסונגס־בריוו און טעלעגראַמעס. „איך באָד זיך אַ גאַנצע וואָך — שרייבט ער צו ד. טשארני — אין אַ ים פון וואַרעמע יובל־וואַסער — טעלעגראַמעס, בריוו, אַרטיקלען. אמת, נישט אין אַזאַ גרויסער מאָס ווי מיט פינף יאָר צוריק אין בערלין. דאָ בין איך פּטור געוואָרן פון אַ גרויסן באַנקעט דורך אַ געמיטלעכן אָוונט־שמועס מיט אַ פּאָר מנינים יידן."

די אָפּטיילונגען פון דער היסטאָרישער סעקציע פון ייוואָ אין פאַרשיידענע שטעט האָבן אָרגאַניזירט אַ רייע רעפעראַטן וועגן דער טעטיקייט פון בעל־היובל. די סעקציע גופא איז צוגעטראָטן צונויפצוזאַמלען מאַטעריאַל פאַר אַ יובל־בוך. דאָרט האָבן געזאָלט אַריינגיין אָריגינעלע היסטאָרישע פאָרשונגען און נישט־פאַרעפנטלעכטע אַרכיוו־דאָקומענטן. די אַרבעט אַרום דעם זאַמל־בוך האָט געפאָדערט אַ סך ענערגיע; און ערשט אין 1937 איז אַרויס אַ גרויסער באַנד „היסטאָרישע שריפטן" אונטער דער רעדאַקציע פון א. טשעריקאָווער. פון דעם פּאָרטרעט אין אָנהייב פון בוך האָט אַראָפּגעקוקט אַ יונג, כאָטש אין גרוי איינגעראַמט פּנים, באַלויכטן מיט אַ שמייכל, וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין די אויגן־און מויל־ווינקלען. די קאָנדענסירטע הקדמה האָט כאַראַקטעריזירט דעם בעל־היובל, ווי דעם אָנהייבער פון אַ נייער עפּאָכע אין דער היסטאָריאָגראַפיע און ווי אַן אומדערמידלעכן אָרגאַניזאַטאָר פון דער היסטאָרישער וויסנשאַפט. ש. דובנאָווס יונגערע קאָלעגן האָבן אָנגעוויזן, אַז דער „היסטאָריזם" איז פאַר אים געווען אַ האַרמאָנישע און אַקטיווע וועלט־אָנשויאונג; ער האָט זיך געהאַלטן פאַרן „מיסיאָנער פון געשיכטע". אַנטוויקלענדיק דעם דאָזיקן געדאַנק האָט ש. האָראָדעצקי, דער פאָרשער פון דער גענעאַלאָגיע פון דער דובנאָוו־משפחה, אָנגעוויזן, אַז דער באַוווסטזיין פון אַ לעבנס־מיסיע האָט ביי ש. דובנאָוון געהאַט טיפע וואָרצלען אין דער פאַרגאַנגענהייט, דעם בעל־היובל האָט ער פאָרגעשטעלט ווי אַ יורש פון דער דינאַסטיע תלמודיסטן און מקובלים, וואָס האָבן, אָנהייבנדיק פון מהר"ל פון פּראָג און ענדיקנדיק מיט ר' בן־ציון דובנאָוו, זיך קונה־שם געווען מיט זייער למדנות און פרומקייט. באַזונדערס פּאָפּולער איז ביים פאָלק געווען רב יוסף־יוסקע פון דובנע, אַ מיסטיקער און וויזיאָנער, אַ מענטש מיט אַ סך קענטעניש און פון אַסקעטישע

ניגונגען, וואָס פלעגט יעדן טאָג מתפלל זיין פאַר די דערנידעריקטע און באַליידיקטע קינדער פון ישראל און פון אַנדערע פעלקער. דער באַרימטער מקובל, וואָס איז שטענדיק געווען פאַרטאָן אין די עולמות עליונים, האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב אַריינצומישן זיך אויך אין ערדישע ענינים: ער האָט געפירט אַ שטענדיקן קאַמף מיט די קהלשע תקיפים, וואָס האָבן אונטערגעדריקט די אָרעמע. ביי ש. האָראָדעצקי האָט זיך געשאַפן די איבערצייגונג, אַז די בונטאַרישע שטימונגען פון דעם יונגן משכיל האָבן אויך געוואָרצלט אין דער משפחה־טראַדיציע. פאָרשנדיק די פאַרגאַנגענהייט קומט ער צו אַזאַ אויספיר, אַז „שמעון דובנאָוו איז דער לעצטער יורש פון דעם גייסט, וואָס הערשט אין דער פאַמיליע זינט פיל יאָרהונדערטער. ווי פאַרשידן ער איז פון זיינע עלטערן און אורעלטערן, טראָגט ער דאָך אין זיך די ירושה פון זיינע אָבות. די גרויסע ליבשאַפט צו דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, די ליבשאַפט צום יידישן פאָלק און צו יעדן יחיד בפרט האָט דובנאָוו געירשנט פון זיין עלטער־עלטער זיידן ר' יוסף־יוסקע פון דובנע".

צווישן די פאַרעפנטלעכטע אין זאַמלבוך אויטענטישע דאָקומענטן האָבן דעם אויבנאָן פאַרנומען די מאַטעריאַלן פון דעם רייכן אַרכיוו פון בעל־היובל גופא; דעם דאָזיקן אַרכיוו, וואָס ש. דובנאָוו האָט, בשעתו, אַרויסגעפירט פון רוסלאַנד, האָט ער אַוועקגעשענקט דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. אין אַן אַנדער גרופּע מאַטעריאַלן האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט אַ דאָקומענט, וואָס איז דאָ געוואָרן פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל, — אַ באַגריסונג פון דעם פעטערבורגער קרייז געזעלשאַפטלעכע טוער צו ש. דובנאָווס זעכציקסטן געבורטס־טאָג (1921). די דאָזיקע באַגריסונג איז געווען געשריבן אין יידיש — אַ זעלטענע דערשיינונג אין דער סביבה פון דער פעטערבורגער יידישער אינטעליגענץ. די מחברים האָבן אָנגעוויזן, אַז דער בעל־היובל פאַרקערפּערט אין זיך דעם גייסט פון יענעם דור, וואָס איז אַרוים אויף דער געזעלשאַפטלעכער אַרענע אין דער עפּאָכע פון די פּאָגראָמען. דער דאָזיקער דור, שטייענדיק אויף אַ היסטאָרישן שייד־וועג, האָט געפונען זיין קאָמפּאַס אין דער אידייע פון קיום־האומה. דער קרייז טוער האָבן מודיע געווען וועגן אַ פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ יובל־בוך*) און זיי פאַרבעטן אַלע יידישע שרייבער, אָן אונטערשיד פון ריכטונג, אָנטיילצונעמען אין אים, ווייל זיי האַלטן, אַז ש. דובנאָווס שאַפן איז דאָס אייגנטום פון גאַנצן פאָלק.

סוף 1935 האָט ש. דובנאָוו זיך אומגעקערט צו דער טעמע, וואָס האָט אים אינטערעסירט שוין פון לאַנג — וועגן דער נויטיקייט צונויפצורופן

*) דער דאָזיקער פּלאַן איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אן אלוועלטלעכן יידישן קאנגרעס, כדי צו שאפן א שטענדיקע פארשטייער־שאפט ביי דער פעלקער־ליגע. די ארגאניזירטע פארטיידיקונג פון יידן־רעכט אויף דער אינטערנאציאנאלער ארענע איז געווען איינער פון די עיקר־פונקטן אין דעם פראגראם, וואס עס האט באגרינדעט דער טעארעטיקער פון גלות־נאציאנאליזם; די דאזיקע פאדערונג איז ארויסגעדרינגען נישט נאר פון דער אידעאלאגיע פון אויטאנאמיזם. נאר פון דער גאנצער וועלט־אנשויאונג פון דעם היסטאריקער. נישט געקוקט אויף די ביטערע אנטוי־שונגען, איז ש. דובנאוו אין דעם אנטי־ליבעראלן 20־טן יארהונדערט פאר־בליבן אן אנהענגער פון אפטימיסטישן ליבעראליזם: ער האט עקשנותדיק געגלייבט אין דער נישט־צעשטערבארקייט פון אינטערנאציאנאלע טראק־טאטן און אין דער קראפט פון מאראלישע סאנקציעס. אין א צייט, ווען די ווירקלעכקייט האט אנשוילעך דעמאנסטרירט די אומבאהאלפנקייט פון די קליינע מלוכות אויף דער ארענע פון דער פעלקער־ליגע, האט ער געזען אין דער פארשטייערשאפט פון דעם שוואכסטן, אן־מלוכהשן פאלק א מעכ־טיקן שטיץ־פונקט אין קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם. קליין איז געווען די צאל מענטשן, וואס ער האט באוויזן צו באגייסטערן פאר זיין אידייע: פאר די אסימילירטע אמעריקאנער יידן איז פרעמד געווען יענער אידייאישער קלימאט, אין וועלכן עס האט זיך אויסגעבילדעט די אידעאלאגיע פון „דוב־נאוויזם"; און די מערהייט ציוניסטן האבן זיך סקעפטיש באצויגן צו דער מעגלעכקייט פון פארטיידיקן יידישע רעכט אין גלות. מיט פארביטערונג שרייבט ש. דובנאוו צו י. טשעריקאווערן: „איך זע נישט קיין ענטוזיאזם פאר דער אידייע פון צונויפרופן אן אלוועלטלעכן יידישן קאנגרעס. וואס ביי א געזונט פאלק וואלט עס געקענט געבן אן אימפולס צו א מעכטיקער באוועגונג". אים האט זיך געדוכט, אז גראד אין איצטיקן מאמענט וואלט דאס שאפן פון אזא ארגאניזאציע געווען באזונדערס וויכטיק אין 1935 זענען אין דייטשלאנד ארויסגעגעבן געווארן די „נירנבערגער געזעצן", וואס דער היסטאריקער האט א נאמען געגעבן „די דעקלאראציע פון אומרעכט". די לאגע פון די יידן אין א סך אייראפעאישע לענדער האט זיך אויך שטארק פארערגערט. ש. דובנאוו האט געהאלטן, אז די נויטווענדיקייט צו שאפן אן „אדרעס פארן יידישן פאלק" איז נאך קיינמאל נישט געווען אזוי דרינגענ־דיק ווי היינט.

מיט עטלעכע חדשים שפעטער האט ש. דובנאוו, אויפן פארשלאג פון א. טשעריקאווער, אנגעשריבן אן אויפרוף, אין וועלכן עס ווערט דורכגע־פירט דער זעלבער געדאנק. דער מחבר ווייזט דארט אויף, אז אזעלכע דער־שיינונגען, ווי דער צעבושעוועטער זאאלאגישער אנטיסעמיטיזם אין דייטש־לאנד, דער עקאנאמישער באיקאט און די פאגראם־אויסברוכן אין פוילן,

די רדיפות אויף יידן אין רומעניע און דאָס פּאַקטישע אָפּשאַפן די גלייכ־באַרעכטיקונג אין די באַלטישע לענדער, פאָדערן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אינטערווענץ; דער יידישער קאָנגרעס מוז תיכף צונויפגערופן ווערן און ער דאַרף טראָגן אַן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. פאַראורטיילנדיק די אָר־גאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אין קאָנגרעס, דריקט ש. דובנאָוו אויס זיין פאַרביטערונג צוליב דער צעשפּליטערטקייט פון די כוחות און צוליב דער פּאַרטייאישער אומטאָלעראַנץ; ווענדענדיק זיך צו די גלייכגילטיקע, רופט ער אויס מיט פּאַטאָס: „זאָל אייך באַגייסטערן דער געדאַנק, אַז איר גייט שאַפן אַ וועלט־אָרגאַניזאַציע פאַר אַ וועלט־פאָלק, אַ שוץ־אָרגאַן פאַר דער שוצלאָזסטער נאַציע אין דער וועלט! דער וואָס שטייט פון דערווייטנס, נעמט אויף זיך די אַחריות פאַר פולשטענדיקער איזאָלירטקייט פון לעבעדיקן און אָרגאַניזירטן יידישן פאָלק".

אַרבעטנדיק איבערן דריטן באַנד זכרונות, וואָס נעמט אַרום די לעצ־טע יאָרן, האָט דער היסטאָריקער געפילט, אַז ער איז צופיל פאַרטאָן אין היינט; דער קוואַל פון גייסטיקן גלייכגעוויכט איז אַלע מאָל געווען פאַר אים היסטאָרישע אַרבעט פון גרויסן פאַרנעם. און ווען אַ גרויסער רוסישער פאַר־לאַג אין ריגע האָט פאָרגעלייגט אַרויסצוגעבן די 10־בענדיקע „געשיכטע" אין אָריגינאַל, האָט דער שרייבער אויפגעלעבט: דער נייער פּראָיעקט האָט צוגעזאָגט לאַנגע חדשים פון אָנגעשטרענגטער אַרבעט. דער היסטאָריקער האָט באַשלאָסן איבערצואַרבעטן דעם טעקסט פון דער „געשיכטע", און קודם־כל צוגעבן קאַפּיטלען וועגן דעם לעצטן שטורמישן פערטל יאָרהונדערט. אין די בריוו פון אָנהייב 1936 פילט זיך מונטערקייט; ש. דובנאָוו באַ־מערקט אין שפּאַס, אַז פאַר די לעצטע יאָרן האָט ער זיך צוגעוווינט צו פילן ווי אַ היסטאָריקער אויף אורלויב, און איצט קערט ער זיך צוריק אום, מיט פרייד, אויף זיין פּאָסטן. „איך האָב זיך גענומען צו דער גרויסער אַר־בעט — איז ער מודיע א. שטיינבערגן דעם 11־טן מאַי — און זי גייט מיר... אַ גרויסע גייסטיקע באַפרידיקונג... אין משך פון לאַנגע יאָרן האָט מיך גע־מאַטערט דער געדאַנק, אַז איך וועל נישט דערלעבן צו דערזען מיין ווערק אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער עס איז אָנגעשריבן געוואָרן... יעדע דריי חדשים וועט דערשיינען אַ באַנד, אַזוי אַרום האָב איך שוין ביי גאָט גע־נומען אַ וועקסל, אַז איך וועל לעבן 30 חדשים — 2½ יאָר.. ווידער אַר־בעט איבערן טעקסט, ווידער קאָרעקטורן. דער דריטער באַנד מעמואַרן איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט... אין מיין וואַלדיקער התבודדות טראָג איך פאַרהעלטנישמעסיק לייכט אַריבער די שווערע קלעפּ פון דער היינטיקער צייט, אָבער צייטנווייז איז עס נישט אויסצוהאַלטן. איך ראַטעווע זיך דורך מיין נסיעה איבער יאָרהונדערטער. זענען דאָך צענדלי־

קער יאָרן פון מיין לעבן אריבער אין דער דאָזיקער תיבה איבערן מבול —
און אַלטע רגילות!".

דער זעלבער מונטערער טאָן, די זעלבע פעסטע אַנטשלאָסנקייט קומען צום אויסדרוק אויך אין די בריוו צו י. טשעריקאָווערן: „מען מוז לעבן, אומבאַדינגט, און אַפילו צולהכעיס דעם גורל, כדי צו דערפירן די אַרבעט ביז צום סוף, ווייל דער מלאך־המות וועט נישט וואַגן זיך דערנענטערן צו אַ מענטשן ,וואָס איז מקיים אַ לעבנס־נדר"... אַלע בריוו פון יענער צייט באַריכטן וועגן גאַנג פון דער אַרבעט; און ווידער זענען די טעג אינגאַנצן אויסגעפילט ווי אין פעטערבורג און אין בערלין. „איך לעב — שרייבט וועגן זיך ש. דובנאָוו — (דעם 28־טן דעצעמבער 1936) מיטן אימפעט פון אַרבעט: די בענדער פון דער געשיכטע דרוקן זיך כסדר, בערג מאַנוס־קריפטן און קאָרעקטורן... נישטאָ קיין צייט פאַר עטוואָס אַנדערש. ווי נאָר איך רייס זיך אויף אַ ווײַלע אָפּ פון דער אַרבעט, דערפיל איך דעם וועלט־שמערץ און די יידישע צרות פון אונדזער פאַרשאָלטענער צייט".

קאָרעקטורן פלעגן אָנקומען אויך פון פראַנקרייך, וווּ עס האָט זיך געדרוקט דער לערנבוך, און פון פאַלעסטינע, וווּ מען האָט איבערגעזעצט „דאָס בוך פון לעבן" אויף העברעאיש. צוליב דער אַרבעט איז דער היס־טאָריקער געווען געצווונגען זיך אָפּצוזאָגן פון דער רייזע קיין שווייצאַריע. „מיינע געדאַנקען טראָגן מיך — שרייבט ער צו ד. טשאַרני — צו אונדזער זשענעווער וועלט־קאָנגרעס, וווהין איך האָב, צום באַדויערן, נישט געקענט פאָרן, ווייל איך געפין זיך ווידער אין געפאַנגענשאַפט ביי דער מוזע פון געשיכטע... איך בין ווי אַ פיש אין וואַסער, אַרויסגיין אויף דער יבשה האָב איך מורא..."

נישט געקוקט אויף דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט איבער דער „גע־שיכטע", האָט ש. דובנאָוו פונדעסטוועגן באַוויזן אָפּצורופן זיך פון צייט צו צייט אויף פאַרשידענע דערשיינונגען פון ליטעראַרישן און געזעלשאַפט־לעכן לעבן. אין דעם העפט „צוקונפט", וואָס איז געווען געווידמעט דעם 40־יאָריקן ליטעראַרישן יובל פון א. ליעסין, האָט ער אָפּגעדרוקט אַ באַ־גייסטערטן אַרטיקל א. נ. „דער ראָמאַנטיקער פון דער רעוואָלוציע". די לידער פון דעם יידישן פאָעט־בונטאַר האָבן דעם היסטאָריקער דערמאָנט אין די פאָעמעס פון זיין ליבלינג וויקטאָר הוגאָ; זייער אייגנאַרטיקן חן האָט ער געזען אין דעם פאַרייניקן דעם סאָציאַלן פאַטאָס מיטן נאַציאָנאַלן. אין עטלעכע חדשים אַרום שרייבט ער אָן פאַרן זעלבן זשורנאַל אַן אויס־פירלעכע רעצענזיע וועגן דעם היסטאָרישן ווערק פון דעם פּראָפעסאָר פון קאָלומביע־אוניווערסיטעט ס. באַראָן. אין ליעסינען האָט ש. דובנאָוו הויך געשאַצט נישט נאָר דעם שרייבער, נאָר אויך דעם רעדאַקטאָר. די ידיעה

אַז די „צוקונפט" לעבט איבער אַ פינאַנסיעלן קריזיס, האָט אים שטאַרק באַאומרואיקט, און ער האָט ענערגיש געפאָדערט, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלער פאָנד אויפצוהאַלטן דעם זשורנאַל.

פון דעם אָפּגעזונדערטן אַרבעטס־קאַבינעט, וואָס האָט מיט זײַנע ברייטע פענצטער אַרויסגעקוקט צום גרינעם געפלעכט פון די צווײַגן, האָבן זיך געצויגן פעדעם צו אַלע צענטערן פון יידישער קולטור און געזעלשאַפט־לעכן לעבן. דער ייוואָ, דער קאָנגרעס און די יידישע ענציקלאָפּעדיע זענען פאַר דעם היסטאָריקער געווען אָביעקטן פון שטענדיקע זאָרגן. ער האָט נאָכ־געפאָלגט די יידישע פּרעסע אויף דער גאַנצער וועלט און האָט אויך געפונ־נען צייט אויף צו לייענען ביכער. אַ שטאַרקן איינדרוק האָבן אויף אים געמאַכט ח. זשיטלאָווסקיס מעמואַרן: ער האָט דאָרט געפונען אַ סך גע־מיינזאַמעס מיט זײַן „בוך פון לעבן". „מיר איז זייער נאָענט — שרייבט ער צום מחבר אין מערץ 1936 — די סביבה, אייער וויטעבסקער קרייז און די גאַנצע תקופה, וואָס איר מאָלט אין אַזעלכע בולטע פאַרבן... מיט עטלעכע יאָר פאַר אייך האָב איך דאָך אַליין דורכגעמאַכט אַזאַ אַנטוויקלונגס־פּראָ־צעס... מיט דעם אונטערשיד, וואָס מיך האָבן מער באַוועגט אינדיווידועלע איידער סאָציאַלע פּראָבלעמען, מער וועלט־שמערץ, איידער פאָלקס־שמערץ (דער לעצטער האָט מיך שפּעטער אויסגעהיילט פון דעם ערשטן)". ש. דוב־נאָוו האָט זיך באַמיט איבערצוצייגן ח. זשיטלאָווסקין, אַז ער זאָל נישט איבעררייסן זײַן אַרבעט איבער דער אויטאָביאָגראַפיע. „מיר דוכט זיך — שרייבט ער — אַז דאָס בעסטע — ווײַל דאָס אינטימסטע — ווערק פון יעדן דענקענדיקן שרייבער מוז זײַן דער „ספר־הזכרונות" זײַנער, אויב עס איז געשריבן מיט טיפער אויפריכטיקייט פון אַ ווידוי".

ווינטער 1937 איז ש. דובנאָוו ערנסט קראַנק געוואָרן אויף אַ שווע־רער גריפּע מיט קאָמפּליקאַציעס. די פריינד האָבן זיך פאַרלוירן. קאָנסיליומס זענען פאָרגעקומען איינער נאָכן צווייטן. די דאָקטוירים זענען געווען באַ־אומרואיקט, ווײַל דאָס האַרץ ביים פּאַציענט איז געווען אָפּגעשוואַכט. ש. דובנאָוו אַליין האָט נישט פאַרלוירן דאָס גלײַכגעוויכט. „איך בין געווען — האָט ער דערנאָך געשריבן — דער איינציקער רואיקער צווישן די נערוועזע און אומרואיקע מענטשן. לא אמות כי אחיה, ביז איך וועל פאַרענדיקן מײַן לעבנס־ווערק". מער פון אַלץ האָט דער היסטאָריקער געהאַט עגמות־נפש פון דעם, וואָס די דאָקטוירים האָבן אים נישט דערלויבט צו לייענען די דרינגענדיקע קאָרעקטן. „דער קאָפּ אַרבעט ביי מיר די גאַנצע צייט גאַנץ גוט — האָט ער פאַרזיכערט — און די אַרבעט ראַטעוועט מיך אַליין מער ווי איך ראַטעווע זי". און באמת, דאָס אומקערן זיך צו זײַן געוויינלעכן לעבנס־סדר האָט אים געהאָלפן בייצוקומען די קאָנסעקווענצן פון דער קראַנקהייט.

ש. דובנאָוו האָט אַלעמאָל געווידמעט אַ סך צייט פאַר קאָרעספּאָנדענץ, און נישט ווייל ער איז דערצו געווען געצוווּנגען, נאָר ווייל ער האָט ליב געהאַט צו שרייבן בריוו. דער עפּיסטאָלאַרער סטיל איז אים געווען צום האַרצן. געשריבן האָט ער פּאַמעלעך, באַקלערנדיק און שלייפנדיק יעדע פראַזע. אין זיינע בריוו האָט זיך, טיילמאָל, נאָך מער ווי אין די אַרטיקלען, געפילט אַ נייגונג צו קאָנדענסירטקייט, צו דער פּינקטלעכער, קורצער פאָרמולירונג אין פראַנצויזישן סטיל. די שטענדיקע טעמע פון אַלע בריוו צו פריינד איז געווען — געזעלשאַפטלעכע פראַגן. נישט קיין ווונדער, דעריבער, וואָס איינמאָל האָט אַ מיינונגס־אויסטויש, אָנגעהויבן אין אַ פּריוואַטער קאָרעספּאָנדענץ, זיך פאַרענדיקט אין דער פּרעסע. די טעמע איז געווען — די ראָל פון „בונד" אין יידישן לעבן. די אָרגאַניזאַטאָרן פון די פייערונגען צום 40־טן יובל פון „בונד" (האַרבסט 1937) זענען געווען אַנטוישט צוליב דעם, וואָס דער היסטאָריקער האָט נישט געפונען פאַר נויטיק אָפּצורופן זיך אויף דעם יובל פון אַ געשעעניש, וואָס האָט געעפנט אַ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום. ה. ערליך האָט דאָס אָפן אַרויסגעבראַכט אין אַ פּריוואַטן בריוו צום שווער. ש. דובנאָוו האָט באַשלאָסן, אַז דער וויכוח, וואָס באַרירט וויכטיקע היינטצייטיקע פּראָבלעמען, דאַרף נישט פאַרבלייבן אין די ראַמען פון פּערזענלעכער קאָרעספּאָנדענץ. אין יוני 1938 האָט זיך אין דער „צוקונפט" באַוויזן אַן אַרטיקל א. נ. וועגן דער איזאָלאַציע פון „בונד" און ציוניסטישער פאָלקס־באַוועגונג (אַ בריוו צו אַ בונדישן פריינד)". דער נאָמען פון פריינד איז נישט דערמאָנט געוואָרן. דער היסטאָריקער האָט נישט געוואָלט, אַז דער עפנטלעכער וויכוח זאָל טראָגן אַ „משפחה"־כאַראַקטער. עס איז אָבער נישט געלונגען דאָס צו פאַרמיידן: ה. ערליך, וואָס האָט נישט געהאַלטן פאַר מעגלעך אַרויסצוטרעטן אַנאָנים, האָט זיין אויספירלעכן ענטפער, וואָס איז דערשינען אין זעלבן זשורנאַל, אונטערגעשריבן מיט זיין פולן נאָמען.

די גרעסטע זינד פון „בונד" — האָט ש. דובנאָוו געשריבן אין זיין אַרטיקל — איז די שטרעבונג צו איזאָלאַציע. אַזאַ אומקאָמפּראָמיסלאָזע שטעלונג איז פאַרשטענדלעך אין באַציאונג צו דער קאָנסערוואַטיווער „אגודה"; דער „בונד" אָבער שליסט קאַטעגאָריש אויס יעדע מעגלעכקייט פון צוזאַמענאַרבעט אויך מיט פּראָגרעסיווע און אַפילו סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, אויב זיי האָבן אַ ציוניסטישע באַפאַרבונג. אָבער דער ציוניזם איז אין משך פון די לעצטע פערציק יאָר געוואָרן אַ פאָלקס־באַוועגונג; די אויפבלעבונג פון פּאַלעסטינער ציענטער איז איינער פון די וועלט־ווונדער. די בלי־ספקדיקע חסרונות פון ציוניזם — די ביטול־באַציאונג צום גלות־יידנטום און די איינשטעלונג, אַז דאָס ארץ־

ישראל־יידנטום שטייט העכער פון אַנדערע טיילן פון פאָלק — דאַרפן נישט זיין קיין שטער פאַר פראַקטישער צוזאַמענאַרבעט. אין אַ סך לענדער פון אייראָפּע ווערן איצט פאַר אונדזערע אויגן געשאַפן „פאָלקס־פראָנטן" — פאַרייניקונג פון אַלע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפטלעכע כוחות פון פאָלק. דאָס יידנטום נויטיקט זיך אויך אין אַזאַ „פאָלקס־פראָנט" אין, קאַמף קעגן דעם וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם און וועלט־רעאַקציע. דאָס אַרטיקל פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „אויב עס וועלן זיך טרעפן צוויי ניסים: דער „בונד" זאָל זיך אָפּזאָגן פון אַלע זיינע פעלערן, און איך זאָל דערלעבן צו זיין פופציק־יאָריקן יובל, דאַן וועל איך אים באַגריסן פון גאַנצן האַרצן".*)

דער היסטאָריקער האָט פליסיק געאַרבעט איבער די צוויי לעצטע קאַפּיטלען פון דער געשיכטע. „איך האָב איבערגעאַרבעט דעם עפּילאָג — שרייבט ער צו א. שטיינבערגן — און איך האָב אים דערפירט ביז צו די לעצטע טעג, אין פולן זין פון וואָרט. איך האָב נישט געקענט פאַרשווייגן די גזירת־עסטרייך, די רומענישע גזלות און דעם פוילישן פערמאַנענטן פּאָגראָם... איר קענט זיך פאָרשטעלן, ווי שווער מיר איז אָנגעקומען דאָס צו שרייבן און איינצוהאַלטן דערביי דעם „רואיקן" היסטאָרישן טאָן..."

איייניקע אַרבעטן פון ש. דובנאָוו האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין פאַרקירצונג, וואָס האָט זיי געמאַכט צוטריטלעך פאַר אַ ברייטן קרייז לייענער: אין טשעכאָסלאָוואַקיע האָט זיך געדרוקט די דריי־בענדיקע „וועלט־געשיכטע" אויף דייטש, אין בערלין איז דערשינען אַ שיינע, איינבענדיקע אויסגאַבע פון „דאָס בוך פון לעבן", און אין ארץ־ישראל — אַ קיצור פון די „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום". ש. דובנאָוו האָט געקענט איבער־חזרן גאַליליים ווערטער: „עס באַוועגט זיך פאָרט" — נישט געקוקט אויף דער גרויזאַמער פּאָליטישער סיטואַציע, האָט ער, ווי פריער, געלעבט אין

---

*) אין זיין ענטפער („צוקונפט", אָקטאָבער 1938) האָט ה. ערליך אָנגעוויזן, אַז דער „בונד" האָט זיך שטענדיק באַטראַכט פאַר אַן אָרגאַנישן טייל פון יידישן פאָלק, האָט שטענדיק געפירט אַ קאַמף פאַר זיינע בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט, איז געווען דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון דער זעלבסטשוץ בעת די פּאָגראָמען אויף יידן און האָט אָנגעפירט אַ גראַנדיעזע קולטור־און אויפקלערונגס־אַרבעט אין דער יידישער שפּראַך. דער ציוניזם אָבער האָט זיך שטענדיק באַצויגן מיט ביטול צו די וויכטיקסטע באַדערפענישן פון „גלות"־יידנטום. צוליב דער איינשטעלונג, אַז דאָס ארץ־ישראל־יידנטום שטייט העכער פון אַנדערע טיילן פון פאָלק, ברענגט דער ציוניזם פאַר אַ קרבן יידישע אינטערעסן אין די גלות־לענדער.

הסכם מיט זיין פּלאַן. אין דעצעמבער 1937 שרייבט ער צו א. טשעריקאָ־ווערן: „דער גאַנצער ווינטער און אַ טייל פרילינג וועט ביי מיר אַדורכגיין אין אָנגעשטרענגטער אַרבעט, מער ווי אין די לעצטע יאָרן. און דאָס איז גוט פאַר מיר. אַרבעט מאַכט מיך געזונט; מיט איר וועל איך פאַרטרייבן דעם שטן פון דער פּאַראַיאָריקער קראַנקהייט". דאָס רעדאַגירן דאָס גרוי־סע ווערק האָט נישט שטענדיק געהאָלפן באַקעמפן פיזישע שוואַכקייט, די אַרבעט האָט אָבער שטענדיק פאַרטריבן דעם גייסט פון רעזיגנאַציע. דער היסטאָריקער האָט אַפילו זיך באַמיט אָנצושטעקן מיט זיין מונטערקייט זיינע פריינד פון דער ווייטנס. אין אַ בריוו צו די טשעריקאָווערס געפינען מיר אַזעלכע שורות: „...מ'האָט מיר איבערגעגעבן... וועגן דער שווערער שטי־מונג אין אונדזער חברה. איז היינט אַ צייט פאַר יאוש? גראָד אין אַזעלכע שרעקלעכע טעג מאָרן מיר נישט פאַרלירן דעם מוט".

אינגיכן, אין דער צייט פון גרויזאַמע נסיונות, איז דער פערזענלעכער מוט געוועזן דאָס איינציקע פאַרמעגן, וואָס די מענטשלעכע אכזריות האָט ביים היסטאָריקער נישט געקענט צונעמען.

## קאַפּיטל דרייאונדרייסיק

# דער בין־השמשות פון אייראָפּע

דאָס יאָר 1938 איז געבוירן געוואָרן אין אַן אַטמאָספער פון אומרו: אייראָפּע האָט אָן אָפּהאַלט זיך געקייקלט באַרג־אַראָפּ — צו דער קאַטאַסטראָפע. איבער דרום־אייראָפּע זענען אַרומגעפלויגן שטאָלענע רויב־פייגל: דאָרט האָט זיך אָפּגעשפּילט דער פּראָלאָג צו דער אַלוועלטלעכער בלוט־פאַרגיסונג — דער פאַרצווייפלטער קאַמף פון רעפּובליקאַנישן שפּאַניע מיט די כוחות פון פאַשיזם, אַ קאַמף, וואָס איז געווען האָפנונגסלאָז צוליב דער נייטראַליטעט־פּאָליטיק פון די גרויסע מלוכות. און פון די זעלבע אָלימפּישע הייכן פון אַנטי־אינטערווענציאָניזם האָבן די דעמאָקראַטישע רעגירונגען פּאַסיוו זיך צוגעקוקט, ווי אונטער די שווערע מיל־שטיינער פון דער געשיכטע ווערט צעריבן דער גורל פון אַ פאָלק, וואָס איז געוואָרן דער ערשטער קרבן פון נאַציזם.

אין ש. דובנאָווס בריוו פון יענעם פּעריאָד לאָזן זיך פון צייט צו צייט הערן פּעסימיסטישע טענער. דעם 3־טן יאַנואַר 1938 שרייבט ער צו אַ פּאַריזער פריינד, דער שרייבערין נינע גורפינקל: „שוין גאָר שווער איז געוואָרן צו אָטעמען אין דער איצטיקער אייראָפּע, ווו עס ווערן געטרעטן מיט די פיס אַלע אידעאַלן פון דער דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט... דער 20־ער יאָרהונדערט קעגן 19־טן — דאָס איז דער זין פון דער רעוואָלוציע פון רעכטס... דערפון די אומבאַהאָלפנקייט און שוואַכקייט פון אַלע אונדזערע „וועלט־קאָנגרעסן” און אַפילו פון דער פעלקער־ליגע גופא. קעגן דער פאַרווילדונג פון גאַנצע פעלקער איז שווער צו קעמפן.”

דער היסטאָריקער האָט געגרייט צום דרוק נייע בענדער פון דער געשיכטע. נישט געקוקט אויף די עצות פון פריינד פלעגט ער זיך עקשנותדיק אָפּזאָגן צו מאַכן אַ פּויזע. „ווער קען לאַנג רוען אין אונדזער קורצאָטעמדיקער צייט, ווען מען ווערט, ממש, דערשטיקט פון די פּאָליטישע גיפטיקע גאַזן?” — שרייבט ער צו די טשעריקאָווערס אין סעפּטעמבער 1938. דאָס איז געווען בעת דער מינכען־קאַפּיטולאַציע לגבי היטלערן; ש. דובנאָיו

האָט געפּילט, אַז אים שטיקט אַן אומבאַהאָלפענער כעס, ער האָט געזוכט ווערטער, וואָס זאָלן זיין בכוח צו דערוועקן דאָס געוויסן פון דער וועלט. שוין לאַנג האָט ער געפאָדערט, אַז מ'זאָל אָנהייבן אַרויסגעבן אין פּאַריז אָדער לאָנדאָן אַ יידישן פּובליציסטישן אָרגאַן, און האָט זיך דעריבער דער־פרייט, ווען די פריינד האָבן אים מודיע געווען, אַז דער דאָזיקער פּלאַן האַלט ביים פאַרווירקלעכט ווערן. „איך באַגריס אייער אויפטו — שרייבט ער צו י. טשעריקאָווערן — די קומענדיקע „פרייע טריבונע", און וועל זיך מסתמא אָפּרופן מיט אַן אַרטיקל וועגן דעם, וואָס טוט זיך אויף דער וועלט. מען מוז נאָר אָפּוואַרטן, מיט וואָס וועט זיך ענדיקן די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע פון די היינטיקע טעג. אויב ס'איז באַשערט, אַז ס'זאָל קומען אַ פאַ־שיסטיש־נאַציסטישע העגעמאָניע אין אייראָפּע, מוז מען אויסאַרבעטן אַ נייעם קאַמפּס־פּלאַן".

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער שרייבט ער: „איך שיק אייך אַ קורצן לייט־אַרטיקל... איך האָב באַנוצט אַ קורצע פּויזע אין מיין היסטאָרישער אַרבעט, כדי אַרויסצוזאָגן בתכלית־הקיצור די געדאַנקען, וואָס לאָזן מיך נישט צורו אין דער לעצטער צייט. איך האָב שוין נישט איינמאָל געשריבן אַזעלכע אַרטיקלען אין ציימן פון קאַטאַסטראָפעס אין משך פון 57 יאָר... און איצט איז מיר באַשערט ווידער אָפּצורופן זיך אויף דער שרעקלעכסטער קאַטאַס־טראָפע... איך האַלט, אַז מיין אַרטיקל קען אויך דינען אַלס מאָמענט פאַר אונדזער וועלט־קאָנגרעס, וואָס מוז זיך רעאָרגאַניזירן און אַקטיוויזירן... איך בין צוגעטראָטן... צו דער אַלטער געשיכטע. האָב איך ווידער אַ „מקלט" פון דער גאָר נייער בהלה... אָן אַ פעסטן באָדן אין אַ ל ע ־צייטן קאָן מען דאָך פון דער היינטיקער צייט משוגע ווערן..."

דער טעמפּ פון די געשעענישן איז געווען אַזאַ האַסטיקער, אַז דאָס אַרטיקל, וואָס איז געווען אָנגעשריבן אין אָקטאָבער 1938, האָט אין אַ חודש אַרום דעם מחבר שוין אויסגעזען צו זיין פאַרעלטערט, און ער האָט באַ־שלאָסן צוגעבן צו דעם אַ נאָכוואָרט. די כוואַליע פון אַנטיסעמיטישן טעראָר איז אין דייטשלאַנד אַלץ געוואַקסן. טויזנטער יידן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן צו דער פּוילישער גרענעץ, פּאָגראָמען אין בערלין און אין אַנדערע שטעט, מאַסנהאַפטע פאַרשיקונגען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, קאָנפי־סקאַציעס. ש. דובנאָוו שרייבט צו די טשעריקאָווערס, מיט וועלכע ער טיילט זיך אַלץ אָפטער מיט זיינע געדאַנקען און שטימונגען: „מיר האָבן צום ערשטן מאָל אין אונדזער געשיכטע איבערגעלעבט אַזאַ מלוכה־פּאָגראָם, אָבער אויך צום ערשטן מאָל — אַזאַ וועלט־פּראָטעסט".

אין די דאָזיקע שווערע טעג האָט דער היסטאָריקער ליידנשאַפט־לעך זיך אינטערעסירט מיט פּאָליטיק. ער איז געווען אומצופרידן, וואָס די

איניציאַטאָרן פון דעם פּאַריזער זשורנאַל האָבן געוואָלט אים צוגעבן אַן אונטערקאָפּ „אָרגאַן פון יידישן געדאַנק", כדי אונטערצושטרייכן זיין אַפּאָ־ליטישקייט. „היינטיקע ציַיטן — שרייבט ער — איז „יידישער געדאַנק" אָן פּאָליטיק אוממעגלעך. איך שרייב איצטער וועגן אַלטן פּראָפּעטיזם און מוז האָבן צו טאָן אַפילו דאָרטן מיט דער וועלט־פּאָליטיק פון יענער צייט".

די געזעלשאַפטלעכע צרות האָבן ביים שרייבער נישט אָפּגעטעמפּט די פילבאַרקייט צו פערזענלעכע פאַרלוסטן. ליעסינס טויט איז געווען פאַר אים אַ גרויסער קלאַפּ. ער האָט געשעצט דעם פאַרשטאָרבענעם ווי אַ פּאָעט, ווי אַ פּובליציסט און ווי אַ מענטש פון גרויסן קאַליבער. ש. דובנאָוו איז געווען באַאומרואיקט וועגן ווייטערדיקן גורל פון דער „צוקונפט", וועלכער ליעסין האָט אָפּגעגעבן אַזוי פיל כוחות.

דער בריוו צו די טשעריקאָווערס פון 20־טן נאָוועמבער פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער: „עס שאַפט זיך אַ נייע וועלט, אין פּיין און שרעק. אונדזערע קינדס־קינדער וועלן אפשר דערלעבן ביז אַ רואיקער תקופה, און אונדז איז שוין באַשערט איבערצולעבן די חבלי־לידה".

די פּאַריזער פריינד האָבן געמאָנט דאָס צוגעזאָגטע אַרטיקל. דער היסטאָריקער האָט אָבער אַליין אָפּגעצויגן מיטן שרייבן. עס זענען צו אים דערגאַנגען קלאַנגען, אַז דער לייט־מאָטיוו פון זשורנאַל וועט זיין אַ ריף צו תשובה מצד די פאָרשטייער פון דער פריידענקערישער אינטעליגענץ, וואָס זענען צעטומלט געוואָרן צוליב די געשעענישן פון די לעצטע יאָרן.

די דאָזיקע קלאַנגען האָבן אים באַאומרואיקט. „איך בלייב נאָך ביי מיין געדאַנק — שרייבט ער צו י. טשעריקאָווערן — אַז איך טאָר נישט שרייבן פאַר דער „טריבונע", איידער איך וועל זען דאָס ערשטע העפטל. די נייע תשובה־שטרעמונגען זענען מיר נישט באַקאַנט, כאָטש איך לייען די יידישע פּרעסע... איך וויל וויסן, וואָס טראַכטן די יונגע. איך האָב דאָך שוין איבערגעלעבט אין די אַכציקער יאָרן אַזאַ תשובה־געשריי: „צוריק אהיים!". איצט דאַרף דאָס קלינגען אַנדערש. ווען עס וועט אַרויס דאָס ערשטע העפטל, וועל איך זיך אָפּרופן אויף די נייע גענג, טאָקע ביי אייך אין דער „טריבונע". איצטער זענען מיינע געדאַנקען פאַרנומען מיט צוויי זאַכן: די אַלטע געשיכטע און די שטימונגען פון היינטיקן טאָג — די פראַגע: צי האָט דאָס געוויסן פון דער וועלט אויפגעוואַכט? (אין פאַרבינ־דונג מיט רוזוועלטס אַקציע)".

דער היטלעריזם האָט אומגעשטערט פון קיינעם פאַרצוקט אַליץ נייע קרבנות. אין פעברואַר איז געפאַלן דאָס רעפּובליקאַנישע שפּאַניע; אין מערץ האָבן די ברוינע באַטאַליאָנען שטאָלץ דורכגעמאַרשירט פאַרביי די אַלטערטימלעכע געביידעס פון דעם שווייגעוודיקן, טרויעריקן פּראָג. דער

נייער טריומף פון די אַגרעסאָרן האָט געדראָט מיט קנעכטשאַפט מיליאָנען סלאַװן און מיט אומקום הונדערטער טויזנטער ייִדן. אייראָפּע האָט געשװיגן; נאָר פֿאַראייניקטע שטימען פֿון פּראָטעסט האָבן עדות געזאָגט, אַז דער װילן צו װידערשטאַנד איז נאָך ענדגילטיק נישט פּאַראַליזירט. אין די דאָזיקע שװידערלעכע טעג האָט ש. דובנאָװ פֿיבערהאַפט געאַרבעט, ער האָט געשריבן אַן אַרטיקל א. נ. „דאָס דערװעקן פון װעלטס געװיסן און דער גורל פון ייִדנטום (צום 150־טן יאָרטאָג פון דער פראַנצױזישער רעװאָלוציע)“. דאָס אַרטיקל איז געװאָרן אָפּגעדרוקט אין דעם פּאַריזער זשורנאַל „רוסקיע זאַפּיסקי“, װאָס איז אַרױסגעגאַנגען אונטער דער רעדאַקציע פון פּ. מיליוקאָװ (אַפּריל 1939). דער מחבר האָט אָנגעװיזן, אַז דער אמתער מהות פון היטלעריזם האָט זיך שױן פון לאַנג אַנטפּלעקט אין זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם: עס איז נאַטירלעך, אַז אַ מלוכה, װאָס פּאַרפאָלגט אַכזריותדיק אַ נאַציאָנאַלע מינדערהײט, װענדעט אָן באַנדיטישע מעטאָדן אױך לגבי אירע שכנים. ס'איז צײַט צו פאַרשטײן, אַז די ייִדישע פראַגע איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע; דאָס האָבן שױן לאַנג פאַרשטאַנען די פּראָגרעסיװע ייִדישע קרײַזן, װאָס האָבן נאָך אין 1919 געשאַפן דעם קאָמיטעט פון ייִדישע דעלעגאַציעס, כדי צו קעמפן פאַר די רעכט פון ייִדישע מינדערהײטן אין די אײראָפּעאישע לענדער און פאַר אַ רעכטלעך־גאַראַנטירטער הײם אין פּאַלעסטינע. איצט, װען די פעלקער־ליגע איז צעשטערט געװאָרן, האָט דאָס ייִדישע פאָלק נישט צו װעמען צו אַפּעלירן; זײַן אָנשפּאַר איז אָבער אין די פּראָגרעסיװע כוחות פון דער מענטשהײט. עס שטײען פאַר אונדז דרײַ אױפגאַבן: 1) קאַמף פאַר גלײַכבאַרעכטיקונג אױף די ערטער, געפירט צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע פּאַרטײען, 2) קאַמף אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב דורך דעם װעלט־קאָנגרעס און דעם אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, און 3) אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון דער עמיגראַציע. מיט פאַרביטערונג קאָנסטאַטירט ש. דובנאָװ די שװאַכקײט פון װױאַנער עמיגראַציע־קאָמיטעט און די אַראַבאָפילישע טענדענצן פון דער ענגלישער פּאָליטיק. ער דערקלערט: די פעלקער װעלן זיך מוזן צונױפרוקן, כדי צו מאַכן אַן אָ־ט פאַר דעם „װאַנדערדיקן ייִד“. אױף אונדזערע אױגן הײבט זיך אָן דאָס גרױסע איבערוקן זיך פון די העגעמאָנישע צענטערן; מעגלעך, אַז אין אײראָפּע װעט פאַרבלײַבן נאָר אַ דריטל פון דער גלות־באַפעלקערונג, דער גרעסטער ייִדישער ישוב װעט זיך געפינען אין אַמעריקע און ס'װעט אױפקומען אַ קלײנע ייִדישע מלוכה אין פּאַלעסטינע. דאָס אַרטיקל פאַרענדיקט זיך מיט אַן אומרואיקער פראַגע: צי װעט אײראָפּע זײַן בכוח צו צעשטערן דעם הײַנטיקן אָנשפּאַר־זײַל פון רעאַקציע, אַזױ װי די פראַנצױזן האָבן מיט 150 יאָר צוריק צעשטערט די באַסטיליע?

רוזוועלטס פּראָיעקט וועגן שאַפן אַ „ליגע פון ווידערשטאַנד די אייראָפּעאישע אַגרעסאָרן" האָט ש. דובנאָוו געהאַלטן פאַר אַ סימפּטאָם, אַז דאָס געוויסן פון דער וועלט האָט דערוואַכט. ער האָט געהאָפט אַז די דאָזיקע איניציאַטיוו וועט דערוועקן אַקטיוויטעט אין קאָנגרעס. זיין פּלאַן האָט ער אַרויסגעבראַכט אין אַ קורצן מעמאָראַנדום. אין דעם בריוו, וואָס איז געווען בייגעלייגט צום דאָזיקן דאָקומענט, דאַטירט דעם 1־טן מאַי 1939, ווייזט ער אָן, אַז די באַשלוסן, וואָס זענען געוואָרן אָנגענומען אויף דער לעצטער סעסיע פון ביוראָ, זענען פאַרבליבן אויפן פּאַפּיר, נישט געקוקט דערויף, וואָס די לאַגע פון יידנטום האָט זיך פאַר די לעצטע חדשים באַדייטנדיק פאַרערגערט. דער מעמאָראַנדום האָט געהייסן „אינטערנאַציאָנאַלע ליגע צו פאַרטיידיקן דאָס יידישע פאָלק". דער טעקסט איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער יידיש־אַמעריקאַנישער פּרעסע. ש. דובנאָוו האָט געשריבן: „דער רוף פון פּרעזידענט רוזוועלט און דאָס אַנטשטיין פון דער „ליגע פאַר ווידערשטאַנד קעגן דער אייראָפּעאישער אַגרעסיע" צווינגט אונדז צו שטעלן די פראַגע: וואָס פאַר אַ גורל דערוואַרט דעם יידישן פאָלק, וואָס ווערט פאַרפאָלגט דורך די אַגרעסיווע רעגירונגען פון דייטשלאַנד און איטאַליע, און אין אַנדערע לענדער ווערן קעגן זיי אָנגעווענדעט באַגרענעצונגען? דאָס יידישע פאָלק האָט נישט קיין מלוכה, דערפאַר קען ער נישט פאַרטיידיקן זיינע פאָדערונגען ווי אַ פולבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער פּראָיעקטירטער ליגע... אָבער צי איז דען די סיסטעמאַטישע אינערלעכע אַגרעסיע, וואָס איז געווענדעט קעגן אַן אומבאַשיצטער נאַציע, ווייניקער פאַרברעכעריש ווי פאַרכאַפּן אַ פרעמדע טעריטאָריע מיט מעטאָדן פון אויסערלעכער אַגרעסיע?"

אויסרעכענענדיק אַ לאַנגן צעטל פון פאַרברעכנס, וואָס דער נאַציזם איז באַגאַנגען, ווייזט דער מחבר אָן, אַז אין רעזולטאַט פון די פאַרפאָלגונגען איז אַנטשטאַנען אַ כאַאָטישע און האָפנונגסלאָזע עמיגראַציע: די קרבנות פון טעראָר, וואָס וואַנדערן איבער אַלע ימען, קלאַפּן אומזיסט אין די פעסט פאַרריגלטע טויערן פון פאַרשידענע לענדער. די בריטישע אַדמיניסטראַציע יאָגט זיי פון די פּאָרטן פון פּאַלעסטינע. טויזנטער פּליטים שטייען פאַר דער אַלטערנאַטיוו — אָדער אויסצוקלייבן דעם אָפּגרונט פון ים אָדער די לענדער פון פּערמאַנענטן פּאָגראָם. לייזן דעם פּראָבלעם קען נאָר אַ באַזונדער אָרגאַן, וואָס וועט פאַרטיידיקן יידישע רעכט.

דער פּאַריזער זשורנאַל, וואָס ש. דובנאָוו האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זיין דערשיינען, האָט זיך ענדלעך באַוויזן. ער האָט געטראָגן אַ כאַראַקטעריסטישן נאָמען „אויפן שיידוועג". דער ערשטער העפט האָט באַשטעטיקט דעם חשד פון היסטאָריקער. דעם 4־טן מאַי שרייבט ער צו י. טשעריקאָווער, איינעם פון די רעדאַקטאָרן פון זשורנאַל: „די אידעאָלאָ־

גישע רעוויזיע איז היינט נישט קיין דבר בעתו. צו פרי קומט זי. פאַר איר וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען די היינטיקע בהלה וועט זיך איינשטילן. איצטער, ווען דער חלף ליגט אויפן האַלדז, ווען מיליאָנען ווייסן נישט, וואָס דער־וואַרט זיי אין דער נאָענטער צוקונפט, קען מען נישט מהרהר־בתשובה זיין און טראַכטן, ווי זיך איינצואָרדענען. בשעת אַ שריפה מוז מען שלעפּן וואַסער און לעשן; מען דאַרף אויך קעמפן קעגן די אונטערצינדער, און טאָן נאָר דאָס... מיינע געדאַנקען וועגן דעם וועל איך אַרויסזאָגן אין אַן אַר־טיקל פאַר אייער צווייטן זאַמלבוך, וואָס וועט הייסן, לערך, „וואָס טוט מען אין המנס צייטן?״ די גרונד־אידייע וועט זיין, אַז ווען מען גייט אויף אונדז „להשמיד ולהרוג״ מוזן מיר אַלע כוחות אָפּגעבן דעם קאַמף מיט די וועלט־גזלנים. זעכצן מיליאָן יידן זענען אַ קראַפט, וואָס קען אויך אַ ביסל קאַליע מאַכן דאָס געשעפט פון אונדזער פיינד. איר קענט דרוקן מיין אַר־טיקל מיט נעגאַטיווע באַמערקונגען (אָדער פּרינציפּיעל גאָרנישט נישט דרוקן)... אָבער שווייגן קען איך נישט... מיר וואַרטן מאָרגן אויף פּוילנס ענטפער צו היטלערן און ווייסן נישט, צי וועט דאָס ברענגען צו אַ וועלט־מלחמה צי נישט. אַלץ, אויסער קאַמף מיט דעם וועלט־גזלן מוז איצט אָפּגע־לייגט ווערן. עס איז זייער טרויעריק, וואָס דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז ווידער אַנטשוויגן געוואָרן... זענען מיר טאַקע אַזוי צעפּוילט, אַז אפילו בשעת סכנה רעאַגירן מיר נישט?... די לעצטע טעג האָט זיך מיין געזונט־צושטאַנד אַביסל פאַרערגערט (עפּעס סימנים פון אַנגינאַ פּעקטאָרים) אָבער מיין אַרבעט שטערט דאָס נישט, אדרבה, דאָס איז די בעסטע רפואה. איך גיי אַרום, שפּאַציר אין וואַלד, און בכלל פיל איך זיך גוט. וועגן אַנטלויפן ערגעץ ווייט פון שטורעם טראַכט איך גאָרנישט; איך האָב זיך נישט אָנגע־שטעקט מיט דער אַרומיקער פּאַניק — און בכלל וו קען מען זיך באַהאַלטן? מיר האָפן נאָך אויף דער נייטראַליטעט פון די קליינע באַלטישע לענדער״.

די קאָרעספּאָנדענץ בנוגע דעם זאַמלבוך „אויפן שיידוועג״ האָט נישט אויפגעהערט. אין אַ בריוו פון 12 יוני האָט ש. דובנאָוו מסכים געווען, אַז אין איין און דעם זעלבן נומער זאָל דערשיינען זיין „בריוו אין רעדאַק־ציע״ און אַן ענטפער פון די רעדאַקטאָרן. „אייער פּלאַן — שרייבט ער — צו דרוקן מיין „בריוו אין רעדאַקציע״ מיט אייערע תשובות... געפעלט מיר זייער. דאָס וועט זיין אַ מין „סימפּאָזיום״, ווי מ׳רופט דאָס איצט. איך מיין, אַז דאָס וועט זיין אַ מין „מלחמה בשלום״, און מיר וועלן זיך חלילה נישט צעקריגן. עס פרייט מיך דער דערפאָלג פון „שיידוועג״... מיר שטייען איצט אויפן שיידוועג אויך אין דער וועלט־פּאָליטיק... איר אין פּאַריז פייערט איצטער די יובל־שמחה פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. גראָד איצט האָט דאָס געדאַרפט זיין אַ וועלט־דעמאָנסטראַציע, אָבער די וועלט

איז נידערשלאָגן, דעמאָראַליזירט... איך לעב, ווי שטענדיק, איןביידע וועלטן: אין עבר און אין הוה".

מיט דער פאַרגאַנגענהייט איז דער היסטאָריקער געווען פאַרבונדן דורך דער אַרבעט איבער דעם לעצטן באַנד פון דער געשיכטע פון אַלטער־טום; דער צושטייער פאַרן היינט איז געווען פּובליציסטיק. כמעט גלייכ־צייטיק מיטן „בריוו" אין „אויפן שיידוועג" האָט ער אָנגעשריבן אַן אַר־טיקל פאַרן „יעווריייסקי מיר", אַ פאַריזער זאַמלבוך אויף רוסיש, וואָס איז לויט זיין גייסט און צוזאַמענשטעל פון די מיטאַרבעטער געווען אַ פאָר־זעצונג פון די אַלטע, פאַר־רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פון דער רוסיש־יידישער זשורנאַליסטיק. אין דאָזיקן אַרטיקל, וואָס האָט געהייסן „די יידי־שע אינטעליגענץ אין היסטאָרישן אַספּעקט", האָט ש. דובנאָוו זיך אומ־געקערט צו דער טעמע פון זיינע אַמאָליקע ליטעראַרישע און עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען — דער פאַרטיידיקונג פון דער פילשפּראַכיקייט אין דער יידישער ליטעראַטור. דער הויפּט־אַרגומענט איז געווען — ראיות פון דער געשיכטע; פּאָלעמיזירנדיק מיט די יידישיסטן און מיט די העברעאיסטן, האָט דער מחבר אָנגעוויזן דערויף, אַז די יידישע ליטעראַטור אויף פרעמדע שפּראַכן איז שוין אַלט צוויי טויזנט יאָר. אין ערשטן יאָרהונדערט פ. ק. איז דערשינען דער גריכישער תנ"ך — די סעפּטואַגינטאַ; אין משך פון אַ רייע ווייטערדיקע י"ה האָט איין טייל פון גלות געשריבן גריכיש, די צווייטע אַראַמיש. די ערשטע גרויסע ווערק פון יידישער היסטאָריאָגראַפיע זענען דערשינען אין דייטש; אין משך פון דער צווייטער העלפט פון 19־טן י"ה האָט די רוסיש־יידישע ליטעראַטור — די וויסנשאַפטלעכע. די פּאָליטישע און די קינסטלערישע — אויסגעאיבט אַ געוואַלדיקע ווירקונג אויף דער פאָר־מירונג פון דעם יידיש־נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין. היינט צו טאָג וועדט די יידישע יוגנט, וואָס רעדט נישט קיין יידיש און נישט קיין „עברית", דער־נעענטערט צו יידיש פאָלק מיט דער הילף פון דער מלוכה־שפּראַך; באַזונ־דערס כאַראַקטעריסטיש איז די דאָזיקע דערשיינונג אין די יידישע קיבוצים פון אַמעריקע.

אין אַרטיקל איז געוואָרן אָנגעוויזן אויף נאָך איין אַספּעקט פון דער־שפּראַכן־פּראָבלעם: דאָס איבעררוקן זיך פון די קולטור־צענטערן פון איין לאַנד אין אַ צווייטן האָט איבערגעלאָזט אַ ירושה אויף עטלעכע וועלט־שפּראַכן, וואָס האָט אַן אַלמענטשלעכן ווערט. יודאיזם — האָלט ש. דובנאָוו, — איז „אַ נאַציאָנאַלע וועלט־אַנשויאונג מיט אוניווערסאַלע פאַק־טענצן... אין אים איז געווען באַהאַלטן די ענערגיע פון גייסטיקער עקס־פּאַנסיע. דווקא די אינטעליגענץ, וואָס איז געקומען אין באַרירונג מיט דער אַרומיקער וועלט, האָט געפילט די באַדערפעניש זיך צו טיילן מיט זייערע

קולטור־דערגרייכונגען... מיר שליסן זיך נישט איין אין א נאַציאָנאַלן געטאָ, נאָר האַלטן זיך ביי דער „סיסטעם פון אָפענע טירן"... כל־זמן עס עקזיסטירט דער פילשפּראַכיקער גלות, וועט אויך עקזיסטירן אַ פיל־שפּראַכיקע ליטעראַטור". באַגריסנדיק דעם וווקס פון דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור, דערמאָנט דער מחבר, אַז מיט די שפּראַכן פון די אַרומיקע פעלקער האָבן זיך באַנוצט אַזעלכע פאָרשטייער פון יידישן געדאַנק, ווי דער רמב"ם, משה מענדעלסאָן, גרעץ, הערמאַן קאָהען; די דאָזיקע געצוווּנגענע שפּראַך־אַסימילאַציע האָט פאַר זיי נישט באַדייט קיין אינערלעכע אַסימילאַציע. כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַרגומענטאַציע פון ש. דובנאָוו איז דער טעמפּעראַמענט און די עקשנות: פאַרטיידיקנדיק לגבי דעם לייענער דעם פּרינציפּ פון פילשפּראַכיקייט, האָט ער פאַרטיידיקט 60 יאָר פון זיין אייגענער ליטעראַרישער טעטיקייט.

נאָך מיט מער אויפגערעגטקייט איז געוועז דורכגעדרונגען די פּאָלעמיק מיט דער רעדאַקציע פון „אויפן שיידוועג". אין דער טראַגישער עפּאָכע, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט געפאַרן פון קאַטאַסטראָפע, האָט ש. דובנאָוו ווי פונדאַמענט געקריגן דעם קאַמפּס־גייסט פון יענע יאָרן, ווען ער האָט געקעמפט מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט אין נאָמען פון פרייהייט און געדאַנק. דאָס אַרטיקל הייבט זיך אָן מיט דערמאָנען אַ היסטאָרישע דאַטע: אין 1937 איז געוואָרן 2000 יאָר זינט אַ גרופּע יידישע קריגס־געפאַנגענע, וואָס זענען אַרויסגעזעצט געוואָרן אין רוים, האָבן געלייגט דעם אָנהייב פון אייראָפּעאישן גלות. פייערן אויף אַ געהעריקן אופן דעם דאָזיקן יאָרטאָג איז אונדז שווער, ווייל די אייניקלעך פון די אַמאָליקע דייטשישע באַרבאַרן ווילן אונדז צווינגען איבערצוטראָגן דעם צענטער פון יידנטום קיין אַמעריקע און אַזיע. די היטלעריאַדע האָט פאַרטונקלט אַלע היסטאָרישע קאַטאַסטראָפעס אונדזערע — די פּאָגראָמען פון די קרייץ־צוגלער, גירוש שפּאַניע, גזירת ת"ח ות"ט, און די פּעטלורישע פּאָגראָמען. וואָס זשע דאַרף מען טאָן איצט? דער ענטפער איז אַ פּשוטער: קעמפן מיטן רוצח און ראַטעווען זיין קרבן. נישט אויפן גייסטיקן שיידוועג געפינען מיר זיך איצט, נאָר אויפן שלאַכטפעלד. אין אַזעלכע אומשטענדן טאָר מען זיך נישט אונטערגעבן דעפּעטיטישע שטימונגען: יידן דאַרפן אומעטום ווערן דער פערמענט פון אַנטי־אַגרעסיע, וועקן דאָס געוויסן פון דער וועלט, פאָדערן אָנצונעמען אַזעלכע מאָסמיטלען, ווי באָיקאָט און סאַנקציעס, און אויפן פאַל פון אַ מלחמה ווערבירן אין די אייגענע רייען פרייוויליקע פאַר די אַנטי־היטלערישע אַרמייען. „אַזוי אַרום — שרייבט ש. דובנאָוו — האָבן מיר דרינגענדיקע אַרבעט, אַרבעט איבער אונדזערע כוחות. און דאָ קומט מען צו אונדז מיט שטימונגען פון יאוש און רעזיגנאַציע, מיט הרהורי־תשובה און גאָט־זוכענישן!".



**זומער 1939: ש. דובנאָוו און די משפּחה ערליך**

עס זיצן (פֿון רעכטס צו לינקס): ש. דובנאָוו, ה. ערליך; עס שטייען: ס. דובנאָוו ערליך. וו. ערליך, לינאַ מ. (הויז־דינערין) בתיה ל. (אַ שכנטע) און א. ערליך.

עס וועט קומען אַ צייט, ווען עס וועט אויסקומען „...גייסטיק צו ראַטעווען די אויסגעלייזדיקטע נשמות פון דעם נייעם דור. דערווייל אָבער דאַרפן מיר ראַטעווען זייערע גופים. אַפריער יידן — דערנאָך יידישקייט."

דער שרייבער האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון דער ביטול־באַציונג מצד די „חוזר־בתשובה־אינטעליגענטן" צו דער בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע. „יאָ, — דערקלערט ער — זי האָט מיטגעבראַכט אַסימילאַציע, אָבער אויך פרייהייט, מענטשלעכע ווירדע, זי האָט אויפגעלעבט דעם פרייען מענטשן אין דעם ייד. נישט דאָס אָפּזאָגן זיך פון עמאַנציפּאַציע דאַרף מען פּראָפּאַגאַנדירן, נאָר אויסברייטערן אירע גרענעצן. אַנטלויפן פון אייראָפּע? אָבער דאָס באַפרייען אייראָפּע פון היטלערן באַדייט דאָך אויך אַ רעטונג פאַרן אייראָפּעישן יידנטום. איצט ווען עס ווערט געפייערט דער יאָרטאָג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, דאַרף דערקלערט ווערן בקול־רם, אַז דאָס איז אויך אונדזער יום־טוב". ש. דובנאָוו קאָנסטאַטירט: „מיר שטייגן און פאַלן מיט דעם פּראָגרעס פון דער גאַנצער מענטשהייט.. דער רוף „צוריק אין געטאָ!" איז שוין נישט ניי, און מיר האָבן אים שוין עטלעכע מאָל געהערט אין די לעצטע צענדליקער יאָרן. אויף וויפל דאָס הייסט צוריק צו יידישער קולטור אָדער צו יידישקייט אין מאָדערנעם זינען, גייט דאָך דאָס אַריין אין פּראָגראַם פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. אָבער צום מיטלאַלטערלעכן געטאָ און זיין יידישקייט וועט דאָס פּראָגרעסיווע יידנטום קיינמאָל זיך נישט אומקערן... פרייזיניקע וועט מען נישט אַריינשלעפן צוריק נישט אין בית־מדרש און נישט אין דער קירך אַריין".

דאָס אַרטיקל האָט אַרויסגערופן אַ סך אָפּרופן — קריטישע און פּאָזיטיווע. דער פּאָלעמישער אייפער, וואָס האָט, אַגב, דערמאָנט די אַמאָליקע פּובליציסטישע אַרטיקלען פון שרייבער, האָט, דאַכט זיך, אויך בייגעטראָגן דערצו, אַז ער האָט זיך געפילט באַזונדער מונטער. דער זומער איז דאָס יאָר געווען אַ זעלטן שיינער: די הייסע טעג האָבן געאָטעמט מיט ביטערלעכן אַראָמאַט פון נאָדל־בלעטער. דאָס איינזאַמע הינטערשטאָטישע הויז האָט אויפגעלעבט מיטן אָנקומען פון דער וואַרשעווער משפּחה. אָפט פלעגט מען אויפנעמען געסט, איינאָרדענען אויספלוגן, פּיקניקן, לייענען פּאָעזיע, זינגען לידער. דער באַלעבאָס איז נישט אָפּגעשטאַנען פון די יונגע געסט; צוזאַמען מיט זיי האָט ער געזונגען „אויב מאָרגן וועט זיין מלחמה"... ער פלעגט דערביי דורכלאָזן איין סטראָפע, וואָס איז אים נישט געפעלן. פון די לידער, וואָס די אייניקלעך האָבן מיטגעבראַכט האָט ער באַזונדערס ליב געהאַט דאָס ליד „מיר קומען אָן". מיט גרויס געפיל פלעגט ער זינגען: „מיר גייען מיט הונגער־פייערן אין בליק, מיט הערצער אויסגעבענקטע נאָך גליק, מיר קומען אָן, מיר קומען אָן!"... עס האָט זיך אים געדאַכט, אַז

דאָס דאָזיקע פּשוטע ליד זינגט וועגן זיין אָרעמער, פרוימערישער יוגנט...

סוף זומער זענען פּאַטער און מאַמע אָבער פאַרבליבן אַליין. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע; די ידיעות פון די צייטונגען האָבן אַרויסגערופן אומרו — אין מאָסקווע האָט מען געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָר־שטייער פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, דערוויילן אָן שום רעזולטאַט. ש. דובנאָוו פלעגט דערקלערן מיט זיכערקייט: „נישקשה, זיי וועלן זיך איינגיכן צונויפרעדן". כדי צו פאַרטרייבן די אומרואיקייט פלעגן זיי אַוועקגיין אין וואַלד מיט אַ בוך. אָפט פלעגט אויך מיטגיין אַ יונגע שומרקע, וואָס האָט ווינטער־צייט רעגולער פאַרגעלייענט פאַר דובנאָוון (ביי אים איז שוין געוואָרן די ראיה נאָך דער נישט לאַנג דורכגעמאַכטער אויגן־קראַנקהייט). ש. דובנאָוו האָט געפירט הייסע פּאָליטישע וויכוחים מיט זיינע באַגלייטע־רינס און אויך צו להכעיס זיי האָט ער געזידלט מאַיאַקאָווסקין; אין די שמועסן פלעגט זיך אָבער אַלץ עקשנותדיקער אַריינרייסן די מלחמה, אַרויס־שטויסנדיק אַנדערע טעמעס. אַ טעלעגראַמע פון וואַרשע האָט אויפגעפאָ־דערט די טאָכטער זי זאָל אַהיימפאָרן. די שטילקייט, וואָס האָט צוריק באַ־הערשט די גרויסע צימערן נאָך איר אַוועקפאָרן איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן פאָרגעפיל פון אַ קאַטאַסטראָפע.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָבן זיך איבער די פּוילישע שטעט, אויף די צעגליטע לויטערע הימלען, זיך דראָענדיק צערוישט די היטלעריסטישע עראָפּלאַנען. פאַרטויבט פון דעם דייטשישן בליץ־אָנגריף האָט דאָס לאַנד כמעט ווי זיך נישט פאַרטיידיקט. צום וואַלד־פּאַרק זענען דערגאַנגען מורא־דיקע ידיעות: די פּוילישע שטעט ברענען, וואַרשע האַלט זיך ביים אונ־טערגעבן, אירע איינוווינער אַנטלויפן אין פּאַניק, די אַרמיי טרעט אָפּ. בעת דער היסטאָריקער איז געווען באַזאָרגט וועגן גורל פון זיינע קינדער, וועגן פריינד, און וועגן ייוואָ אין ווילנע, האָט די משפּחה זיינע געוואַנדערט דורך וועלדער און זייטיקע שטעגן, צוזאַמען מיט מחנות אַנדערע פּליטים און אָפּ־טרעטנדיקן פּוילישן מיליטער, צו דער מזרח־גרענעץ.

דעם 9־טן אָקטאָבער האָט ש. דובנאָוו געשריבן צו די טשעריקאָווערס: „עס איז געשען דאָס, פאַר וואָס מיר האָבן זיך געשראָקן, אַזוי אַז פּכיביש זענען מיר צוגעגרייט... מיר האָבן אויך איבערגעלעבט נישט ווייניק אומ־רו, כאָטש מיר געפינען זיך אין אַ נייטראַל לאַנד. לכתחילה האָט מען מורא געהאַט, אַז די דאָזיקע קליינע מלוכהלעך וועלן צעריבן ווערן צווישן די גי־גאַנטן, נאָך לעצטנס האָבן מיר זיך באַרואיקט: די אומבאַרירלעכקייט פון די באַלטישע לענדער איז געזיכערט. דערפאַר האָב איך באַשלאָסן נישט אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג פון די אַמעריקאַנער פריינד אַריבערצופאָרן מעבר לים. דאָס וואָלט צעשטערט מיין גייסטיקע גלייכגעוויכט, וואָס איז אַזוי

װיכטיק אין אַזאַ צייט... װאָס עס באַאומרואיקט מיך אַממערסטן — דאָס איז דער גורל פון מיינע װאַרשעװער קינדער... עס דריקט מיך אויך די אָפּ־געריסנקייט פון אַלע פריינד אין מערב־אייראָפּע און אַמעריקע, דאָס פעלן פון דער אויסלענדישער פּרעסע א.א.װ.

„איצט זענען אַלע טאָג־טעגלעכע פּאַראינטערעסירונגען פּראָדוקט גע־װאָרן אויפן לעצטן פּלאַן. איך אַרבעט נאָר כדי צו היילן די נשמה, און נישט כדי צו פּאַרעפנטלעכן עס אין דרוק. עס װערט פּאַרענדיקט דאָס דרוקן דעם ציקל „געשיכטע פון אַלמערטום” — גיכער פּאַרן אַרכיװ. שפּעטער װעל איך, מן הסתם זיך פּאַרנעמען מיט דער ליקװידאַציע פון מיין ליטע־ראַרישער ירושה, אויך פּאַר דער צוקונפט... אַלע פּלענער פון אַרויסגעבן מיינע ביכער אין פּאַרשידענע לענדער זענען אָפּגעשטעלט געװאָרן”...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז ער מודיע א. שטיינבערגן: „איך בין געזונט און טראָג איבער מוטיק די שװידערלעכע איינדרוקן פון אונדזער צייט. מיינע אַרבעטס־פּלענער זענען, פּאַרשטייט זיך, צעשטערט געװאָרן, איך הער אָבער נישט אויף צו שרייבן — פּאַר זיך. דער איינציקער ליכטי־קער שטראַל אין דער פינצטערניש איז די ליטװישע װילנע, װוּ עס קען אונדז אַלעמען באַשערט זיין זיך צו באַגעגענען”.

אין די בריװ פון יענער צייט װערט אָפט איבערגעחזרט דער געדאַנק װעגן דער נויטװענדיקייט אַרויסצוגעבן אַ פּאָליטישע װאָכנשריפט אין דער ענגלישער שפּראַך, כדי צו אינפאָרמירן די אַמעריקאַנער עפנטלעכע מיינונג װעגן די געשעענישן אין אייראָפּע. „אויב דאָס זאָל פּאַרװירקלעכט װערן — שרייבט ש. דובנאָװ צו א. שטיינבערגן דעם 18־טן נאָװעמבער — קענט איר אויסרעכענען אויף מיין שטענדיקער מיטאַרבעט. אין דער לעצטער צייט טראָג איך זיך אַרום מיט אַ פּלאַן פון אַ רייע אַרטיקלען אונטער דעם אַלגע־מיינעם נאָמען Inter Arma ||| לויטן מוסטער פון דעם ציקל אַר־טיקלען, װאָס איך האָב פּאַרעפנטלעכט אין פּעטערבורג אין 1914־1915, אין די יאָרן פון דער ערשטער װעלט־מלחמה. דאָרט װעט זיין אַ געמיש פון געשיכטע מיט היינטצייטיקייט און אַ פּראָגנאָז פון דער צוקונפט... צװישן אַלע... אַלגעמיינע און פּערזענלעכע איבערלעבונגען האַלט איך נאָך אַלץ אין די גייסטיקע גלייכגעװיכט... אין די נאָענטסטע טעג דערשיינט דער לעצטער באַנד פון רוסישן אָריגינאַל פון דער „װעלט־געשיכטע” און מיט אַ גרינג האַרץ קען איך זאָגן: Nunc dimitis servum tuum in pace

אָבער... עס איז אומהדיק צו בלייבן אָן אָנגעשטרענגטער גייסטיקער אַרבעט — פּאַרנעם איך זיך מיט איבערקוקן דעם דריטן באַנד „דאָס בוך פון לעבן”, װאָס ליגט שוין לאַנג אין כתב־יד... עס מאַטערט מיך דער געדאַנק, אַז די

דריי־בענדיקע אויסגאַבע פון אונדזער געשיכטע איז אומגעקומען אין מע־ריש־אָסטראַו בעת דעם נאַציסטישן פּאָגראָם".

איבערן שרייבטיש איז ווי אין די פריערדיקע יאָרן געהאַנגען דער־טאַרגעלטער קאַרטאָנענער פּאָרטפעל מיטן אויפשריפט: scripta manent

ווי אין די טעג פון דער רעוואָלוציע, האָט ש. דובנאָוו זיך געפילט ווי אויף אַן אינדזל אינמיטן פון אַ צעשטורעמטן ים, ער האָט ווידער זיך געווידמעט אין דער דערמאָנונג: ביכער זענען דויערהאַפטער פון מענטשן... אויף אַ נידעריקער פּאָליצע זענען געלעגן פריש־אָפּגעדרוקטע בענדער — די רוסישע אויסגאַבע פון דעם גרויסן ווערק. דער ייוואָ אין ווילנע האָט פאַר די לעצטע צוויי יאָר אַרויסגעגעבן אַכט בענדער פון דער „געשיכטע" אין יידיש.

אין נאָוועמבער איז אָנגעקומען די ערשטע ידיעה וועגן גורל פון דער משפחה: די טאָכטער מיט די אייניקלעך זענען נאָך לאַנגע וואָגלענישן אָנגע־קומען קיין ווילנע; דער איידעם איז אַרעסטירט געוואָרן אין בריסק דורך דער סאָוועטישער מאַכט. ש. דובנאָוו האָט באַשלאָסן ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אַראָפּצופאָרן קיין ווילנע, וואָס איז אָפיציעל פאַראייניקט גע־וואָרן צו ליטע. ער האָט געהאַט בדעה צו העלפן די קינדער זיך איינצואָר־דענען אין די נייע באַדינגונגען און אויך פּרובירן, אַלס אַ פּאָרמעלער ליט־ווישער בירגער, אויסצוגעפינען דורך דיפּלאָמאַטישע קרייזן וועגן גורל פון זיין איידעם. ער האָט אָבער די רייזע געמוזט אָפּלייגן ביז עס וועט דער־שיינען דער דריטער באַנד מעמואַרן.

טראַכטנדיק אין די איינזאַמע ווינטער־נעכט וועגן דער צוקונפט — (דער ווינטער איז אין יענעם יאָר אויסגעפאַלן זייער אַ שטרענגער, און די שטאָטישע פלעגן כמעט נישט קומען אין וואַלד־פּאַרק) האָט דער היסטאָרי־קער געפּלאַנט זיך באַזעצן אין ליטע. „לעצטנס — שרייבט ער צו טשע־ריקאָווערס — הערשט ביי מיר אַן עמיגראַנטישע שטימונג. איך טראַכט נישט, חלילה, וועגן אַמעריקע, כאָטש מיינע דאָרטיקע פריינד האָבן פאַר מיר געקראָגן אַ וויזע, און זי ליגט שוין מער ווי אַ חודש דאָ ביים אַמע־ריקאַנישן קאָנסול. איך האָב באַשלאָסן אין פרילינג באַזעצן זיך אין ליטע — אין ווילנע אָדער אין קאָוונע. אויסער פאַמיליע־מאָטיוון... באַוועגט מיך דערצו די שווערע געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער אין לעטלאַנד. (אין ליטע איז דאָך געבליבן אַ קליינער רעשט דעמאָקראַטיע) און די האָפנונג, אַז אין ווילנע וועל איך קענען עפּעס אויפטאָן פאַר דער רעסטאַווראַציע פון אינסטיטוט".

ווילנע איז פון לאַנג געווען טייער דובנאָוון, עס האָט אים אָבער גע־שראָקן די אָנגעשטרענגטע אַטמאָספער, וואָס האָט זיך דאָרט געשאַפן: דע־

פּאָגראָם, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן נאָך דעם ווי די רויטע אַרמיי האָט פאַרלאָזט די שטאָט, האָט עדות געזאָגט וועגן די צעגליטע נאַציאָנאַלע לײַדנשאַפטן. די פּערספּעקטיוו פון מלחמה־געפאַרן האָט דעם שרײַבער נישט באַאומרואיקט אין די דאָזיקע טעג: ער האָט געגלויבט אין דער סטאַבילקייט פון די קליינע באַלטישע מלוכות, פאַרזיכערטע מיטן אָפּמאַך וועגן קריגס־באַזעס. „איך האַלט — שרײַבט ער צו זײַנע פּריוואַטער פרײַנד — אַז טראַכטן וועגן איבערפירן דעם ייוואָ קיין אַמעריקע טאָרן מיר לעת־עתּה נישט: מיר טאָרן נישט שטעלן קיין מצבה אויפן אייראָפּעאישן צענטער, ווען די בעסערע וועלט קעמפט פאַר אַ נײַער אייראָפּע". אויף די טענות פון ד. טשאַרני, אַז מעבר לים קען מען אַרבעטן אין אַ מער גינסטיקער סביבה, האָט ער געענטפערט: „פאַרשטייט זיך, אין אַמעריקע לעבט זיך רואיקער, אָבער מיר האָבן נישט קיין רעכט צו פאַרלאָזן די אַלטע נעסט". בײַסלעכווײַז האָט ליטע אָנגעהויבן אויסזען בײַ ש. דובנאָוון ווי אַן אָרט, וווּ ס'וואָרט אויף אים די פאַרווירקלעכונג פון זײַנע טרוימען — אַ משפּחה־סביבה, קאָנטאַקט מיט גײַסטיק־נאָענטע מענטשן, סיסטעמאַטישע אַרבעט אין ייוואָ. פאַרן אײַביקן וואַנדערער איז בײַם סוף פון ערדישן גאַנג אויפגעקומען אַ פריידיקער מיראַזש... פאַרכאַפּט פון די נײַע פּלענער האָט ער גערופן צו זיך די פרײַנד פון דער היטלער־באַדראָטער מערב־אייראָפּע. שוין אין דעם ציטירטן בריוו צו ד. טשאַרנין זאָגט ער אַרויס זײַן האָפענונג, אַז לויט אַלע וואַרשײַנלעכקייטן וועלן זיי זיך אינגיכן טרעפן אין ווילנע. וזהין עס וועלן אויך קומען די טשעריקאָווערס.

אויף דער אײַנלאַדונג פון יידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אַמעריקע האָט ש. דובנאָוו געענטפערט מיט פאָלגנדיקן בריוו: „איך בין טיף גערירט פון אײַער פרײַנדלעכער אײַנלאַדונג צו קומען קיין אַמעריקע וואָס האָט זיך שוין אויסגעדריקט אין מעשים — אין דער וויזע פאַר מיר, וואָס איר האָט מיט אַזוי פיל שוועריקייטן באַקומען און וואָס ליגט שוין דאָ אין אַמעריקאַנישן קאָנסולאַט.

„גלויבט מיר, אַז מיר איז זייער שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן פון דעם אַמעריקאַנער פּלאַן, וואָס וואָלט מיך געראַטעוועט פון אַלע אייראָפּעישע צרות און זאָרגן. כ'מוז דאָס אָבער טאָן נישט נאָר צוליב געזונטהייטס־טעמים — די אוממעגלעכקייט פון אַזאַ שווערער רייזע בײַ מײַנע יאָרן און בײַ היינטיקע אומשטענדן — נאָר צוליב געזעלשאַפטלעכע מאָטיוון. די פאַרייניקונג פון ווילנע מיט ליטע האָט פאַר מיר געשטעלט די פראַגע וועגן מײַן אַריבערפאָרן קיין ווילנע, כדי צו העלפן דאָרט דער רעסטאַוראַציע פון אונדזער יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, וואָס האָט שטאַרק געליטן

פון דער מלחמה, באַזונדערס פון דעם חורבן פּוילן. איך וועל דאָס טאָן דעם קומענדיקן פרילינג, ווען ווילנע וועט זיך א ביסל באַרואיקן.

„אויב די אומשטענדן וועלן זיך בייטן און עס וועט זיין א סכנה פאַר מיין אויפהאַלטן זיך אין באַלטיקום, וועל איך מוזן באַנוצן די אמעריקאַנער וויזע, וועלכע איך וועל זיך משתדל זיין צו פאַרלענגערן אין קאָנסולאַט. לאָמיר אָבער האָפן, אַז די לאַגע וועט זיך פאַרבעסערן און מיר וועלן דערלעבן צו זען א באַפרייטע אייראָפּע". (12־טן דעצ. 1939).

דער טרוים וועגן א באַפרייטער אייראָפּע און וועגן רעוואַנש פון אייראָפּעישן יידנטום, וואָס איז געפּייניקט געוואָרן פון נאַציזם, האָט דאָמינירט אַלע פּלענער פון שרייבער. שרייבנדיק צו י. טשעריקאָווערן וועגן זיינע ליטעראַרישע ענינים גיט ער צו: „אָבער דאָס אַלץ איז דאָך נאָר א שלאָפּגעטראַנק, כדי צו באַרואיקן די נערוון פון א מלחמה־צייט. עס ציט מיך שטאַרק צו פּובליציסטיק, צו א צווייטן Inter Arma עס לאָזן מיך נישט צורו די צייט־געדאַנקען, און איך האַלט, אַז מיר מוזן שאַפן אין לאָנדאָן אָדער פּאַריז א פּעריאָדישן אָרגאַן פאַר אַזעלכע געדאַנקען וועגן יידישע צילן פון וועלט־קריג... מיין פּלאַן איז: ערשטנס זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר א „שוואַרצבוך" וועגן דעם חורבן פון אונדזער פּוילישן צענטער, און צווייטנס — גרינדן א וואָכנבלאַט פאַר דער יידישער פראַגע אין מלחמה־צייט און אין דער קומענדיקער „נייער אייראָפּע". דאָס בוך און די צייטונג דאַרף מען אַרויסגעבן אין ענגליש, ווייל מיר האָבן אין זינען אויך די אויסנוועלט און אונדזערע מיליאָנען אינגליש־ספּיקנדע אין אמעריקע... איך האָב... צוגעשיקט א בריוו צו דער רעדאַקציע „טיימס" וועגן דער נויטיקייט צוגעבן צו די קריגס־צילן (פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיי א. א.) אויך די רעסטאַווראַציע פון (די) חרוב־געוואָרענע יידישע צענטערן, וואָס היטלער האָט זיי דערקלערט דעם שלימסטן קריג... איך וואָלט דאָס אָבער (אויך) געוואָלט דרוקן אין א יידישן אָרגאַן און נישט דאָס אַליין, נאָר א גאַנצע סעריע אַזעלכע אַרטיקלען..."

אָנהייב ווינטער 1940 איז געוואָרן אָנגעשריבן דאָס ערשטע קאַפּיטל פונעם ציקל Inter Arma II עס האָט געהייסן „געדאַנקען פון א יידישן היסטאָריקער וועגן די צילן פון מלחמה און שלום" און איז געווען באַשטימט פאַרן נאָענטסטן העפט פון „אויפן שיידוועג". דורכגעדרינגען מיט נשמה־צער איז דאָס קאַפּיטל כמעט אינגאַנצן געשריבן אין א פּאַטעטישן טאָן — א זעלטענע דערשיינונג אין ש. דובנאָווס שאַפן. ערטערוויז ווענדעט זיך דער מחבר דירעקט צו די פירער פון דער אַנטי־היטלעריסטישער קאָאַליציע. דער לייט־מאָטיוו איז דער געדאַנק, אַז דאָס יידישע פאָלק לעבט איבער זיין ביישפּיללאָזע טראַגעדיע אין פולשטענדי־

קער איינזאַמקייט, און עס ליידט נישט נאָר פיזיש, נאָר אויך מאָראַליש — צוליב דער גלייכגילטיקייט פון די אַליאירטע.

דאָס אַרטיקל הייבט זיך אָן מיט אַ פאַרגלייך צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. די ערשטע איז געווען אַן אומזיניקע בלוט־פאַרגיסונג; נאָר די מחברים פון שלום־פּראָגראַם האָבן געפּרוווט פאַרמולירן אירע צילן: רעו זין פון דער צווייטער מלחמה איז אַ קלאָרער: די דעמאָקראַטישע פעלקער ווייסן, אַז דער היטלעריזם, וואָס איז אַ געפאַר פאַר דער מענטשהייט, דאַרף ווערן פאַרניכטעט דורך מיליטערישער קראַפט. די דעקלאַראַציעס פון די אַליאירטע זאָגן צו צו באַפרייען איראָפּע פון נאַציסטישן באַרבאַריזם; אָבער זיי דערמאָנען נישט מיט קיין איין וואָרט וועגן גורל פון דעם פאָלק, מיט וועמען דער היטלעריזם קעמפט שוין אין משך פון זיבן יאָר. עס וואָלט זיך געדאַכט, אַז די קעמפער פאַר אַ „נייער איראָפּע" וואָלטן געדאַרפט אויסשטרעקן אַ האַנט די ערשטע קרבנות פון נאַציזם; קיינער אָבער, חוץ רוזוועלטן, האָט זיך נישט אַנטשלאָסן צו מאַכן אַ מיטגעפיל־זשעסט. עס האָט עס אויך, צום באַדויערן, נישט געטאָן די ענגלישע לייבאָר־פּאַרטיי; איר פאָרשטייער דאַלטאָן האָט דערקלערט, אַז די יידישע פראַגע וועט ווערן אויטאָמאַטיש געלייזט דורכן באַפרייען די אָקופּירטע לענדער. אָבער דווקא אין איצטיקן מאָמענט וואָלט דאָס וואָרט געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין טאַט.

„איר ווילט איצט — רופט אויס מיט פאַרביטערונג ש. דובנאָוו, ווענדנדיק זיך צו די איינפלוסרייכע קרייזן פון דער דעמאָקראַטישער קאָאַליציע, — פאַרשווייגן די יידישע פּראָבלעם, אָבער באַלד נאָך דער מלחמה וועט זי אויפשטיין פאַר אייערע אויגן אין איר גאַנצער גרויס, אין איר וועלט־פאַר־נעם. צו דעם קומענדיקן פרידנס־קאָנגרעס וועלן קומען יידישע פאָרטרעטער פון אַלע לענדער אין דער וועלט און וועלן פאָדערן פון דער „נייער איראָ־פּע" גערעכטיקייט פאַר דעם פאָלק, וואָס האָט מער פון אַלעמען געליטן פון דעם היטלער־טעראָר". דער שרייבער זעט פאָרויס, אַז די דאָזיקע דעלע־גאַטן וועלן פאָדערן, אַז אומעטום זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן די פּרינציפּן פון גלייכבאַרעכטיקונג, און אויך פרייע עמיגראַציע קיין אַמעריקע און קיין פּאַלעסטינע. „דאָס יידישע פאָלק — פירט ער אויס — וועט אויפוואַכן צום סוף פון דעם באַפרייאונגס־קריג, אין וועלכן ער וועט אויך פאַרגיסן זיין בלוט, און ער וועט אַרויסשטעלן צו דער גאַנצער וועלט זיינע קאַטעגאָרישע פאָדערונגען אויפן גרונט פון יושר און גערעכטיקייט".

דער ציקל „אינטער אַרמאַ" האָט לויטן לכתחילהדיקן פּלאַן געזאָלט באַשטיין פון צען קאַפּיטלען. ער איז בעיקר געווען באַשטימט פאַרן נישט־יידישן לייענער; ש. דובנאָוו האָט פאָרגעשלאָגן זיין איבערזעצער, מאָווש־אָוויטשן, איבערצוגעבן דאָס אַרטיקל אין „דיילי קראָניקל". צו דער אַרבעט

איבער די ווייטערדיקע קאַפּיטלען האָט ער געזאָלט צוטרעטן נאָך דעם, ווי עס וועט דערשיינען דער דריטער באַנד מעמוארן. דער שרייבער איז געווען פאַרטאָן אין לייענען קאָרעקטן, ווען אין שטילן, פון שניי־פאַרשאָטענעם הויז האָט זיך באַוויזן אַן אומגעריכטער גאַסט פון מערב. דער יונגער יידי־שער זשורנאַליסט האָט געבראַכט מיט זיך דעם אָטעם פון אייראָפּע, וואָס איז געווען אַרומגעכאַפּט פון דער מלחמה־שריפה. ער האָט זיך באַמיט איבערצוצייגן דעם היסטאָריקער ער זאָל פאַרלאָזן די אומזיכערע ריגע און זיך באַזעצן אין שטאָקהאָלם, דער הויפּטשטאָט פון אַ פרידלעך, קולטורעל לאַנד, וואָס האַלט זיך פעסט ביי די טראַדיציעס פון נייטראַליטעט. ש. דוב־נאָוו האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג. ער האָט דער־קלערט דעם גאַסט, אַז אין זיינער צייט האָט ער פאַרלאָזט רוסלאַנד, כדי צו קענען פאַרענדיקן זיין הויפּט־ווערק. די דאָזיקע אַרבעט איז איצט פאַרענדיקט, און ביי זיין הויכן עלטער איז שווער אָנצוהייבן נייע וואַנדע־רונגען. און דער עיקר — אין אַ טראַגישער צייט דאַרף אַ יידישער שרייבער בלייבן מיט זיינע ברידער און טיילן זייער גורל.

דער אָנהייב פרילינג האָט מיט זיך געבראַכט נייעם אומרו. דייטשישע חילות האָבן פאַרכאַפּט נאָרוועגיע; די דערציילונגען פון פּוילישע פליטים וועגן דעם קאָשמאַר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע האָבן אַרויסגערופן שוי־דער און אוממעכטיקן צאָרן. שעהן לאַנג פלעגט דער היסטאָריקער שפּאַ־נען איבער זיין וווינונג, באַמיענדיק זיך צו באַרואיקן און זיינע איינזאַמע טריט פלעגן טרויעריק אָפּקלינגען אין דער שטילקייט פון די פּוסטע גרויסע צימערן. די אַרבעט איבער די קאָרעקטורן פון „דאָס בוך פון לעבן" האָט אים אָפּגעריסן פון די ביטערע געדאַנקען. דער ערשטער טייל פון נייעם באַנד זענען געווען געווידמעט דעם בערלינער פּעריאָד (1922-1933). אין דעם קורצן עלעגישן עפּילאָג האָט דער מחבר זיך געזעגנט מיט זיין היימלאַנד. אין צווייטן טייל פון דעם בוך זענען אַריין פראַגמענטן פון זיינע טאָג־ביכער — באַטראַכטונגען וועגן ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע ענינים.

אין אַפּריל איז ש. דובנאָוו אַרויסגעפאָרן קיין קאָוונע. דאָ, אין הויז פון זיין פריינד אַנע ביילינסאָן, האָט ער פונדאָסניי דערפילט, וואָס פאַרא גרויסער גייסטיקער אָנשפּאַר עס איז אין אַ שווערער צייט דער קאָנטאַקט מיט מענטשן. דאָס גאַסטפריינדלעכע הויז איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ רוישיקן קלוב: אומענדלעכע שמועסן, וויכוחים, באַראַטונגען. די אָרטיקע זשורנאַליסטן האָבן איינגעאָרדנט אַ פאַרזאַמלונג; איר צענטראַלער פונקט איז געווען דער רעפעראַט פון דעם היסטאָריקער וועגן דעם גורל פון יידנטום אין מלחמה־צייט. דעם באַריכט וועגן רעפעראַט אין דער פּרעסע איז אויס־געקומען שטאַרק צו פאַרקירצן: די ליטווישע צענזור האָט נישט דערלויבט

צו קריטיקירן דעם היטלעריזם. אַ סך ווייסע פלעקן האָט אויך געהאַט ש. דובנאָווס קורצער אַרטיקל „דער 20־טער י"ה און דער מיטלאַלטער", וואָס איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער קאָוונער צייטונג „די יידישע שטימע": דער היסטאָריקער ווייזט דאָרט אָן, אַז די ערשטע פיר יאָרצענדליקער פון 20־טן י"ה האָבן דעם יידישן פאָלק געבראַכט מער צרות, ווי די סאַמע פינצטערסטע יאָרהונדערטער פון דער פאַרגאַנגענהייט. פונדעסטוועגן איז ער איבערצייגט, אַז מענטשלעכקייט וועט זיגן איבער באַרבאַריזם.

אין ווילנע האָט אויפן שרייבער געוואַרט די באַגעגעניש מיט דער משפּחה, מיט אידייען־חברים און תלמידים. נישט געקוקט אויף דער נאָענטקייט צו פּוילן, וואָס האָט געשמאַכט אונטערן יאָך פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז די אַלטע שטאָט נישט אַריינגעפאַלן אין יאוש: אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָט געהערשט אַ גרויסע אויפלעבונג. אַ פרישן שטראָם האָבן אַריינגעבראַכט די פּליטים — שרייבער, פּעדאַגאָגן, קולטור־טוער. אין דער געביידע פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָט גערוישט ווי אין אַ בינשטאָק, אין די זוניקע צימערן זענען געווען אויסגעלייגט די עקספּאָנאַטן פון דער אויסשטעלונג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן צום 25־טן יאָרצייט פון י. ל. פּרץ. די פייערונגען האָבן געדויערט עטלעכע טעג און זענען געוואָרן פאַרענדיקט מיט אַ קאָלעקטיווער יידישער ראַדיאָ־אַודיציע אין וועלכער עס האָט אויך אָנטייל גענומען דער גאַסט פון ריגע; די דאָזיקע ראַדיאָ־אַודיציע איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש אין לעבן פון די ליטווישע יידן — צום ערשטן מאָל האָט אַ מלוכהשע ראַדיאָ־סטאַנציע גערעדט צו זיי אויף זייער שפּראַך.

די אָפטע באַגעגענישן מיט ז. קאַלמאַנאָוויטשן און מיט אַנדערע מיטאַרבעטער פון ייוואָ האָבן ביים היסטאָריקער באַקרעפטיקט דעם געדאַנק, אַז זיין אייגנטלעך אָרט איז צווישן די ווילנער ענטוזיאַסטן פון יידישער וויסנשאַפט, — מענטשן. וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן, ווי ער אַליין, פון אַ פעסטן, האַרטן מאַטעריאַל. מיט די דאָזיקע געדאַנקען איז ער אָפּגעפאָרן אין זיין וואַלד־ווינקל; ער האָט באַשלאָסן זיך גרייטן צום איבערפאָרן קיין ווילנע. עס זענען געשטאַנען שטילע זוניקע טעג, די דאָזיקע שטילקייט איז אָבער אויפגעטרייסלט געוואָרן פון ווייטע אויפרייסן: די דייטשישע חילות האָבן אָן אָפּהאַלט מאַרשירט קיין מערב. באַזונדערס איז דער שרייבער געווען באַזאָרגט וועגן גורל פון זיין באַליבט פראַנקרייך, דאָס לאַנד פון ענציקלאָפּעדיסטן, פון רעוואָלוציע, און דעקלאַראַציע פון מענטשנרעכט. נאָכפאָלגנדיק דעם מאַרש פון די דייטשן אויף פּאַריז האָט ער געוואַרט אויף אַ נס, אויף אַ נייער מאַרנע, אויף אַ פּאַטריאָטישן אויפברויז, ווי אין די צייטן פון קאָנוועגט. די קאַפּיטולאַציע פון דער פראַנצויזישער

הויפּטשטאָט האָט אים דערשיטערט: אַ פינצטערע נאַכט האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט איבער אייראָפּע.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן שטאַרקע אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי איבערגעשריטן די גרענעצן פון די באַלטישע רעפּובליקן. אומגעריכט, אין באַדינגונגען פון מלחמה, איז דעם שרייבער ווידער אויס־געקומען זיך צו באַגעגענען מיט רוסלאַנד, מיט וועלכער ער האָט זיך גע־זעגנט אין זיין נאָכוואָרט פון „דאָס בוך פון לעבן". די אַטמאָספער פון דער באַגעגעניש האָט נישט דערמאָנט די שטורמישע אָקטאָבער־טעג: די איבערקערעניש אין לעטלאַנד איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אָן בלוט־פאַרגי־סונג; אין דער נייער לעטישער רעגירונג זענען אַריין פאָרשטייער פון דער אומפּאַרטייאישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ. אין אַ בריוו צו זיין טאָכ־טער האָט ש. דובנאָוו כאַראַקטעריזירט די דאָזיקע רעגירונג ווי אַ דעמאָ־קראַטישע, און האָט אַרויסגעזאָגט זיין באַפרידיקונג צוליב דעם פאַל פון אולמאַניסעס דיקטאַטור, וואָס האָט אַריינגעצויגן דאָס לאַנד אין דער אַרבי־טע פון היטלעריזם.

דער שרייבער האָט זיך געקענט איבערצייגן, אַז ס'איז אוממעגלעך אונטערצופירן לעבנס־סך־הכלען און בויען פּלענער אין מלחמה־צייט. עס איז אויסגעקומען זיך אָפּצוזאָגן פון דעם פּלאַן צו באַזעצן זיך אין ליטע: די גרענעץ צווישן די באַלטישע רעפּובליקן וואָס זענען אין יולי 1940 איינגעשלאָסן געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד, זענען געוואָרן פעסט געשלאָסן. אויפן שוועל פון זיין אַכציקסטן יאָר האָט דער היסטאָריקער מיט פאַרבי־טערונג דערפילט די מאַכטלאָזיקייט פון יחיד קעגנאיבער דער היסטאָרישער סטיכיע. איצט איז ער געווען צוגעשמידט צו דער קליינער רעפּובליק, וואָס ער האָט געוואָלט פאַרלאָזן און עס האָט אים געפייניקט די אומבאַשטימט־קייט פון זיין אייגענעם גורל און דעם גורל פון דעם דאָזיקן לאַנד.

ש. דובנאָוו האָט באַזוכט סוף זומער אַן אָנגעזעענער יידישער קאָ־מוניסט מיט וועמען דער שרייבער האָט זיך עטלעכע מאָל געטראָפן פאַר דער מלחמה. זיין באַזוך האָט געטראָגן אַ האַלב־אָפיציעלן כאַראַקטער. דער גאַסט האָט אויטאָריטאַטיוו דערקלערט דעם היסטאָריקער, אַז די ענדערונג פון רעזשים דאַרף אים נישט באַאומרואיקן: די רעגירונג, אין דער שפּיץ פון וועלכער עס שטייט אַ וויסנשאַפטס־מאַן, שעצט קולטור און אירע פאָר־שטייער. ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז עס וועט ווערן אָפּגעהיט די באַקוועמ־לעכקייט און רו פון שרייבער: נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן פון מלחמה־צייט, וועט פון זיין גרויסער וווינונג נישט רעקווירירט ווערן קיין איין צימער.

די אויסערלעכע באַדינגונגען זענען, באמת, פאַרבליבן די זעלבע, עס

האָט זיך אָבער געענדערט דער גאַנצער לעבנס־סטיל: דער אומדערמידלעכער מתמיד האָט זיך דערפֿילט אַרבעטסלאָז. די מלחמה האָט אָפּגעשטעלט אַלע איבערזעצונגען פון זיינע ווערק: באַזונדערס שווער האָט אים געטראָפן דער דורכפֿאַל פון דער ענגלישער אויסגאַבע פון דער געשיכטע. אין לעטלאַנד גופא האָט זיך די נייע ריכטונג אויסגעדריקט אין דעם, וואָס דער נישט לאַנג איבערגעדרוקטער לערנבוך איז געוואָרן אָנערקענט אַלס נישט אַנטשפּרעכנ־דיק פאַרן גייסט פון דער פאָלקסשול און איז געוואָרן פאַרבאָטן.

באַזונדערס שטאַרק האָט דער היסטאָריקער דערפילט זיין איינזאַמקייט אין זיין אַכציקסטן געבורטסטאָג. ער איז געווען אָפּגעטיילט פון דער משפּחה דורך אַ שטרענג־באַוואַכטע גרענעץ, זיינע פריינד, וואָס זענען אַנטלאָפן פון פּאַריז און האָבן זיך ערגעץ געוואַלגערט אין דרום־פראַנקרייך, וואַרטנדיק אויף וויזעס, האָבן געשוויגן; אַמעריקע האָט זיך נישט אָפּגערופן, עס זע־נען געווען באַשווערט די באַציונגען מיט ארץ־ישראל, ווו עס האָבן געוווינט זיינע אַמאָליקע אָדעסער פריינד און ווו ער האָט געהאַלטן זיינע באַשיידענע אָפּשפּאָרונגען, וואָס זענען געווען דער יסוד פון זיין בודזשעט. עס איז געווען שווער צו אָטעמען אין דער דאָזיקער וועלט, וואָס איז פּלוצ־לונג אַזוי איינגעשרומפּן געוואָרן.

אין האַרבסט האָט ש. דובנאָוו באַקומען אַ ידיעה, אַז די טאָכטער און די אייניקלעך קלייבן זיך צו פאָרן קיין אַמעריקע, און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין איינזאַמקייט. ער האָט געפילט, אַז דער קרייז אַרום אים האָט זיך פאַרשלאָסן. אַ פאַרביטערטער האָט ער געפּרוווט ווענדן זיין בליק אויף מזרח; פון דער באַנייטער קאָרעספּאָנדענץ האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זיין ברודער וואָלף לעבט אין מאָסקווע, אין גרויס אָרעמקייט. ש. דובנאָוו האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן נעמען דעם ברודער צו זיך. אפשר איז באַ־שערט — האָט ער געטראַכט — אַז די ברידער, וואָס האָבן זיך צעשיידט אין דער יוגנט, זאָלן אָפּלעבן זייערע לעצטע יאָרן צוזאַמען. וואָלף האָט קוים זיך אָפּגערופן אויף דעם פאָרשלאָג פון זיין ברודער: ער איז געווען פּאַראַליזירט, און נאָר די שטענדיקע זאָרג פון זיין פּלימעניק יעקב האָט אים אויפגעהאַלטן ביים לעבן.

דער ווינטער פון 1940־1941 איז געווען אַ שטורעמדיקער און אַ קאַלטער. דער היסטאָריקער פלעגט פרירן אין זיין גרויסן קאַבינעט, אויפן זכרון זענען אויפגעקומען די פּעטערבורגער ווינטערן. די טאָכטער און די אייניקלעך זענען אוועקגעפאָרן און ער פלעגט נאָכפאָלגן זייער קאָמפּליצירטן מאַרשרוט, באַזונדערס איז ער געווען באַזאָרגט פאַר זיין זעקסיאָריקן אור־

אייניקל מרים, וואָס ער האָט אין זיינע בריוו גערופן „די סאַמע יונגסטע פאַרערקע לעבר־הים״.

אַרום האָט גערוישט אַ שווער, קאָמפליצירט לעבן פון אַן איבערבוי־פעריאָד; זיינע אָפקלאַנגען פלעגן צום היסטאָריקער נישט דערגיין. די נייע ווירקלעכקייט איז אים געווען אָרגאַניש פרעמד; עס האָבן אין איר געפעלט די נויטיקסטע אַטריבוטן פון זיין לעבן: — אַ שטענדיקער קאָנטאַקט מיט זיינע מיטקעמפער, צעשפרייטע איבער דער גאָרער וועלט, און אַקטיווער אָנטייל אין קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון וועלט־יידנטום. אין דעם מאָנאָטאָנעם גאַנג פון די טעג איז יעדער אָפקלאַנג פון דער ווייטנס, יעדער נייער העפט פון אַ יידישן זשורנאַל, געווען אַן אמתע געשעעניש. אַ סך זכרונות האָט דערוועקט ביים היסטאָריקער אַ בריוו פון ד״ר י. מייזעל, דער געוועזענער ביבליאָטעקאַר פון דער בערלינער קהלה־ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ירושלים. אין זיין ענטפער, דאַטירט דעם 5־טן מערץ 1941 דריקט ש. דובנאָוו אויס זיין פאַרביטערונג, וואָס האָט אים דאַן באַהערשט. באַשטעטיקנדיק דאָס דערהאַלטן דעם בריוו שרייבט ער: *) „יעדער בריוו, וואָס קומט פון דערווייטנס איז אַ גרויסע געשעעניש אין לעבן פון אַ מענטשן, וואָס איז פאַרשפאַרט אין דער תפיסה פון אייראָפע, וואָס איז אַרומגעכאַפט פון מלחמה און אַפילו אין די נייטראַלע לענדער. אונדזער מחנה אין ארץ־ישראל איז אויפגעריכט געוואָרן דורך די נצחונות פון ענגלישן מיליטער אין אַפריקע (כן ירבו) און עס איז צו האָפן, אַז די מגפה פון דער וועלט־שחיטה וועט אייך נישט דערגרייכן און וועט נישט פאַרשווענכן דאָס הייליקע לאַנד. דער זכות פון לאַנד איז אויך מיר ביי געשטאַנען, מחמת איך קריג פון דאָרטן, פון צייט צו צייט, געדרוקטע און געשריבענע שורות, אין דער צייט ווען פון אַמעריקע האָב איך נישט געקריגן קיין איין וואָרט זינט סוף זומער 1940. אַזוי האָב איך אין זיינער צייט באַקומען פון אשכולין זיין בוך „דוד הראובני״. איך האָב אים געשריבן אַן אויספירלעכע תשובה אויף זיין בריוו. אויך פון איינעם אַ יונגן מאַן פון ירושלים, ה׳ שוואַרצבוים, האָב איך דערהאַלטן זיין דיסערטאַציע צוזאַמען מיט אַ בריוו. איך האָב אים באַלד געענטפערט. איך האָף, אַז בדרך נס זענען מיינע בריוו דערגאַנגען צו די אַדרעסאַטן. בכלל לעבן מיר מיט ניסים. מיט ניסים לעבן מיר אין אַ וועלט פול מיט מלאכי־המות (אויפן וויסנשאַפטלעכן לשון — טויט־באָמבעס) און אַלערליי משחיתים, אַפילו מחוץ די שלאַכטפעלדער. מיר זענען אָפגעטיילט פון די קוואַלן פון אונדזער גייסטיק לעבן. אַזוי, למשל, האָב איך נאָך

*) די איבערזעצונג פון י. מייזעלס בריוו איז געמאַכט געוואָרן פון אַ פאָטאָ־קאָפיע פון העברעישן אָריגינאַל. — ט. פ.

לאַנגע זוכענישן קוים געקריגן אַ קליינעם לוח פון תש"א — דאָס איז אונדזער גאַנצע „ליטעראַטור" פאַר דעם יאָר. קיין צייטונגען פון אויסלאַנד קומען אַהער נישט אָן, און פון דעם, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, ווייסן מיר אַ מינימום, און אויך דאָס איז צוגעפּראַוועט לויטן געשמאַק פון אונדזערע מקומות. און איר, די גבירים, באַקלאָגט זיך נאָך, אויף דער ירידה פון דער ליטעראַטור ביי אייך!

„מיט צוואַנציק יאָר צוריק, אין יאָר תרפ"א, בין איך אין אַן אומרואיקער צייט געזעסן אין מיין היימלאַנד און געחלומט וועגן „לשנה הבאה" — בברלין. איצט וואָרט איך אויף גאָרנישט: נישט אַריין און נישט אַרויס. אַלע וועגן זענען פאַר מיר פאַרשלאָסן. בערלין איז שוין פון לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סדום, און אונדזערע אַנדערע אייראָפּעישע צענטערן זענען חרוב געוואָרן דורך די מענטשן פון סדום. פון צוויי עקן פון דער וועלט קוקט מען מיך אויס — פון אַמעריקע און פון ארץ־ישראל, אויך מיינע אויגן זענען געווענדעט אַהין. איך ווייס אָבער, אַז איך וועל נישט דערגרייכן צו זייערע גרענעצן און אַז אויף מיר איז נגזר געוואָרן צו פאַרבליבן אין דעם „גרויסן און שרעקלעכן מדבר". מיין „תלמוד" איז שוין אָפּגעשלאָסן געוואָרן אין די לעצטע יאָרן, אין דער לעצטער רוסישער אויפלאַגע פון צען בענדער פון דער גרויסער „געשיכטע" (ריגע 1936‑1939), אויך די „פּרפּראות לתורה" — „דאָס בוך פון לעבן" — איז שוין אַרויס פון דרוק אין דעם יאָר ת"ש (די בערלינער תקופה). צום באַדויערן קען איך עס נישט שיקן נישט צו דיר און נישט צו אַנדערע פריינד צוליב פאַרשיידענע סיבות. איצט שרייב איך גאָרנישט צום פאַרעפנטלעכן. איך לייען בלויז די וועלט־ליטעראַטור און מאַך אייניקע פאַרצייכענונגען פאַר זיך, אויף ווי ווייט נאָר מיין ראיה דערלויבט מיר.

„מיינע פריינד זאָרגן זיך פאַר מיין גורל, אָבער איך זאָרג וועגן עפּעס אַנדערש: אָפּצוהיטן דעם טייל אַרכיוו, וואָס איז נאָך פאַרבליבן ביי מיר, און עס איז דאָ אַ חשש, אַז עס וועט אים שאַטן דאָס אַריבערגיין אין רשות־הרבים. דער דאָזיקער אוצר איז לכתחילה באַשטימט געוואָרן פאַר צוויי אינסטיטוציעס: פאַר ירושלים דליטא און פאַרן אַלטן ירושלים. אין דער נייער ווירקלעכקייט וויל איך אים פאַרטיילן צווישן דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים און דעם ייוואָ אין אַמעריקע, וואָס איז פון אַן אָפּטיילונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער; אָבער מיין גוטע כוונה איז בעסטער צושטעלן דאָס ענדגילטיק אין מיין צוואָה. ס'וועט נאָך זיין גענוג שטערונגען מצד די פירער פון דעם אָרט, ווו איך געפין זיך — און דאָס איז די סיבה פון מיין זאָרג. און דאָ וועסטו געפינען אַ תשובה אויף דיין דעטאַלירטן פאָרשלאָג איבערצוגעבן עטלעכע דאָקומענטן דעם אַרכיוו פון „בצל־

אַל": אויב אין די צעדערן האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער פלאַם, וואָס זאָלן די קליינע גרעזעלעך טאָן? טויזנטער בריוו וועגן געזעלשאַפטלעכע ענינים, וועגן ליטעראַטור פאַר אַ משך פון העכער זעכציק יאָר, הונדערטער וויכטיקע היס־טאָרישע דאָקומענטן דאַרפן זיך געפינען נאָר אין אַ צענטראַלן נאַציאָנאַלן אַרכיוו — און עס עגבערט מיר אין מוח די גרויסע פראַגע: וועל איך זוכה זיין דערצו נאָך דער מלחמה און צי וועל איך אַליין דערלעבן די האָזיקע צייט?...

„מיין משפחה איז איצט צעשפּרייט איבערן גאַנצן ערד־קיילעך. מיין טאָכטער און אירע זין, פון די וואַרשעווער פּליטים, וואָס האָבן זיך גע־ראַטעוועט קיין ליטע, פאָרן איצט דורך רוסלאַנד און יאַפּאַן אין די פאַריייניק־טע שטאַטן פון אַמעריקע, און די וואָס געפינען זיך שוין פון לאַנג אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן ביז היינט נישט געקריגן קיין דערלויבעניש צו קומען צו פאָרן אין די באַלטישע לענדער, כדי זיך צו זען מיט מיר... שרייב מיר וועגן ירושלים און וועגן דאָרטיקן אוניווערסיטעט, וואָס האָט אוודאי גע־לימן פאַר דער לעצטער צייט... בכלל, ווער עס שרייבט מיר וועגן די ענינים פון אונדזער לאַנד זאָל זיין געלויבט און געבענטשט פון דעם מתבודד אין די וועלדער פון לעטלאַנד. — דיין געטרייער פריינד פון דער בערלינער תקופה ביז היינטיקן טאָג ש. דובנאָוו".

פּ. ס. — שרייב מיר ווו עס וווינט ד"ר קאַצענעלסאָן פון „יידישן פאַרלאַג". שוין עטלעכע יאָר, אַז איך האָב פון אים נישט געהערט".

אין מאַי האָט דער היסטאָריקער דערהאַלטן אַן אויסטערלישע ידיעה פון דער ווייטער עקזאָטישער שטאָט קאָבע (יאַפּאַן). די טעלעגראַמע, וואָס האָט אַנטהאַלטן אַ פאַרשפּעטיקטע באַגריסונג צו זיין אַכציקסטן געבורטס־טאָג, איז געווען אונטערגעשריבן: „יידישע קהלה אין קאָבע, דיין טאָכטער סאָפיע." שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן: אין דער יאַפּאַנישער האַפן־שטאָט קאָבע האָט זיך פאַרהאַלטן אויפן וועג קיין אַמעריקע אַ גרויסע גרופּע פּליטים, די פאַרשטייער פון דער דאָרטיקער יידישער קהלה האָבן צוזאַמען מיט די פּליטים אָרגאַניזירט אַ פייערונג לכבוד דעם אַכציק־יאָריקן יוביליִום פון היסטאָריקער.

דער לעצטער בריוו צו דער עלטערער טאָכטער, געשריבן דעם 12־טן יוני 1941, איז דורכגעדרונגען מיט טרויער און רעזיגנאַציע. ש. דובנאָוו איז מודיע, אַז די טעג זיינע גייען פאַרביי שטיל און מאָנאָטאָן; אויף דער עלטער איז דער שרייבער געוואָרן אַ לעזער: ער האָט ווידער גענומען לייענען זיינע באַליבטע דיכטער פון דער יוגנט. ער האָט ביי זיי איצט געפונען נייע שיינקייט. מיט גרויס אינטערעס האָט ער געלייענט טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום". צייט האָט ער געהאַט גענוג: דער ריזיקער אַרכיוו איז שוין פון לאַנג

געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג; אַלע מאַטעריאַלן זענען געוואָרן אויסגע־סדרט אין באַזונדערע אָפּטיילונגען. יעדן טאָג האָט די פּאָסט געבראַכט די מאָסקווער צייטונגען; די ידיעות פון מערב־אייראָפּע האָבן אָנגעפילט מיט זאָרג וועגן גורל פון די קולטור־פעלקער, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין די אויסער־לעכער וועלט איז ארץ־ישראל; פון וואַנען עס פלעגן, פון צייט צו צייט, אָנקומען בריוו און זשורנאַלן.

אין צען טעג אַרום האָבן די היטלערישע האָרדעס איבערגעטרעטן די סאָוועטישע גרענעץ. דעם 29־טן יוני זענען אויף ריגע אַראָפּגעוואָרפן גע־וואָרן די ערשטע באָמבעס. דעם 1־טן יולי האָבן די דייטשן פאַרנומען ריגע.

# עפּילאָג

אָנהייב יולי זענען אַלע יידן געוואָרן אַרויסגעטריבן פון דער פאָר־שטאָט, ווו עס האָט געוווינט ש. דובנאָוו. פריינד האָבן געהאָלפן דעם היס־טאָריקער זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער אַגענטן פון געשטאַפּאָ האָבן אויסגעפו־נען זיין באַהעלטעניש און אים אַרעסטירט. „זיי האָבן זיך אינטערעסירט — שרייבט אַ ריגער ייד, מאַקס קויפמאַן, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם אומקום פון לעטישן יידנטום און האָט עס אויספירלעך באַשריבן*) — מיט די אַרבעטן, וואָס ש. דובנאָוו האָט געשריבן אין ריגע, און האָבן געפאָדערט, ער זאָל זיי עס איבערגעבן. די מאַנוסקריפּטן זענען געווען באַהאַלטן, און ש. דובנאָוו האָט דערקלערט, אַז זיי זענען פאַרבליבן אין קייזערוואַלד, פון וואַנען ער איז שוין לאַנג אַרויסגעפאָרן. מ'האָט אים באַפרייט, אָבער אינ־גיכן ווידער אַרעסטירט. אַדאַנק דער השתדלות פון אַ מיטגליד פון „יודענ־ראַט" שליטער (אַ ווינער ייד), האָט מען אים ווידער באַפרייט; ער איז אַרוים אויף דער פריי אינגאַנצן צעבראָכן און האָט זיך באַזעצט אין געטאָ. שלי־טער איז אויף דער פאַראָרדענונג פון דער געשטאַפּאָ געוואָרן אַרעסטירט און דערשאָסן.

„אין געטאָ האָט דער פּראָפעסאָר באַקומען אַ קליין צימערל, אין מושב־זקנים אויף דער ליודזע־גאַס. אויך דאָרטן איז ער נישט געזעסן אָן אַרבעט: מיט אַ בלייער, וואָס האָט אים, לויט זיינע ווערטער, געדינט אין משך פון 37 יאָר, האָט ער געשריבן די כראָניק, וואָס האָט געהייסן „געטאָ". פאַר דער קורצער צייט וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין געטאָ, האָט ער באַוויזן דאָרט צו שאַפן אַ קליינעם צענטער פון יידישן גייסטיקן לעבן. אין דער־צייט פון דער ערשטער „אַקציע" (דעם 30־טן נאָוועמבער 1941) איז ער געוואָרן איבערגעפירט אין אַן אַנדער מושב־זקנים — אויף ליודזע־גאַס נר. 56. אין דאָזיקן מקלט האָבן זיך געפונען די משפּחות פון די אַנגעשטעלטע אין דער יידישער פּאָליציי... דער לעטישער תּלין דאַנסקאָפּ, וואָס איז אַהין געקומען אויף אַ רעוויזיע האָט געפרעגט דעם אַלטן פּראָפעסאָר צי ער גע־הערט אויך צו די משפּחות פון די פּאָליציי־אַנגעשטעלטע. באַקומענדיק אַ נעגאַטיוון ענטפער, האָט דאַנסקאָפּ אים באַפוילן זיך אָנצושליסן אין די

---

*) Max Kaufman, «Die Vernichtung der Juden Lettlands,» München 1947.

פאַרביימאַרשירנדיקע קאָלאָנעס. אין מושב־זקנים איז געוואָרן א סומאַטאָ־כע, און איינער פון די פּאָליציאַנטן, (א דייטשישער ייד מיט אן אייזערנעם קרייץ, דער נאָמען נישט באַקאַנט) איז אַרויסגעלאָפן צו דעריאָגן די קאָ־לאָנע, כדי צו ראַטעווען ש. דובנאָוון. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. דער היסטאָריקער איז געגאַנגען זיין לעצטן וועג. ער איז געוואָרן דערהרגעט אין ראַמבולי, הינטער ריגע, ווו עס זענען אומגעקומען כמעט אַלע ריגער יידן."

אַן אַנדער עד־ראיה פון דעם אומקום פון ריגער געטאָ*) גיט איבער פאָלגנדיקע ווערסיע: „ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען ריגע... האָבן זיי דוב־נאָוון אַרויסגעטריבן פון זיין דירה און „בעשלאַגנאַמט" זיין גרויסע ביבליאָ־טעק. מען האָט דעם אַלטן שרייבער געטריבן, געבראַכט אין געשטאַפּאָ אויף א פאַרהער. נאָך א פּאָר טעג האָט מען אים אַרויסגעלאָזט. דובנאָוו האָט ווייניק וואָס דערציילט וועגן זיין פאַרהער, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז אַזעלכע אוממענטשן זעט ער צום ערשטן מאָל. ער האָט זיך באַזעצט אין פּראָיעק־טירטן געטאָ־געביט, אין דעם „אַזיל"... דער נאָך איז געקומען דער טרויעריקער 30־טער נאָוועמבער 1941... אין יענער שרעקלעכער נאַכט האָבן די שוצ־לייט און געשטאַפּאָ־רוצחים דערשאָסן א העלפט געטאָ־איינוווינער... א וואָך ציים האָבן די איבעריקע געטאָ־יידן געלעבט ווי אין „הינער־פּלעט"... פּראָ־פעסאָר דובנאָוו איז געווען קראַנק. ער האָט באַקומען א גריפּע אין דער נאַכט ווען מ'האָט אַלעמען אַרויסגעטריבן אויפן גאַס. מען האָט דובנאָוון דעמאָלט געראַטעוועט, אַריבערפירנדיק אים אין דעם טייל פון געטאָ, וואָס די מערדער האָבן צוליב „טעכנישע סיבות" נישט געקענט נאָך „עוואַקו־אירן". דובנאָוו האָט געהאַט א געפיל, אַז עס קומט דער סוף... דערנאָך איז געקומען די טרויעריקע נאַכט פון 7־טן אויפן 8־טן דעצעמבער. עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע ווי פאַר א וואָך צוריק, אָבער אויף א מער „אָר־גאַניזירטן" שטייגער. פאַר די קראַנקע און שוואַכע זענען געווען רעזערווירטע העל־בלויע אויטאָבוסן... די אויטאָבוסן זענען נישט געווען גענוג פאַר אַלע שוואַכע און קראַנקע, און פיל שוואַנגערע פרויען האָט מען איינפאַך דער־שאָסן אויפן גאַס אין געטאָ. ש. דובנאָוו איז מיט 38.5 פיבער אַרויסגע־טריבן געוואָרן אין גאַס. ער האָט נישט געקענט אזוי שנעל אַריינשטייגן אין אויטאָבוס. א שיכורער לעטישער שוצמאַן איז צוגעלאָפן און אַריינגעשאָסן אים א קויל אין געניק. שמעון דובנאָוו איז גלייך אויפן אָרט געשטאָרבן. אויף מאָרגן האָט מען אים באַערדיקט אין מאַסן־קבר אויפן אַלטן יידישן בית־עולם אין ריגער געטאָ".

*) הלל מלמד, „צוקונפט" 1946, באַנד 4.

# פון מחבר

דאָס דאָזיקע ווערק איז די פּרוכט פון העכער צוויי יאָר אַרבעט. אַלס יסוד פאַרן ערשטן טייל (די יאָרן 1860־1922) האָבן מיר געדינט די צוויי בענדער פון דער אויספירלעכער אויטאָביאָגראַפיע פון מיין פאָטער. דעם דריטן באַנד האָב איך, נישט געקוקט אויף אַלע מיינע באַמיאונגען נישט געקענט געפינען: עס זעט אויס, אַז די צופעליקע: אַדי האָב געהאַלטן פאַר נייטיק אויספירלעכער צו שרייבן פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן. די געשעענישן פון לעצטן פעריאָד פון מיין פאָטערס לעבן (1922־1941) איז מיר אויסגעקומען אויפצושטעלן אויפן סמך פון פאַרשידנאַרטיקע האַנטשריפטלעכע און געדרוקטע מאַטעריאַלן, ווי אויך אויפן סמך פון די בריוו, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין רשות. אַ סך בלויזן האָב איך זיך באַמיט אויסצופילן דורך מיינע פערזענלעכע זכרונות; דער דאָזיקער מאַטעריאַל איז אַ וועזנטלעכער עלעמענט פון דער ביאָגראַפיע, ווייל די פאַרבינדונג צווישן פאָטער און טאָכטער איז קיינמאָל נישט איבערגעריסן געוואָרן, נישט געקוקט אויף די מיינונגס־פאַרשיידנ־הייטן און לאַנגע פעריאָדן פון צעשיידונג.

דעם אויפמערקזאַמען לעזער קען זיך וואַרפן אין די אויגן די נישט־גלייכמעסיקייט אין דער סטרוקטור פון בוך: די ערשטע טייל איז מער קאָנדענסירט. די דאָזיקע דיספּראָפּאָרץ איז נישט קיין צופעליקע: איך האָב געהאַלטן פאַר נויטיק אויספירלעכער צו שרייבן וועגן פאַקטן, וואָס ווערן דאָ פאַרעפנטלעכט צום ערשטן מאָל, האַלטנדיק, אַז ביז עס וועלן דערשיינען מער סאָלידע אָפּהאַנדלונגען, וועט מיין אַרבעט זיין דער איינציקער מקור פון ידיעות וועגן מיין פאָטערס טעטיקייט אין די לעצטע יאָרן.

אַן אומאָפּשאַצבאַרע הילף האָט דעם מחבר אַרויסגעוויזן אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָט זיך באַצויגן מיט סימפּאַטיע צו דעם ווערק, וואָס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון ש. דובנאָוו. איך וויל אויסדריקן מיין טיפע דאַנקבאַרקייט צו די אַלע, וואָס האָבן מיר באַזאָרגט מיט מאַטעריאַלן און געשטעלט אין מיין רשות מיין פאָטערס בריוו — אַ. טשעריקאָווער, א. שטיינבערג, י. לעשטשינסקי, מ.ווישניצער, ד. טשארני, נ. גורפינקל, ווי אויך דעם פערסאָנאַל פון אַרכיוו און ביבליאָטעק פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

# פון איבערזעצער

אין הסכם און אויפן פאַרלאַנג פון מחבר זענען אין דער ייִדישער איבערזעצונג געמאַכט געוואָרן עטלעכע נישט וועזנטלעכע ענדערונגען אין פאַרגלייך מיטן אָריגינאַל. אין דער ייִדישער אויסגאַבע זענען אויך צוגעגעבן געוואָרן אייניקע הוספות (וועגן די לעצטע איז אויפן אָרט אָנגעגעבן אַ געהעריקע באַמערקונג). די ציטאַטן פון ש. דובנאָווס בריוו אין ייִדיש ווערן געבראַכט ווערטלעך, לויט די אָפּשריפטן צוגעשיקט פון מחבר.

דעם מחבר, ח׳טע סאָפיע דובנאָוו־ערליך ווי אויך די חברים יוסף ראָטנבערג און שמעון יעזשאָר (מעקסיקע), דריק איך אויס מיין דאַנק פאַר זייערע ווערטפולע אָנווייזונגען ביי דער איבערזעצונג.

## רשימה פון פערזאָנען, וואָס ווערן דערמאָנט אין בוך

# אינהאלט

